

לייב מלאַך

# יוגנט הימן

בלאָנדזשע מער נישט אין דער פֿינצטער,
וואַנדער מער נישט אין דער נאַכט, —
פֿריי און מוטיק, פֿאָרויס, ברודער,
ליכט און וויסן איז דיין מאַכט!

ניט לאָז פֿון צווייפֿל זיך באַהערשן,
טויט דעם יאוש אין דיין ברוסט,
פֿריי און מוטיק פֿאָרויס, ברודער,
ס'וועט דער קאַמף נישט זיין אומזיסט.

ס'וועט אַ העלע זון אויפֿשיינען
און באַשטראַלן פֿריש די ערד,
נאָר ביז דאַן זיי מוטיק, ברודער,
ניט פֿאַרלאָז פֿון האַנט די שווערד!

מעג דער וועג זיין פֿול מיט שטיינער,
שרעק זיך, ברודער־יוגנט, ניט!
פֿאַר דער פֿרייהייט מוז מען קעמפֿן
ביז צום לעצטן טראָפּן בלוט.

# אַלטערלס יוגנט יאָרן

## די שׂרפֿה

ס׳האָט קיינער נישט געוואוסט, אַז אַלטער האָט נישט געהייסן „אַלטער״, אַז דאָס איז גאָר געווען אַ צונאָמען און אין דער אמתן האָט ער געהייסן גרשון. „אַלטער״ האָט אים דאָס ערשטע מאָל אָנגערופֿן זיין מומעס ייִנגל חיים. ס׳קאָן זיין, אַז חיים האָט אויך נישט געוואוסט פֿאַרוואָס, נאָר ס׳איז אים אַזוי געפֿעלן. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל גרשון האָט נישט געשפּילט אין „פּאַלענט״, ניט געשפּרונגען איבער פּלויטן, זיך נישט אָפּגעריסן דאָס לייב און לעבן. און אפֿילו פּסח־צייט, איז ער בלויז געשטאַנען לעבן „גריבל״, וואָס אונטער דער שול, און זיך צוגעקוקט ווי אַנדערע קינדער שפּילן פֿאַרפֿלאַמט אין ניס . . .

איינמאָל, ווען חיים האָט געפֿירט די „קאָמאַנדע״ מיט חברה יונגען און געשפּילט „וואָלף און שעפּס״, האָט ער דערזען ווי גרשון שטייט איינגעהויקערט און קוקט זיך צו, מיט אַן אָפֿן מויל, ווי די יונגען דרייען זיך ווי אַ שלאַנג. האָט ער אים אַ רוף־געטאָן, ער זאָל זיך אָנכאַפּן אין עמיצנס פּאָלעס און זיך מיטשפּילן. ווען גרשון האָט זיך אונטערווייִלעכץ צוגעשפּאַרט צו אַן אויסגעקאַלעכטער, ווייסער וואַנט, האָט חיים פֿון דער שורה אַרויס אַ געשריי געטאָן: „אַלטער!״ און דער לוסטיקער עולם חדר־ייִנגלעך האָט דאָס אונטערגעכאַפּט מיט אַ געלעכטער. צומאָרגנס האָט מען אים שוין אַזוי גערופֿן אין חדר. און מיט אַ וואָך שפּעטער האָט דער מלמד אים אויך אַזוי גערופֿן, און נאָך שפּעטער — דער פֿעטער מיט דער מומע. אַזוי, ביסלעכווייז, איז זיין נאָמען גרשון אויסגעמעקט געוואָרן, און אָנשטאָט דעם איז אויפֿגעקומען „אַלטער״, ביז ער אַליין האָט זיך אָפּגעוואוינט און געבליבן ביי זיין נייעם נאָמען.

אַלטער האָט געוואוינט ביי זיין מומע גנענדעלע. די דאָזיקע מומע האָט אים גענומען צו זיך נאָכדעם, ווי מען האָט אים געהאָט אַרומגעטראָגן איבער אַ סך הייזער אין שטעטל, און אין יעדן הויז האָט מען אים געגעבן אַ פּאָר לעפֿעלעך וואַרעם וואַסער מיט אַ שטיקל צוקער צו זויגן. דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ער איז אַלט געווען פֿערצן טעג און איז געווען שטיל, אַז עס האָט אויסגעזען, ער וועט אַזוי שטיל פֿאַרמאַכן זיינע

אייגעלעך, ווי זיין מאַמע האָט עס געטאָן צוויי טעג נאָכדעם, ווי ער איז געבוירן געוואָרן.

און ווייל די גוטע ווייבער, זיין מאַמעס חברטאָרינס, האָבן דאָס „פּיצל" מורא געהאַט ביי זיך צו האַלטן, האָט סוף כל סוף די מומע גנענ־דעלע אים גענומען צו זיך, און די ווייבער האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז, ווי לאַנג עס וועט זיך אַזוי פּאַרציען, אַזוי לאַנג וועט מען צווישן זיך צונויפמאַכן צוויי גילדן אַ וואָך און עס וועט זיין צו באַצאָלן אַן אַם . . .

פונדעסטוועגן איז גרשונדל אויסגעוואָקסן אָן אַן אַם. די צוויי גילדן אַ וואָך זענען דער מומע גנענדעלע גוט צונוץ געקומען, און מען קען נישט זאָגן, אַז חיים'ק, איר א י ג ן ־יינגל, איז עפּעס אָפּגעקומען פון דעם, וואָס איינמאָל אין טאָג האָט זי, די מאַמע זיינע, אַביסל מילך אַוועק־געגעבן דעם יתום. חיים האָט איצט טאַקע געהאַט אַ פּאָר רויטע באַקן, וואָס אויף די קין־ביינער איז געשטאַנען אַ צעברענטער גלאַנץ, אַרום דעם מויל איז די גאָמבע אויסגעקיילעכדיקט און פעט געוואָרן.

גרשון אָבער איז מאָגער. און עפּעס, ווי אונטער דער הויט וואָלט געווען איינגעשפּריצט סאַדזעס, אַזוי קוקט פון איר אַרויס אַ טונקלקייט. דערצו איז ער תמיד פאַרטראַכט, געפרוירן און טוליעט זיך אַפילו צו אַ טיר פון אַ הויז.

נאָר אויפגעצויגן האָט ער זיך פאָרט. ער איז שוין איצט אַלט זיבן יאָר. ער טראָגט אַ קאַפּאָטעלע, וואָס איז אונטערגעקירצט געוואָרן פון אַ גרויסן. די לאַטעס אויף די עלנבויגנס וואָלטן שוין נישט אַזוי אויס־געמאַכט, ווי דאָס וואָס ער שווימט אַרום אין דעם מלבוש. ווען ער איז צום ערשטן מאָל, אין דעם הולך, געקומען אין חדר אַריין, האָבן די קינ־דער זיך שטאַרק צעלאַכט און געזאָגט, אַז ער גייט אָנגעטאָן אין אַ שובע פון אַ יידענע . . .

האָט זיך גרשון פאַרקליבן אין דעם ווינקל, וואו די רביצן איז גע־זעסן און געשליסן פעדערן, דאָרט זיך אַריינגעשפּאַרט צווישן אויוון און אָנגעלייגטן האָלץ, פאַרקלאַפּט דאָס מויל, צונויפגעפּרעסט די ליפּן, כדי נישט צו וויינען. ערשט, ווען די רביצן האָט אים באַמערקט און גע־פרעגט, פאַרוואָס ער וויינט, האָט ער זיך צעיאָמערט אַזוי, אַז אַלע קינ־דער האָבן זיך אַרום אים צונויפגעשטעלט. איז דער רבי צוגעקומען און, נישט וויסנדיק וואָס און ווען, האָט ער דאָס ערשטע געגעבן אַ „שמיר" איבער גרשונס פּנים מיט זיין פאַרפּעצטן רימען, און דערנאָך זיך ערשט געפרעגט, ווער עס האָט אים געשלאָגן . . .

די מומע גנענדעלע האָט געוואוינט אין איין שטוב, אַ פּיר־עקיכ־דיקער חדר פון אָפּגעקאָלעכטע ברעטער. דער סופּיט האָט זיך אויסגע־קרימט און שווער אָנגעשפּאַרט אויף דריי בעלקעס. די בעלקעס, ווידער, האָבן זיך אָנגעלענט אויף זעקס סלופּעס, צו צוויי סלופּעס אונטער יעדן בעליק.

קיין פּאָל איז אין חדר נישט געווען, נאָר אָנגעטרעטענע בלאָטע, איבערגעשאָטן מיט געלן זאַמד. אַ חוץ אַ ברייטער פּירקאַנטיקער קוימען און אַ קיך צום קאָכן, איז אויך געווען אַ ברייטער ליימענער אויוון, אַ פּיעקעליק און אַ צווישן־אויוון.

אין צימער זענען געשטאַנען צוויי בעטן: איינס האָט געהערט צום פֿעטער יאַנטשע, מיט אים זענען געשלאָפֿן דריי ייִנגלעך, קלענערע, און צופּוסנס — חיימ׳ל. אין צווייטן בעט איז געשלאָפֿן די מומע גנענדעלע מיט אירע צוויי מיידלעך, און אַ גאַנצע נאַכט האָט זי אַרויסגעשטעקט אַ האַנט פֿון אונטערן איבערבעט און געוויגט דאָס זויג־קינד, וואָס איז גע־לעגן אין וויגל.

אויפֿן קיילעכדיקן קופּערט, וואָס איז געשטאַנען ביים אויוון, האָט מען דאָס אַרויפֿגעלייגט דעם שעניק, דעם זעלביקן גראָבן שטרוי־זאַק, וואָס האָט זיך אַ גאַנצן טאָג „געלופּטערט” אין דרויסן, לעבן דער טיר, און אויף וועלכן יעדער איינער, וואָס איז דורכגעגאַנגען, איז דווקא אַרויפֿ־געטרעטן, צוגלייך מיט די קעץ, וואָס האָבן דאָרטן אויסגעוואַלגערט זייי־ערע רוקנס.

איינמאָל, אין אַ האַרבסטיקער נאַכט, ווען ביי דער מומע גנענדעלע זענען אַלע געשלאָפֿן, חוץ דער מומעס האַנט, וואָס האָט אַליין געוויגט דאָס קינד אין וויגל, האָט זיך פּלוצלינג געהערט אַ טראַסק אין דער טיר און באַלד דערנאָך אַ זעץ אין לאָדן, אַזוי, אַז דאָס פֿענצטער האָט זיך צעקלונגען. די ערשטע, וואָס האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, איז געווען די מומע און אַ געשריי געטאָן: „אוי, דאָס קינד!”. זי האָט געמיינט, אַז דאָס קינד איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון וויגל. דער פֿעטער יאַנטשע איז אָבער שוין גע־שטאַנען מיט די נאַקעטע פֿיס אויף דער ערד און אָפּירגעצויגן דאָס אָנ־טועכץ פֿון אונטערן צוקאָפּנס. דער בראַזג פֿון די שויבן האָט זיך איצט צעשאָטן איבער אַנדערע פֿענצטער אין זייער געסל. דורך די הילצערנע ווענט האָט זיך עפּעס געטראָגן אַ געדעמפּט געשריי, ווי מען שרייט אַריין אין אַ ברונעם. באַלד אָבער איז די האַלבע לבנה, וואָס איז געווען אויסגע־

שניטן אין לאָדן, געוואָרן אָנגעגאָסן מיט רויטס, און די שפּאַרעס האָבן אויס־געזען ווי רויטע, אָנגעפּאַרבטע לייטערלעך.

דער פּעטער יאַנטשע האָט אויפגעריגלט די טיר און צוזאַמען מיט אַ פּייכקייט האָט זיך אויך אַריינגעריסן אַ געדיכטער קנויל רויך, וואָס האָט זיך ערשט אינעווייניק אויפגעוויקלט און פּאַנאַנדערגעלייגט אונטער די בעלקעס. דער רויך האָט זיך אַלץ מער און געדיכטער אַריינגעשפּאַרט, ווי אַ מחנה צעשראָקענע שעפּסן, וואָס אַנטלויפן פאַר אַ סכנה. דערווייל איז שוין דער גאַנצער לאָדן געווען אויפגעפּראַלט. אין געסל האָט זיך געיאָגט אַ רויטער וואָלקן, און פון וואָלקן אַרויס האָבן זיך געטראָגן קולות און געשרייען. די מומע גנענדעלע האָט ווידער אַ געשריי געטאָן: „אוי דאָס קינד״! און געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעהאַנגענע הענט. ערשט ווען דער פּעטער יאַנטשע האָט גענומען אַראָפּציען די איבערבעטן פון די שלאָפנדיקע קינדער, אָפּירציען די קישנס פון אונטער זייערע קעפּ, דאָס אַלץ אָנגעהויבן וואַרפן דורכן פענצטער און גענומען קנייפּן די שלאָפנדיקע קינדער, זיי זאָלן אויפשטיין און זען, וואָס עס טוט זיך, האָט זי ערשט געכאַפּט דאָס עופה׳לע און אַרויסגעלאָפן אין געסל אַריין.

ווען דאָס גאַנצע בעטגעוואַנט איז שוין געווען איינגעבונדן אין די ליילעכער, די מעשענע לייכטערס און דאָס קופּערוואַרג איז שוין געווען איינגעפּאַקט אין די ציכן, און די קינדער האָבן שוין געהאַט אַרויפגעצויגן אויף זיך אי די קליידלעך אי די כאַלאַטלעך, און דאָס „קליינע״ איינגעבאַבעט אויף דער מוטערס אָרעם אין אַ טישטוך, גרייט צו גיין אויפן פעלד אַרויס, האָט מען זיך ערשט דערמאָנט אינם יתום. דער פּעטער איז אַריינגעלאָפן אין הויז אַראָפּצורייסן אַלטערל פון געלעגער, אָבער צו־ליבן רויך, וואָס האָט זיך געדרייט אינעווייניק, ווי דאָס וואַסער אין אַ קעסל־גרוב, האָט ער נישט געזען נישט אים, נישט זיין געלעגער, בלויז אַ שוואַך געוויין האָט פון ערגעץ זיך אָפּגעשלאָגן. האָט יאַנטשע אַ שטרעק אויס געטאָן זיין האַנט און אָנגעטאַפּט אַלטערן, ווי אַ שטיק געדיכטן רויך, ער איז מיט אים אַרויס, נישט וויסנדיק אַפילו, אַז דאָס יינגל איז נאַקעט און באָרוועס.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

ווייט, הינטער דער שול, אויף אַ ברייטן פעלד, זענען אין אַ האַלבן קרייז, וואָס האָט זיך געצויגן אויף אַ ווייטן שטח, געזעסן ווייבער ביי זייערע פּעקלעך. ווער עס האָט געקאָנט האָט געראַטעוועט די הויז־חפצים, נישט נאָר דאָס בעט־געוואַנט, וואָס איז דער עיקר, נאָר אויך

קופּערטן מיטן ביסל וועש, אַנדערע — ספרים. אַפּילו די ספרי תורות פון שטיבלעך און מנינים האָט מען דאָ געהאַלטן אויף אַן אונטערגע־שפּרייט טישטוך. לעבן די ווייבער האָבן זיך געטוליעט קינדער, האַלב שלאָפנדיק, דורכגענומען מיט נייגיר, שרעק און פּייכטער קעלט.

די טאַטעס, די מאַנסבילן, זענען געווען פאַרנומען מיטן לעשן. איבערן הימל האָט זיך געשפּרייט אַ פלאַמענדיקער טישטוך מיט פראַנזן ביים אויסלאָז פון קנאַקנדיקע פונקען.

אין די קינדערס אויגן האָט עס זיך אויסגעוויזן, ווי אַ רויטער פייערדיקער טייך גייט עס אַזוי, שטראָמט ערגעץ אין דער אומענדלעכ־קייט אַריין, און אין דעם שטראָם האָבן זיך געטראָגן אָנגעצונדענע שפּע־נער און שינדלען פון דעכער. ווייט, פון דער העלקייט אַרויס, פון וואַנען דאָס פייער האָט זיך אַרויסגעהויבן, האָבן זיך געשניטן קולות, קוויטשערייען, הוילע קלעפּ אויף פּויקן און ציטערן פון טראָמפּייטן.

די אייזערנע בלעכן פון די דעכער איבער די געמויערטע הייזער האָבן אַראָפּגעקראַכט מיט רויש פון דונער און די ציגל פון די קוימענס, וואָס זענען צעריסן געוואָרן פון די פייערלעשערס העקלעך, האָבן אָפּגע־הילכט, ווי טויזנט אָפּגעלאָזטע טייכן אין אַ פאַרפלייצונג.

די ווייבער האָבן זיך משער געווען, וואו עס ברענט איצט. טייל האָבן געמיינט, אַז די טומאה־גאַס, און אַנדערע האָט זיך געדוכט, אַז שוין די ציצינער גאַס. האָט מען געקוקט אויף דעם ליכטיקן איבערדעק אויפן הימל, געטוליעט די קינדער און אַרויסגעשאָקלט די זיפצן מיטן קאָפּ.

אַלטער האָט אייגנטלעך געמיינט, אַז דאָס שלאָפט ער נאָך, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז ער איז וואַך. ער געדענקט אַפּילו, ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, נאָכדעם ווי עס האָט אים עפּעס געביסן אין האַלדז, און נישט געוואַרט אויף גאָרנישט, איז ער אַראָפּ פון בעט און געפּרואווט אַרויסוויינען דאָס רייסעניש פון דער קעל. נאָר ער קאָן נישט געדענקען, פאַרוואָס האָט אים דער פעטער יאַנטשע אָפּגעלאָזט, און פאַרוואָס ווייסט ער איצט נישט, וואו איז צו זוכן.

דאָ, אויפן פעלד, איז ער אַהערגעקומען מיט אַ סך אַנדערע פּעק־לעך. עפּעס האָט אים פאַרשלעפּט אַ יידענע, ווי מען פאַרשלעפּט אַ פרעמדע זאַך. די יידענע האָט געהאַט נאָך קינדער און אויך ווי ער — נאַקעטע און באָרוועסע. זיי זענען געגאַנגען, איז ער אויך געגאַנגען. אָבער דאָ, אין דער צו העלער ליכטיקייט, האָט די יידענע זיך אָפּגעיאָגט פון אים, ווי אַ קוואָקע יאָגט אַוועק אַ פרעמד, פאַרבלאָנדזשעט הינדעלע. זי

האָט אַפּילו נישט געוואוסט, ווער ער איז און פֿון וואַנען ער קומט צו איר, האָט זי געזאָגט:

— גיי צו דיין מאַמען, זי זוכט דיך דאָרט אַרום.

האָט ער געפֿאָלגט און איז געגאַנגען, גלייך ער וואָלט טאַקע געהאַט אַ מאַמע, און גלייך ווי זי וואָלט אים טאַקע אַרומגעזוכט.

געוואָלט האָט ער אויסגעפֿינען, וועלכעס פּעקל בעטגעוואַנט עס איז זיין מומע גנענדעלע. ער האָט זיך אַרומגעדרייט ביי אַ סך פּעקלאַך און זיין מומען נישט געפֿונען. ס'איז אים געוואָרן גאָר קאַלט. ווען נישט דער רויטער שיין, וואָס איז געפֿאַלן אויף זיין קורץ העמדל און לאַנגן טלית קטן, וואָס אַן עלטער־פֿעטער האָט אים איבערגעמאַכט פֿון זיינעם אַן אַלטן טלית, וואָלט מען געקאָנט זען, אַז ער איז בלוי ווי אַ מילץ. ער האָט געפּרואווט זיך צושפּאַרן צו אַן אַנדער פּעקל בעטגעוואַנט, האָט מען אים גלייך באַמערקט און מיטן זעלביקן אויסרייד „די מאַמע זוכט דיך אַרום", האָט אים קיינער נישט צוגעלאָזן צו זיך.

שפּעטער, ווען שוואַרצער רויך האָט זיך שוין געמישט מיטן העלן פֿלאַם איבערן הימל, ווען די רויטקייט האָט זיך ביסלעכוויז גענומען לעשן און אַ געדיכטע פֿינצטערניש האָט פֿון ערגעץ געניִדערט איבער די פּנימער און פּעקלעך אויפֿן פֿעלד, האָט אַלטערל, כמעט נישט וויסנדיק וואָס ער טוט, זיך צוגעשאַרט צו אַ פּעקל בעטגעוואַנט. דאָס פּעקל איז געווען אויפֿגעבונדן און אַ הויפֿן קישנס זענען געווען אַרויפֿגעוואָרפֿן אויף עטלעכע שלאָפֿנדיקע קינדער. האָט ער אַרונטערגערוקט די נאַקעטע פֿיס, די וואַרעמקייט האָט אים אַרומגענומען ביז אין דער העלפֿט פֿון זיין אויסגעדאַרטן גוף. ביסלעכוויז האָט ער זיך געגליטשט ווייטער אונטער דעם צודעק, ביז די פֿעדערן האָבן דערגרייכט זיין האַלדז און אַפּילו איבערן קאָפּ. ער איז איינגעשלאָפֿן, צוגעטוליעט צו פֿרעמדע, אומבאַקאַנטע קינדער און זיך צונויפֿגעגאָסן מיט זיי אין עפּעס אַ שווערן, זיס־פּיינלעכן חלום.

## דער ערשטער וועג

דער אינדערפֿרי איז געווען אַ זוניקער, אָבער אַ פֿייכטער, און עס האָט אויסגעזען, ווי די זון וואָלט זיך דורכגעשטאָכן דורך אַ נעפּל.

דער רויך פֿון די אָפּגעברענטע הייזער האָט זיך מיד געצויגן און געשנירלט פֿון אונטער די חורבות.

אַלע קינדער פֿון דער אומבאַקאַנטער יידענע זענען שוין געהאַט אַפּירגעקראָכן פֿון אונטער די קישנס און איבערבעטן. די מאַמע האָט

שוין פֿון וואו עס איז געהאַט צונויפֿגעטשאָבעט מייטקעלעך פֿאַר די יינג־
לעך און האַלקעלעך פֿאַר די מיידלעך. די קינדער זענען געווען אויס־
געשלאָפֿן און דורכגעוואַרעמט פֿון אונטערן צודעק. איצט האָבן זיי גע־
קוקט פֿריש אויף דער וועלט און מיט חידוש אויף דעם שטעטל מיט
זיינע נאַקעטע, אַרויסשטאַרצנדיקע קוימענס . . .

ערשט ווען די יידענע האָט אויפֿסניי געוואָלט צונויפֿבינדן די
קישנס, האָט זי באַמערקט עפּעס אַ שווערע זאַך, אַ קיילעכדיקע, איינגע־
קנוידערט אין די ציכן. פֿון אָנפֿאַנג איז זי אָפּגעשפּרונגען און באַלד דער־
נאָך האָט איר דורכגעבליצט: אַ חזיר, אָדער אַ כלב. האָט זי געפּרואווט
אַ שטורך טאָן מיט אַן אויער פֿון אַ קופּערנער פֿאַן. דאָס קיילעכדיקע אין
די ציכן האָט זיך נאָך מער צונויפֿגעקאָרטשעט, ביז עס האָבן זיך אַרומ־
געשטעלט עטלעכע ווייבער פֿון די שכנישע פּעקלעך, אָנגענומען די ציכן
ביי די שפּיץ־עקן און אַרויסגעשאָקלט אויף דער איינגעטרעטענער, פֿייכ־
טער ערד אַלטערלען, כמעט אַ נאַקעטן.

האָט צוערשט די יידענע אויסגעשפּיגן, דערנאָך האָבן די ווייבער
צוגעגעבן: „צו אַל די בייזע חלומות" און זיך אָפּגעקערט צו זייערע איי־
גענע פּעקלעך. די יידענע האָט דערווייל צונויפֿגעקניפּט איר בעטגעוואַנט
און פֿאַרגעסן אָן דעם ציטערדיקן יינגל, וואָס איז געשטאַנען נאַקעט און
איינגעטונקען אין פֿעדערן.

קיין מאַנסבילן האָט מען אַלץ נישט געזען. די קינדער זענען גע־
זעסן ווי צעשראָקענע ביי זייערע מאַמעס פּעקלעך און טייל האָבן שוין
אַפֿילו אונטערגעזונגען מיט אַ וויינענדיקן ניגון: „מאַמע, מיך הונגערט"
און די מאַמעס האָבן זיי איינגענומען, אַז דער טאַטע איז געגאַנגען ברענגען
צו פֿרעסן . . .

אַלטערל האָט זיך ווידער געלאָזט גיין אויפֿזוכן זיין מומע גנענדלס
פּעקל. ער האָט זיך אַרומגעדרייט און נישט געפֿונען. אַ גרויס מיידל,
וואָס האָט געהאַט אַן אַרומגעבונדן פּנים מיט אַ וואַרעמער דערקע און איז
געווען באָרוועס, האָט אים פּלוצלינג פֿאַרהאַלטן און אַרויפֿגעצויגן אויף
זיין גוף אַן אַטלעסן קאַפּאָטקעלע, אַ גאַנץ און אַ נייס, אָט אַזאַ, ווי פּיי־
וועלע, דער רביצינס איניקל, גייט אין „שטיבל" פֿרייטיק צו נאַכטס און
שבת אינדערפֿרי צום דאַווענען.

דאָס אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע האָט אַלטערלען גאָר באַזונדערס אינטע־
רעסירט. נישט ווייל עס האָט צוגעדעקט זיין נאַקעט גופֿל, נאָר ווייל עס
האָט אויף דער לינקער זייט געהאַט אַ גרין סטענגעלע, מיט אויסגעדריקטע

גוישע אותיות. דאָס דאָזיקע בענדעלע האָט זיך געצויגן פֿון די לאַצן ביז גאָר אונטן, און ס׳איז אים אַ שאָד געווען, וואָס אַזאַ לענטעלע איז נישט פֿון אויבן, אויף דער רעכטער זייט . . . עטלעכע מאָל האָט ער אַפֿילו געפּרוּווט פֿאַרשאַרצן די פּאָלע, כדי דאָס בענדעלע זאָל זיך אַרויס־זען. אָבער אונטער דעם קאַפּאָטקעלע איז ער געווען הויל, נאַקעט, אָן הייזלעך, און ווען ער וואָלט פֿאַרשאַרצט די פּאָלעס, וואָלט מען אַרויסגעזען די הוילע לענדן.

ווער די מויד איז געווען, וואָס האָט אים אָנגעטאָן דאָס אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע, האָט ער נישט געוואוסט, און נישט פֿאַרשטאַנען, ווי קומט עס, וואָס גראָד אינדערוואָכן טוט מען אים אָן אַזאַ מלבוש. ער האָט זיך וועגן דעם קיין סך נישט פֿאַרטראַכט, און אויב ער האָט יאָ געטראַכט וועגן מלבושל, האָבן אים אַממייניסטן אינטערעסירט די קנעפּלעך, וואָס דאָס קאַפּאָטקעלע האָט געהאַט — טאָפּלטע רייען. דערצו נאָך צו צוויי אויף די אַרבל און צו צוויי ביי די קעשענעס, וואָס זענען געווען פֿון הינטן, און האָבן סיי ווי נישט גענוצט, ער זאָל זיך אָנוואָרעמען זיינע הענטלעך, וואָס זענען געווען עפּעס אויפֿגעיוירן ווי רויטע קישעלעך.

דערווייל האָט זיך די זון ווי אָפּגעקערט און דער דרויסן האָט אָנ־גענומען דעם קאָליר פֿון רויך. דער רויך, וואָס איז געווען ביז איצט בלוי, איז איצט געוואָרן ברודיק און האָט אויסגעזען, ווי גענוצטע וואַטע. די „פּעקלעך" אויפֿן פֿעלד האָבן זיך איבערגעטראָגן. טייל ווייטער אַרויף צו, נעבן דער סטאָדאָלע מיט היי, אַנדערע נענטער צום מאַרק. עס איז געוואָרן אַן אויסמיש און אַ צונויפֿגעדרענג. עס האָבן זיך עפּעס אויסגע־פֿאָרמט געסלעך, געסלעך פֿון פּעקלעך מיט בעבעכעס. מען האָט אויס־געגראָבן גריבער, אָנגעלייגט פֿייערן, און איבער זיי אויפֿגעהאַנגען פּענד־לעך מיט געקעכץ. אַלטערל ווייסט נישט פֿון וואַנען, נאָר עס האָט זיך באַוויזן ברויט. גרויסע ברויטן, וואָס זענען צעריסן געוואָרן נעבן יעדן „פּעקל". קינדער האָבן געהאַלטן אין יידע הענט אָפּגעריסענע שטי־קער „מציאות" און געגעסן מיט חשק. אַלטערל האָט זיך אַלע מאָל, ווי אַ הונגעריק הינטל, געשטעלט קוקן אין די אויגן פֿון די עסנדיקע קינ־דער, און אַז מען האָט אים נישט באַמערקט, האָט ער ווי אַ קאַץ זיך גע־שאַרט און געשפּאַרט צו די פּעקלעך. האָבן זיך די מאַמעס אויסגעדרייט מיט די פּנימער צו די עסנדיקע קינדער, און מיט די פּלייצעס צו אים, ווי זיי וואָלטן דאָס פֿאַרשטעלט די אייגענע פֿאַר אַ בייז אויג . . .

דערווייל האָבן זיך אין מאַרק באַוויזן די ערשטע פֿורן מיט גע־

בעקס, וואָס אַנדערע, דערבייאיקע שטעטלעך, האָבן געשיקט צו די נשׂרפֿים. די מאַמעס האָבן איבערגעלאָזט זייערע קינדער, ווי אויף הפֿקר און זיך געלאָזט צו די פֿורן כאַפּן ברויט.

עס איז געוואָרן אַ געדרענג. מען האָט אומגעוואָרפֿן איינער דעם אַנדערן. מען האָט זיך אַרויפֿגעכאַפּט אויף רעדער, זיך געדראַפּעט אויף אַקסלען, און ווי מחנות הונגעריקע בינען, זענען די יידן באַפֿאַלן יעדע פֿור, וואָס האָט זיך נאָר באַוויזן הינטער דער ראָגאַטקע. די פֿור איז גלייך באַקלעפּט און אָפּגעלעקט געוואָרן ביז דער לעצטער קרישקע.

אַלטערל איז געווען דאָס איינציקע קליינע מענטשעלע, וואָס האָט זיך מיטגעשרויפּט מיט דער מענגע דערוואַקסענע, און כאָטש ער האָט נישט געהאַט קיין שאַנס צו קריגן פֿאַר זיך אַ שטיקל ברויט, האָט אים אָבער דער ריח פֿון פֿרישן געבעקס נאָס געמאַכט די צונג און געבלעזלט מיט שפּייעכץ אין די ווינקלען פֿון די ליפּן. דער קימל האָט געקיצלט אין דער נאָז, האָט ער געצויגן דעם אָטעם און דאָס הערצל האָט שיר ניט גע־חלשט.

די דערוואַקסענע האָבן אים נישט באַמערקט און נישט צוגעלאָזט. אַלע מאָל, ווען ער האָט זיך אַריינגעשלומפּערט אין רעדל מענטשן, כדי זיך צוצוקריגן צום וואָגן ברויט, האָט אים אַן אַנדערער אויפֿגעהויבן ביים קאָלנער פֿון אַטלעסן קאַפּאָטקעלע און אַריבערגעשטעלט איבער די קעפּ, אַזוי זיך, אפֿילו נישט ביז דער ערד, נאָר אָפּגעלאָזט אין דער לופֿטן, ווי ער וואָלט געווען אַ קלעצל, און ער איז טאַקע אויך עטלעכע מאָל געפֿאַלן.

ווען דאָס גאַנצע ברויט איז שוין געווען צעכאַפּט, און יעדער ייד, ווער מיט איינעם און ווער מיט מער ברויטן אונטערן אָרעם, איז געלאָפֿן אַהין, אויפֿן פֿעלד, צו זיין הויז־געזינט, האָט אַלטערל פּלוצלינג דערזען פֿאַר זיך, ממש אויף זיינע פֿיס, דעם פֿעטער יאַנטשע, טראָגנדיק דריי לאַנגע ברויטן.

אַלטערל האָט אָן אַלץ פֿאַרגעסן און גענומען שמייכלען. ער איז געווען זיכער, אַז דער פֿעטער יאַנטשע ה ע ר ט זיין שמייכל און וועט זיך אָפּשטעלן. אָבער דער פֿעטער יאַנטשע איז געווען פֿאַרטראַכט, ווי ער וואָלט זיך אין די מחשבֿות איצט צונויפֿגעקלעפּט מיט די ברויטן. אַליין איז ער געגאַנגען פּאַמעלעך, נאָר טריט האָט ער געשטעלט ברייטע, אַריבערגעשפּרייזט איבער אַלץ, וואָס איז געלעגן אין וועג, איבער טלי־ענדיקע בעלקעס און קופּעס ציגל. אַלטערל איז אים נאָכגעלאָפֿן. שנעל

נאָכגעלאָפֿן ווי אַ הינטל, וואָס דערזעט זיין באַלעבאָס אין גאַס. ער האָט זיך עטלעכע מאָל דערנענטערט צו אים, אויסגעקומען גלייך ביי זיין זייט און איז ווידער געבליבן הינטערשטעליק. ביז ער האָט דעם פֿעטער אַ צי געטאָן ביים כאַלאַט. דער פֿעטער האָט זיך אַרומגעזען, אַריינגעקוקט אַפֿילו אים אין די אויגן און אים נישט דערקענט.

דער פֿעטער איז ווייטער געגאַנגען, לאָזנדיק דאָס יינגל נאָכלויפֿן נאָך זיך. נאָר אין מיטן גאַנג, האָט ער זיך ווי איבערגעלייגט און ראַפּ־טאָם אָפּגעשטעלט אַזוי, אַז אַלטערל איז שוין געבליבן אַ שפּאַן פֿאָר־אויס, און אויך געבליבן שטיין. אויף דעם פֿעטערס אָנפֿרעג, וואו ער איז געווען, האָט ער אַ טייט געטאָן מיטן פֿינגער סתם פֿאַר זיך, „דאָרט״, און דערביי האָט ער פֿאַרגעסן אָן הונגער און שטאַרק חשק געהאַט דער פֿעטער זאָל אים פֿרעגן וועגן זיין אומגעריכטן, אַטלעסנעם מלבושל.

דער פֿעטער יאַנטשע האָט ווידער נישט געענטפֿערט. ער האָט גענומען אַ לאַנגן ברויט, דערמיט אַ קלאַפּ געטאָן איבער זיין קני, אַז עס האָט זיך מיט אַ קוויטש פֿון פֿרישקייט אין צווייען צעשפּאָלטן, פֿון איין האַלבן ברויט ווידער אַרויסגעריסן אַ טייל און עס אים דערלאַנגט.

אַלטערל האָט גענומען עסן. נאָכן ערשטן ביס האָט ער, אין זיך, גענומען מאַכן אַ המוציא, וואָס ער האָט גוט געקענט פֿון אויסווייניק. אָבער ער האָט זיך פֿאַרשלוקערצט: אַ קנויל פֿון ווייכן טייג האָט זיך אים געלייגט אונטערן האַרץ און נישט געקאָנט אַראָפּ.

גערעכנט האָט ער, אַז דער פֿעטער יאַנטשע נעמט אים מיט מיט זיך צו דער מומע גנענדעלע מיט אירע קינדער, און אַז זיי וועלן גאָר־נישט האָבן עפּעס אַנדערש אין זין, ווי נאָר צו באַטראַכטן זיין אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע און מען וועט באַוואונדערן דאָס גרינע סטענגעלע. אָבער דער פֿעטער יאַנטשע האָט זיך אין מיטן וועג אומגעקערט, אַ קוק געטאָן צי ער עסט, און געהייסן אים, ער זאָל זיך אָנהאַלטן אין זיין פּאָלע און אַכטונג געבן, ער זאָל זיך נישט אַריינשטעכן אַ טשוואָק אין די באָרוועסע פֿיס.

אַלטערל האָט געמיינט, אַז דעם פֿעטערס גוטסקייט נעמט זיך זיכער פֿון דעם, וואָס ער טראָגט אָן אויסטערליש מלבושל, און אַז דאָס איז אַזאַ דרך־ארץ. ער וואָלט טאַקע געוועזן אַ בעלן צו זען, אויב דער מלמד פֿון דער תלמוד־תורה וואָלט אים איצט געשלאָגן? און צי וואָלט ער אים אויך איצט געשיקט אַ גאַנג, ברענגען פֿון דעם פּלומפּ אַ קאַלטן שעפּ וואַ־

סער פֿאַר אַן אַנדער ייִנגל, און צי וואָלט ער אים געהייסן אונטערטראָגן
דער רביצין אַ גרויסן פּאַק מיט וועש צום טייך?

פּונקט, ווי אונטער דער שול, איז דאָ, אויפֿן חזיר־מאַרק, אויך גע־
ווען אַן אויסלייג פֿון פּעק און פּעקלעך. אָבער דאָ זענען שוין געשטאַנען
קופֿערטן, שויבן־שענקלעך, שלאָף־בענק און צענומענע בעטן. פֿון די
״ליימענע געטער״ האָט אַלטערל דערקענט אַז דאָס זענען גויים. צוזאַמען
מיט זייערע קינדער זענען אויך געשטאַנען ביי די פּעקלעך פֿערד און
בהמות, געבונדענע גענז, חזירים.

דאָ, ביי די גויים, איז שוין געווען אַ סך מער אָרדענונג: עס זענען
שוין געווען אויפֿגעשטעלט גרויסע, ליימענע באַק־אויוונס און קאָך־קוי־
מענס; מען איז אַפֿילו געזעסן אַרום טישן און געטרונקען פֿון פֿלעשער.

כדי דאָס ייִנגל זאָל נישט פֿאַרלוירן גיין, האָט דער פֿעטער יאַנטשע
אים אָנגענומען ביי דער האַנט. דאָס האָט אַלטערלס האַרץ שטאַרק ווייך
געמאַכט און ער האָט אַפֿילו פֿאַרגעבן דער מומעס ייִנגלעכס עוולות, און
טאַקע חיימ׳ס גרויסע עוולה, וואָס ער האָט אים פֿאַרמסרט, אַז ער איז אַ
נאַשער . . .

אין זיין האַרץ איז אויפֿגעגאַנגען אַ ווייכקייט און אַ מילדקייט. אָבער
צוליב וואָס דער פֿעטער האָט אים דאָ מיטגענומען, האָט ער נישט גע־
וואוסט, ביז ער איז צוגעקומען צו אַ פֿור, אויף וועלכער עס זענען שוין
געזעסן ווייבער אויף הויכע קאַסטנס. די פֿור איז געווען באַלייגט מיט
פּעק בעטגעוואַנט און פֿאַרבונדן מיט דיקע שטריק.

די ווייבער האָבן זיך גאָרנישט ווויסנדיק געמאַכט. זיי האָבן זיך
בלויז געשאָקלט, ווי זיי וואָלטן זיך דאָס פֿריער אויסגעלערנט. דער
פֿעטער האָט זיך בלויז געדונגען מיט דעם, וואָס האָט געהאַלטן, אָנשטאָט
אַ בייטש, אַ לאַנגן בויגעוודיקן שטעקן אין האַנט. דער בעל עגלה האָט
אים נישט געוואָלט אַרויפֿנעמען אויף דער פֿור און דער פֿעטער האָט
אים איינגערעדט. ער האָט אַלטערלען ממש אַריינגעשטופּט אין דער בויד.
דער סוף איז געווען, אַז דער פֿעטער האָט אַלטערלען אויסגעשטרעקט
די האַנט, מעשה גרויסן מענטש, געזאָגט: „פֿאָר געזונטערהייט״ און פֿאַר־
טראַכטערהייט אַוועקגעשפּאַנט. אַלטערל איז געבליבן זיצן אויפֿן אָנגע־
לאָדענעם וואָגן.

## ביים טאַטן אין דער פֿרעמד

אַלטערל האָט זיך מיטגעשאָקלט מיט אַלע פֿאַרשוינען אויף דער גרויסער, ברייטער פֿור. ער האָט שווייגנדיק איינגעחזרט אין זיך דאָס, וואָס דער פֿעטער יאַנטשע האָט אים אָנגעזאָגט, אַז ער האָט שוין ניט קיין אָרט וואו דעם קאָפּ אַוועקצולייגן, און זיינע, דעם פֿעטערס אייגענע קינ־דער, האָבן אויך שוין נישט קיין דאַך איבער זיך.

די יידענעס האָבן אין צווייען זיך געשאָקלט: אי פֿון דעם, וואָס דער וואָגן האָט זיך געטרייסלט, אי פֿון דעם, וואָס זיי האָבן באַזיפֿצט אַלטערלען. אַלטערל האָט זיך איינגעהערט, וואָס די ווייבער האָבן גע־רעדט, און פֿון דעם איינגעהערטן האָט ער נאָר אויפֿגעכאַפּט איינציקע, צופֿעליקע ווערטער, וואָס האָבן יאָ געהאַט און ניט געהאַט קיין שייכות צו אים.

מען האָט באַזיפֿצט זיין מאַמע, וואָס איז נעבעך יונגערהייט אַנט־רונען געוואָרן און די ערד קילט איר שיין געשטאַלט. מען האָט גערעדט פֿון טאַטן זיינעם, וואָס איז אַוועקגעפֿאָרן און ניט געוואָלט הערן פֿון דעם קינד. פֿון די אַלע רייד איז אַלטערלען זייער ענג געוואָרן. עס האָט זיך אים אויסגעדוכט, אַז די פֿור איז אָנגעלאָדעוועט מיט שווערע רייד, אַז זי האָט זיך איבערגעדרייט און די שווערע רייד פֿאַלן אויף אים, פּרעסן אים און דעקן אים צו.

פֿונדעסטוועגן האָט ער זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז דאָס פֿאָרט ער ערגעץ אין אַזאַ אָרט, וואו עס וועט אים זיין היימלעך און וואַרעם. און אַז עס וועט עפּעס זיין אַזאַ ע מ י ק , וואָס וועט אַנדערש אַכטונג געבן אויף אים, בעסער ווי זיין פֿעטער יאַנטשע און זיין מומע גנענדעלע, און אַז ביי יענעם אומבאַקאַנטן טיש וועט ער זיצן גלייך מיט אַלעמען, און אפֿשר טאַקע אויבנאָן, ביי י ע נ ע מ ס רעכטער האַנט, אָט אַזוי ווי חיימל, זיין פֿעטערס. — און אַז עס וועט אים זיין גוט אויפֿן הערצל, וועט ער מיטזינגען שיר המעלות און זיך מיטשאָקלען מיטן אומבאַקאַנטן, צו ווע־מען ער פֿאָרט.

אַלטערל האָט געזען פֿעלדער, אָפּגעליידיקטע בייטן. די זון האָט זיך באַוויזן און באַהאַלטן. דאָ האָט אַ ברי געטאָן און דאָ איז קיל גע־וואָרן. דער וואָגן איז אַרויסגעקראָכן פֿון איין בלאָטע און אַריין אין אַן אַנדערער. אָפּטמאָל האָט דער בעל עגלה גאָר געהייסן זיינע פֿאַרשוי־

נעכן אַראָפּקריכן, כדי די פֿערד זאָל זיין גרינגער צו שלעפּן. דעמאָלט האָט ער אויך געוואָלט אַראָפּגיין, נאָר דער בעל עגלה האָט אָ זאָג געטאָן:

— דו, טרחל, זיץ, ווייל דו וועסט זיך נאָך צעפּליקן די הייזעלעך . . .

האָט זיך אַלטערל פֿאַרשעמט. אינעווייניק האָט אַ ברי געטאָן, ווי אַ הייס שפּיזל. זיין בלייך פּנימל האָט זיך גערויטלט דערפֿון, וואָס ער, אַ „מאַנסבילדל", זיצט גאָר אָן הויזן, מיטן הוילן געזעסל אונטערן אַטלע־סענעם קאַפּאָטקעלע און דערצו נאָך באַרוועס אויך . . .

דער ווייטערדיקער וועג איז אים שוין ניט באַקומען, כאָטש די מענטשן זיינען צו אים גוט געווען. ער ווייסט ניט פֿון וואַנען, נאָר פֿון די באַהעלטענישן האָבן זיך באַוויזן גאַנשערס מיט איינגעמאַכץ. מען האָט דערמיט געשמירט ברויט און אים געגעבן צו פֿאַרזוכן.

זיין פֿאַנטאַזיע האָט אים איצט געמאָלט אַן אַנדער בילד: עס איז נאַכט, טאַקע שפּעט ביינאַכט. ער קומט אָן צו דעם הויז, וואוהין ער פֿאָרט. דאָס הויז איז אין אַ גאָרטן. ער קומט אַהין, קיינער באַמערקט ניט, אַז ער גייט באָרוועס און האָט נישט קיין הייזלעך. מען לייגט אים שלאָפֿן אין אַ ניי, שיין בעטעלע, אַזאַ׳ס ווי ער האָט געזען אויף די גע־מעלן, וואָס זיינען געהאנגען אין די צימערן פֿון זיינע חברים. ער לייענט קריעת שמע און לייגט זיך שלאָפֿן. ער שטייט אויף און אויף דעם שטול ליגן אַ פּאָר נייע האַלבע הויזן, ווי פּאַר אַ דערוואקסענעם, מיט שעלקעס און מיט אַ פּאַסעק . . . ער טוט זיך אָן. פֿיר קעשענעס: צוויי אין דער זייט און צוויי פֿון הינטן. די הויזן האָבן ברייטע „נאַגעוויצעס", אַזעלכע ברייטע, אַז זיי קאָנען אַריבער איבער די כאָלעוועס און די שטיוול קאָנען אויסזען, ווי קאַמאַשן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז אויף די הויזן גייט ער אָנגעטאָן דאָס אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע. אַלע אין דעם „הויז" באַטראַכטן אים מיט חידוש. דאָס קאַפּאָטקעלע איז ממש אַ שפּיגעלע, און אַלע מענטשן שפּיגלען זיך דערינען.

אָט אַזוי, ווי דער וואָגן — באַרג־אַרויף באַרג־אַראָפּ — אַזוי האָט אַלטערל געחלומט. פֿון איין פֿאַנטאַזיע אַרויס, אין דער אַנדערער — אַריין, ביז די פֿערדלעך האָבן זיך געטאָן אַ פֿאַרגאַלאָפּיר ערגעץ פֿון אַ בערגל אין אַ טאָל אַריין. פֿון אונטן, אין טאָל, האָט זיך געזען אַ פּלאָנ־טער פֿון דעכער און קוימענס. אַלטערל האָט געמיינט, אַז דאָס פֿאָרט מען אַזוי אַרויף אויף די שינדלענע און שטרויענע דעכער, אָבער די פֿור איז אַריינגעלאָפֿן אין אַ געסל. אַ קליין שטעטל האָט זיי הויקערדיק באַגריסט.

— און אײדער װאָס־װען, האָט דער בעל עגלה אײנגעהאַלטן די פֿערד און אַ זאָג געטאָן צום ייִנגל:

— נו, שמעלקע, קריך אַראָפּ!

האָט זיך אַלטערל ערשט פֿאַרשעמט און פֿאַרװאונדערט. ער האָט זיך נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז ער איז שױן דאָ אױפֿן אָרט. ארום זיך האָט ער געזען לײדיקע, לײדיקע פּלעצער. אױף אײנעם אַזאַ לײדיקן פּלאַץ איז געװען אַ שמאָל, הילצערן שטיבל, װאָס איז נאָר געװען אַזױ ברײט, װי אַ טיר פֿון אַ געװעלבל. פֿאַר דעם געװעלבל איז קײנער נישט געשטאַנען, אַ חוץ אַ פֿעסל טראָן, און אױף אַ קעסטעלע דערבײ איז געלעגן אַ שוך־בערשטל. אַלטערל האָט זיך נישט גערירט, װײל ער האָט זיך נישט גע־גלױבט, אַז דאָס מײנט מען אים, אַז צוליב אים האָט מען זיך אָפּגעשטעלט. דער דרויסן איז נאָך געװען בלאָס־ליכטיק, און װען ער זאָל זיך נישט צוהאַלטן בײ בײדע פּאָלעס, זײ זאָלן זיך נישט צעפֿליען, װאָלט זיך אַרױס־געזען, אַז ער איז נאַקעט אונטערן קאַפּאָטקעלע.

װען דער בעל עגלה האָט געזען, אַז דער יתום רירט זיך נישט, האָט ער אים אָן קונצן געגעבן אַ ציִ אַרױס פֿון צװישן די פּעק און קאַסטנס, און אױפֿהױבנדיק אים אין דער לופֿטן — אַראָפּגעלאָזט. דערװײל איז פֿון קרעמל אַרױסגעקומען אַ ייִד, װאָס מען האָט בײ אים גאָרנישט אַרױסגע־זען קײן פּנים. דאָס גאַנצע פּנים איז געװען בלױז אײן שטיק באָרד. פֿון דער באַװאַקסעניש האָבן אַרױסגעלױכטן צװײ בליצעלעך פֿון אונטער געדיכטע ברעמען. אַלטערל האָט זיך משער געװען, אַז דאָרט זענען אױגן, אָבער ער האָט נישט געקאָנט װיסן, צי שמײכלען זײ צו אים, צו קוקן זײ מיט רוגזה.

דערװײל האָט אים דער בעל עגלה אַראָפּגעשטעלט, און ער האָט דערפֿילט ערד אונטער די באָרװעסע פֿיס. דער בעל עגלה האָט אַרױס־געװאָרפֿן פֿון זיך עטלעכע װערטער, װאָס אַלטערל האָט געמײנט צום ערשט, אַז דאָס רעדט ער צו די פֿערד. נאָר װען דער בעל עגלה האָט אים אונטערגעשטופּט בײ די פּלײצעס:

— נו, שמעלקע, שטײ נישט, גײ צו, גיב שלום דעם טאַטן!

און מיטן זעלבן טאָן האָט ער געגעבן אַ זאָג צו די פֿערד, זײ זאָלן גײן און זײ זענען טאַקע געגאַנגען — האָט ער זיך ערשט געכאַפּט.

אַלטערלען האָט אָנגעהױבן צו װערן זײער אומהײמלעך. ער איז געװען אַ קינד, און ס׳האָט זיך אים געדוכט, אַז „יענער" קוקט אױף אים, װי אױף אַ גרױסן. עס האָבן געמוזט נעמען אַ סך רגעס, ביז די שטיל־

קייט האָט זיך איבערגעשפּאָלטן. דער טאַטע האָט אָנגעהויבן צום ערשטן צו רעדן. און אַלטערלען האָט זיך געדוכט, אַז זיינע רייד קומען נישט פֿון מויל, נאָר פֿון גאַנצן פּנים אַראָפּ:

— ווער האָט דיך געהייסן קומען, כאַלערע?

האָט אַלטערל מער פֿאַרשטאַנען דאָס פֿרעגן, ווי ער האָט דערהערט די ווערטער און געענטפֿערט:

— דער פֿעטער יאַנטשע.

האָט דעם טאַטנס באָרדיק פּנים אים גוט אַרומגעקוקט. געזען די באָרוועסע פֿיסלעך, מיט דער בלאָטע צווישן די פֿינגער, די דורכגעשפּאָל־טענע צעבלוטיקטע נעגל, און האָט אים ווידער געפֿרעגט:

— האָסט געלערנט אין אַ חדר?

האָט אַלטערל געוואָלט פֿאַרזיכערן זיין ענטפֿער און פֿאַרפֿעסטיקן:

— אין תלמוד תורה.

— ביי וועלכן רבין?

— ביים בלינדן זרח.

דער טאַטע האָט אין איין קול ווייטער געפֿאָרשט:

— קאָנסט עברי?

דאָס יינגל האָט זיך געוואָלט אויספּיינערן און געענטפֿערט שוין מיט אַביסעלע גאוה:

— איך לערן שוין חומש מיט רשי.

אָבער, צי דער טאַטע איז נישט געווען צופֿרידן מיט דעם דרייסטן ענטפֿער, צי האָט ער זיך נישט געמאַכט הערן — ער האָט זיך געהאַלטן ביים זייניקן:

— האָסט מיטגעברענגט אַ סידור?

— איז דאָס אַלטערן נישט געפֿעלן. ווען ער איז שוין אַ חומש־יינגל, קאָן שוין מעביר־זיין די סדרה מיטן טראָפּ, זאָל מען זיך אים גאָר פֿרעגן אויף אַ סידור. האָט ער נישט געענטפֿערט און געשוויגן אַ ווײַלע.

דער טאַטע האָט געוואָרט עטלעכע מינוט, דערנאָך קורץ באַפֿוילן:

— קום אַריין דאַוונען מנחה.

אין שטוב איז קיינער נישט געווען. די טונקלעניש איז געלעגן, ווי אין אַן איינגעפּרעסטן קאַסטן. בלויז אין די פֿיר קליינע פֿירעקיקע שויבן האָבן זיך אָפּגעשלאָגן פֿיר גלייכע „פֿערטעלעך” הימל. דער טאַטע האָט אויפֿגעמישט אַ סידור, אים דערלאַנגט און באַפֿוילן:

— היפּער נישט, זאָג איינס און איינס, יעדעס וואָרט, לאָמיך הערן.

האָט זיך אַלטערל אַוועקגעשטעלט נעבן טישל, וואָס איז געשטאַנען ביים פֿענצטער, און גענומען ציילן די ווערטער:

— אַשרי יושבי בתיך . . .

אַז עס איז געקומען צו שמונה עשרה, האָט ער מיט די אויגן גע־שטעלט אַ פֿראַגע דעם פֿאַרוואָקסענעם פּנים. אין דער פֿינצטער האָט האַרט אַ טייטל געטאָן אַ פֿינגער, און ווי דער פֿינגער אַליין וואָלט אַרויס־געזאָגט:

— דאָרט.

האָט זיך דאָס קליינע יידעלע געשטעלט מיטן פּנים צו דער טיר, צו מזרח, און געוואָלט זאָגן, ווי אַ גרויסער, שמונה עשרה שטילערהייט, אָבער דער טאַטע האָט זיך נישט געלאָזט אָפּנאַרן און געפֿאָדערט, ווי מען מאָנט שטרענג:

— הויך, יעדעס וואָרט באַזונדער!

אַלטערל האָט זיך אויפֿגעהערט צו שאָקלען. געבליבן שטיין, ווי אַ פֿאַרדאַרט ביימל, גלייך און טרוקן. געזאָגט הויך און אָפּגעציילט. ערשט ווען עס איז אַריינגעקומען עפּעס אַ יידענע, האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, איינגעהערט זיך, ווי דער טאַטע רעדט געדיכט, ווי עס וואָלטן געפֿאַלן הייסע קאַרטאָפֿל פֿון זיין מויל. ער איז שטיל געוואָרן און געענדיקט מנחה שוין שטילערהייט.

די יידענע האָט געמאַכט דעם לאָמפּ. אָנגעגאָסן נאָפֿט, צוויי מאָל אַריינגעהויכט און אויסגעווישט דאָס גלעזל מיט אַ פּאָלע פֿון איר פֿאַר־טוך, אַרויפֿגעשטעלט עס אויף אַ פֿלעמל, וואָס איז געשוואומען איבער דעם קנויט, ווי אין דער לופֿטן, און ערשט ווען דאָס גלעזל האָט זיך אַרויפֿגעשרויפֿט אויפֿן ברענער, האָט זיך דאָס פֿלעמל באַהאָפֿטן מיט דעם קנויט און מיטאַמאָל האָט אַ האַלב ליכטיקייט אַרומגענומען די שטוב. אַלטערל האָט אַ קוש געטאָן די פֿאַרמאַכטע טעוועלעך פֿונם סידור און דערזען, ווי אַ חוץ דער יידענע, איז אויך אַריינגעקומען אַ מיידעלע. ער האָט זיך גלייך דערמאָנט, אַז אונטער דעם קאַפּאָטקעלע איז ער אָדם־נאַקעט, און אַ רויטקייט האָט אַרויסגעשפּאַרט אויף זיינע בעקעלעך. דאָס מיידעלע האָט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך עטלעכע פּאַטשיילכלעך און ער האָט דערזען שטיין אַ שיין מיידעלע מיט רויטע אויסגעגלאַנצטע בעקע־לעך און מיט בלויע לאַכנדיקע אייגעלעך. זי איז גלייך צוגעגאַנגען צו אַלטערלען, אַ קוק געטאָן אויף אים און זיך צעלאַכט.

האָט דער טאַטע צוגעגעבן:

— דער נאַר שטופּט זי שוין.

אַלטערל האָט געהערט, ווי דאָס מיידעלע רופט די יידענע „מאַמע״ און דעם ייד „טאַטע״. ווייטער האָט ער נישט געוואוסט, וואָס דאָ טוט זיך און נאָכוואָס ער איז דאָ אַהערגעקומען.

די יידענע האָט אים דערלאַנגט עפּעס אַ געקעכץ און ווען ער האָט גענומען דעם לעפל צום מויל, האָט זיך דאָס מיידעלע הילכיק צעלאַכט.

די יידענע איז געשטאַנען נעבן אַלטערלען און אַלעמאָל צוגעגאָסן אין זיין שיסל פון אַ טאָפּ, וואָס זי האָט געהאַלטן אין איר האַנט. ער האָט נישט געקאָנט אַזוי פיל אין זיך אַריינגיסן. דאָס בערדיקע פּנים איז אָבער געשטאַנען ביים ברעג פון טיש און אַכטונג געגעבן, ער זאָל נישט אָפּשטיין.

אַלטערל האָט געוואָלט ווייזן, אַז ער ווייסט ווי זיך צו פירן: גע־מאַכט אַ בורא נפשות מיט אַ ניגון, ווי מען זאָגט דאָס יום־טובדיקע בענטשן, און אים האָט זיך געדוכט, אַז דאָס מיידעלע מיט די רויטע, אויס־געגלאַנצטע בעקעלעך באַוואונדערט אים.

דאָס בערדיקע פּנים האָט געזאָגט צו דער יידענע:

— זאָל ער גיין פּאָפּן!

האָט די יידענע, ווי אַן חשק, צערודערט אַ בעט, אַפּירגענומען פון צוקאָפּנס אַ שטרויען קישעלע, פון אַ ווינקל אַ בינטל שמאַטעס און דער־מיט „אויסגעבעט״ אַ געלעגער אויף אַ בינטל האָלץ, וואָס איז געלעגן צווישן אויוון און זיך געטריקנט.

אַלטערל האָט זיך אַוועקגעזעצט לייענען קריאת־שמע און געזאָגט האָט ער עס זייער לאַנג. דער לאָמפּ האָט געברענט און ער האָט זיך געשעמט אויסצוטאָן, מען זאָל נישט דערזען, אַז ער האָט נישט קיין הייזע־לעך. דאָס מיידעלע האָט נאָכגעזאָגט עטלעכע ווערטער נאָך דער מאַמען און זיך באַלד געלייגט מיט איר אין בעט. דער טאַטע האָט ערשט אַראָפּ־גענומען פון דער פּאָליצע אַ גרויסע גמרא, אַוועקגעשאַרט פון ביידע זייטן די באָרד מיט די וואָנסעס פונם מויל, כדי די ווערטער זאָלן זיך נישט אָפּשלאָגן, און זיך צעלערנט און צעזינגען. ער האָט זיך געפּרעגט מיט איין ניגון און געענטפערט מיט אַ צווייטן. דאָס פלעמל פון לאָמפּ האָט מיטגעטאַנצט, זיך אונטערגעטונקען אין נאַפט און קאַפּויר געקומען. אַל־טערל האָט זיך אויסגעטאָן, פאַררוקט זיך צווישן אויוון, און נישט גע־פינענדיק גאָרנישט מיט וואָס זיך איינצודעקן, האָט ער אויף זיך אַרויפּ־געצויגן דאָס אַטלעסענע קאַפּאָטקעלע. איינגעוויגט מיט דעם לערנענ־

דיקן ניגון, וואָס האָט זיך ווי אָפּגעשלאָגן פֿון די ווענט גלייך צו אים אין האַרץ אַריין, איז ער איינגעשלאָפֿן.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

אינדערפֿרי איז די שטוב נישט געווען צו דערקענען. ווי אַלטערל האָט נאָר געעפֿנט זיינע אויגן, האָט זיך אים געדוכט, אַז עס איז שבת. אָבער ווען זיין בליק האָט זיך אויפֿגעקלעפּט, האָט ער דערזען, ווי עס שטייען אָנגעשטעלט קעסטלעך מיט היגערנע און גענזענע אייער; עס קרייען געבונדענע הענער און שפּרינגען אַזוי געבונדענערהייט פֿון איין אָרט אויפֿן אַנדערן; עס ליגן רויע פֿעלן פֿון אָפּגעשונדענע חיות און ווייקן זיך אין צעגאַנגענעם זאַלץ. די יידענע רעדט מיט פּויערים און דאָס קליינע מיידעלע רעדט הויך און הילכיק פּויליש און העלפֿט דער מאַמען זיך דינגען. דער טאַטע גייט אַרויס און קומט צוריק, טראָגנדיק אַלעמאָל אין האַנט אַן אַנדערע זאַך.

אַלטערל איז געלעגן פֿאַרצווייפֿלט, נישט געקאָנט אַראָפּגיין, סיידן ער זאָל זיך אויפֿן געלעגער אָנטאָן דאָס קאַפּאָטקעלע. פּלוצלינג האָט עפּעס אַ פֿלי געטאָן אין זיין פּנים אַריין. צום ערשט האָט ער געמיינט, אַז דאָס האָט זיך אַ האָן פֿרייגעלאָזט פֿון זיינע פּענטעס. נאָר באַלד האָט ער אָנגעטאַפּט, אַז דאָס געפֿלויגענע איז אַ שמאַטע. האָט ער שוין גאָר־נישט געוואוסט פֿון וואַנען דאָס איז געקומען. אָבער באַלד איז נאָכגע־קומען דאָס פֿאַרפֿאַקטע קול פֿון זיין טאַטן:

— וואָס כאַליעט ער נאָך? גרויסער טאָג! עובר קריעת שמע!

און די יידענע האָט מיט אַ פֿרומען קול צוגעזיפֿצט:

— צי אַרויף אויף זיך די הויזן, וועסט נאָך פֿאַרשפּעטיקן צום מנין.

האָט דעמאָלט ערשט אַלטערל אויפֿגעוויקלט די שמאַטע און דער־זען, אַז עס איז אַ פּאָר גרויסע הויזן, נאָר ביי די פֿיס אַרומגעשניטן, נישט פֿאַרזוימט און מיט אַראָפּהענגענדיקע צויטן.

ער איז אַריין אין די הויזן און אים האָט זיך געדוכט, אַז ער שווימט אַרום אין אַ גרויסער פֿאַס. ווען ער איז אַפּירגעקראָכן פֿון זיין געלעגער, האָט ער ערשט דערפֿילט, ווי זיינע ביינער זענען אָנגעקוועטשט פֿון דעם טרוקענעם האָלץ. ער איז געווען צעבראָכן און צעשטיקלט און קוים וואָס ער האָט זיך געקאָנט אָפּגיסן די נעגל, אָפּוואַשן דאָס פּנים און זאָגן קריעת שמע.

דער טאַטע האָט באַפֿוילן דעם מיידעלע, זי זאָל אים וויזן, וואו דאָס בית המדרש איז און אים אָנגעזאָגט, אַז ער זאָל דאַווענען וואָרט ביי וואָרט

און וואַרטן אין בית המדרש ביז ער וועט נאָך אים קומען.

אויפֿן וועג האָט דאָס מיידעלע אים געפֿרעגט צי ער איז איר ברודער.

האָט ער געענטפֿערט:

— אודאי.

האָט זי אים געפֿרעגט, ווי אַזוי ער הייסט.

האָט ער געקלערט און געזאָגט, אַז אין דער אמתן הייסט ער גרשון, נאָר, האָט ער טרויעריק צוגעגעבן:

— מען רופֿט מיך מיט אַ צונאָמען „אַלטער".

— אַלטער?

דאָס מיידעלע האָט אַ פֿלינקן קוק געטאָן אויף זיין קאַפּאָטקעלע און דערנאָך אויף די הויזן, וואָס האָבן אויסגעזען אויף זיינע פֿיס ווי צוויי זעק.

האָט אַלטערל אַראָפּגעלאָזט זיין קעפּל און איבערגעענטפֿערט נאָך שטילער:

— יאָ, אַזאַ צונאָמען האָט מען מיר געגעבן.

דאָס שוועסטערל האָט ווי איבערגעחזרט פֿאַר זיך דאָס וואָרט „אַל־טער" און זיך, ווי נעכטן ביים עסן, הילכיק צעקלונגען מיט אַ געלעכטער.

אַלטערלען האָט עס נישט פֿאַרדראָסן. אים איז געפֿעלן, וואָס ער האָט אַ שוועסטער, אַן אייגענע שוועסטער, וואָס ביז איצט האָט ער גאָר־נישט געוואוסט דערפֿון און אים וואָלט גוט געווען, ווען עמיץ פֿאַרטשע־פּעט זי, כדי ער זאָל זיך קענען פֿאַר איר אָננעמען. דערצו איז אים גע־פֿעלן, וואָס זי האָט אַזעלכע בלויע, שמייכלענדיקע אויגן. זיי זענען אַזוי ליכטיק, אַז ס׳ווערט פֿון זיי וואַרעם.

כאָטש עס איז שוין געווען טיף אין האַרבסט און די קעלט איז פֿייכט געלעגן אין דער לופֿט, איז זי, ווי ער, געגאַנגען באָרוועס.

אין מיטן לאַכן האָט ער זי געפֿרעגט:

— און ווי אַזוי הייסטו?

— ווי אַזוי? — האָט זי איבערגעפֿרעגט און באַלד פֿאַרענטפֿערט:

— מחלה.

און גלייך אויך צוגעגעבן:

— איך האָב אויך אַ צונאָמען.

און נישט וואַרטנדיק ער זאָל איר פֿרעגן, האָט זי אַליין געזאָגט:

— מאַריאַנע.

— מאַריאַנע, — האָט אַלטערל געוואָלט ווערן פֿאַראינטערעסירט

— מאַריאַנאַ? אַ גוישער נאָמען...

דאָס מיידעלע האָט זיך צעקוואָלן און ווידער געזאָגט:

— און כ'האָב נאָך אַ צונאָמען.

אַלטערל, מעשה גרעסערער ברודער, האָט געוואָלט וויסן, אַז ער ווערט אַנגעצונדן פֿון איר ביטערן גורל, האָט געפֿרעגט מיט ערנסט:

— נאָך אַ צונאָמען?

— יאָ — האָט זי פֿאַרכאַפּט — מאַריאַנקע.

און נאָך איידער ער האָט עס אַראָפּגעשלונגען, האָט זי שוין ווייטער געמאָלן און געלאַכט מיט איר מיילעכל, מיט אירע אייגעלעך, און דאָס פּנימל האָט זיך רויט צעגלאַנצט:

און — און כ'האָב נאָך אַ צונאָמען: די משוגענע מאַריאַנקע.

אַלטערלס וועלן זיך דערצערנען האָט נישט געהאַט קיין זין. זי אַליין האָט דערפֿון געלאַכט. דאָס האָט אים מער געאַרט ווי אַלץ און ער האָט ביי זיך שוין געהאַט באַשלאָסן, אַז זי איז אַ נאַר. נאַר פֿיינט קריגן דאַרף ער זי נישט. זי איז זיין שוועסטער, דאַרף ער זי לערנען און פֿירן אויפֿן גלייכן וועג.

ביי דער טיר פֿון בית המדרש האָט זי זיך דווקא איינגעשפּאַרט, אַז זי וויל מיט אים אַריינגיין. אַלטערל האָט איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז אַ בית המדרש איז געמאַכט געוואָרן נאָר פֿאַר מאַנסבילן, און פֿאַר איר איז נישט קיין שכל אַריינצוגיין און זי טאָר עס טאָקע נישט, סיידן אין דער ווייבערשער שול אין דער הויך אויפֿן גאַניק.

אָבער מאַריאַנקע האָט פֿון די אַלע רייד נישט געוואָלט וויסן. זיינע ווערטער זענען אין איר אויער אַפֿילו נישט אַריינגעדרונגען. זי האָט געטענהט, אַז דער טאַטע נעמט זי אויך מיט, און אַז „ווען מען טאַנצט מיט דער תורה", האָט זי געהאַלטן אין האַנט אַ פֿאָן מיט אַ ליכטל און מיט אַ רויטן עפּל.

ווען ער האָט געזען, אַז זי עקשנט זיך אַזוי איין, האָט ער זי פּשוט אַ שטופּ אָפּ געגעבן פֿון זיך און גענומען ציען די טיר צום פֿאַרמאַכן. אָבער איידער ער האָט די קליאַמקע צוגעצויגן, האָט ער דורכן שמאָלן אָפֿענעם פּאַס געזען, ווי זי שטעקט אים אַרויס די צונג.

# #

אין בית המדרש זענען געווען אַ סך יידן און נאָך מער יינגלעך. טייל האָבן געלערנט און טייל האָבן געדאַוונט. אַ טייל טאַטעס האָבן זיך געשאָקלט איבער גמרות מיט די קינדער, און אַנדערע קינדער האָבן זיך

געיאָגט אַרום דעם גרויסן קאַכלענעם אויוון, וואָס איז געשטאַנען, ווי אַ גלאַנצנדיקע מערב־וואַנט נישט ווייט פֿון דער טיר.

ווען אַלטערל איז אַריינגעקומען, האָבן דאָס ערשטע די ייִנגלעך, וואָס זענען אַרומגעלאָפֿן, זיך אָפּגעשטעלט, צוגעגאַנגען צו אים, באַטראַכט אַ רגע זיינע פּאות, זיין אַטלעסן קאַפּאָטקעלע, זיינע ברייטע הויזן (אַ נס, וואָס צוליב דער ברייטקייט האָט מען נישט אָנגעזען אַז ער גייט באָרוועס. און איינער פֿון זיי, אַ דרייסטער, האָט אים דער ערשטער דערלאַנגט שלום עליכם.

האָבן זיך שוין אַלע הענט פֿון די איבעריקע קינדער אַליין גע־שטרעקט, און ער האָט אַלעמען געענטפֿערט מיט חשיבות: עליכם שלום. דערנאָך זענען צוגעקומען יידן, אָנגעטאָן אין טלית און תפֿילין. אַז זיי האָבן געזען, ווי די ייִנגלעך שטרעקן די הענט, האָבן זיי אויך אַלטערן געשטעקט די הענט און, נישט קענענדיק אויסרעדן אין מיטן דאַווענען, האָבן זיי געוויזן מיט די הענט ווי שטומע, אַרויסגעקוועטשט עטלעכע אָנ־פֿראַגן מיט דעם איינעם וואָרט: „נו, אַ נו?" און „מה"? דערנאָך זענען אויך צוגעקומען די לערנענדיקע ייִנגלעך. אַלטערלען האָט שוין אויף אַן אמת פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס ער האָט זיין שוועסטערל נישט אַריינגעלאָזט, אַז זי זאָל טאַקע זען, ווי מען גיט אים אָפּ כבוד... ער איז אַפֿילו נישט געווען זיכער, צי דאָס מיינט מען אים. ביי זיך האָט ער געטראַכט, אַז דאָס איז זיכער זיין אַטלעסן קאַפּאָטקעלע, וואָרעם מער פֿון אַלץ האָט דאָס קאַפּאָטקעלע געצויגן די בליקן צו זיך. אַנדערע ייִנגלעך האָבן עס אַפֿילו אָנגערירט מיט זייערע פֿינגער, ווי זיי וואָלטן זיך וועלן איבער־צייגן, צי עס איז טאַקע ריינער אַטלעס.

ווען די יידן האָבן געהאַט אָפּגעלייגט זייערע טליתים און תפֿילין, האָט מען גענומען איינטענהן מיט אים, ווער ער איז און וואָס ער איז? פֿון וואַנען ער קומט און צו וועמען איז ער געקומען?

אַלטערל האָט געענטפֿערט ווי אַ גרויסער, און בכיוון אויסגעמיטן מיט זיינע תשובות די ייִנגלעך, גלייך ווי ער וואָלט מיט זיי קיין מגע ומשא נישט וועלן האָבן. ער האָט אָבער נישט געקאָנט ענטפֿערן צו ווע־מען ער איז געקומען און נאָך וואָס. ווען ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט אַ טאַטן, האָבן זיך אַלע געריבן די שטערנס צו דערגיין, ווער זיין טאַטע קאָן דאָס זיין? וואָרעם דעם נאָמען פֿון זיין טאַטן האָט ער נישט געוואוסט אָנצורופֿן.

דאָס, וואָס ער האָט געזאָגט, אַז ער איז פֿון פּשיטיק, האָט אים שוין

פֿאַרשאַפֿט גרויס אָנזען אין זייערע אויגן. ווארעם, עס איז ערשט דער דריטער טאָג נאָך דער גרויסער שׂרפֿה. מען האָט אים גענומען אויספֿרעגן פּרטים וועגן דעם פֿייער, און ער האָט דערציילט, ממש געמאָלן בילדער פֿון דעם חורבן, ווי עס וואָלט לעבעדיק אַלץ אויפֿגעשוואומען פֿאַר זיינע אויגן.

דאָס רעדל האָט זיך אַלץ אויסגעברייטערט און געדיכטער גע־וואָרן. מען האָט לאַנגזאַם געוויקלט די רצועות פֿון די תּפֿילין און איינ־געלייגט פֿאַמעלעך די טליתים. אַפֿילו דער בעל־תּפֿילה איז אַוועקגעגאַנ־גען פֿון עמוד און זיך איינגעהערט אין די שילדערונגען פֿונם קינד: מעשׂיות וואָס ער האָט געהערט, בעת די ווייבער האָבן דערציילט, ווען זיי זענען געזעסן אויף די פּעקלעך, און מעשׂיות, וואָס ער אַליין האָט אויסגע־טראַכט דאָ אויפֿן אָרט.

זיינע אויגן האָבן אויפֿגעפֿלאַמט און אַלעמען אַריינגעצויגן אין זייער פֿייער אַריין. אַלע האָבן אים געגלויבט, ווייל עס איז געווען אַן אמת, טאַקע אַן אויסגעטראַכטער אמת, אָבער אַן אמת, וואָס האָט מיטגעריסן.

עס איז שוין געווען נאָענט צו וואַרמעס. מיידלעך און ווייבלעך האָבן זיך געשטעלט אונטער די פֿענצטער פֿון בית־המדרש און געקלאַפּט מיט די פֿינגער אין די שויבן, אַרויסרופֿנדיק די טאַטעס און די מענער צו עסן אָנבייסן. און אַזוי ווי קיינער האָט נישט געוואוסט, ווער דאָס יינגל איז, האָבן אַלע אים געוואָלט מיטנעמען צו געבן אַ מאָלצייט. מען האָט גענומען אַפֿילו וואַרטן ביז ער וועט אָפּדאַווענען, וואָס ער האָט גע־טאָן מיט כּוונה, ווי זיין טאַטע האָט אים אָנגעזאָגט.

די יידן האָבן זיך דערווייל משער געווען, אַז ער איז אַ רבּניש קינד, אַ שאַרף מוחל, און צוגעגעבן:

— וואָס דען, פֿון אונזערע חזרים־טרייבער וועט עפּעס אַרויסוואַקסן אַ לייט?

און בשעת אַלטערל האָט זיך געשאָקלט שמונה עשׂרה, איז אַריינ־געקומען זיין פֿאָטער, און וועלנדיק באַווייזן פֿאַר דעם עולם, אַז דער אורח געהערט זיך עפּעס אָן מיט אים, האָט ער שטרענג באַפֿוילן אַלטערלען אין מיטן שאָקלען זיך:

— היפּער נישט, יעדעס וואָרט באַזונדער!

האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטאָן צו אים:

— דיינער איז ער, נפֿתּלי? מיר האָבן גאָר נישט געוואוסט, אַז דו האָסט אַ יינגל?

# אויפֿן וועג צוריק

אין שטעטל, ביי זיין טאַטן, האָט מען נישט געוואוסט, אַז „אַלטער" איז זיין צונאָמען און עס איז נאָר געווען קשה, פֿאַרוואָס זיין טאַטע רופֿט אים גרשון. אָבער אַזוי ווי מען דאַרף אים דאָך פֿאָרט קרוינען מיט אַ צונאָמען, האָט מען אים אָנגעהויבן רופֿן „גר" און פֿון דעם איז געוואָרן „אורח".

דעם „אורחל" האָט יעדער ליב געהאַט, ווארעם זיינע חכמות האָבן גאָר קיין שיעור נישט געהאַט. אַלע חרד־ייִנגלעך, אַלע גמרא־בחורים, זיינען מיט אים געוואָרן אויסגעבונדן. אָבער אַלטערל איז עפּעס זייער פֿאַרטראַכט געוואָרן. אָפֿטמאָל פֿלעגט ער זיך אַרויסקריגן אונטערן בית־המדרש, וואו עס האָבן זיך געצויגן אין דער ווייטקייט אַריין ליידיקע בייטן, און דאָרט, וואו קיינער האָט נישט געזען און נישט געהערט, האָט ער פֿאַרזייעט זיינע טרערן.

פֿאַרוואָס ער וויינט, האָט ער נישט געוואוסט. אין ייִנגן הערצל האָט עפּעס גענאָגט. אים איז זיס געוואָרן דער הונגער, וואָס איז נישט אָפּגעטראָטן פֿון אים זינט זיינע אויגן זענען אָפֿן אויף דער וועלט. אים האָט געפֿעלט דער הינטערן אויוון ביי דער מומע גנענדעלע מיט דעם פּייכטן בינטל שטרוי, און אַפֿילו די מסירות פֿון דער מומעס ייִנגל, וואָס האָט אויף אים אָנגערעדט אַלדאָס בייז.

ניין, אפֿשר נישט דאָס, אפֿשר נישט נאָך זיי בענקט ער? אפֿשר נאָך דער שוואַרצער פֿייגעלע, וואָס האָט אים אָפּגעגאָסן מיט אַ שעפּ וואַסער און דערנאָך אים אָפּגעווישט מיט אַ נייעם האַנטוך און געזאָגט, אַז זי האָט אַראָפּגענומען פֿון אים אַלע עבירות . . .

אים האָט באַנג געטאָן, וואָס די שוואַרצע פֿייגעלע מיט די דיקע צעפּלעך און מיטן בלויען בענדעלע אין די צעפּלעך, זאָל דאַרפֿן טראָגן זיינע עבירות אויף זיך. און זיינע עבירות זענען נישט קיין קליינע.

אָט ערשט, דעם היינטיקן יום־כיפּור ביינאַכט, האָט ער געמוזט גיין אָנגעטאָן אין די שיך, ווייל ער האָט נישט געהאַט קיין זאָקן. און דער פֿעטער יאַנטשע האָט אים תמיד געגעבן שבת נאָכצוטראָגן זיין טלית. טאָמער איז דאָס נאָך ווינציק געווען, האָט אים די מומע גנענדעלע מיטגעגעבן צו טראָגן איר סידור, די ברילן און אַ פֿאַטשיילעכל. אַלץ דערפֿאַר, ווייל זיי האָבן נישט געוואָלט אַרויפֿלייגן די עבירה אויף זייער ייִנגל, וואָס איז געווען אין איין עלטער מיט אים. אַלטערל האָט גוט פֿאַרשטאַנען, אַז נאָר דערפֿאַר, ווייל ער איז אַ יתום, האָט מען נישט קיין רחמנות, וואָס ער וועט דאַרפֿן גיין אין גהינום אַריין.

ער האָט אפילו געוואָלט זאָגן דער שוואַרצער פייגעלע, אַז ער איז איר אזוי מוחל, און אַז זי דאַרף נישט אָראָפּנעמען פון אים די עבירות. אָבער פייגעלע איז שוין נישט געווען.

פייגעלע איז געווען אין איין עלטער מיט אים, נאָר אים האָט זיך געדוכט, אַז זי איז קליגער. תמיד, ווען ער איז געווען ביי איר מאַמען אין שטוב, האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַז זי לאַכט פון אים. און וואָס מער דאָס האָט זיך אים געדוכט, אַלץ מער איז ער געגאַנגען צו איר מאַמען. ער האָט זיך אפילו אין אַ דאָנערשטיק אַרויסגעגנבעט פון חדר, און איז אַרויס צו דער שטעל און אָכטונג געגעבן, אינאיינעם מיט פייגעלען, אַז די שקצימלעך זאָלן נישט צעטראָגן דאָס ביסל זיסוואַרג.

אַלטערל האָט געחלומט, אַז ווען ער וועט שוין זיין אַ גרויסער און ער וועט גוט קאָנען לערנען, וועט ער זיך צעזינגען ביי דער גמרא, אַז זיין קול וועט זיך דערטראָגן צו דער שטעל מיט צוקערוואַרג, וואו פייגעלע מיט איר מאַמע וועלן זיצן, און ביידע וועלן זיך איינהערן און זיך ווינטשן, אַז אַזאַ מזל זאָלן זיי האָבן, ווי אַ טייער קינד ער איז, וואָס פאַר אַ וואויל קעפעלע ער האָט, און וואָס פאַר אַ זיס קולכל ער פאַרמאָגט. דעמאָלט וועט זי שיקן פייגעלען צום בית־המדרש און זי וועט אַריינשיקן מיט עמיצן זאָגן, אַז ער זאָל אַרויסקומען און אַהיימגיין עסן.

וועט דער עמיצער אים זאָגן: די „קאָשקעכע" האָט געזאָגט, ער זאָל גיין איבערכאַפּן. וועט ער זיך נישט איילן, נאָר פאַמעלעך זיך אויפהייבן, פאַרקרייזלען די פאות, אויסטאָן דעם גאַרטל און אַרויסגיין. ער וועט גיין דורך אַן אַנדער געסל און זי וועט גיין דורך אַן אַנדער געסל, ביז ער וועט אַריינקומען צו דער „קאָשקעכע". דאָס עסן וועט שוין שטיין אויפן טיש, נאָר פאַרדעקט מיטן שפּיץ־טישטוך, כדי די פליגן זאָלן עס נישט באַפאַלן. וועט ער זיך וואַשן, און פייגעלע וועט שטיין מיט אַ האַנטוך, אָט אַזאַ ווי זי האָט אים אָפּגעווישט דאָס פּנים, ווען זי האָט אים באַגאָסן קליינערהייט. ער וועט זיך אָפּווישן די שפּיץ נעגל, זיך זעצן מיט דרך ארץ ביים טיש, אָנשניידן קליינע שטיקעלעך ברויט און עסן פאַמעלעך. ביז די „קאשקעכע" וועט זאָגן, אַז ער זעט שלעכט אויס און ס'איז אַ רחמנות אויף אים.

אַלטערל איז צוגעוואוינט געווען מען זאָל אויף אים רחמנות האָבן. און דאָ, אין דעם נייעם שטעטל, ביי זיין טאַטן, האָט עס אים געפעלט. די יינגלעך האָבן אים ליב געהאַט, נאָר נישט רחמנות געהאַט. זיין טאַטנס

הויז האָט אויסגעזען ענג פֿאַר אים, גלייך ביי דער מומע גנענדעלע וואָלט אים בעסער געווען, און דאָס בית־המדרש — צו פּראָסט.

איינמאָל, ווען אַלטערל איז אַזוי געטראָטן איבער די אָפּגעשניטענע בייטן הינטערן בית־המדרש און, ווי זיין שטייגער, אַריינגעווײנט זיין בענ־קעניש אין דער ערד, האָט ער געזען פֿון וויטנס פֿאָרן אַ וואָגן. ער איז צוגעלאָפֿן צום וועג, אַריבערגעשפּאַנט פֿאַרקנדלעך און זיך געבעטן מען זאָל אים מיטנעמען אַהיים.

די יידן, וואָס זענען געפֿאָרן אויף דער פֿור, האָבן רחמנות געקראָגן אויף דעם יתום און אים אַרויפֿגענומען. זיי האָבן אים גוט איינגעפּעלצט אין שמאַטעס און געגעבן עפּעס, ער זאָל זיך אונטערלעגנען דאָס האַרץ.

די טאַנדייטערס זענען געפֿאָרן, שווייגנדיקע, פֿונם יאַריד אין זיין אָפּגעברענט שטעטל אַריין. אין מיטן שווייגן האָט אים איינער געפֿרעגט:

— ווער ביסטו, יינגל?

האָט ער שוין אַליין געענטפֿערט:

— דער יתום.

האָבן די איבעריקע שוין פֿאַרשטאַנען און געשוויגן. איינער נאָר האָט פֿון יוצא וועגן צוגעוואָרפֿן:

— ווי אַלט ביסטו שוין?

אַלטערס ענטפֿער איז געווען ווי אָנגעגרייט:

— ניין.

די פֿור איז געפֿאָרן איבערן זעלבן וועג, ווי דעמאָלט, ווען ער איז געקומען. נאָר דעמאָלט האָט זיך נאָך געזען די אָפּגעטרוקנטע גרינקייט פֿון פֿריען האַרבסט. איצט איז געווען שטאָק נאַכט. איינער האָט ווייטער געוואָלט וויסן:

— ביי וועמען ביסטו דאָס געווען דאָ?

איינער פֿון דער געדיכטעניש האָט אַרויסגעזאָגט:

— וואָס, ביי וועמען? ער האָט דען נישט קיין טאַטן?

האָבן עטלעכע געוואָלט וויסן:

— ווער איז דער טאַטע?

אַלטערל האָט זיך נישט גוט געפֿילט, וואָס אַלע האָבן זיך גענומען פֿון אים שמועסן. אים האָט זיך געדוכט, אַז פֿון די רייד אַרום אים ווערט אים אַזוי ענג, אַז עס בלייבט נישט קיין פּיצל פּלאַץ שוין פֿאַר אים אויף דעם וואָגן.

דערנאָך האָט מען זיך ווידער געפֿרעגט אין זיין זייט אַריין:

— און וואוהין פֿאָרסטו איצט?

אַלטערל האָט זיך געמאַכט ווי נישט צו אים רעדט מען און אויס־געמיטן אַן ענטפֿער.

עמיצער האָט אַרויסגעפּלאָנטערט אַ האַנט, וואָס איז געלעגן אונ־טער וואַרעמע איינדעקן און, זוכנדיק אין דער פֿינצטער, אָנגעטאַפּט פֿאַר־שיידענע פּלייצעס, ביז ער האָט דערגרייכט אַלטערלס האַלדז און אַ שאָקל געטאָן מיט אים, ווי מען שאָקלט אַ ביימל, עס זאָלן אַראָפּפֿאַלן די צייַ־טיקע פּירות.

אַלטערלען האָט זיך געדוכט, ווי די שאָקלדיקע האַנט וואָלט גע־פֿרעגט:

— דו הערסט, וואָס מען רעדט צו דיר?

אַלטערל האָט מיט געמאַכטן געוויין אומצופֿרידן אָפּגעענטפֿערט:

— לאָזט מיך געמאַך!

עטלעכע שטימען האָבן דאָס וואָרט איבערגערעדט: טאָקע, לאָז אים געמאַך.

די טאַפּנדיקע האַנט האָט ווייטער געזאָגט:

— אַז וואו וועט מען אים אַהין טאָן. עס פֿעלן קאַליקעס אין שטאָט?

אַלטערל, כאָטש ער האָט געוואוסט, אַז דאָס רעדט מען פֿון אים, האָט אָבער נישט פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס מען רופֿט אים „קאַליקע״. מיט די חושים האָט ער זיך אַ טאַפּ געטאָן אין די קניען, גלייך ער וואָלט זיי געוואָלט אויספּרואוון צי זיי זענען נישט געליימט, און ס׳האָט זיך אים טאָקע געדוכט, אַז די פּיס ברעכן אים.

אַן אַנדערער האָט ווידער אים פֿאַרענטפֿערט:

— ער וועט גיין צו זיין מומען.

די טאַפּנדיקע האַנט האָט זיך אַלץ געשפּאַרט:

— ווער ווייסט, אין וועלכער גרוב זיי ליגן?

ווען אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן, האָט נאָך אַלץ די האַנט גע־טאַפּט אַרום זיך, ווי זי וואָלט זיך גאָרנישט געקאָנט איינשטילן פֿאַר דער עוולה, וואָס אַלטערל איז באַגאַנגען, דורך פֿאַרלאָזן זיין טאַטנס שטעטל און פֿאָרן אין אָפּגעברענטן העק, צונעמען דאָס שטיקל ברויט פֿון אונטער זיין אייגן מויל.

נאָך עטלעכע שעה איז די בויד געקומען אין „העק״. אַלטערל האָט ערשט איצט דערזען דעם חורבן. ביז איצט, האָט דאָס שטעטל געלעבט אין זיין יונגן זכרון מיט די געהויקערטע געסלעך און קרומע שטיבלעך,

קוימענס און פּלויטן, בערגלעך מיסט און רינשטאָקן. איצט, האָבן קופּעס זיך געשוואַרצט אין דער טונקלעניש. קליינע פּלעמעלעך, ווי אַראָפּגע־פאַלענע שטערן, האָבן זיך אַרויסגעשטאָכן פון די ערדישע לעכער. די פור האָט זיך אָפּגעשטעלט. פאַר אַלטערלען איז דאָס געווען אַן אומבאַ־קאַנטער פּלאַץ. די פאַרשוינען זענען אַראָפּגעקראָכן און זיך צעגאַנגען, ווי זיי וואָלטן זיך צונויפגעגאָסן מיט דער שוואַרצקייט, וואָס האָט צוגע־דעקט דאָס צעוואָרפענע שטעטל.

אַלטערל איז געבליבן דער לעצטער. ער האָט נישט געוואוסט וואו אײַן—וואו אויס; אנשטאָט שטיבלעך, הייזקעס, זענען איצט געווען בערג־לעך ערד, ווי הויכע קברים. די בערגלעך האָבן געהאַט אויסגעגראָבענע לעכער אנשטאָט טירן, פאַרהאַנגענע מיט זעק, און פון אונטער די זעק האָט אַרויסגעלויכטן דער טונקעלער פלאַם פון לאָמפּן און ליכט־לאָמטערן.

אַ לאָמטערן, וואָס איז ווי געשוואומען אינם חושך, האָט זיך דער־נענטערט צו אים, אַליין זיך אויפגעהויבן, אַריינגעקוקט אין זיין פּנים אַריין און געפרעגט:

— וועמען זוכסטו?

האָט אַלטערל ציטערדיק געענטפערט:

— מיין פעטער יאַנטשע.

האָט דאָס קול, וואָס איז געשטאַנען איבער דעם לאָמטערן, צוריק־געענטפערט:

— דיין פעטער יאַנטשע? ווער ווייסט דען, וועלכע גרוב ס'איז זיינע?

אַלטערל האָט זיך צעיאָמערט. האָט דער, וואָס האָט געהאַלטן דעם לאָמטערן, אים אָנגענומען ביי דער האַנט און געזאָגט:

— קום!

איז אַלטערל נאָכגעגאַנגען. איבער ערד און בערגלעך איז ער גע־טראָטן. די פיס זענען יעדע ווײַלע איינגעזונקען און קוים מיט מי האָט ער זיי אַרויסגעשלעפּט. ער האָט דערזען די שול און דאָס בית־מדרש. אמת, אַלץ האָט אויסגעזען, ווי פאַרענדערט: דער פלויט איז געווען צע־נומען און דער פּלאַץ צעקאָפּעט. דאָך איז היימלעכער געוואָרן, די טונ־קעלע טויערן האָבן אָנגעווייעט אויף אים מיט אַ היימישן גרוס.

דער לאָמטערן האָט אים צוגעפירט צום בית־המדרש און זיך אַוועק־געדרוקט אין דער פינצטערניש אַריין.

# מיט די שאַטנס

ווען אַלטערל איז אַריין אין בית־המדרש, איז נאָך געווען היימלעך. ביי די טישן זענען געזעסן בחורים און געזונגען איבער זייערע גמרות. אַל־טערל האָט זיך געפּילט קליין און נעבעכדיק קעגן די גרויסע, ווארעם, ווי קאָן ער זיך פאַרגלייכן צו די לערנער?

עס האָט שוין געמוזט זיין גאָר שפּעט. די רעדלעך מיט יידן, וואָס ער איז אַזוי געוואוינט געווען צו זען הינטערן אויוון און אַרום בעלע־מער, זיינען שוין ניט געווען. די ווענט זיינען געווען שוואַרץ און כאָטש פון דער שרפה איז דאָס בית־המדרש אָפּגעהיט געוואָרן, האָט עס דאָך געהאַט אַן אויסזען, ווי דאָס פייער וואָלט די ווענט אַרומגעלעקט.

און ווייל דאָס ייִנגל איז ניט געוואוינט געווען צו טרעפן אַזאַ ליי־דיקן בית־המדרש, האָט עס אים איצט אויסגעוויזן זייער גראָם און גרויס. ער איז געגאַנגען מיט פאַמעלעכע טריט, ווי ער וואָלט ניט געוואָלט, מען זאָל אים דאָ הערן און זען. אָבער זיינע שיך האָבן אים פאַרמסרט. זיי־ענדיק נאָך אין זיין טאַטנס שטעטל, האָט מען אים אָנגעטאָן אַ פּאָר שיך, וואָס זענען אַמאָל געווען שטיוול, נאָר אימיצער האָט אַרומגעשניטן די כאָלעוועס. די אַרומגעשניטענע שטיוול האָבן געהאַט לעכער און די זוילן זיינען געווען צעווייקט, האָבן זיי אין זיך אָנגעזאַפּט וואַסער און שיטערע בלאָטע. דאָ, אויפן דיל אין בית־המדרש, האָט זיך דאָס וואַסער און די שיטערע בלאָטע דוקא געוואָלט אַרויסשפּאַרן פון די שיך און געפּלעסקעט פון צווישן זיינע פינגער.

די בחורים האָבן זיך אומגעקוקט און זיך ניט וויסנדיק געמאַכט, גלייך ער וואָלט געווען שוין זייער אַן אַלט באַקאַנטער. זיי האָבן זיך צע־זונגען און צעשריגן.

דערווייל איז אַריינגעקומען אַ ייד, וואָס האָט אַליין קיין ספר אין האַנט נישט גענומען און האָט נאָך אַנדערע געשטערט. ווארעם דער ייד האָט זיך אַוועקגעזעצט מיט אַ האַלבער פּלייצע צו די לערנענדיקע בחו־רים און מיט אַ האַלבן פּנים צו דער גרויסער ליידיקייט פון בית־המדרש. ער האָט געקוקט גלייך אויף אַלטערלען און דאָך האָט אַלטערל נישט גע־קאָנט וויסן, צי זעט ער אים, צי נישט.

באַלד האָבן די בחורים איינציקווייז אויפגעהערט צו לערנען. צום ערשטן איז אויפגעשטאַנען איינער, דערנאָך אַן אַנדערער, און באַלד האָבן זיך אַלע צונויפגעטוליעט איינער נעבן צווייטן און מ׳האָט אָנגעהויבן צו דערציילן מעשיות.

אַלטערל האָט זיך צוגערוקט און אונטערגעהערט. און דערציילט האָט מען אַלץ וועגן דער שׂרפֿה. צום ערשט זאַכן, וואָס לייגן זיך אויפֿן שׂכל און מען קאָן זיי פֿאַרשטיין, צו וואָס אַלע זיינען מסכּים. אַזוי, למשל, האָט מען דערציילט, אַז אַ באַנדע גזלנים, וואָס האָבן געוואָלט אויסליי־דיקן דאָס שטעטל, האָבן עס אונטערגעצונדן פֿון אַלע זייטן. און ווען עס האָט שוין געפֿלאַקערט, זיינען זיי אַריינגעקומען און גענומען זייער זאַק־רויב און אַוועק. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז דאָס איז איבער די רשעים, וואָס עסן אומגעדאַוונט און לייגן זיך שלאָפֿן אָן קריאת שמע לייענען.

פֿון די מעשׂיות איז מען איבערגעגאַנגען צו נסים. און דאַן וועגן דעם נס, וואָס די גאַנצע שול־גאַס איז פֿאַרברענט געוואָרן, דער פּאַרקן פֿון אַרום דעם בית־המדרש, די באָד און דעם רבס הויז, און נאָר די שול און דאָס בית־המדרש זיינען גאַנץ געבליבן. דער ייד האָט דערציילט, ווי אַזוי די פֿלאַמען האָבן שוין געלעקט דעם דאַך פֿון דער שול, זיינען געקומען טויבן צופֿליען און אַרומגעקרייזט דאָס פֿייער. האָבן זיך די פֿלאַמען אָפּגעקערט, גלייך אַ ווינט וואָלט זיי אַוועקגעבלאָזן און אַ וואַסער וואָלט זיי פֿאַרטריבן. און ווען דאָס גאַנצע שטעטל האָט זיך שוין געהאַט אויסגעגליט, האָט עס די הייליקע הייזער גאָרנישט געשאַדט.

דער ייד, וואָס האָט דאָס דערציילט, האָט שוין געהאַט עטלעכע מאָל געביטן זיין נוסח. איינמאָל האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט אַליין גע־זען די טויבן. איינמאָל — אַז מען האָט דאָס דערציילט, ווידעראַמאָל — אַז אַנדערע האָבן דאָס געזען און איצט האָט ער שוין צוגעגעבן אויף זי־כער, אַז ער ווייסט ווער די טויבן זיינען. ער האָט אָנגערופֿן עטלעכע פֿרומע נשמות, וואָס זענען אויסגעלאָשן געוואָרן אין שטעטל און אויך דעם נאָמען פֿון אַלטערלס מאַמען צווישן די, וואָס האָבן זיך געמיט . . .

אַלטערל האָט פֿאַרשטאַנען און סהאָט אים זייער באַנג געטאָן, וואָס ער האָט נישט געזען די טויבן, צווישן וועלכע עס איז אויך געווען זיין מאַמע.

דער שמועס האָט זיך געצויגן מאָנאָטאָן און פֿאַרטיפֿט. אַלעמאָל, אין מיטן ריידן, האָט אַן אַנדער בחור געטאָן אַ זינג אַרויס אַ מזמור פֿון דער גמרא, אַזוי זיך פֿון אויסנווייניק, ווי ער וואָלט אויסגעפּרואווט צי זיין קול איז נישט אַנטשלאָפֿן געוואָרן. אָבער גלייך נאָכן אויפֿגעבליצטן ניגון, האָט מען ווידער געשמועסט און אויפֿסניי דערציילט מעשׂיות.

דערווייל האָט מען אָנגעהויבן אַהיים גיין. מען האָט פֿאַרמאַכט די גמרות און דאָס פֿאַרמאַכן האָט אָפּגעהילכט אין ליידיקן בית־המדרש, ווי

אַן אָנגעבלאָזענער באַלון וואָלט געפּלאַצט. אַרויסגעגאַנגען איז מען ניט מיטאַמאָל. טייל האָבן דאָ געלייענט קריעת שמע, טייל האָבן אָנגעצונדן לאָמטערנדלעך און דער ייד האָט גאָר פּשוט מיטגענומען אַ נאַפּט־לאָמפּ.

איז אַלטערל געבליבן איינער אַליין. ער האָט זיך צוגעטוליעט צום אויוון, גלייך ער וואָלט געזוכט וואַרעמקייט און שוץ. ער ווייסט ניט ווער עס איז אַריינגעקומען, נאָר אין עטלעכע רגעס שפּעטער, נאָכדעם ווי דער לעצטער בחור איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך די טיר געגעבן אַ רייס אויף און באַלד אַ פאַרמאַך מיט אימפּעט.

ער איז אַוועק פון אויוון און זיך דערנענטערט צו די טישן, וואו עס האָבן נאָך געברענט עטלעכע נאַפּט־לאָמפּן, אָנגעהאַנגען אויף דראָטן. ער האָט אויפגעעפנט אַ גמרא, און כאָטש ער האָט נישט גוט געקאָנט, האָט ער זיך צעזונגען מיט אַ ניגון, וואָס האָט זיך אָפּגערופן אין אים. וואָס מער די אימה איז געשטיגן אין אים, אַלץ הילכיקער האָט ער זיך צעלערנט, און וואָס מער די שרעק איז געוואַקסן, אַלץ גרעסערע שאָטנס האָבן זיך צע־וויגט אויף די ווענט. ער האָט מורא געהאַט אויפצוהויבן דעם קאָפּ און אַרויסגראָבן די אויגן פון די בלעטער אַרויס. אים האָט זיך אויסגעדאַכט, אַז איבער אים שטייען עפּעס מחנות און ווילן אים פאַרבלענדן. און אַז איבער די פּאָליצעס שאַרט זיך עמיצער, מישט די בלעטער און קנאַקט אַרויס דעם שטויב פון די גמרות . . .

אין ווינקל, ניט ווייט פון דער טיר, איז געשטאַנען אַ כיור מיט אַ האַנטפאַס. פון די רערלעך האָבן כסדר טראָפּנס וואַסער אַראָפּגעטריפט, און יעדער טראָפּן וואַסער האָט אָפּגעקלונגען, ווי מיט אַ פחד־גלעקעלע, אין זיין האַרץ. יעדער טראָפּן, האָט זיך אויסגעוויזן, איז עפּעס אַנדערש: דאָ מאַרשירט ער ווי אַ זעלנער, דאָ טאַנצט ער ווי אַ קונצנמאַכער. אין יעדן טראָפּן האָט ער דערקענט אַן אַנדער געשטאַלט, אַן אַנדער פּנים. דאָ אַן אויסגעקרימטס און דאָ אַן אָנגעבלאָזנס. דאָ דאַכט זיך אים, ווי אין דער לופט איבער זיינע אַקסלען, פייפן בייטשן, לאַכן מיט אַזאַ שניידנדיקן גע־לעכטער, און דאָ זעט ער גזלנים מיט רויטע קאָפּלעך און גרינע גאַרטלען רייטן אויף פערד מיט שטורקאַצן אין די הענט . . .

דערצו נאָך האָבן אָנגעהויבן אויסצוגייען די לאָמפּן. די קנויטן האָבן אויסגעלעקט וואו נאָר עס איז געווען אַ טראָפּן נאַפּט אין די גלעזערנע באַניעס. האָט זיך דאָס פייער קאַפּויער געכאַפּט, אויפגעטאַנצט און זיך אונטערגעטונקען. אָבער באַלד האָט זיך דאָס פלעמל ווידער אויפגעכאַפּט, אַ קוק געטאָן אויף דער וועלט און אונטערגעזונקען.

האָט אַלטערל דערפֿילט די סכנה, אַז ער וועט בלייבן איינער אַליין אין דער פֿינצטער. ער האָט, נישט אַוועקנעמענדיק זיינע אויגן פֿון טיש, צונויפֿגענומען עטלעכע לאָמפּן אויף איין פּלאַץ, אַראָפּגעשרויפֿט איינ־ציקווייז די ברענערס און דאָס ביסעלע נאַפֿט פֿון יעדן לאָמפּ, צונויפֿגע־גאָסן אין איינעם און אַזוי אַרום איז געוואָרן אין איין לאָמפּ אַ קנאַפּע האַלבע באַניע מיט נאַפֿט.

פֿון שרעק, אָנשטרענגונג און ציטער ער זאָל נישט פֿאַרגיסן, איז ער געוואָרן פֿאַרמאַטערט און שלעפֿעריק, אָבער ער האָט מורא געהאַט צו שלאָפֿן. ער האָט געוואוסט, אַז דאָרט איז פֿאַראַן אַ האַנט־פֿאַס און אַ וואַש־בעקן, פֿונדעסטוועגן האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז דאָס פּויקט מען ערגעץ ווייט, ווייט . . .

איין רגע האָט ער אויפֿגעהויבן זיינע אויגן צו די פֿענצטער. האָט זיך אים געדוכט, אַז עפּעס אַ מילכיקע ווייסקייט שטייט דאָרטן און שוואַר־צע ביימער וויגן זיך אין דער ברייט הין און צוריק, הין און צוריק. האָט עס אים נאָכמער אָנגעשראָקן און ער האָט זיך צעלערנט.

אַלע מעשיות, וואָס חדר־ייִנגלעך האָבן אים אָנדערציילט, זענען איצט אויפֿגעשטאַנען אין זיין זכרון, ווי לעבעדיק. דאָ האָט ער געזען פֿערד, וואָס קריכן אויף די בייכער, ווי שלאַנגען; און דאָ זעט ער הינט, וואָס פֿליען ווי פֿייגל, און צווישן זיי — טויבן. טויבן קרייזן אַרום דער שול, אַרום דעם בית־המדרש, שטעלן זיך אויפֿן דאַך, שווימען אַריין דורכן קוימען אין אויוון אַריין. אָט דאַכט זיך אים ווי זיי פֿלאַטערן דאָרט אַרום מיט זייערע פֿליגל. אָט קומט איינע אַרויס, שטעלט זיך אויפֿן בלאַט גמרא פֿאַר אים, וואַקסט אויס הויך, הויך, ביז דער סטעליע, צע־שפּרייט די פֿליגל, ווי לאַנגע הענט, און נעמט אים אַרום, דריקט אים צו זיך. ער פֿילט ווי זיין באַק רירט זיך צו צו עפּעס ווייכס און וואַ־רעמס. נישט אַזאַ וואַרעמקייט וואָס מען קאָן אָנטאַפּן, נאָר צו וועלכער מען טוליעט זיך צו . . .

אַלטערל איז נישט געשלאָפֿן, ניין, ווארעם ער לערנט דאָך. ער הערט דאָך ווי זיין ניגון פֿאַרשלינגט די טריט, וואָס גייען אַליין אַרום איבער דעם בית־המדרש און די הענט, וואָס שאַרן זיך איבער די פּאָ־ליצעס. וואָס האָט ער מורא צו האָבן, וואָס? אַז דאָס איז דאָך אַ מקום קדוש, אַז עס איז פֿאַראַן אַן אָרון־קודש מיט ספֿרי תורות . . . איז ער דען אין שול? דאָרט איז עפּעס אַנדערש, דאָרט קומען מתים. זיין רבי, דער תלמוד־תורה מלמד, האָט עס אים דערציילט און דערפֿאַר שלאָגט

מען דאָרט נישט אָן קיין מזוזות . . . אָבער דאָ זענען דאָך פֿאַראַן מזוזות . . .

און וואָס מער ער טראַכט וועגן זיין זיכערקייט, אַלץ מער קריכט עפּעס פֿאַר זיינע אויגן. טאַקע די שול, דוקא די מתים. און כאָטש ער ווייסט, אַז דאָ איז ער באַשיצט, איז אָבער די שול אינגאַנצן אַ צוויי שפּאַן פֿון דאַנען און דאָרט טוט זיך איצט דאָס רעכטע און געדיכטע: מען רופֿט אויף צו עליות און מען טאַנצט מיט דער תורה . . . ער שטייט דאָך גאָר אויף אַ שטענדער און ציטערט און איבער אים הענגט אַ טויב, אַ גרויסע טויב, ווי דער מעשענער אָדלער איבער דעם באַלעמער. די טויב האָט ברייטע פֿליגל און ער איז אונטער די פֿליגל. און אַז ער הויבט אויף די ברעמען, זעט ער אַ פּאָר גוטע אויגן קוקן אויף אים. ער האָט נאָך קיינמאָל נישט געזען דאָס פּנים און נישט די אויגן. דאָס איז זיין מאַמעס. און ווייל ער איז קיינמאָל נישט געוואוינט געווען צו ברענגען דאָס וואָרט מאַמע אויף די ליפּן, האָט דאָס וואָרט אַליין אים אויסגעזען פֿרעמד, כאָטש עס האָט אים אַזוי געגלעט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דרויסן איז נאָך געווען שטאָק פֿינצטער ווען דער שמש איז געקומען עפֿענען דאָס בית־המדרש, כאָטש מען האָט עס נישט געשלאָסן. ער איז אָבער אָפּגעטראָטן אויף צוריק, ווען ער האָט געזען ווי עפּעס אַ מענטשישע זאַך ליגט אויף דער באַנק, נעבן אים אויפֿן טיש אַן אָפֿענע גמרא און אַן איבערגעקערטער לאָמפּ. אַ גליק נאָר, וואָס אין אים איז נישט געווען קיין נאַפֿט, אַנישט וואָלט דאָס בית־המדרש אַוועקגעגאַנגען אין פֿלאַמען.

## דער ניגון

דער אַנהויב ווינטער האָט זיך איינגעגעסן צווישן אַלטערס פֿינגער פֿון די פֿיס, אויף וועלכע עס האָבן זיך געמאַכט ווינטערביילן. כאָטש קיין פֿראָסט איז נאָך נישט געווען און דער שניי, וואָס איז געפֿאַלן איז צעשוואומען אין אַ דינער בלאָטע, זענען אים די הענט אויפֿגעלאָפֿן ווי רויטע, מיט לופֿט אָנגעבלאָזענע קישעלעך . . .

נאָר סיי ווי איז קיין תכלית נישט געווען פֿאַר אים צו בלייבן אין שטעטל, ווארעם די מענטשן זענען געווען פֿאַר אים ווילד פֿרעמד. יעדער איז געווען פֿאַרחושכט און די דאגה האָט אַרויסגעפֿינצטערט פֿון אַלעמענס אויגן.

דעם פֿעטער יאַנטשע האָט ער כמעט ווי נישט געזען. נאָר איינ־מאָל האָט ער געטראָפֿן די מומע גנענדעלע מיט איר מיידעלע, ראָכטשע.ביידע האָבן אויסגעזען אַלץ איינס די גרייס. די מומע איז געווען אַ נידעריקע מיט קורצע פֿיס און ראָכטשע, וועלכע איז אַלט געווען מיט צוויי יאָר ווינציקער ווי ער, איז שוין געווען אַן אַרויסהעלפֿערין און אַ פֿאַר־דינערין, האָט געטראָגן, גלייך מיט דער מאַמען, אַ באַניע מיט נאָפֿט צום פֿאַרקויפֿן און זיך מיטגעשלעפּט איבער די אויסגעגראָבענע קעלערס, וואו מענטשן האָבן געוואוינט נאָך דער שׂרפֿה.

די מומע האָט אים דערזען און אַ זיפֿץ געטאָן. דערביי געגעבן אַ קניפּ איר מיידעלע, זי זאָל זיך נישט פֿאַרגאַפֿיען און ווייטער גיין. איר טעכטערל האָט אָבער נישט באַנומען, וואָס דער קניפּ באַטייט און זיך דוקא אומגעקוקט. דעמאָלט האָט שוין די מומע אים געפֿרעגט:

— וואו ביסטו געשלאָפֿן?

האָט אַלטערל געענטפֿערט, ווי מיט גדלות:

— אין דער ווייבערשער שול.

האָט די מומע אַ שאָקל געטאָן מיט דער גאָמבע, ווי זי וואָלט פֿאַר־שטאַנען זיין גרויסקייט, ווארעם שלאָפֿן אין דער ווייבערשער שול איז נישט געווען קיין קלייניקייט. דאָרטן האָבן זיך „אַריינגעצויגן" די שיינע מענטשן: דער רב און דער דיין, דער שוחט און דער חזן. און נישט אליין, נאָר מיט זייערע אייגענע. ווייל דעם האָט שוין באַצייטנס געזאָרגט דער שמש, וואָס האָט, גלייך אויף צומאָרגנס נאָך דער שׂרפֿה, אויפֿגעהאנגען אַ טאָפּלטן שלאָס אויף דער טיר פֿון דער ווייבערשער שול, ווייל ער האָט זיך משער געווען, אַז באַלד וועט ווערן אַן אָנגעלויף, ווי נאָר מען וועט געוואָר ווערן, אַז די שול איז ניצול געוואָרן. אַזוי איז טאָקע גע־ווען. ווען נישט ער, דער שמש, וואָס האָט באַצייטנס צונויפֿגענומען דעם רב׳ס בעבעכעס און זיי אַרויפֿגעטראָגן אין עזרת נשים, וואָלט דאָרט געווען אַ גאַנצער יאַריד . . .

דער רב האָט נישט געקאָנט מעיז פּנים זיין דעם דיין און דער דיין — דעם שוחט. דער שוחט ווידער — דעם חזן. ווארעם נאָכאַלעמען דינען זיי אַלע ביי קהל און בפֿרט, ווען אָרט איז פֿאַראַן גענוג. האָט יע־דער געבערענגט זיין ביסל „צרות", וואָס מען האָט אַרויסגעראַטעוועט פֿונם פֿייער און זיך איינגענעסט.

פֿון אַלטע טישטוכער און פּרוכתן האָט מען געמאַכט אַ מחיצה פֿאַר די ווייבער. אָבער סיי ווי איז אין יעדען ווינקל געווען אַ באַזונדער באַ־

לעבאַטישקייט. פּרייטיק צו נאַכטס האָבן זיך אויף פיר באַזונדערע שטענ־דערס געברענט ליכט, וואָס די ווייבער האָבן אָנגעצונדן צו ליכט־בענטשן און ווען פון איין ווינקל האָט איינער געמאַכט קידוש, האָט מען פון אַנ־דערן אָפּגעענטפערט — אָמן . . .

אַלטערלען האָט דער שמש אַרויפגעבראַכט, נאָך דעם, ווי ער האָט אים געפונען אין בית־המדרש אַ פאַרחלשטן. צום ערשט האָט דער שמש געמיינט, אַז ס'איז שוין נאָכאַלעם און אפילו אין דער ערשטער רגע גע־טראַכט, אַז עס איז אַ זכיה פאַר דער מאַמען אין קבר, וואָס זיין נשמהלע איז אויסגעגאַנגען אין בית־המדרש, בעת זיין האַנט איז געלעגן אויף אַן אָפּענעם ספר. אָבער ווען ער האָט דעם יינגל גענומען שלעפּן, האָט ער דערפילט ווי דער יתום טוט זיך אַ צאַפּל. דער שמש האָט דאַן גע־נומען רייבן די שלייפן ביים יתום, ביז ער האָט געעפנט די אויגן.

ווען דער שמש איז אַרויס פון בית־המדרש, האָט ער באַגעגנט דעם רב, וואָס איז געגאַנגען צום טייך זיך טובל זיין, מחמת די מקוה איז פאַרברענט געוואָרן. דאָ האָט אים דער שמש דערציילט, וואָס עס האָט געטראָפן. האָט דער רב זיך געחידושט, ווי מען פאַרגעסט עס אַן אַ קינד, דערנאָך האָט ער געפּרואווט געוואָר ווערן ווער דאָס יינגל איז, ווער ס'איז זיין פאָטער, און גאָר דערנאָך, האָט ער זיך מישב געווען און גע־הייסן דעם יינגל אַרויפטראָגן „צו זיך" און די רביצין וועט אים שוין געבן אַ לעפל וואַרעם וואַסער אין מויל אַריין . . .

פון דעמאָלט אָן איז אַלטערל שוין געבליבן אין דער ווייבערישער שול. ער האָט זיך געהאַט זיינס אַ ווינקל, נעבן בערגל מיט זאַמד, וואו עס וואַלגערן זיך, ווער ווייסט פון ווי לאַנג, גאַנצע הויפנס מיט שמות און נישט אויסגעברענטע שטיקלעך יאָרצייט און יום־כיפור ליכט, חלב און טריפּעכץ.

די ערשטע עטלעכע טעג האָט זיך קיינער פון די פיר מאַנסבילן נישט אומגעקוקט אויף אים. איינמאָל, ווען ער האָט געמאַכט הויך אַ המוציא איבער אַ כזית ברויט, האָט עס אַלטערלען זייער הנאה געטאָן, וואָס דער רב אַליין זאָגט נאָך הויך און דייטלעך, אָמן. ער האָט זיך גע־נומען אויפפירן „לייטיש", געדאַוונט פון פאַרנט און מיטגעגאַנגען צו מנין אין שול אַריין, כאָטש מען האָט אים סיי ווי נישט געקאָנט מצרף זיין, ווייל וויפל, מישטיינס געזאָגט, איז ער אַלט געווען?

אַז דער רב האָט באַמערקט זיין פלייסיקייט, האָט ער אים איינמאָל פאַרהערט, צי ער קאָן אַ פרשה חומש און שפּעטער, האָט אַלטערל אַליין

געהערט, ווי דער רב האָט געזאָגט צום חזן, אַז דאָס יינגל האָט אַ גע־שליפֿן קעפּעלע און ס'איז אַ שאָד, וואָס ער וואַקסט אויס אַזוי ווילד־הפֿקר.

האָט דער חזן, כדי זיך איבערצוצייגן אין רב'ס רייד, אים איינ־מאָל אָפּגעוואַרט אויף די שטיגן פֿון דער ווייבערישער שול און אים גע־פֿרעגט צי קאָן ער זינגען?

אַלטערל איז מבולבל געוואָרן פֿון דער פּלוצימדיקער פֿראַגע און קוים געענטפֿערט:

— איך ווייס?

דער חזן האָט זיך ארומגעקוקט, ווי ער וואָלט געגאַנגען אויספֿירן איבער אים אַ פֿאַרברעך און ווי באַפֿוילן:

— לאָמיך הערן!

אַלטערל איז געשטאַנען אין אַן ענגעניש. ער האָט געזוכט אַ וועג ווי אַזוי זיך אַראָפּצולאָזן פֿון די שטיגן, און צו דער אייגענער צייט האָט ער געוואָלט בלייבן און געוואָלט זען, וואָס דאָ וועט ווייטער זיין.

דער חזן האָט זיך איצט ווי געבעטן:

— לאָמיך הערן, שעם זיך נישט, אַז וועסט קאָנען, וועט דיר גוט זיין.

ער איז מיט אים אַראָפּגעגאַנגען נאָך דריי טרעפּ, כדי מען זאָל דאָרט אויבן נישט דערהערן, אַרויסגעשלעפּט פֿון דער הויזנקעשענע דעם קאַ־מערטאָן, אַ קלונג געטאָן איבער דעם אָנלען פֿון די טרעפּ און אַליין אָנגעהויבן צו ציען אַ טאָן: „אַאַאַ־אַ". און ציענדיק דעם קאַמערטאָן אין דער לופֿט צו זיך, ווי ער וואָלט וועלן אַרויסצאַפּןביים יינגל אַ קלאַנג, האָט ער צוגעגעבן:

„מאַך אַזוי — — — אַאַאַ — אַ. . . ".

אַלטערל האָט נישט געוואוסט, וואָס מיט אים טוט זיך, ער האָט נאָר געפֿילט, ווי עפּעס אַ שעפּל מיט אָפּגעקאָכט בלוט גיסט זיך אויף זיין פּנים און די הויט בריט דערפֿון. ער האָט, ווי דורך אַ דיקער וואַנט, געהערט זיין קול מיטציען דעם טאָן, נאָר ער האָט עס נישט דערקענט, און צוזאַמען מיט זיין ציען דעם אָטעם, זינגענדיק אַאַאַ—אַ, האָט ער גע־הערט, ווי דעם חזנס וואָרט האָט זיך כסדר אַריינגעשטאָכן:

— גוט אַזוי, גוט . . . גוט. אַ קול'כל. — און דער חזן איז אַראָפּ פֿון די טרעפּ, איבערלאָזנדיק אים ברענען אין די פֿלאַמען, וואָס האָבן פֿאַרגאָסן זיין פּנים.

ווייטער האָט שוין אַלטער גאָרנישט געהערט פֿונם חזן. כאָטש אַ נייער באַגער האָט זיך אָנגעצונדן אין זיין הערצל. עפּעס אַן אומבאַקאַנטע

ליכטיקייט האָט אים פֿאַרגאָסן. אַ ניגון האָט זיך געשטעלט אין זיין האַלדז און האָט זיך געריסן פֿון אים, זיך געשטעלט אויף זיינע ליפּן און נישט געוואָלט אַראָפּ. אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער ניגון מוז אַרויס פֿון אים, מוז אַרויסוויינען פֿון זיינע אויגן. ער איז געגאַנגען הינטער דער שול און געוויינט און אין געוויין געהערט, ווי דאָס געזאַנג רייסט זיך פֿון אים.

ער האָט זיך געדרייט נעבן חזן, געוואָלט אַרויסקריגן פֿון זיינע אויגן יענעם אומבאַקאַנטן באַשייד, וואָס איז געלעגן אינם וואָרט „גוט אַזוי, גוט, אַ גוט קול׳כל״. נאָר פֿאַרוואָס שווייגט ער, דער חזן, דער אכזר? אַז זיין גאַנץ וועזן שמאַכט אַזוי נאָך אַ וואָרט, וואָס זאָל גרינגער און לייכטער מאַכן . . .

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ערשט דאָ נישט לאַנג, אויף די ימים טובים, איז דער אייגענער חזן נאָר וואָס געהאַט אָנגעקומען. געקומען איז ער נישט אַליין, נאָר מיט משוררים, בלייכע יינגלעך מיט לאַנגע פּאות, געקרייזלטע און גלאַטע. טייל פּאות זענען געהאַנגען איבער די באַקן, ווי שרויפֿנציערס און טייל זענען געווען אַרונטערגעלייגט אונטער די אויערן „פּאַצעטיש״. טייל יינגלעך האָבן געטראָגן שניפּסלעך און אַנדערע, ווייסע קעלנערלעך מיט שוואַרצע שלייפֿלעך. און אַלע יינגלעך, משוררימלעך, זענען געווען עפּעס אַזוי סודותדיק און זיך געהאַלטן אָפּגעזונדערט פֿון די היגע יינגלעך, ווי גרויסע מענטשן. ער, אַלטערל, איז געשטאַנען אויפֿן בעלעמער, ווי אַריינגעשטעקט אין גבאים־גאַרטל, און זיך צוגעהערט צו דעם זינגען פֿון די משוררימלעך. ער געדענקט נישט צי עס איז אים געפֿעלן, צי האָט ער אַ הנאה געהאַט פֿון דעם זינגען, ער איז גיכער געווען אַריינגעטאָן אין די יינגלעך גופֿא. ער האָט באַטראַכט יעדנס הולך און יעדנס תנועה. נאָר ערשט איצט, מיט אַזוי פֿיל צייט שפּעטער, איז דאָס געזאַנג פֿון יענע משוררים, וואָס זענען גלייך אַוועק נאָך יום כפּור, געקומען צו שוועבן צו זיינע אויערן.

ער איז געגאַנגען איבער די ליימיקע פֿעלדער, איבערן נאַסן שניי און זיך איינגעהילט אין אַן אויסטראַכטעניש, אַז ער איז איינער פֿון יענע אומבאַקאַנטע יינגלעך, וואָס זינגען ביים חזן און עמיץ, אַן אַנדערער אויף זיין אָרט, שטייט אויפֿן בעלעמער און קוקט זיך צו . . . שפּעטער האָט אים זיין פֿאַנטאַזיע נאָך ווייטער געפֿירט, אַז ער איז אַוועקגעפֿאָרן און קומט צוריק אין דעם שטעטל מיט אַן אַנדערן חזן. ער זינגט, און אין דער ווייבערשער שול שטייט זיין מומע גנענדעלע און ווייסט

נישט, אַז ער איז ער, און דער פֿעטער יאַנטשע אונטן, דערקענט אים און גרויסט זיך מיט אים פֿאַר אַלע יידן . . . ער גיט אים אָפּ שלום און פֿאַרבעט אים אויף קידוש, נאָר ער גייט נישט, ווייל דער רב האָט אים שוין פֿריער פֿאַרבעטן... דעם פֿעטערס יינגל, חיים, שטיצט און האַלט אַ פֿינגער אין מויל און שעמט זיך צו רעדן . . . און שפּעטער, ווען ער איז שוין ביים רב, קומט אַריין די שוואַרצע פֿייגעלע. זי איז שוין גרויס און דינט ביי דער רביצין. זי דערלאַנגט אים וואַסער צו וואַשן און — דערקענט אים. ער טאָר שוין אָבער נישט אויסריידן, ביז ער וועט מאַכן אַ המוציא. מיינט זי, אַז ער וויל גאָרנישט זאָגן. לאָזט זי אַראָפּ דעם קאָפּ און דער שוואַרצער צאָפּ פֿאַלט אַראָפּ אויף איר האַרץ. ער קוקט און זוכט דאָס סטענגעלע, נאָר ס'איז שוין נישטאָ. טוט עס אים באַנג, גייט ער צו צום טיש, טונקט איין דעם כזית חלה אין זאַלץ . . .

און כדי זיינע פֿאַנטאַזיעס זאָלן האָבן עפּעס אַן אָנהאַלט, האָט ער זיך געמאַכט אַ ליאַלקע פֿון שטיקלעך שמאַטעס, וואָס ער האָט געפֿונען אויף די שניידערשע מיסטן. די ליאַלקע איז געווען ער. אַלטערל האָט זיך אַרומגעטראָגן מיט איר איבער וויסטע וועגן. ער האָט געזונגען הויך און געשמאַק און זיך איינגערעדט, אַז דאָס זינגט די ליאַלקע. אים האָט נישט געאַרט, וואָס די שיך זענען אינגאַנצן צעווייקט געוואָרן און אָנ־שטאָט אויף זוילן, האָט ער געטראָטן אויף דער הוילער ערד. אָבי די ליאַלקע האָט געהאַט „שיך", וואָס ער אַליין האָט געמאַכט פֿון שטיקלעך לעדער. די ליאַלקע האָט געהאַט אַ סך, אַ סך מלבושים און זיי האָבן אים, אַלטערלען, געוואַרעמט. קיינעם אין שטעטל האָט ער סיי ווי נישט געהאַט. די חברים זענען ערגעץ פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. האָט ער מיט דער ליאַלקע אויסגעפֿאַנטאַזירט זיינע חלומות, וואָס האָבן זיך גענומען וועקן און רייסן אין אים.

איינמאָל האָט אים באַגעגנט דער שמש. דאָס איז געווען ווייט שוין פֿון שטעטל, אפֿשר דריי וויאָרסט אויפֿן גראַכאָווער וועג. דאָרטן זענען געשטאַנען שטיבלעך, וואָס זענען נישט פֿאַרברענט געוואָרן און עס האָבן אין זיי געוואוינט די שטעטלדיקע גוים. ווען זיי האָבן געהערט אַ גע־זאַנג, זענען די גויעס אַרויסגעלאָפֿן, זיך געשטעלט ביי די נידעריקע פּלויטן און זיך איינגעהערט. זיי האָבן געזען ווי אַ קליין „יידעלע" גייט זיך און קלינגט מיט זיין מיילעכל, ווי דאָס דינע גלעקעלע אינם טומאה־לע אויפֿן בערגל. טייל פֿון זיי האָבן פֿאַר „מתיקות" אָנגערייצט די הינט אויף אים. ווען נישט דער שמש, וואָס איז אַ גאַנצע וואָך געגאַנגען אי־

בער די דאָרפֿישע שטיבער און אויפֿגעקויפֿט אַלטע אייזערנע טעפּ און בכלל אַלטע שטיקער אייזן, וואָלטן אים די כלבים געוועזן צעריסן.

דער שמש האָט אים אָפּגעשטעלט, אים אויפֿגעוועקט, איבערגע־ריסן זיין ניגון, וואָס האָט אים ווי איינגעהילט אין אַ גאָלדענעם חלום, און באַמערקנדיק, אַז ער האַלט אין האַנט אַ ליאַלקע, האָט ער אַרויסגע־קרעכצט:

— פֿע, אַן אָפּגאָט גאָר? און בלעקעכצט צו דעם? פֿע! . . .

## ביים רופֿא

אַלטערל האָט זיך פֿון שמש׳ס פֿאַרוואורף פֿאַרשעמט, ווי מען וואָלט אים געכאַפּט ביי עפּעס נישט קיין שיינער מעשה. ביי אים איז עפּעס דער־שטיקט געוואָרן אין האַלדז. ער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַן אויסגעלאָ־שענער. זיין באַגער צו דער ליאַלקע האָט ער אויך שוין מער נישט גע־האַט און דער חשק צו דאַווענען מיט אַ ניגון אָדער צו לערנען זיך מיט געזאַנג, אינאיינעם מיט די גרויסע בחורים, איז אויך אויסגערינען.

אַלטערל האָט אָנגעהויבן צו פֿילן די שווערע טעג אויף זיין יונגן גוף. דער רב האָט זיך וועגן אים נישט ווייסנדיק געמאַכט און דער חזן האָט אים כמעט ווי נישט באַמערקט.

עס איז געקומען עפּעס אַ שבת, ווען דער חזן האָט צונויפֿגענומען עטלעכע יינגלעך, משוררימלעך, אָבער אַלטערל האָט דערפֿילט די פֿאַלש־קייט פֿון זייערע טענער. הערנדיק די ניגונים, האָט ער זיך פֿאַרקרימט און וועלנדיק אויף זיין שטייגער אויסדריקן דעם ביטול צום חזן און זיינע משוררים, האָט ער אויסגעבלעזט זיין צונג.

דאָס האָט באַמערקט שמעון קישקע, די „גאָלע מאָרדע”, דער פֿעלדשער, אָט דער, וואָס גייט אַפֿילו ווינטער אין אַ קורץ רעקל, און אויף ווען די חדר־יינגלעך האָבן שוין לאַנג אַ בייז האַרץ, ווייל אפֿשר צוליב אים געשעט אַלדאָס בייז אין שטעטל. אָבער אַזוי ווי ער איז אַ רופֿא, האָט ער אַ באַזונדערע זכיה, וואָס דער מלאך רפֿאל גייט מיט ביי זיין רעכטער זייט. און וויבאַלד דער מלאך רפֿאל שעמט זיך נישט מיט אים צו גיין, פֿאַרקוקט מען, וואָס ער האָט אַ געגאָלטע מאָרדע און מען לאָזט אים אַריין אין שול . . .

ווען שמעון קישקע האָט באַמערקט, ווי דער „לאָבוז” שטעקט אַרויס אַ צונג דעם חזן, איז דאָס אים זייער געפֿעלן און ער האָט אים אָנגעכאַפּט ביים אויער און אַזוי לאַנג געצויגן, אַז דעם אָרעמן יינגל האָט זיך אויס־

געוויזן, שמעונס פֿינגער זענען אָנגעגליטע שפּיזלעך. שמעון האָט אפֿשר אויך בדעה געהאַט אַלטערן אָפּצושייגעצן, אָבער ער האָט אים נאָר גע־פֿרעגט, פֿאַרוואָס ער לאָזט זיך וואַקסן אַזעלכע לאַנגע האָר און דערנאָך ווי מיט חוזק צוגעגעבן: „ווּעמענס טאַטע ביזטו?" דער רופֿא האָט אַליין געלאַכט, ווארעם די יידן זענען געשטאַנען איינגעהילט אין די טליתים, פֿאַרפּינצטערטע און געשפּיגן פֿון זיך גערדיכטע, בלוילעכע פּאַרע פֿון קעלט.

שמעון קישקע האָט געהאַלטן אַן אויג אויף אַלטערלען, צי ער האָט אים פֿריער געקאָנט צי נישט, דאָס ווייסט נישט אַלטערל. נאָך „כתר" האָט דער רופֿא דער ערשטער אויסגעשפּיגן, אַ סימן אַז ער האָט שוין געהאַלטן ביי עלינו, און איידער מען האָט געזאָגט מודים, האָט ער שוין געהאַט אָפּגעשאָקלט מיטן קאָפּ „גוט שבת" און אָנגענומען אַלטערלען ביי די גערדיכטע האָר און אים אַרויסגעפֿירט. אין דרויסן האָט ער אים געגעבן צו טראָגן זיין טלית, וואָס איז געווען איינגעלייגט אין אַ גרין סאַמעטן טלית־זעקל, ווי אַ דייטש . . . זיין גאָלדענעם זייגער מיט דער גרויסער קייט פֿון בלויז אימפּעריאַלן, דערנאָך האָט ער אים אָנגענומען ביי אַ האַנט און מיט אים געשפּאַנט איבער די בלאָטעס, וואָס האָבן שוין געהאַט איבער זיך אַ הייטל פֿון אַ ווייס פֿרעסטל.

ער האָט אים אַריינגעפֿירט צו זיך, אין אַן אויפֿגעשטעלט שטיבל פֿון געהיבליעוועטע ברעטער. אינעווייניק איז אַפֿילו געווען אַ דיל און דאָרט זענען געשטאַנען שפּיגלען, אויף דער ערד האָבן זיך געוואַלגערט בינטלעך האָר, ווי פֿון אויסגעפּליקטע בערשטלעך. אַלטערלען איז גע־פֿעלן אַי, וואָס דאָ איז אַזוי וואַרעם און אַי, וואָס די געזעלן גייען אַרום מיט די בלויזע קעפּ און פּייפֿן, כאָטש עס איז שבת.

שמעון רופֿא האָט געמאַכט קידוש. ביים עסן האָט ער זיך אויס־געטאָן דעם צילינדער און, ווי די געזעלן, אויך געבליבן אין בלויזן קאָפּ. אַלטערלען האָט זיך אויסגעוויזן, אַז אָט, אָט וועט ער דערשטיקט ווערן, אָבער געפֿעלן איז עס אים פּאָרט. קיין יידענע האָט ער נישט געזען, כאָטש דער טיש איז געווען געגרייט מיט אַלעם גוטן. שמעון האָט אַכ־טונג געטאָן, אַז דאָס יינגל זאָל נישט לייגן אונטערן אויער און אַלטערל האָט טאַקע געגעסן מיט אַפּעטיט, כאָטש עס האָט אים נישט באַקומען. אָבער אין מיטן עסן, אומגעריכט, האָט זיך די גאָלע־מאָרדע אָנגערופֿן:

— איך האָב געהערט, אַז דו קאָנסט זינגען. ס'איז אמת? אַ נו — לאָמיך הערן.

אַלטערל האָט אָנגעהויבן עסן פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט מיט דעם

געזוכט אַן אויסוועג. אָבער דער רופֿא האָט אַוועקגערוקט דאָס טעלערל מיט פֿלייש פֿון אונטער אַלטערלס מויל און געזאָגט:

— וועסט שפּעטער עסן, לאָמיך הערן ווי דו זינגסט.

דערווייל, ווי צונויפֿגערעדט, זענען צוגעקומען אַלע געזעלן, זיך אַרומגעשטעלט אַרום אים און אַריינגעקוקט אין זיין מויל. אַלטערל האָט זיך פֿאַרלוירן און דער פֿעלדשער האָט זיך ווי געבעטן:

— אַז מען זאָגט, דו האָסט אַזאַ שיינע שטימע, לאָמיך אַ הער טאָן.

און ווען די געזעלן זענען אויך צוגעשטאַנען, האָט זיך אַלטער ווי געבעטן:

— אַז כ׳ווייס נישט וואָס?

עטלעכע שטימען האָבן געענטפֿערט:

— וואָס דו קאָנסט! אַ כל מקדש! ראש־חודש בענטשן!

אַלטערל האָט גאָר געזונגען אַ לידל. גלאַט אַזוי אַ לידל, וואָס ער געדענקט נישט פֿון ווענען ער האָט זיך עס אויסגעלערנט. ער האָט זיך אונטערגעהויבן אויפֿן בענקל, ווי ער וואָלט געוואָלט צוזאַמען מיט זיין ניגון אויסוואַקסן און זיך אַריבערהויבן, איבער זיך, איבער אַנדערע, איבער אַלעמען. דער רופֿא האָט צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ צום טאַקט און אַפֿילו צוגעשמייכלט פֿאַר הנאה און מתיקות.

אַז ער האָט געענדיקט, האָט דער פֿעלדשער אַפּלאָדירט. פֿאַר אַל־טערלען איז דאָס אויסגעקומען ווילד, וואָס מען פּאַטשט מיט די הענט, ווי די קאַטשקעס מיט די פֿליגל, ווען זיי דערשרעקן זיך. איינער פֿון די געזעלן האָט דעם יינגל אַ כאַפּ געטאָן און גלייך געוואָלט — פֿאַר דאַנק־באַרקייט — אָפּשערן . . . אָבער שמעון קישקע אַליין האָט זיך אַריינ־געמישט, אַז ס׳איז שבת, און וואָס איז דאָ נישטאָ קיין צייט, ביז מען וועט אָנצינדן אַ ליכט . . .

און אַז מען האָט אָנגעצונדן אַ ליכט, האָט זיך אין דער „ראַזורע״ פֿון שמעון קישקע געטאָן אויף טישן און אויף בענק.

די געזעלן האָבן געשפּילט: ווער אויף אַ פֿידל, און ווער אויף אַ באַס. שמעון אַליין האָט אַרויסגענומען זיין פֿלייט, וואָס איז טאַקע על פּי נס געראַטעוועט געוואָרן פֿון פֿייער, ווארעם דאָס שיידל, אין וועלכן די פֿלייט איז געלעגן, איז פֿאַרברענט געוואָרן אויף קויל . . .

יעדער האָט זיך געפּרואווט אויף זיין כלי, און מער פֿון אַלע האָט אויסגענומען אַלטערל, דער „וווּנדערקינד״, ווי איינער פֿון די געזעלן האָט אים מכבד געווען מיט אַ נייעם נאָמען.

אויף צומאָרגנס, זונטיק, איז נישט געווען קיין צייט זיך צו פֿאַרנעמען מיטן „וועווריק", ווארעם די געזעלן האָבן געשאָבן די פּויערישע פּנימער, און שמעון רופֿא איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען מיט קאָכעדיקע באַנקעס, זיי אַרויפֿגעקלאַפּט אויף די פּויערישע פּלייצעס, וואָס זענען געלעגן און „געדעכעט" אויף דעם צעראַטענעם סאָפֿקעלע, וואָס איז געשטאַנען הינטערן פֿאָרהענגל.

אַלטערל האָט זיך געפֿילט גוט, ווארעם די געזעלן האָבן זיך מיט אים געשאַפֿן: דעם האָט ער דערלאַנגט אַביסל וואַסער און יענעם האָט ער אָנגעגעצט דאָס גאַל־בערשטל אין ווייק־שאַף. שפּעטער אַפֿילו האָט אים שוין שמעון אויך באַנוצט. ער האָט געהאַלטן דאָס שטיקל ליכט, ביי וועלכן ער, דער פֿעלדשער, האָט אָנגעצונדן דאָס שטיקל וואַטע אויף אַ שפּיזל, איינגעטונקען אין ברען־שפּירט און געשטעלט באַנקעס.

עס זענען אַוועק טעג, און כאָטש קיינער האָט מיט אים, מיט אַלטערן, נישט גערעדט וועגן גאָרנישט, האָט ער זיך דאָך געפֿילט ווי אין אַ נייער הויט. נישט אַזוי דערפֿאַר, וואָס ער איז געשלאָפֿן אָט אויף דעם צעראַטענעם סאָפֿקעלע און איז געווען צוגעדעקט מיט אַ ווייסער קאָלדרע; און נישט דערפֿאַר, וואָס ער האָט געהאַט גענוג צו עסן; נאָר דער עיקר, וואָס מען האָט זיך בכלל גוט באַצויגן צו אים. אים איז געווען ניחא דאָס, וואָס מען האָט זיך מיט אים געשאַפֿן. געהייסן צונויפֿנעמען די בינטלעך האָר פֿון דער ערד, אויסקערן און אָפּווישן די שפּיגלען. אָבער מער פֿון אַלץ, האָט מען אים געהייסן זינגען. איצט, האָט שוין אַלטערל אַליין געוואוסט, אַז ער קאָן זינגען. נאָר געהאָפּט האָט ער נישט דערויף, ווארעם סיי ווי איז אים גוט געווען. עס האָט שוין געהייסן, אַז ער לערנט זיך זיין אַ פֿעלדשער און אין זיך האָט ער געטראַכט, אַז ער וועט זיך „גרויס האַלטן" קעגן זיין פֿעטער יאַנטשעס יינגל, וואָס לערנט זיך גאָר זיין אַ קאַמאַשנמאַכער.

אַלטערל איז געוואָרן אַ פֿאַרדינער. די צעממיתטע פּויערים פֿלעגן אים אַמאָל איבערלאָזן אַ קאָפּיקע „נאַ פּיוואָ", און שמעון פֿעלדשער אַליין האָט אויך צוגעזען, אַז ס'זאָל אים צופֿאַלן אַ פֿאַרדינסטל. ווען עס איז געקומען די צייט און אַלטערל האָט זיך באַוויזן אויף דער שוועל פֿון דער ראַזורע מיט אַ גלאַנציקן, ברייטן, ווייסן קאָלנער, פֿאַרלייגט אויף דעם זשיפּיצל, מיט אַ רויטער שלייף פֿון פֿאָרנט, ווי אַן אויסגעבונדענער שניפּס, האָט זיך מיטאַמאָל באַוויזן אי דער פֿעטער יאַנטשע, אי די מומע גנענדעלע, און נאָך מומעס און פֿעטערס. זיי זענען אָנגעפֿלויגן ווי אַ

סטאַדע צעשראָקענע פֿייגל, געפּאַכעט מיט די הענט און געגאָרגלט זיך, געשאָלטן און געזידלט: „אַ גוי וועסטו ווערן? די מאַמע פֿון קבר וועט עס אַרויסוואַרפֿן! דו משומד, דו!“ און איידער נאָך אַלטערל האָט דערפֿילט די סכנה און געוואָלט אַריינלויפֿן אין דער ראַזורע, האָט מען אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט און אַוועקגעשלעפּט.

## ער ווערט אַ באַהעלפֿער

אין אַ ווײַלע שפּעטער האָט זיך שוין אַלטערל געפֿונען אין „גרוב“ פֿון דער מומע גנענדעלע.

חיימל, דער מומעס יינגל, איז געשטאַנען ביי דער הילצערנער נאַרע, אָנגעלענט אויף אַ פּאַק מיט זעק, ווי ער וואָלט געשלאָפֿן שטיי־ענדיקערהייט. די אַנדערע קינדער האָבן זיך געהאַלטן אָן דער מאַמעס פֿאַרטוך, ווי זיי וואָלטן זיך פֿאַר עפּעס געשראָקן, וואָס דאָ וועט זיך נאָך טאָן!

דער ערשטער, וואָס איז אַרויס מיט לשון, איז געווען דער פֿעטער יאַנטשע, און כאָטש ער האָט גערעדט צו אַלטערלען, האָט ער געקוקט צו זיין יינגל חיים, ווי ער וואָלט פֿון אים געוואָלט האָבן אונטערשטיצונג:

— הייסט עס, אַז דו האָסט זיך שוין געשמדט?

די מומע גנענדעלע האָט געוואָלט פֿאַרבעסערן און אויסגעזיפֿצט:

— אַז מען האָט דאָס נישט דערשטיקט, ווען ס'איז נאָך אַ וואָרעם געווען . . .

און דער פֿעטער:

— דו ווייסט נישט, אַז דאָס גאַנצע פֿייער איז געקומען פֿון דאָרט?!

דער „דאָרט“ האָט אָנגעוויזן אויף דער „טיר“, וואָס איז געווען פֿאַרהאַנגען דורך עטלעכע פּלאַכטעס, און דער ווינט האָט אויף זיי געפּאָ־כעט, ווי אויף די פֿליגל פֿון אַ זעגל־שיף.

אַלטערל איז געשטאַנען פֿאַרזינדיקט, און די ווערטער, סיי פֿון דער מומע און סיי פֿון דעם פֿעטער, האָבן אים געבריט, ווי הייסע, קאָכעדיקע קאַרטאָפֿל.

צוליב דער ענגשאַפֿט האָט מען אַלטערלען אין אָוונט געלייגט מיט חיימלען אויף איין זאַק מיט שטרוי. חיימל האָט אים אָבער מיט רשעות אַ גאַנצע נאַכט געקאָפּעט און אַרויסגעבורטשעט פֿון אונטער דער נאָז, ווי אַ שיכור פֿון חלום:

— רוק זיך אַוועק. רוק זיך אַהין אַביסל! . .

אַלטערל איז סיי ווי נישט געשלאָפֿן. אים האָט זיך כסדר גע־חלומט דאָס צעראַטענע סאָפֿקעלע, מיטן לעדערנעם קישעלע, מיט די היימלעכע ווענט, און מיט די לוסטיקע בליץ־לאָמפּן פֿון שמעון קישקעס ראַזורע.

וואָס לענגער ער איז אַריינגעלעגן אין דער נאַכט, אַלץ מער איז זיך אָן עסנדיקע פֿייכטקייט צעגאַנגען אין זיינע גלידער. און קוים איז ער שוין איינגעשלאָפֿן, האָט מען אים אויפֿגעוועקט, שנעל געהייסן אָנטאָן זיך, אַרומגעוויקלט דעם האַלדז מיט אַן אויסגעקראָכענעם שאַליק און אָנגעטאָן אויף די הענט אַ פּאָר זאָקן, וואָס האָבן געזאָלט דינען אנשטאָט הענטשקעס. מ׳האָט אים אָנגעהאנגען צוויי ליידיקע קאַנען און געהייסן מיטגיין מיטן פֿעטער יאַנטשע.

צוריקגעקומען איז ער, ווען עס איז שוין געשטאַנען דער גרויער טאָג. די ליידיקע קאַנען זענען געווען פֿול מיט מילך, און אים האָט זיך אויסגעוויזן, ווי די פֿולע קאַנען ציען אַראָפּ זיינע אַקסלען און ווילן פֿון זיי אַרויסרייסן זיינע אָרעמס.

ווען ער איז צוריקגעקומען פֿונם געמעלק, זענען נאָך דער מומעס קינדער געשלאָפֿן. אים, אַלטערלען, האָט זיך אויסגעוויזן, ווי אַ האַלבער טאָג וואָלט שוין פֿאַרביי. די מומע האָט אירע קינדער צערטלעך אויפֿגעוועקט, נישט קאַרגנדיק אפֿילו אַ קללה. דערווייל איז אריינגעגאַנגען דער רבי פֿון דער תלמוד תורה, זיין געוועזענער דרדקי מלמד, מיטן טלית און תפֿילין אונטערן אָרעם. צוליב דער פֿייכטער טונקלעניש, האָט דער רבי נישט געזען, צי אַלטערל איז דאָ, האָט ער זיך איבערגעפֿרעגט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין, ווען דאָס קול זיינס וועט אָנטרעפֿן: „דער אַכברוש איז דאָ״?

דערויף האָט דער פֿעטער יאַנטשע, וואָס איז אונטערגעקומען אונ־טער דעם מלמדס פּלייצע, געענטפֿערט פֿון צווישן די לייוונטענע טירן:

— ר׳איז דאָ, ר׳איז דאָ, דער תנא־ברה . . .

האָט דער רבי ווידער אויסגעשטרעקט זיין האַנט, ווי עפּעס אָנ־צוכאַפּן אין דער לופֿט, און גראָד אָנגעטראָפֿן אויף אַלטערלען, געזאָגט:

— קום, וועל איך דיר ווייזן, ווי צו ברענגען די יונגען אין חדר אַריין.

# #

דער חדר איז געווען אין טהרה־שטיבל, אַ שאַפּע, וואו מען האָט

אָפּגעוואַשן די מתים, וואָס מען האָט געברענגט פֿון די דערפֿער אין שטעטל אַריין.

דער בלינדער זרח, צוזאַמען מיט משה קאַזעבערדל, מאַטעס לאַ־זער ווידלס, חנניה עסיקציבעלע, אָט די אַלע מלמדים האָבן „פֿאַרכאַפּט" פֿאַר זיך ווינקעלעך אינם טהרה־שטיבל און יעדער איינער האָט אַרויפֿ־געלייגט אַ ברעט אויף אַ פֿעסל און געמאַכט זיך זיין טיש צו לערנען מיט קינדער.

דעם בלינדן זרחס טיש איז געווען געמאַכט פֿונם גרויסן פֿאַס, וואָס איז געשטאַנען אונטער דער דאַך־רינע פֿון בית־המדרש, וואו עס איז אַריינגערונען דאָס רעגן־וואַסער, און צו וועלכן די כלה־מיידלעך פֿון גאַנצן שטעטל, פֿלעגן קומען פֿרייטיק פֿאַרנאַכט, שעפּן דאָס רעגן־וואַסער צום אויסצוואַגן זייערע האָר.

דאָס פֿעסל איז געווען הויך און די קינדער — קליין. דערצו איז קיין באַנק אויך נישט געווען. איז אַלטערלס אַרבעט, אַלס באַהעלפֿער, געווען דאָס, וואָס ער האָט געמוזט די קינדער אונטערהויבן, אָדער האַלטן זיי אויף זיינע פּלייצעס, כדי זיי זאָלן קאָנען דערגרייכן דעם טיש און קאָנען אַריינקוקן אין רבינס אלף־בית סידור . . .

איז דאָס די קינדער זייער וואויל געפֿעלן, וואָס זיי קאָנען „רייטן" אויפֿן באַהעלפֿער, און האָבן אָפּט פֿאַרגעסן, אַז דער באַהעלפֿער איז נישט מער ווי נאָך אַ חדר־ייִנגל. זיי האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט, אַז זיי זיצן אויף אַ פֿערדל, אָדער, לכל הפּחות, אויף אַ קליין „קאָשקעלע", און זענען אָפּט אַריינגעפּאַרן מיט די שטיוועלעך אין זיינע זייטן אַזוי, אַז די אויגן זענען אַלטערלען אַזש איבערגעגאַנגען.

דערווייל האָט נאָך דער באַהעלפֿער אַליין מיט די קינדער נישט געלערנט, ווייל די קינדער האָט מען אָפּגעלאָזט פֿרי, איידער די נאַכט איז צוגעפֿאַלן. די עטלעכע שעה האָט זיך דער מלמד אַליין פֿאַרנומען מיט די תלמידים.

אַלטערל האָט בלויז קעגן טאָג און נאַכט אָפּגעפֿירט די קינדער אַהיים. נישט אַלע האָבן געוואוינט אין די אויפֿגעשטעלטע הילצערנע שטייג־לעך, אַ סך האָבן נאָך געוואוינט אין די אויסגראַבונגען, און אין אַ קור־צער צייט ארום האָט שוין אַלטערל געוואוסט, וואו, אין וועלכער גרוב עס וואוינט יעדער איינער.

געהייסן האָט עס, אַז אַלטערל איז אַ באַהעלפֿער ביים בלינדן זרח, אָבער אַזוי ווי די איבעריקע מלמדים, וואָס האָבן געהאַט זייערע חדרים

אין דעם אייגענעם שטיבל האָבן נישט געהאט קיין אייגענע באַהעלפּערס, פֿלעגן זיי זיך שוין אַלטערלען „אויסבאָרגן”, ווען מען האָט געדאַרפֿט גיין אָפּפֿירן אַ קינד, אָדער ברענגען וואַרמעס.

זיין אַ באַהעלפֿער, וואָלט אַלטערלען נישט געאַרט, וואָרעם אָפּט, גאַנץ אָפּט, האָט ער זיך פֿאַרגעסן, און ווען דער רבי איז אַרויס־געגאַנגען, האָט ער זיך אַליין צעשפּילט. עס האָט אים נישט געאַרט, ווען ער האָט אַפֿילו אַריינגעכאַפּט פֿון די תלמידים אַ היבש ביסל קלעפּ. געאַרט האָט אים נאָר, וואָס פֿאַרנאַכט, נאָך איידער ער האָט אַהיימ־געפֿירט דאָס לעצטע קינד, האָט שוין די מומע גנענדעלע אויף אים גע־וואַרט, מיט אַ באַניע נאַפּט, מיט עטלעכע טעוועלעך זייף און מיט עט־לעכע פעקלעך ליכט און וואַש־סאָדע, און אים אַרומגעשיקט איבער די הייזער צו די באַלעבאָסטעס.

האָט זיך די אַרבעט געלייגט שווער אויף דעם קינדס געמיט. זיין קעפּל האָט גענומען נידעריקער אַראָפּזינקען. עס האָט אויסגעזען, ווי ער וואָלט תמיד געהאַט עפּעס פֿאַרלוירן און עס כסדר געזוכט . . . אַרום פּנים האָט זיך אָנגעהויבן אַרומזוימען אַ זאָרג, און אויף די פֿאַרפֿרוירענע וועגן פֿון הינטער דער שטאָט, טראָגנדיק די קאַנען מיט מילך, האָבן זיך אין זיין יונגן מח גענומען אויסלייגן פּלענער, וואָס זענען אַרומגעשוואו־מען און ער האָט זיי געזען מיט די אויגן, אָבער נישט געקאָנט אָנטאַפּן מיט די הענט.

דערצו האָט ער זיך כסדר דערמאָנט אָן דעם, וואָס די געזעלן ביי שמעון רופֿא האָבן געזאָגט, אַז ווען ער איז אין אַ גרויסער שטאָט, וואָלט פֿון אים אַרויס „אַ לייט”. וואָס אַזוינס אַ לייט איז, האָט ער זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, נאָר געוואוסט האָט ער, אַז דאָס איז עפּעס אַזאַ באַטעמטע זאַך. ער האָט דערביי זיך דערמאָנט אָן די משוררימלעך, וואָס זענען דאָ אַמאָל געקומען צופֿאָרן, און עפּעס אַן אומבאַקאַנטע וואַרעמקייט האָט זיך גענומען רוקן אין זיין יונגן הערצל אַריין.

## די שפּאַרע צו דער וועלט

די ערשטע צייט האָט זיך אַלטערל געפֿילט, ווי דעררופֿן. מען האָט אים אָפּט געזען פֿאַרחושט און צעתמט. דאָס איז געקומען פֿון נישט שלאָפֿן און נישט דערעסן.

די ווייבער, פֿון וועלכע ער האָט געדאַרפֿט „ברענגען” זייערע קינ־דער אין חדר, האָבן אָנגעוואוירן אין זיינע אויגן די מראה פֿון מענטשן,

און אנשטאָט דעם, האָט זיך יעדע אויסגעקריצט פֿאַר אים אין אַ געשטאַלט פֿון אַן אַנדערן טאָג.

די, ביי וועמען ער האָט געגעסן זונטיק, איז עפּעס געווען אַ זו־ניקע, און אַ לייכטע. די „מאַדאַם״ פֿון דאָנערשטיק האָט זיך אויסגע־וויזן, ווי איר פּנים איז פֿאַרכמאַרעט, און די באַלעבאָסטע פֿון פֿרייטיק, האָט ער זיך אַנדערש נישט געקאָנט פֿאָרשטעלן, ווי אַ קורצע, אַ פּעטע און מיט זומער־שפּרענקלעך, כאָטש זי איז גראָד געווען אַ דינע, אַן אויס־געצויגענע, לאַנגע יידענע.

געוווּנען האָט זיך דאָס מסתמא דערפֿון, וואָס פֿרייטיק האָט ער געגעסן נישט מער ווי צוויי מאָלצייטן: אַן איבערבייס און וואַרמעס. צום איבערבייס האָט ער שוין געגעסן אַ וואַרעם פּלעצל מיט ציבעלעס, געמאַכט פֿון חלה־טייג. דאָס איז געווען דער ערשטער אָנזאָג, אַז דער שבת־קודש רוקט זיך אויף דער וועלט, און צום וואַרמעס האָט ער שוין געגעסן צעווייקטע פֿערפֿל, וואָס זענען רויערהייט געטריקנט געוואָרן אין אויוון.

דער פֿרייטיק ביינאַכט האָט שוין געהערט צו דעם שבתדיקן „טאָג״, דעריבער האָט זיך דער שבת צעלייגט מיט אַזאַ רחבות אין זיין האַרץ.

די שבתים האָט ער געגעסן ביי שמעון קישקע, דעם רופֿא. הגם שמעון האָט נישט געהאַט קיין יינגלביים בלינדן זרח, און כאָטש דער געשטיפּלטער ליפּע האָט זיך תמיד נוהג געווען, אַז שבת זאָל ביי זיין טיש זיצן אַ באַהעלפֿערל, האָט אָבער דער געשטיפּלטער ליפּע שוין גע־האָט אַן אורח ביי זיין טיש. דער בלינדער זרח האָט מורא געהאַט, אַז דאָס יינגל זאָל נישט בלייבן אָן אַ „שבת״, האָט ער אים געהייסן גיין פֿרייטיק אין שול אַריין דאַווענען און אָנגעזאָגט, אַז נאָכן דאַווענען זאָל ער צוגיין צום געשטיפּלטן ליפּען און זאָגן „גוט שבת״. דערביי האָט ער אים געגעבן אַ סימן, אַז אויב דער געשטיפּלטער וועט אים ענטפֿערן פּשוט „גוט שבת״ איז שלעכט, אויב אָבער ער וועט אים ענטפֿערן „גוט שבת, גוט יאָר״, זאָל ער זיך גאָרנישט וויסנדיק מאַכן און וואו יענער וועט גיין, זאָל ער מיטגיין, ביז ער וועט קומען צו אים אַהיים, און, ניש־קשה, אַז ס׳איז דאָ פֿאַר אזוי פֿיל מיילער, וועט זיין גענוג פֿאַר נאָך איינעם.

אַלטערל האָט געפֿאָלגט. פֿרייטיק פֿאַרנאַכט האָט ער זיך אויסגע־שמירט די שטיוול, וואָס אַ געזעלן ביי שמעון רופֿא האָט אים געשענקט, מיט אַביסל טראָן, אַז אַ בלויער גלאַנץ, ווי אַ פֿייכטער נעפּל האָט זיך געשטעלט אויף זיי. ער איז געגאַנגען אין שול אַריין און זיך געוווּנען

דורכשלאָגן אַ וועג צום געשטיפּלטן ליפּע, כאָטש ער איז געווען זיכער, אַז דעם גוט־שבת וועט ער אים נישט אָקעגנטראָגן און וועט אים נישט דערמאָנען, פּונקט ווי ער דערמאָנט נישט חיה־שרה, דער רביצינס שנור, אַז ער איז מחויב צו עסן ביי איר די מיטוואָכס.

תמיד מאַכט זיך עפּעס מיט דעם „מיטוואָך״: דאָ ווערט זי נישט געזונט און ליגט אַ גאַנצן טאָג מיט אַ צוגעבונדענעם קאָפּ; דאָ דאַרף זי זיין אַ וואַרטאָרן ביי אַ שכנטע, וואָס גייט צו קינד; דאָ פּאָרט זי גאָר זיך איינקויפן נייע מלבושים אין דער גרויסער שטאָט און דאָ פאַרגעסט זי סתם, אַז דאָס ייִנגל, דאָס באַהעלפּערל, האָט נאָך נישט געגעסן. תמיד דערמאָנט זי זיך פּונקט אויף צומאָרגנס, און האָט נאָך טענות צו אַל־טערלען, פאַרוואָס ער איז אַזאַ שעמעוודיקער, און אַז איר קאָפּ איז צע־טראָגן, דאַרף ער אליין רעדן, און זי דערמאָנט זיך נעבעך אָן זיין מאַ־מען, מיט וועמען זי האָט זיך געחברט מיידלווייז.

אָבער עס קומט ווידער אַ מיטוואָך און ווידער דאָס אייגענע. אַל־טער גיט אַ סך אָנצוהערענישן, אַז היינט איז מיטוואָך. קודם כל קומט ער צו דער שנור באַלד אינדערפרי אַרויסשלעפּן דעם חדר־בחור פון אונ־טער דעם וואַרעמען צודעק, אָפּגיסן די נעגל, אָנטאָן, זאָגן מיט אים „מודה אני״ און — אַוועקגיין.

דערנאָך קומט ער נעמען דעם ייִנגל אין חדר אַריין. און איידער נאָך אַ האַלבע שעה גייט אַריבער, איז ער שוין דאָ מיטן דראָטענעם קוישל, ברענגען עפּעס עסן פאַר דעם תלמיד. די מאַמע חידושט זיך נאָר למאי, איר ייִנגל האָט ערשט אָפּגעגעסן איבערבייס און וויל שוין נאָכ־אַמאָל (אַז קיין עין הרע זאָל אים היינט נישט שאַטן). און זי נעמט זיך אָנשמירן צוויי אייער־בייגל דיק מיט פּוטער און דערצו זידט זי אויס צוויי האַרטע אייער, וויקלט איין אַ שטיק שווייצער־קעז און פאַר אַ צו־גאָב, לייגט זי צו אַ גרויסן עפּל און פאַרגעסט נישט דערביי דעם באַ־העלפער אָנצוזאָגן, אַז למען השם, ער זאָל אַכטונג געבן, איר קינד זאָל דאָס אַלץ אויפעסן, און נישט ער זאָל עס אַוועקוואַרפן, און נישט ער זאָל דאָס צעטיילן די „יונגען״.

אַלטערלען קומט נאָר אויס אַראָפּצושלינגען דאָס שפּייעכץ, און נישט וויסנדיק זיך מאַכן, אַז היינט האָט ער זיין „טאָג״ ביי איר . . .

פונדעסטוועגן האָט ער פרייטיק צו נאַכטס אין דער שול געזוכט דעם געשטיפּלטן ליפּע מיט די אויגן, ווי ער וואָלט מיטן בליק אים וועלן

זאָגן דאָס מגילה־וואָרט „גוט שבת" און הערן וואָס יענער וועט אים ענט־פערן: בלויז „גוט שבת", אָדער „גוט שבת, גוט יאָר".

דערווייל האָט שמעון קישקע אים דערזען, און נישט קלערנדיק קיין סך, האָט ער זיך דורכגעשפּאַרט דורכן עולם — צוגעגאַנגען צו אַל־טערלען און אים געגעבן אַ שנאָל אין נאָז. פון אָנפאַנג האָט דאָס יינגל געמיינט, אַז דאָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אויף אים דער פּאַפּירענער אָד־לער, וואָס הענגט איבערן באַלעמער. ער האָט זיך אומגעקוקט און דער־זען, ווי דער רופא שטייט שוין, ווי נישט אים מיינט מען עס, און שנעלט מיט צוויי פינגער אין דעם טאַבאַק־פּושקעלע אַריין.

דער רופא האָט זיך אָנגערופן:

— מ'האָט געמיינט, אַז דו ביזט אויסגעדאַרט געוואָרן, קליינער.

אַלטער האָט זיך פאַרשעמט און געשוויגן.

און דער רופא האָט ווייטער גערעדט:

— דער עירוב איז אַלץ איבערגעריסן. דו לייגסט שוין תפילין?

— נאָך נישט — האָט אַלטערל געענטפערט.

דער רופא האָט ווייטער געפרעגט:

— האָסט, וואו צו עסן שבת?

אַלטערל האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און עפּעס אַ בריענדיקע בושה האָט אַרויסגעוואַרעמט פון זיין פּנים.

דער פעלדשער האָט ווי פאַרענדיקט:

— זאָלסט מיר נישט פאַרלוירן ווערן, איך זאָל דיך נישט דאַרפן זוכן.

און כדי ער זאָל זיין זיכער, האָט ער אַלטערלען געגעבן זיין סידורל צו האַלטן און איז אַליין אַוועק אויפן פריערדיקן אָרט.

נאָר נאָך איידער דער חזן האָט געמאַכט קידוש בציבור, כדי יוצא צו זיין פאַר די, וואָס האָבן נישט קיין היים און קיין ווין ביי זייער טיש, איז שוין שמעון רופא צוגעקומען און געכאַפּט דאָס „נעבעכל" ביים האַלדז און מיט אים אַוועק אַהיים.

פון דעמאָלט אָן האָט שוין אַלטערל געהאַט עטלעכע אָנבאָטן פון באַלעבאָסטעס אויף שבת, אָבער ער האָט זיי נישט אָנגענומען, ווארעם דער שבת ביי שמעון קישקע האָט דערהאַלטן זיינע כחות. פרייטיק צו נאַכטס האָט ער שוין דרייסט געזונגען זמירות. עס זענען זיך צונויפ־געקומען עטלעכע „פאַצעטן", שמעון רופאס און זיינע געזעלנס גוטע פריינט. צוזאַמען מיט די זמירות האָט ער זיך אויך אויסגעלערנט זינגען:

„ווען ברוך שולמאַן איז אין גאַס געגאַנגען

גענאַנגען איז ער צו זיין טויט״
און פאַרענדיקט האָט ער קוויטשענדיק:
„ווײנט נישט ברידער, קלאָגט נישט שוועסטער,
אַז עס פאַלט, פאַלט דער בעסטער,
ברוך שולמאַן האָט געטריי געדינט . . .״

יעדן שבת האָט זיך אַלטערל דערוואוסט זייער אַ סך זאַכן. ער האָט זיך דערוואוסט, אַז עס זענען געקומען מענטשן סודותדיקע און פאַרשלייערטע. איינמאָל געדענקט ער, אין מיטן דער נאַכט, פרייטיק איז דאָס געווען, ווען ער איז אַנטשלאָפן געוואָרן, איז שוין געווען פינצטער, אַלע לאָמפּן זענען אויסגעגאַנגען. ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, האָט אַ ליכטיקייט אים אַ שלאָג געטאָן אין די אויגן, אַלע לאָמפּן האָבן געברענט. שמעון קישקע האָט ער גאַרנישט דערקענט, ער איז געווען ערנסט און איז געזעסן אונטער דעם שפּאַנישן ווענטל מיט נאָך מענטשן, וועמען ער האָט נישט געקאָנט זען, מחמת זיי זענען געווען פון אים אויסגעדרייט. צווישן די מענטשן זענען אויך געווען צוויי פרויען, מיט די אייגענע האָר. מען האָט גערעדט רוסיש און פויליש און אויך יידיש. צום ערשט האָט אַלטערל נישט געדענקט, אַז עס איז שבת; נאָר ווען ער האָט זיך דערמאָנט, האָט אַ נייגער זיך אין אים אָנגעצונדן; ער האָט געזען, ווי די דאָ רעדן, שרייבן און צערייסן דאָס אָנגעשריבענע. ער האָט געפּרואווט איינשלאָפן, אָבער נישט געקאָנט. די לאָמפּן האָבן אים אַרויסגעשלאָגן פון שלאָף. איז ער אַזוי געלעגן מיט פאַרמאַכטע אויגן און אָפענע רעיונות. עס האָט אים קיינער נישט געזאָגט, נאָר ער האָט זיך אַליין משער געווען, אַז אָט די מענטשן מוזן זיין פון די, וואָס האָבן לאַנגע האָר און ווילן מאַכן אַ פריילאַנד. וואָס דאָס איז אַזוינס אַ „פריילאַנד״, האָט ער נישט געוואוסט. ער האָט נאָר געהערט אין בית־המדרש די בחורים רעדן, אַז מען וויל אָפּשאַפן דעם קייסער.

אַלטערל האָט זיך איינגעהערט צו זייערע שטילע רייד. ער האָט אָבער זייער קנאַפּ פאַרשטאַנען, צוליב דעם, וואָס זיי האָבן גערעדט רוסיש. ווען ער איז ענדלעך איינגעשלאָפן און זיך אויפגעכאַפּט אינדערפרי, איז אַלץ געווען ווי תמיד. קיין זאַך האָט זיך נישט געענדערט. די מענטשן זענען מער נישט געווען, אין ווינקל האָט זיך געוואַלגערט אַ באַרג מיט אויסגערויכערטע פּאַפּיראָסן מיט „גאָלדענע מונדשטיקן״ און שבת, ביי־טאָג, ביים עסן, האָט דער רופא אים מער נישט געמאַטערט, ער זאָל זינגען כל מקדש, נאָר אונטערגעזאָגט:

— אַ נו, רב אַלטער, לאָמיר נאָר הערן, ווי דו זינגסט.

די געזעלן האָבן אונטערגעברומט און אַלטער האָט אונטערגעכאַפּט מיט כח און מיט ברען:

„שוועסטער און ברידער פֿון אַרבעט און נויט — — — —"

#

פֿון דעם טאָג אָן האָט זיך אַלץ געענדערט אין שמעון קישקעס ראַזורע. שמעון אַליין האָט כמעט אויפֿגעהערט צו גיין אין שול אַריין, זיך נישט געוואַשן צום עסן, און נישט אָנגעטאָן דאָס קאַפּעלע, בעת ער האָט געמאַכט אַ המוציא.

די געזעלן האָבן גענומען איינטענהן מיט אַלטערלען, אַז ער דאַרף אַוועקוואַרפֿן דאָס חדר, אָבער צוהעלפֿן אים האָבן זיי נישט געקאָנט. ווארעם עס האָט שוין געהאַלטן דערביי, אַז דאָס גאַנצע שטעטל זאָל זיך אויפֿהערן צו שערן ביי שמעון קישקע. איינער דעם צווייטן זאָל שערן מיט אַ שער און מיט אַ קעמל, ווי מען האָט עס געטאָן אַמאָל, און שמעון רופֿא וועט אויסזען, ווי אין די ניין טעג, אָדער ווען מען ציילט ספֿירה און מען פֿאַרלאָזט זיך דעמאָלט די האָר...

שמעו קישקע האָט געטענהט, אַז פּרנסה איז פּרנסה. אָבער ווען ער האָט געזען, ווי דער קליינער אַלטערל טראָגט אויף זיינע פּלייצעס אַ גרויסן יונג אין חדר אריין, ווייל מען האָט אַוועקגעגעבן יענעמס שיך צו פֿאַרריכטן, און ער זאָל חלילה נישט גיין אַ באָרוועסער אין דער בלאָטע, האָט ער געטענהט: אַז אין דעם באַהעלפֿערס זכות, דאַרף זיך דאָס שטעטל נאָך אַמאָל אָנצינדן. מען האָט גענומען קלערן פּלענער, ווי אים אינגאַנצן אַוועקצושיקן פֿון דעם „העק". זאָל ער גיין אין דער גרויסער שטאָט, זאָל ער ווערן אַן אַרבעטער, זאָל ער זיך לערנען אַ מלאכה, און נישט קשה — די וועלט איז גענוג גרויס, מען דאַרף זיך נאָר אַדורכשפּאַרן דורך דער שפּאַרע, וואָס פֿירט אַרויס פֿונם פֿאַרדריפּעטן שטעטעל, אַ יונג, אַז איינגעזונקען זאָל עס ווערן.

און מיטגעגעבנדיק אַלטערלען אַן אַדרעס אין דער גובערניע־שטאָט, האָט מען אים אויפֿגעזעצט אויף אַן אמניבוס, כדי אַ ייִנגל מיט אַזאַ שטי־מעלע, מיט אַזאַ אָפֿן קעפּעלע, זאָל זיך קאָנען דורכשפּאַרן צו דער וועלט . . .

## אַלטערלס נייע וועלט

מיטגעגעבן האָט מען אַלטערלען אויפֿן וועג, אַ חוץ אַ העמד, איינגע־וויקלט ווי אַ פּעקעלע, אַ ראַזאָווע ברויטל מיט אַ געוועגדזלטן הערינג.

אויך אַן אדרעס פֿון איינעם פֿון שמעון קישקעס געזעלן.

נישט אַזוי לייכט איז אָנגעקומען אַלטערלען זיך צו דערפֿרעגן אויף דעם אַדרעס, ווייל גוטע מענטשן אין דער גרויסער שטאָט האָבן אים מיט זייער גוטסקייט צעטומלט: איינער האָט אים געהייסן גיין אַהין און דער אַנדערער — אַהער. ענדלעך, ווען ער האָט זיך דערפֿרעגט, האָט דעם געזעלנס באַקאַנטער שוין דאָרט נישט געוואוינט.

ס'איז געווען דער ערשטער טאָג פֿון אַלטערלס אָנקומען אין דער גרויסער שטאָט. צום ערשט האָט אים דער געוויש ווי איינגעשיכורט. דערנאָך האָט זיך אים געדוכט, ווי וואָגנס, געלאָדן מיט שטאָבעס אייזנס, נידערן אַראָפּ איבער זיין יונגן מוח. ווען נישט די הויכע מויערן, די טראָ־טואַרן און דאָס יום־טובדיקע אויסזען פֿון די מענטשן, וואָלט ער זיך גאָר אַוועקגעזעצט אויף אַ שוועל אין מיטן גאַס און זיך צעוויינט.

אַלטערל איז געווען אַזוי פֿאַרכאַפּט פֿון זיין „נייער וועלט", אַז ער האָט פֿאַרגעסן אי אַן זיך אי אַן זיינע פּיינען. ער האָט געוואַנדערט גאַס איין און גאַס אויס; אַלע ווייַלע זיך אַוועקגעשטעלט ביי אַן אויסשטעל־פֿענצטער און זיך אָנגעטרונקען מיט חידוש. זיין ראַזאָווע ברויטל איז אים צונויף געקומען; ער האָט דערפֿון געהאַט דריי סעודות און נישט פֿאַר־געסן זיך איבערצולאָזן אַ כזית אויף מאָרגן. ווארעם כאָטש אַלטערל האָט נישט געפּילט די געפֿאַר, וואָס רוקט זיך אַן אויף אים מיט יעדער מינוט, וואָס די זון נייגט אַראָפּ אין די צעצונדענע ראַנדן פֿון הימל, האָט ער דאָך גענוג שכל געהאַט צו וויסן, אַז מאָרגן איז אויך אַ טאָג, און מען דאַרף קלערן וועגן אַ תכלית. און וואָס קאָן זיין אַ גרעסערער תכלית, אויב נישט איבערלאָזן זיך אַ שטיקל ברויט פֿון זיין לעבל?

ער האָט דאָס לעצטע רעפֿטל ברויט געהאַט איינגעוויקלט אין זיין העמד, כדי עס זאָל אים זיין גרינגער צו טראָגן. אַליין האָט ער זיך געשאַרט איבער די גאַסן, זיך פֿאַרגאַפֿעט, זיך פֿאַרקוקט און ווי אַוועק־געשוואומען פֿון זיך, פֿון זיינע אייגענע טעג.

אָבער ווען ער האָט געזען דאָס ערשטע וואונדער, דהיינו, ווי אַ גאַנצע גאַס מיט עלעקטרישע לאָמפּן האָבן זיך, פֿון זיך אַליין, ווי דורך אַ כישוף־שפּרוך, אָנגעצונדן, האָט עס, אנשטאָט באַוואונדערונג, ארויפֿ־געוואָרפֿן אויף אים אַ פּחד. ער האָט מיטאַמאָל דערזען, אַז עס באַפֿאַלט זיין „נייע וועלט" אַן אומגעריכטע נאַכט. ביז איצט האָט ער זיך גאָר נישט וועגן דעם פֿאַרטראַכט. איצט האָבן זיך, אינאיינעם מיט אָונט־

כמאַרעס, פֿאַרקליבן אין זיין אויג שאָטנס פֿון מורא. ער האָט אָנגעהויבן שפּאַנען איילנדיקער, נישט ווײַסנדיק וואוהין און צו וואָס, דערצו איז ער ווייט פֿאַרקראָכן. ווען ער האָט נאָר אָנגעטראָפֿן, זענען עס געווען פּריצים מיט פּריצות. די פּריצות זענען געגאַנגען אָנגעטאָן ברייטע קאָ־פּעלושן מיט פֿעדערן און וואואַלקעס פֿאַר די אויגן. ער האָט ערשט איצט באַמערקט, ווי די פּריצים קוקן אויף אים, קוקן אים נאָך, אַנדערע ברוגזן זיך, טייל שמייכלען...

אַלטערל האָט גענומען זיך צוריק פֿאַרקירעווען. געגאַנגען אויפֿן ריכטיקן וועג און געמיינט, אַז ער בלאָנדזשעט, ביז ער איז אָנגעקומען אין די גאַסן, וואו ער האָט מער נישט געזען קיין פּריצים און פּריצות, אָפֿיצירן און גימנאַזיסטן. ער האָט זיך צוריק דערזען אויף די גאַסן, וואו דער אָמניבוס האָט אים אַרונטערגעלאָזט, און וואו זיין אויג איז גע־פֿאַלן, האָט ער געטראָפֿן יידן, מיט לאַנגע כאַלאַטלעך, מיט טוליפּלעך, ווייבער מיט קופּקעס, מיט שייטלעך, ווי ביי אים אין דער היים. אַ מידער האָט ער זיך אָפּגעשטעלט מיט דער גאַנצער הילפֿלאָזיקייט פֿון אַ פֿאַר־בלאָנדזשעטן.

עס האָבן זיך פֿאַרביי אים פֿאַרבייגעאיילט יידן מיט קוישן און יידענעס מיט געפּעק. קינדער, ווי ער, זענען אַרויסגעקומען פֿון די טויערן, זיך געיאָגט מיט רייפֿן. מאַמעס זענען נאָכגעלאָפֿן, געשריגן און געזידלט. ער האָט זיך דערפֿילט פֿאַראיינזאַמט און פֿאַרלאָזן. ער האָט געטרונקען מאַמעשע קללות און מקנא געווען די קינדער, אויף וועמענס קעפּ עס פֿאַלט דאָס שעלטן. ער האָט אָנגעהויבן זען, אַז יעדעס קינד איז באַהאָפֿטן צו עפּעס, ווי צווייגן צו אַ בוים, נאָר ער אַליין איז ווי אַרויסגעריסן און פֿאַרוואָרפֿן.

אַז דער לעצטער סימן פֿון טאָג האָט זיך שוין ווייט אין הימל געהאַט אָפּגעמעקט, און די קינדער פֿאַר די טויערן האָבן אָנגעהויבן צו ווערן שיטערער, האָט ערשט אַלטערל גענומען קלערן, מיט שרעק, וועגן דעם, אַז ער וועט נישט האָבן וואו צו נעכטיקן.

ער האָט אַלץ געקלערט וועגן דעם אַדרעס, וואָס מ'האָט אים מיט־געגעבן און, טראַכטנדיק אַזוי, האָט אים ווי אַן אומבאַקאַנטע בשורה אָנגעיאָגט אַ געשטאַלט פֿון אַ מענטשן, וועמען ער האָט שוין לאַנג נישט געזען און קוים געדענקט. אָבער איצט, אין צייט פֿון נויט, האָט זי אויפֿגעהעלט מיט די קלאָרסטע פֿאַרבן.

דאָס איז געווען דער לאָמער נאָטע, אַ זון פֿון זיין מלמד, דעם בלינדן זרח.

ער האָט נאָך געדענקט דעם לאָמען נאָטע פֿון דער צייט, פֿון פֿאַר דער שׂרפֿה, נאָך איידער ער, אַלטערל, איז געוואָרן אַ באַהעלפֿער. ווען ער אַליין האָט זיך נאָך געלערנט אין דער תּלמוד־תּורה. נאָטע איז געווען דאַר, ווי אַ געבויגענער צווייג, וואָס איז איינגעבראָכן אין איין זייט. נאָטע האָט זיך תּמיד אַרומגעריסן מיט זיין פֿאָטער, זרח מלמד, מחמת דעם, וואָס דער פֿאָטער האָט אים צוגעטיילט דריי פּעניצלעך ברויט אַ טאָג. און דריי פּעניצלעך האָט ער געגעבן צו זיין ווייב, טיליע מיט די פֿאַרקאָטשעטע ציין, וואָס איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין אַ שלאָף־קופּקע און זיך געזידלט מיט איר שוויגער, דעם לאָמען נאָטעס מאַמע. נאָטע האָט זיך „געמוזט העלפֿן" און אויפֿגעגעסן דאָס וואָרמעס, וואָס די קינדער האָבן מיט זיך מיטגעברענגט. עס האָט אפֿילו געטראָפֿן, אַז ווען דער טאַטע, דער מלמד, האָט אַרויסגעריסן פֿון צווישן דעם זונס ציין אַ ביסן פֿרעמד ברויט, האָט זיך געמאַכט אַ געשלעג. די קינדער פֿלעגן דאַן אַרויפֿשפּרינגען אויף די טישן, אויף די בעטן, אויף די בענק און אפֿילו אויפֿן אויוון, ווי אַ צעשראָקענע מחנה הינער, בעת אַן אומ־געבעטענער גאַסט כאַפּט זיך אַריין צו זיי אין שטייג. ביי יעדן געשלעג האָט טיליע געהאַט אַ טבע זיך צו וואַרפֿן אויף דער ערד, שרייען גוואַלד, און דערביי ספּאַזמירן, טרייסלען מיט די פּלייצעס און וואַרפֿן מיט די הענט און פֿיס, אַז מען האָט זיך גאָר געמוזט לאָזן זי ראַטעווען און אויפֿגיסן אויף איר פּנים אַ גאַנצן שעפּ מיט וואַסער.

אַלטערל געדענקט נישט ווי אַזוי, נאָר איינמאָל, ווען ער איז גע־קומען אין תּלמוד תּורה, האָט ער געטראָפֿן, אַז דאָס ווינקל, „אונטערן ווענטל", וואו עס איז געשטאַנען אַן אייזערן בעטל און אַ הילצערנע שלאָפֿ־באַנק, איז דאָס מאָל געווען אויסגערוימט. אויפֿן אָרט פֿון אייזערנעם בעטל, איז געווען געמאַכט אַ נידעריקע באַנק פֿאַר קינדער, און אויפֿן אָרט פֿון דער שלאָף־באַנק איז געשטאַנען דעם רבינס פֿאַרשלאָסענע ברויט־שענקל.

האָט מען זיך דערוואוסט, אַז נאָטע מיט זיין ווייב זענען אַוועק־געפֿאָרן אין דער גרויסער שטאָט. און שפּעטער האָט ער עפּעס געהערט, אַז זיי וואוינען אויף דער און דער גאַס.

איצט, אין זיין פֿאַרצווייפֿלונג, איז אויפֿגעקומען אין זיין זכּרון דער נאָמען פֿון „דער און דער" גאַס.

אַלטערל האָט באַשלאָסן זיי אויפֿצוזוכן.

ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ווייבל און געפֿרעגט, ווי אַזוי מען גייט דאָ און דאָ.

האָט דאָס ווייבל, נישט האָבנדיק קיין צייט זיך אומצוקוקן, אים אָפּגעהאַקט מיט אַן ענטפֿער:

— דו ביזט דאָך דאָ און דאָ.

און איידער זי איז אַנטרונען אין טויער, האָט אַ צווייטער, אַ ייד, וואָס אַלטערל ווייסט נישט פֿון וואַנען ער איז דאָ אויסגעוואקסן, און ווען ער האָט זיך איינגעהערט זיין פֿרעגן, אַריינגעוואָרפֿן:

— וועלכן נומער דאַרפֿסטו אויף דער גאַס?

אַלטערל האָט נישט געוואוסט, וואָס אַזוינס עס האָט צו טאָן אַ גאַס מיט אַ נומער און ער איז געבליבן שטיין אָן ענטפֿער.

איז דער ייד אַוועקגעגאַנגען און אים איבערגעלאָזט:

— מעגסטו זוכן פֿון היינט ביז מאָרגן.

און אַז עס זענען צוגעקומען נאָך מענטשן און האָבן גענומען אויספֿרעגן אַלטערלען וועגן דעם מענטשן, וואָס ער זוכט, האָט ער געוואוסט בלויז איינס צו ענטפֿערן:

— איך ווייס נישט.

מען האָט אים באַשאָטן מיט פֿראַגן:

— ווי אַזוי זעט ער אויס?

— ער איז אַ לאָמער.

— ער גייט אויף קוליעס?

— ניין, ער הינקט נאָר.

האָבן די פֿאַרזאַמלטע גענומען אויסרעכענען אַלע הינקענדיקע, וואָס וואוינען אין דער און דער גאַס, און וועגן לאָמען נאָטע האָט זיך קיינער נישט געקאָנט דערמאָנען.

איינער האָט געפֿרעגט:

— ווי זעט ער אויס?

האָט אַלטערל געענטפֿערט:

— זיין ווייב האָט גרויסע, פֿאַרשאַרצטע ציין.

דער ערשטער ייד איז צוריקגעקומען און זיך נאָך געבייזערט:

— אַז מען ווייסט נישט קיין נומער פֿון אַ הויז, ווי אַזוי קאָן מען זוכן?

און איידער ער איז אַוועקגעגאַנגען, האָט ער אים צוגעלייגט אַן עצה:

— גיי פֿון הויף צו הויף און פֿרעג זיך נאָך, אפֿשר וועט מען וויסן.

דאָס רעדל איז זיך פֿאַנאַנדערגעגאַנגען. קיינער האָט נישט גע־פֿרעגט אָדער געוואָלט וויסן צי האָט ער, אַלטערל, וואו צו גיין שלאָפֿן און צי האָט ער וואָס געהאַט אין זיין מויל. עטלעכע האָבן אים אפילו יאָ געפֿרעגט פֿון וואַנען ער איז און ווי לאַנג ער איז שוין הי, אָבער קיי־נער האָט זיך וועגן אים מער נישט אינטערעסירט.

אַלטערל האָט געפֿאָלגט און אָנגעהויבן גיין פֿון הויף צו הויף, פֿון טויער צו טויער און וועמען ער האָט געזען, וועמען ער האָט געטראָפֿן, האָט ער געפֿרעגט:

— וואו וואוינט דאָ דער לאָמער נאָטע, וואָס האָט אַ ווייב מיט פֿאַרקאָטשעטע ציין?

נאָר קיינער האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן, אַנדערע האָבן אפילו נישט געוואָלט אויסהערן.

אַזוי איז ער געגאַנגען ביז אין דער טיפֿער נאַכט אַריין, ביז די גאַס האָט אָנגעהויבן ליידיקער ווערן. די געוועלבלעך האָבן זיך צוגע־מאַכט און די גאַז־לאָמפּן, וואָס האָבן געלויכטן מיט אַ גרין פֿאַריתומט פֿייערל, ענלעך צו זיין געמיט, זענען נאָך שאָטנדיקער און טונקעלער געוואָרן.

און, אַז ער האָט שוין געהאַט זיך מיאש געווען און אָנגעהויבן זוכן וואו אַ שטיין, זיך אַוועקצוזעצן און צומאַכן די אויגן, האָט ער ענדלעך געטראָפֿן אַ יינגל, וועלכער האָט אויף זיין פֿראַגע געענטפֿערט מיט אַ צווייטער פֿראַגע:

— וואָס טוט ער?

אַלטערל האָט נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

האָט יענער פֿאַר אים געענטפֿערט:

— ער לערנט מיט מיידלעך?

אַלטערל האָט נישט גענוי געוואוסט צי יאָ, נאָר געענטפֿערט האָט ער „יאָ”, ווייל אַזוי האָט ער זיך אין דער רגע משער געווען.

דאָס יינגל האָט אים געזאָגט, אַז אַזאַ און אַזאַ מענטש מיט אַזאַ און אַזאַ ווייב, וואוינט אין דעם און דעם נומער. האָט זיך אַלטער געלאָזט אַהין, וואו דער אומבאַקאַנטער האָט אים אָנגעוויזן.

## דער פּאַלאַץ

דער הויף פֿון דעם און דעם נומער האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט אַ גע־דיכט קליין שטעטל.

צום ערשט איז אַלטערל אַריין אין אַ טויער, וואָס האָט געשמעקט מיט פֿאַרלעגענער פֿייכטקייט. עס איז געווען פֿינצטער. ערגעץ וואו פֿון אַ ווינקל, פֿון צווישן שפּינוועבס, האָט זיך געדריכערט אַ לעמפּל, אין אַן אָן־שוויבנדיקן לאַמטערן. ווען אַלטערל איז אַרויס דורכן טויער פֿון דער צווייטער זייט, האָט ער פֿאַרנומען אַ געשריי פֿון קינדער, און ער האָט געקראָגן דעם איינדרוק, ווי אַ מחנה זשאַבעס קוואַקען ערגעץ אין זומפּיקע בלאָטעס.

פֿון די אָפֿענע טירן, וואָס זענען געווען אין דער נידער און האָבן אויסגעזען ווי די הערינג־קרעמלעך ביי אים אין שטעטל, האָט זיך גע־הערט אַ ריח פֿון ריישעכץ, געשרייען פֿון טאַטעס, געוויינען און געלעכ־טערס פֿון קינדער. אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַ רעדל מיט יידן און געשמועסט נייעס. אַלטערל האָט אָנגעטראָפֿן אַ יידענע און האָט זי דרייסט געפֿרעגט אויף דעם, וועמען ער זוכט.

אַז די יידענע האָט שוין גוט געהערט, ווי דאָס יינגל פֿרעגט זיך אויף דעם לאָמען נאָטע, האָט זי זיך איבערגעפֿרעגט:

— דער לאָמער נאָטע?

האָט אַלטערל צוגעגעבן פֿאַר זיכערקייט:

— דער לאָמער נאָטע. און דאָס ווייב האָט גרויסע, אַרויסגעשטאַרצטע ציין.

די יידענע האָט געהאַלטן אין איין איבערפֿרעגן:

— דאָס ווייב האָט גרויסע, אַרויסגעשטאַרצטע ציין?

האָט אַלטערל ווידער פֿאַרפֿעסטיקט:

— און ער לערנט מיט מיידלעך.

די יידענע האָט ווידער געפֿרעגט:

— וואָס לערנט ער?

האָט דאָס מידע יינגל געענטפֿערט און געוואַרט אויף אַן ענטפֿער:

— איך ווייס?

האָט די יידענע אים אָפּגעשיקט צו אַ ייד און אַליין האָט זי נישט קיין צייט געהאַט וייטער אים אויסצוהערן און איבערצופֿרעגן.

דער ייד איז שוין געשטאַנען אָנגעגרייט מיט אַ פֿאַרטיקן ענטפֿער אויף די ליפּן. און קוים האָט זיך די יידענע אָפּגערוקט, האָט ער גלייך אַלטערלען דערלאַנגט שלום־עליכם און געוואָלט וויסן:

— צום לאָמען מלמד?

און איידער אַלטערל האָט געענטפֿערט „יאָ״, האָט דער ייד אים

שוין געהאַלטן פֿעסט ביי דער האַנט, אַזוי, אַז עס האָט אויסגעזען, ווי ער האָט אים צופֿלייסנס געגעבן שלום־עליכם, כדי ער זאָל אַריינקריגן זיין האַנט. דער ייד איז געגאַנגען האַלטנדיק אַלטערלס הענטל איינגע־שלאָסן אין זיינער, ביז ער איז צוגעקומען אין ווינקל הויף, פֿאַר אַ גרויס שוואַרץ לאָך, וואָס איז געווען אויסגעהאַקט אין דער וואַנט. דאָרט האָט ער אים אַריינגעשטופּט און געזאָגט:

— פּאַמעלעך גיי אויף די שטיגן, ביז דו וועסט אַרויפֿקומען אויבן, אויפֿן העכסטן גאָרן.

אַלטערל האָט געקלעטערט אויף די שטיגן און מיט זיין טראָט דער־פֿילט, ווי די טרעפּ דרייען זיך אונטער זיינע פֿיס. ער האָט זיך אָנגע־האַלטן אָן דער וואַנט און אויסגעוויזן האָט זיך אים, אַז עס וואַקסן אים אויס נעגל, און די נעגל עסן זיך איין אין דער מויער, ווארום ווען נישט, וואָלט ער זיך אויסגליטשן און אַראָפּפֿאַלן ערגעץ אין אַן אָפּגרונט צווישן שוואַרצע קעץ און פֿלעדערמייז.

אַז ער האָט שוין מער נישט געפֿילט קיין טרעפּ אונטער זיך, האָט ער ערשט גענומען שאַרן מיט די פֿיס, ווי ער וואָלט געוואָלט אויספּרואוון, צי איז עפּעס דאָ אַזוינס אויבן, וואָס איז ענלעך צו אַ באָדן, צי וועט ער נישט בלייבן אַזוי שוועבן אין דער לופֿט . . .

שאַרנדיק אַזוי מיט דיס פֿיס און טאַפּנדיק מיט די הענט, האָט ער דערוויל געטאַפּט אַ טיר און אַ טונקעלע שיין פֿון אַ פֿאַרחושכט לעמפּל האָט זיך אַרויסגעשטאָכן און צוזאַמען מיט דעם אַ קול, ווי פֿון אַ פֿאַר־שטיקעניש אַרויס:

— ווער איז דאָרט?

האָט אַלטערל זיך דערשראָקן פֿאַר דעם, וואָס ער דערשרעקט אַנ־דערע און געענטפֿערט ווי מיט אַ געבעט:

— ס׳איז איך.

דאָס קול פֿון דער טיר אַרויס האָט זיך נאָך מער אויסגעלענקט און כמעט אויסגעשריגן מיט פּחד:

— ווער איז דאָס, איך?

אויף יענעמס קול האָבן זיך באַוויזן עטלעכע קעפּ צעשויבערטע, איינגעהילטע אין שאַטנס און האָבן זיך געקלעפּט איינער צום אַנדערן, און אַ סך קולות מיטאַמאָל האָבן, ווי געברענט אינם חושך אַריין:

— רופֿט זיך אָן, ווער איז?

און אַז די קעפּ מיט די פּנימער האָבן זיך גענומען רירן, אַרויס־

רוקן זיך, און איבער איינעמס אַקסל האָט זיך שוין אויך באַוויזן דאָס פֿאַררויכערטע לעמפּל מיט אַ צוגעקלעפּט שטיקל פּאַפּיר אויפֿן גלעזל, האָט אַלטערל אָנגעהויבן צו וויינען און אַרויסציטערן מיט זיין שטים:

— ס׳איז איך. לאָזער יצחק׳ס איניקל . . . הינדע די פֿעדער־שלייסערן.

נישט פֿאַר אַלע האָט דער נאָמען אַזוי היימיש געקלונגען, ווי פֿאַר דער בלאָער קאָפּקע. ווארעם די בלאָע קאָפּקע, וואָס האָט זיך קאָפּויער געהויבן אויפֿן ווייבלס קאָפּ, האָט זיך אַראָפּגערוקט טיף ביז איבער די אויגן, און אין דער אייגענער צייט האָט זיך דאָס לעמפּל אויפֿגעהויבן הויך איבער אַלע קעפּ, אַז מען האָט אַזש געקענט זען, ווי דער רויך צעשפּרייט זיך אויפֿן בעליק, ווייל ער האָט שוין נישט געהאַט וואו העכער צו גיין. אַלטערל האָט דערוויל שוין דערקענט די ציין, די אַרויסגע־געשטאַרצטע ציין, האָט ער זיך משער געווען, אַז דאָס איבעריקע פֿון דער געשטאַלט מוז שוין געהערן צום לאָמען נאָטעס ווייב. האָט ער זיך דערנענטערט צו די זוכנדיקע.

די זוכנדיקע האָבן אים נישט געזען, נאָר אָנגעטאַפּט. זיי האָבן אים ממש אַריינגעכאַפּט אין זייערע הענט, ווי מען כאַפּט אַ שפּאַרבער, ווען ער רייסט זיך אַריין אין אַ נעסט פֿון פֿייגעלעך. גאָר אומגעריכט פֿאַר אַלעמען, אַפֿילו פֿאַר אַלטערלען און פֿאַר זיך אַליין אויך, האָט דעם לאָמען נאָטעס ווייב געגעבן אַ געשריי אַרויס:

— אוי, אַ בראָך איז צו מיר, דאָס איז דאָך גרשון. אַלטערל דער יתום!

#

אין עטלעכע רגעס אַרום איז שוין אַלטערל געווען אין שטוב פֿון זיינע געזוכטע און באַגערטע מענטשן, ביים לאָמען נאָטע, דעם בלינדן זרח׳ס זון, זיין געוועזענעם מלמד.

די שטוב פֿון לאָמען נאָטע איז באַשטאַנען פֿון אַ לאַנגן בוידעם, צו וועלכן מען האָט נאָר צוגעשטעלט דאָס פֿאָדערשטע ווענטל. אין אַ ווינקל, ביי דעם געמויערטן קוימען, וואָס טראָגט אַרויס דעם רויך פֿון די אונ־טערשטע שטאָקן, האָט מען דאָ צוגעשטעלט אַן אייזערן אייוועלע און אריינ־געשטאָכן אין דעם קוימען אַ בלעכענע רער.

אויסציען אַ האַנט הויך אַרויף, האָט מען נישט געקענט, מחמת דער בעליק מיטן דאַך איז געלעגן איבערן קאָפּ, און ווען דער הויכער

הויז־פֿאַרוואַלטער פֿלעגט יעדן „אכטן" פֿון חודש אַרויפֿקומען נאָך דירה־געלט, פֿלעגט ער מוזן שטיין איינגעבויגענערהייט. אין די פֿריערדיקע צייטן, ווען דער לאָמער נאָטע פֿלעגט אים באַצאָלן פּינקטלעך צו דער צייט, פֿלעגט זיך דעם פֿאַרוואַלטערס געמיט אויסגלייכן און ער פֿלעגט שוין זאָגן:

— אַהאַ, מען מוז שטיין פֿאַר אייך מיט אַ געבויגענעם קאָפּ, כדי צו קריגן דאָס דירה־געלט.

נאָר דאָס זענען געווען די פֿריערדיקע צייטן. איצט צאָלט שוין דער לאָמער נאָטע נישט אַזוי פּינקטלעך. די זעקס רובל אַ חודש איז איצט נישט אַזוי גרינג אַרויסצונעמען, און דערצו האָבן די שכנים פֿון הויף אויף אים פֿאַראיבל געהאַט, וואָס ער איילט זיך אַזוי פּונקט דעם אַכטן צו צאָלן. זיי קאָנען באַשטיין צו צאָלן דעם אַכט און צוואַנציקסטן. מען טאָר אַ הויז־אייגנטימער נישט אַזוי צעלאָזן די קישקע . . .

האָט דער לאָמער נאָטע געפֿאָלגט. מיט שכנים קאָן מען זיך נישט איינרייסן. ביסלעכוויז איז דאָס געוואָרן אַ רגילות, און היינט דאַנקט דער פֿאַרוואַלטער גאָט, אויב ער קריגט אַרויס די זעקס קאַרבן דעם צווייטן אַכטן. וואָרום פֿאַר נאָטען זענען שוין נישטאָ די גוטע צייטן פֿון אַמאָל: די מאַמעס ווילן בעסער שיקן זייערע מיידן צו אַ רביצין, איידער צו אים, צום מלמד.

האָט ער זיך מישב געווען און האָט פֿאַרדונגען אַ האַלבן „צימער" צו אַן אַנדער פּאָר־פֿאָלק מיט דריי קליינע קינדער, וואָס דאָס גרעסטע איז נאָך קלענער פֿון קלענסטן, ווייל עס קאָן נישט גיין און רוקט זיך כסדר אויף איין פּיסל. און ווייל עס איז בלייך און האָט אונטערגעשוואָלענע בלויע רעדער אונטער די אויגן, און אַז עס פֿאַרהוסט זיך, פֿאַרקייכט זיך עס, מוז מען האַלטן פֿאַרהאַנגען דאָס לאָך, וואָס איז געמאַכט געוואָרן, אַז טויבן זאָלן דאָרט אַריינפֿליען און איצט איז עס אַ פֿענצטער.

דער „סוב־לאָקאַטאָר" שטאַמט פֿון אַ קליין שטעטל, וואָס ליגט, ווי אַן אַרבעסל נעבן דעם שטעטל, פֿון וואַנען אַלטערל און דער לאָמער נאָטע קומען. ער קאָן דעריבער דעם גאַנצן יחוס פֿון אַלטערלען און האָט וויבציק דרך־ארץ פֿאַרן לאָמען נאָטע. וואָרעם ווען נישט דאָס, וואָלט ער דעם ווינקל אין האַלבן צימער, וואָס ער האָט געדונגען ביי נאָטען פֿאַר דריי רובל אַ חודש, נישט אָפּפֿאַרדונגען צו אַ שוועסטער מיט אַ ברודער. אַ ווינקל, אין וועלכן מען שטעלט דאָרט אויף יעדן אָוונט צוויי אייזערנע בעטלעך.

נאָטען וואָלט עס ניט אַזוי פֿאַרדראָסן, ווייל מיט דער שוועסטער און מיט דעם ברודער איז גאַנץ היימלעך אין שטוב. די שוועסטער, אַז זי קומט פֿון דער אַרבעט, וויל זי צושטעלן אַ טעפּל אויף דעם קע־כעלע פֿאַר דעם ברודערס וועגן. די הויפּט־באַלעבאָסטע פֿון „הויז", נאָ־טעס ווייב, וויל דאָס נישט ליידן, מישט זיך אַריין דעם סובלאָקאַטאָרס ווייב, הויבן זיךביידע אָן צו קריגן, דערנאָך אַראָפּרייסן די קאָפּקעס און נאָך דערנאָך — אויספּליקן די האָר. ביז די מענער קומען אַהיים, זענען שוין די טעפּלעך איבערגעדרייט און די שטוב איבערגעקערט. נעמט זיך יעדע ווייב שעלטן איר מאַן און נאָר דער ברודער מיט דער שוועס־טער זענען שטיל, און „נעמען פֿאַר ליב". דערמיט ווילן זיי איבערבעטן דאָס פֿאַר־פֿאָלק און זען, עס זאָל ווידער זיין שלום. פֿאַרדריסן פֿאַר־דריסט נאָר נאָטען, וואָס דער שכן נעמט ביי זיין שכן גאַנצע צוויי און אַ האַלבן רובל דירה־געלט, אַזוי, אַז ער וואוינט שוין כמעט בחינם.

די לעצטע צייט האָט דער „ברודער און די שוועסטער" אויפֿגע־הערט צו אַרבעטן, האָבן זיי נישט געצאָלט קיין דירה־געלט, און אַז זיי האָבן נישט געצאָלט קיין דירה־געלט, האָט שוין דער שכן אויך נישט געצאָלט, האָט נאָטע שוין אויך נישט געהאַט קיין חשק צו צאָלן. דער פֿאַרוואַלטער האָט אָבער נישט געוואָלט וויסן פֿון קיין זאַך, ער האָט גע־פֿאָדערט דאָס זייניקע — די גאַנצע זעקס קאַרבן דירה־געלט. און נאָטען האָט זיך נישט געגלוסט צו באַצאָלן פֿאַר אַנדערע לאָקאַטאָרן. אַזוי האָט מען זיך געהאַלטן אין איין קריגן, אין איין אַרומרייסן און . . . קאָכן פֿון די זעלבע טעפּלעך און שלאָפֿן אונטער דעם זעלבן שטיקל דאַך.

# #

ווען מען האָט אַריינגענומען אַלטערלען, האָט מען געהאַט פֿאַר־געסן, אַז ערשט מיט עטלעכע מינוטן צוריק האָט מען זיך געקריגט איבער דעם, ווער עס האָט היינט געדאַרפֿט אַריינגיסן נאַפֿט אינם לעמפּל. אַזוי ווי יעדער האָט געהאַלטן, אַז דאָס געהערט צום אַנדערן, און אַזוי ווי יעדער אַנדערער האָט נישט געוואָלט צוגעבן, האָט דער ערשטער געוואָלט אויסלעשן און דער צווייטער האָט עס נישט געוואָלט ליידן, האָט מען זיך אַזוי לאַנג געאַמפּערט, ביז דאָס גלעזל האָט געפּלאַצט. עס וואָלט אוודאי געוועזן הימל עפּן זיך, ווען אַלטערלס אַרומשלייכן זיך איבערן בוידעם וואָלט נישט אַלע פֿאַראינטערעסירט. צום ערשט האָט מען גע־מיינט, אַז דאָס איז אַ גנב. און אַזוי ווי יעדע פֿון די דריי שכנות האָט

געהאַט הענגען אַביסל וועש, האָט מען געמיינזאַם דערשפּירט די סכנה און זיך געלאָזט אינאיינעם פֿאַרטיידיקן זייער ביסל האָב און גוטס.

איצט האָט מען שוין אַלטערלען אויסגעפֿרעגט, ווי אַזוי ער קומט אַהער, און וואָס ער טוט דאָ, און ווי אַזוי האָט ער זיך דערפֿרעגט. מען האָט זיך געגרויסט, אַז דאָ איז נישט דאָס קליינע שטעטל, און אַז מען וויל איינעם אויסגעפֿינען, מוז מען האָבן יענעמס נומער, און אַז מען ווייסט נישט, איז טאַקע שלעכט.

אויסגעפֿרעגט זיך, וואָס מען הערט אין שטעטל, איז אויפֿגעשוואוי־מען די פֿראַגע, וואו וועט אַלטערל שלאָפֿן? אַז קיין פּיצל ערד איז אפֿילו נישטאָ. און דאָ איז שוין שפּעט אויך, איז געבליבן, מען זאָל אים אַריינ־לייגן צום „ברודער" צופֿוסנס. איז אָבער צופֿוסנס שוין געשלאָפֿן אַן אַנדערער, אַ ייד, אַ סטאָלער, וואָס האָט געצאָלט די „שוועסטער און ברו־דער" אַ האַלב קערבל אַ חודש דירה־געלט, פֿאַר שלאָפֿן מיט אים אין בעט.

## אַלטערל ווערט אַן אַרבעטער

דער אינדערפֿרי איז אין נאָטעס „הויז" געווען אַנגעצויגן און פֿאַרכמורעט. גענומען האָט עס זיך דערפֿון, וואָס דער סטאָלער איז אויפֿגעשטאַנען אַן אומצופֿרידענער, און וואַשנדיק זיך דאָס שטיקל פּנים מיט אַן איינגענעצ־טער האַנט, האָט ער געברומט:

— איך בין אַ ייד אַן אַרבעטאַרער, און אַז מען קאָן נישט אויס־ציען קיין פֿוס אַ גאַנצע נאַכט, וואָס טויג עס?

און אַז אַלע האָבן געשוויגן, האָט ער שוין העכער צוגעברומט:

— אַז איך צאָל, דאַרף איך האָבן, וואו אויסצוציען אַ פֿוס . . . נישט גענוג, וואָס מען קוועטשט מיר אָפּ די זייטן . . .

האָט שוין דעם לאָמען נאָטעס ווייב נישט געקענט פֿאַרטראָגן, און וויפֿל עס האָט זיך ביי איר אָנגעקליבן ביטערניש צום לאָקאַטאָר, האָט זי אויסגעשאָסן מיט רוגזה:

— פֿאַר דעם האַלבן קאָרב אַ חודש, ווילט איר אפֿשר דאָס בעט אַליין פֿאַר זיך?

ביי אַן אַנדער געלעגנהייט, וואָלט דער לאָקאַטאָר געווען צופֿרידן, ווארעם אים אַליין האָט עס אויך פֿאַרדראָסן, וואָס זיין סוב־לאָקאַטאָר, דער „ברודער מיט די שוועסטער", לאָזט זיך וואויל־גיין און פֿאַרדינגט אַ חלק פֿון זייער בעט. נאָר דאָס מאָל האָט ער נישט געוואָלט צוגעבן גע־

רעכט זייער „הויז־באַלעבאָס״, און ער האָט זיך איינגעשטעלט פֿאַר זיין סוב־לאָקאַטאָר:

— און אַז איר צאָלט אינגאַנצן נישט קיין דירה־געלט!

האָט דאָס פֿאַרדראָסן אי נאָטען, אי זיין ווייב, האָט מען זיך גע־נומען רייסן, שרייען און שעלטן. אין מיטן דערינען איז דער ייד, דער סטאָלער, אַרויס צו דער אַרבעט און שוין נישט געטרונקען דאָס ביסל וואַרעם וואַסער, וואָס ער שטעלט זיך אַליין צו. האָט דאָס די שוועס־טער נישט געקאָנט פֿאַרטראָגן, וואָס אַן עלנדער מאַנסביל מוז אַוועקגיין אומאיבערגעביסן, האָט זי געכאַפּט אַ נאַסע שמאַטע און פֿאַרשטאָפּט די רער פֿון אייזערנעם אויוועלע, אַזוי, אַז דער רויך האָט גענומען געדיכט צוריקזעצן און זיך אַוועקלייגן אונטערן בעליק. ווען דער טשאַד האָט גענומען רייסן אין די העלדזער, איז געוואָרן נאָך מער אַ געשריי, האָט נאָטעס ווייב מיט די אַרויסגעשטאַרצטע ציין, גענומען דאָס אייזערנע בעטל פֿון דעם „ברודער״ און עס געוואָלט אַרויסשטעלן אין דרויסן. האָט דאָס די סובלאָקאַטאָרין נישט געוואָלט דערלאָזן, האָט זי אויפֿגעריסן נאָטעס ציכן פֿון בעטגעוואַנט, האָבן זיך גענומען שיטן ברודיקע פֿעדערן, האָבן זיך די געשרייען דערוויל פֿאַרשטאַרקט, די קולות פֿאַרגרעסערט און די קללות פֿאַרמערט.

דערוויל האָט מען אין הויף דערהערט די געשרייען, אָבער אַזוי ווי מען איז צוגעוואוינט געווען, אַז אויף דער „פֿאַציאַטקע״ — דעם דאַך־שטיבל — זאָלן זיך אָפּט הערן קריגערייען, האָט עס קיינעם נישט געאַרט. אָבער ווען די נאָטעכע האָט דערשפּירט אַ פֿליסיקייט אויף איר שטערן פֿונם ראַנדל מיט די זעקס אייזערנע פֿיסלעך, וואָס איז איר גע־פֿלויגן אין שטערן אַריין, האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד, אַז מען שעכט. דעמאָלט ערשט, האָט דער הויף אויך נישט געקאָנט בלייבן שטיל, און גענומען זיך אַרויפֿטראָגן איבער די צעקרומטע טרעפּ אין דער געדיכ־טעניש פֿון רויך און פֿעדערן. ערשט ווען מען האָט צעריסן דאָס בינטל געשרייען, וואָס האָט זיך געהאַט צונויפֿגעוויקלט אין איין קנויל, אָפּגע־ריסן איינס פֿונם אַנדערן, האָבן די קולות און קללות זיך געלאָזט הערן פֿון פֿאַרשיידענע ווינקעלעך.

אַלטערל האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס אַלץ איז געשען איבער אים, כאָטש אַז אים האָט שוין קיינער נישט געדענקט. ווי אַן איבעריקער דאָ, אויף דער „שמחה״, האָט ער זיך אַרויסגעשאַרט, דורכגעשטופּט דורך די מענטשן וואָס האָבן באַלייגט די שטיגן, אַ שלונג געטאָן אַ ביסל פֿרישע

לופֿט, אויסגעמישט מיט געשטאַנק פֿון פֿייכטן מיסט, וואָס האָט זיך גע־דעמפּט אין גרויסן מיסטקאַסטן אויפֿן הויף, אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער און אַרוס דורכן טויער צוריק אין דער גאַס אַריין, צוריק אין זיין נייער וועלט. גרויסן מיסטקאַסטן אויפֿן הויף, אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער און אַרויס דורכן טויער צוריק אין דער גאַס אַריין, צוריק אין זיין נייער וועלט.

דער הונגער, צו וועלכן אַלטערל איז אַזוי צוגעוואוינט געווען, און וואָס ביי אַן אַנדער געלעגנהייט וואָלט עס אים נישט אַזוי שטאַרק גע־מאַטערט, האָט אים איצט נישט אָפּגעלאָזט.

די גאַס, וואָס ער האָט נעכטן אויסגעמאָסטן אין דער גאַנצער לענג, האָט איצט געהאַט אַן אַנדער אויסזען. עס זענען געווען דאָרט אַן אַ שיער מענטשן. מען איז געשטאַנען אויף די טראָטואַרן, מען איז גע־זעסן אויף שטיינער, אויף טרעפּלעך פֿון געוועלבלעך, אויף וועגעלעך און אַפֿילו אין די פֿענצטער. און די אַלע, וואָס זענען דאָרט געזעסן אָדער געשטאַנען, זענען נישט געווען ליידיק, נאָר האָבן געהאַט עפּעס צו פֿאַר־קויפֿן: איינע — פֿרישע, ברוינע בייגל מיט מאָן אָנגעשאָטן אויף די פּלעכטלעך, אַז אַלטערל האָט אַזש געפֿילט דעם פֿרישן טעם זייערן אויף זיינע ציינדלעך; אַן אַנדערע האָט געהאַט אַ קוישל מיט געקאָכטע עפּל; אַ דריטע — היימיש געמאַכטן קעז־קוכן. אויף אַן אַנדער אָרט האָבן זיך גאָר געבראָטן קאַרטאָפֿל, און אויף אַ בלעכענעם טעלער דערביי איז גע־לעגן אַ צעשניטענער הערינג . . .

דערנעבן זענען געשטאַנען גאָרקיכן אין מיטן גאַס; ביי טישן זענען געווען אויסגעזעצט מענטשן, זיך געבלאָזן אין די הענט אַריין און געגעסן שיסעלעך מיט זופּ. אַלטערל האָט דערקענט, וואָס פֿאַר אַ זופּ דאָס איז: פּשוטע קליסקעלעך מיט אַרבעס און פֿאַררייסט מיט אָנגע־ברוינטע ציבעלעס. ער האָט זיך אָוועקגעשטעלט מחמת נייגעריקייט, וואָ־רעם קיינמאָל האָט ער נאָך נישט געזען, מען זאָל זיצן אין מיטן גאַס ביי אַ טיש און מען זאָל עסן וואַרעם געקעכץ.

און קוקנדיק אַזוי, זענען די געברוינטע ציבעלעס אים אַריינגע־קראָכן אין נאָז, און פֿון דאָרט — ביז צום שטערן, ווי טיטוסעס ווערעמל, געשפּאַרט זיך ביז צום מח און אים אַזש אונטערגעהויבן דעם שאַרבן.

ער איז אַוועקגעגאַנגען און אַביסל ווייטער האָט ער דערזען, ווי אויף אַ פֿאַן פּרעגלען זיך שטיקלעך קישקע. צום ערשט האָט ער גע־מיינט, אַז דאָס איז גוייִשע „קאָלבאַס", אָבער באַלד האָט ער געזען, ווי עס קומען צו יידענעס אין וואַרעמע שובעס, מסתמא סוחרטעס, און

זיך געהייסן דערלאַנגען אַ הייס קישקעלע. האָט זיך שוין דאָס שפּייעכץ
גענומען נאָך מער גאַווערן פֿון זיינע ליפּן.

אין אַ רינשטאָק איז געלעגן אַן עפּל. אַלטערל האָט זיך אַוועקגע־
שטעלט וואַרטן און זען, צי וועט עמיצער אויפֿהויבן דעם עפּל צי נישט.

ער איז געשטאַנען און געחלומט, ווי ער האָט שוין דעם עפּל אין
האַנט, ווי ער בייסט אים איין, ער איז זיס . . . ער האָט שוין אפילו גע־
פֿילט דעם טעם דערפֿון, אָבער, אַז ער האָט זיך אַליין, ווי אויפֿגעכאַפּט
פֿון זיין פֿאַרטראַכטקייט, האָט ער געזען, ווי קיינער האָט דעם עפּל נישט
אויפֿגעהויבן. ער האָט זיך ענדלעך אָנגענומען מיט מוט און איינבויגנדיק
זיך, אַז דאָס בלוט האָט אים געשלאָגן אין פּנים, האָט ער אויפֿגעהויבן
דעם עפּל און ערשט דערזען, אַז ער איז געווען אָפּגעביסן און אַרומגעפֿוילט.

פֿונדעסטוועגן האָט זיך אַלטערל נישט אָפּגעזאָגט פֿון דער מציאה,
ער האָט נישט אַוועקגעוואָרפֿן דעם עפּל, נאָר בלויז אים אַרומגעווישט
מיט זיין אַרבל, אַרומגעצופּט מיט די נעגל דאָס פֿאַרפֿוילטע און אויפֿ־
געגעסן.

דערווייל האָט ער זיך געשלייכט דורך גאַסן און סקווערן, דורך
געסלעך און דורכגאַנגס־הויפֿן. ער האָט נישט געהאַט קיין ציל און זיך
געטראָגן, ווי אויף הפֿקר־פֿליגל. אַמאָל האָט ער באַטראַכט עפּעס אַ טשי־
קאַווע זאַך, מיט וואָס די גרויסע שטאָט איז פֿול. אַמאָל האָט ער זיך
אָפּגעשטעלט זען, ווי איינער האָט געשפּילט אויף אַ האַרמאָשקע, און אַ
פּאָפּוגיי האָט אַרויסגעגרעבלט עפּעס אַן אומפֿאַרשטענדלעך וואָרט. און
ווען איינער האָט געגעבן עפּעס אַ מטבע דעם, וואָס האָט געדרייט מיטן
שפּיל־קאַסטן, האָט דער פּאָפּוגיי אַרויסגעצויגן עפּעס אַ געל צעטעלע.

אַלטערל איז געווען אויסגעטאָן פֿון געדאַנקען, ווייל ער האָט מורא
געהאַט צו טראַכטן. אין אָנהויב איז אים איינגעפֿאַלן דער געדאַנק, וואו
וועט ער היינט נעכטיקן? נאָר עפּעס אין זיך איז אויפֿגעשטאַנען אַ בטחון,
אַ זיכערקייט, אַז ער וועט נישט פֿאַרפֿאַלן ווערן.

דער טאָג איז שוין געשטאַנען נידעריק. די אָנקומענדיקע נאַכט
האָט גענומען אָנזאָגן די גרויע בשורה. אָבער דעם ייִנגל איז געווען פֿיל
לייכטער ווי נעכטן, בעת ער האָט זיך געלאָזט זוכן דעם אומבאַקאַנטן
אַדרעס פֿון דעם לאָמען נאָטע. איצט האָט ער שוין נישט געזוכט, נאָר
איז געווען זיכער, אַז עמיץ, אַן אומבאַקאַנטער, אַ קיינמאָל נישט געזע־
ענער, טראָגט זיך איצט אַרום איבער די גאַסן פֿון אָט דער גרויסער שטאָט,
און ערגעץ ביי אַ צונויפֿקום פֿון גאַס מיט גאַס, וועט ער אים געפֿינען

און יענער וועט אים מיטנעמען און אים געבן אַ געלעגער אונטער זיין קאָפּ, אַ ביסן ברויט אין זיין שוין פֿאַרשמאַכטן מויל.

און אַזוי ווי ער האָט געטראַכט, אַזוי איז געשען.

עפּעס אַ ייד אין אַ לאַנגן כאַלאַט, וואָס האָט אויסגעקערט די גאַס אַרום די טריט, מיט אַ גאָר ברייטן היטל, ווי אַ קליין קיילעכדיק טישל, האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן פֿאַר אים. ער האָט אפֿילו נישט געזען פֿון וואַנען דער ייד האָט זיך דאָס פּלוצלינג גענומען. דער ייד האָט גע־קייקלט אַ פֿעסעלע פֿון ביר מיטן פֿוס, און דאָס פֿעסעלע האָט דוקא נישט געוואָלט זיך קאָלערן גלייך, ווי דער פֿוס פֿונם ייד האָט געוואָלט, נאָר זיך פֿאַרקירעוועט אין דער זייט, אָפּטמאָל זיך אפֿילו אויסגעדרייט אויף צוריק, אָדער גאָר זיך אַראָפּגעלאָזט פֿונם טראָטואַר אין דערבייאיקן ראָוו.

פּלוצלינג מאַכט דער ייד צו אַלטערלען, צו וועמען דאָס פֿעסעלע האָט זיך צוגעקייקלט: „ווילסט פֿאַרדינען אַ פּאָר גראָשן?״ און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפֿער, האָט ער באַפֿוילן, ער זאָל נעמען דאָס פֿעסעלע אויף די אַקסלען און מיט אים מיטגיין.

אַלטערל האָט גענומען דאָס פֿעסעלע אויף זיך און געפֿילט, ווי דער טראָט זעצט זיך אים אַראָפּ. פֿונדעסטוועגן איז ער נאָכגעלאָפֿן די שנעלע שפּרייזן פֿונם ייד, און דער שווייס האָט אים, ווי אַ רעגן נאַס געמאַכט.

אין מיטן וועג, אַז ער האָט זיך געשטעלט אָפּרוען, האָט זיך דער ייד אויסגעפֿרעגט:

— ביזט נישט קיין היגער?

— ניין.

— ביזט עפּעס אַ בעל־מלאכה?

— יאָ.

— אַ שטייגער וואָס?

— אַ באַהעלפֿער.

— ביי אַ מלמד?

— יאָ.

— נו, פֿאַרוואָזשע טוסטו גאָרנישט?

— כ׳האָב נישט קיין חדר.

דער ייד האָט זיך פֿאַרקרימט:

— אַי, וואָס טויג דיר אַ חדר, וואָלסט געוואָלט דינען אויף אַ שטעלע?

— יאָ.

דער ייד האָט אים נישט געלאָזט איבערקלערן און באַפּוילן מיט אים מיטצוגיין.

די עטלעכע גראָשן האָט דער ייד אַלטערלען נישט באַצאָלט, נאָר אנשטאָט דעם, האָט ער אים מיטגענומען ערגעץ אויף אַ פּלאַץ, וואָס איז געווען לחלוטין ניי פאַר אַלטערלען. דער ייד האָט אים אַריינגעפירט אין עפּעס אַ פאַבריקל, וואו עס האָבן זיך געדרייט רעדער, געשלענגלט לע־דערנע פּאַסן, שטיינער האָבן זיך געריבן אויף שטיינער, און פון אונטער דעם זענען פונקען געפלויגן געדיכט, ווי פון אַ שרפה. עס האָט גערוישט און געזשומעט. ייִנגלעך און יידן זענען געשטאַנען אין לעדערנע פאַר־טוכער, אויף זייערע האָר און ברעמען זענען געלעגן שטיקער ליים־שטויב, זיי האָבן געטראָטן מיט די פיס אויף טראָט־ברעטלעך, געדרייט מיט די הענט די רעדלעך, זיך מיטגעבויגן און מיטגעוויגט.

דער ייד האָט באַפוילן:

— טו אויס די קאַפּאָטע!

האָט אַלטערל געפאָלגט, אויסגעטאָן זיך דאָס קאַפּאָטקעלע און זיך דורכגעשפּאַרט צו אַ טישל, וואָס איז געשטאַנען מיט די פּיסלעך אַריינ־געגראָבן אין אַ הויפן ליים. דאָרט האָט ער זיך אַוועקגעשטעלט און, לויטן אָנווייז, גענומען רייניקן מיט אַ שמאַטע פיר־קאַנטיקע שייבלעך און רונדיקע שפּיגעלעך.

אַלטערלס ערשטער וואַרשטאַט אין דער גרויס־שטאָט איז געווען אַ שפּיגל־שלייפעריי. אָבער אַזוי גיך האָט מען אים נישט צוגעלאָזט צו די שלייף־שטיינער. ער איז אַזוי אָפּגעשטאַנען לאַנגע טעג ביי דעם ברעט־טיש און געווישט די פאַרבלאָטיקטע שפּיגעלעך, וואָס זענען אַרויסגעקו־מען פון אונטער די שטיינער. ער האָט געווישט מיט כוונה, מיט פלייס און מיט ליבשאַפט. אים איז גוט געווען דערפון, וואָס ער האָט זיין ווינקל, וואו צו שטיין, זיין שמאַטע, מיט וואָס צו אַרבעטן און דער עיקר —וואָס די שלייף־שטיינער גיבן אַרויס אַ סך שפּיגעלעך, אַ סך שייבע־לעך, וואָס ער דאַרף רייניקן און אַרומווישן.

אים איז גוט געווען, וואָס ער קומט אָן אויסגעהונגערטער צום טיש פון זיין באַלעבאָס און דאָס עסן באַקומט אים.

אַלטערל האָט געוואוסט, אַז ער ברענגט נוצן אויף דער וועלט. ווען ער האָט אַ קוק געטאָן אויף די נעגל פון זיינע פינגער, האָט ער געזען, אַז זיי וואַקסן שוין נישט אַזוי גיך און אַזוי ווילד אַרויס. ער האָט פאַר־שטאַנען, אַז דאָס קומט פון דער אַרבעט. און אָט דאָס דאָזיקע, דאָס אומ־

באַקאַנטע פֿאַר אים — אַרבעט — האָט אַרויסגערופֿן ביי אים אַ נייעם קוואַל פֿון אינערלעכער שמחה. ער האָט געטאָן מיט חשק יעדע זאַך, נישט בלויז ביים טישל מיט שפּיגעלעך, נאָר אויך אין קיך, ווען ער האָט צוגעהאָלפֿן דער באַלעבאָסטע ביים וואַשן די דילן, און ביים אַרויס־טראָגן די קוישן מיט ליים.

זיין שטים האָט זיך ווידער אָפּגערופֿן אין זיין האַלדז. אַלטערל האָט זיך צעזונגען הויך, קלינגענדיק, אַז עס האָט זיך אויסגעוויזן, ווי די ריי־מענס, די רעדער און די שלייף־שטיינער זינגען מיט:

„שוועסטער און ברידער פֿון אַרבעט און נויט — — —"

## דאָס געלעגער

ביז ס'איז אַרויסגעקומען אַ ברוגז צווישן מאַן און ווייב איבער דעם לערן־ייִנגל — אַלטערל.

צום ערשט איז עס אַזוי געווען:

דער באַלעבאָס האָט נישט געוואָלט ליידן, וואָס די באַלעבאָסטע האָט אַלע רגע אָוועקגערופֿן דאָס לערן־ייִנגל פֿון זיין אַרבעטס־טיש און אים אַוועקגעשטעלט אין קיך וואַשן דאָס געפֿעס, שאָבן קאַרטאָפֿל, רייבן דעם דיל און אפילו האַקן פֿיש.

אַממייסטנס האָט ער געצאַרנט, וואָס אין מיטן ערב שבת, האָט זי אים אַוועקגעשיקט מיטן טשאָלנט צום בעקער, וואו ער האָט זיך פֿאַר־זוימט אַ האַלבן טאָג.

און ער האָט געטענהט:

— וואָס איז ער, אַ דינסט־מויד, צי אַ לערן־יונג?

האָט זיך דאָס ווייב אַוועקגעזעצט זיפֿצן, אַז זי האָט נישט קיין כוח צו לעבן און קאָכן די טעפּ פֿאַר אַזוי פֿיל געזעלן; אַז זי קאָן נישט דער־וואַשן די דילן פֿון אַזוי פֿיל אָנגעטראָטענער בלאָטע; און אַז זי האָט זיך שוין די הענט אָפּגעריבן פֿון וואַשן וועש פֿאַר פֿרעמדע יונגען, די אַר־בעטאָרערס. סוף כל סוף וועט זי זיך אַוועקלייגן קראַנק און די גאַנצע הארעוואַניע וועט גיין פֿאַר אַנדערע.

דער מייסטער האָט איינגעזען, אַז זי איז גערעכט, נאָר אַזוי ווי אַ ווייב טאָר מען נישט נאָכגעבן, האָט ער זיך ווי פֿאַרענטפֿערט:

— אַז דאָס ייִנגל איז אַ וואויל ייִנגל, אַ פֿלייסיק ייִנגל, האָרכט און פֿאָלגט, נאָר וואָס דען, אַז ער איז מער אין קיך ווי אין פֿאַבריק, וואָסזשע קאָן מען האָבן פֿאַר אַ נוצן פֿון אים?

האָט אים ס'ווייב פֿאַרזיכערט:

— זאָל ער זיך בעסער נישט אַזוי גיך אויסלערנען און דיך לאָזן שטיין ווי אַ נאַר אויפֿן מאַרק; אַז ער וועט נאָר קאָנען זיך צוכאַפּן צום שלייפֿשטיין, וועט אים שוין עמיץ אַנדערש אויסכאַפּן, און מיר וועלן האָבן אים אָנגעפּאַשעט פֿאַר אַן אַנדערן . . .

האָט דער מייסטער געזען, אַז די יידענע איז ווידער גערעכט, האָט ער געשוויגן און זיך געגעסן פֿון פֿאַרדראָס.

אָבער פּלוצלינג איז געשען אָט וואָס: איינמאָל, נאָך אַ שווערן טאָג אַרבעט, ווען די עלטערע געזעלן זענען אַוועקגעגאַנגען און אַל־טערל האָט נאָך געהאָט אַרויסצוטראָגן גאַנצע קאַסטנס מיט ליים און פּולע פֿעסער מיט שיטערע, געלע בלאָטע, און נאָכדעם, ווי ער האָט אַרומגעשאָבן די מאַשינען, אויסגעווישט דעם דיל פֿון פֿאַבריק, אויס־געטרוקנט און אָנגעשאָטן מיט פֿרישן, טרוקענעם זאַמד, האָט דעם באַ־לעבאָס ווייב, נאָך איידער זי האָט אים געגעבן אָוונט־מאָלצייט, אים געהייסן אָפּפּוצן די מעשענע לייכטער, די קופּערנע פֿיש־פֿאַנען, אַז אַלץ זאָל בלאַנקען, און פֿאַר אַ צוגאָב, האָט זי אים אויך געגעבן דאָס מע־שענע חנוכה־לעמפּל, וואָס האָט זיך אַליין אַרומגעצירט מיט אַ פֿאַרשימל־טער גרינקייט. כדי צו זיין זיכער מיט זיין אַרבעט, האָט זי אויסגעגאָסן עטלעכע פֿאַמשעפּלעך מיט רעגן־וואַסער אויף דעם דיל און אַליין האָט זי, כדי ווייזן אַז זי העלפֿט צו, מיט אַ דאַרן בעזים גענומען רייבן די בלאָטע. נאָר אַזויווי אויף דער קיך האָט גענומען עפּעס לויפֿן, האָט זי איבערגעלאָזט דעם דאַרן בעזים און זיך געלאָזט צו די טעפּלעך. דע־מאָלט האָט אַלטער פֿאַרשטאַנען, אַז זיין רוקן וועט זיך שוין היינט נישט אויסגלייכן פֿון דער אַרבעט, און נאָך מער — די שיך זענען צעווייקט גע־וואָרן פֿון וואַסער און ליים אַזוי, אַז די זוילן האָבן זיך קודם אָנגעבלאָזן און נאָכדעם צעווייקטערהייט אָפּגעפֿאַלן. אַלטערל האָט פּלוצים אַוועק־געוואָרפֿן דעם בעזים און זיך צעוויינט, אַז אים הונגערט.

די באַלעבאָסטע איז אַריינגעקומען צולויפֿן און אויסגעלאָזט אַלדי בייזע חלומות צו זיין קאָפּ און די שונאים'ס הענט און פֿיס. זי האָט גע־מיינט, אַז ער האָט זיך געקוילעט, צום סוף גאָר, ווי לאַנג איז עס, אַז זי האָט אים געגעבן צווי שיסלען מיט געדיכטע גרויפּן־גריץ?

נאָר סיי ווי האָט זיך עס שוין אָנגעהויבן. אַלטערל איז געווען צערייצט נישט פֿון הונגער, נאָר ווייל די שווערע אַרבעט האָט אים גע־שטאָכן אונטער די פּאַכוועס. ער האָט אַקעגנגערעדט און אפילו שאַרף

געגעבן אָנצוהערן, אַז ער איז נישט קיין דינסטמיידל.

האָט די באַלעבאָסטע אויפֿגעכאַפּט, אַז דאָס איז דעם „מייסטערס" רייד און אים אַרויסגעוואָרפֿן, פּשוט, ווי מען וואַרפֿט אַרויס אַ זאַך, וואָס האָט זיך אָפּגענוצט און מען קאָן שוין דערמיט גאָרנישט טאָן. דעם גאַנצן חורבן האָט זי אַזוי געלאָזן, זאָל ער קומען, דער „מענטליק" אירער, דער מאַן, און זאָל ער זען מיט זיינע אייגענע אויגן דעם חורבן.

שפּעט אין אָוונט איז דער מאַן געקומען. ער האָט אין דער פֿינצ־טערניש פֿון פֿאָדערהויז אָנגעטאַפּט מיט די אויגן עפּעס אַ לעבעדיקע זאַך, ווי אַן אָפּגעריסענער שאָטן וואָלט געבליבן פֿון עמיצן הענגען אויף דער וואַנט.

ער האָט אַ געשריי געטאָן:

— ווער איז דאָס?

עס איז געווען שטיל. ער האָט נאָר געהערט אַ שטיל כליפּען און אַן אָפּגעהאַקט אָטעמען.

נאָכאַמאָל:

— ווער איז דאָס?

דאָס כליפּען האָט אַרויסגעוואָרפֿן אַן ענטפֿער:

— ס'איז איך.

דער מייסטער האָט צום ערשט געמיינט, אַז דאָס האָט מען אונ־טערגעוואָרפֿן עפּעס אַ קינד. ער האָט געטאַפּט אין אַלע זיינע קעשע־נעס צו געפֿינען אַ שוועבעלע און, אַז ער האָט נישט געפֿונען, האָט ער אויפֿגעפּראַלט די טיר. אָבער, אויך פֿון דאָרט האָט אַרויסגעיאָגט אַ פֿינצטערניש. עס איז אים עפּעס געוואָרן אויפֿפּאַלנדיק, און כדי נישט אָפּצולאָזן דעם שאָטן, מיט וועלכן ער האָט גערעדט, האָט ער אַלץ גע־האַלטן אין איין איבערפֿרעגן: „ווער איז דאָס"?

אַז ער האָט ענדלעך דערזען ביים שיין פֿון פֿייער שטיין דאָס ייִנגל, ווי אַ הילפֿלאָז פֿייגעלע, האָט זיך דער מייסטער שטרענג אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס טוסטו דאָ אין פֿאָדער־הויז?

אַלטערל האָט געהאַלטן אָנגעגרייט אַן ענטפֿער:

— מיך הונגערט!

דאָס ערשטע האָט דער באַלעבאָס געוואָלט וויסן, צי ער האָט נישט געגעסן קיין מאָלצייט, און, אַז אַלטערל האָט געשוויגן, גלייך, ווי דאָס וואָלט געווען זיין אייגענע שולד, וואָס ער האָט נישט געגעסן, האָט דער מייסטער צוגעלייגט:

— דו ווייסט נישט וואו דאָס ברויט ליגט?

אויף דעם האָט זיך דאָס קול פֿון דער באַלעבאָסטע אָפּגערופֿן פֿון דער טיפֿער פֿינצטערניש אַרויס: „אוי וויי איז מיר”.

דער באַלעבאָס האָט אויפֿגעהויבן דעם לאָמפּ העכער איבער זיין קאָפּ און געזען, ווי זי ליגט שוין אין בעט מיט אַן אַרומגעבונדענעם שטערן. אין צימער איז געשטאַנען אַ נעץ, נאָר אַרומצושווימען. האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז מען האָט שוין דאָ געמאַכט אַן „ערב שבת”, און כדי אַנצולערנען זיין ווייב, האָט ער אַ פֿרעג געטאָן דעם יינגל שאַרף:

— וואו האָסטו דיין קאַפּאָטע?

אַלטערל האָט נישט פֿאַרשטאַנען די ווערטער, אָבער ער האָט גע־פֿילט דעם באַלעבאָס'ס כוונה. ער האָט געשוויגן און דער באַלעבאָס איז געוואָרן שטרענגער:

— גיי צו דיין משפחה. דאָ האָסטו קיין פּלאַץ נישט מער.—און נישט צו וואַרטן אויף אַן ענטפֿער פֿונם יינגל, האָט ער אויפֿגעעפֿנט ברייט די טיר און איבערגעחזרט: — דאָ האָסטו קיין פּלאַץ נישט. — דאָס יינגל איז אַרויסגעגאַנגען געהאַרכזאַם און מיט באַדויערן. ערשט אין פֿאָדער־הויז, האָט ער געהערט, ווי די טיר האָט זיך געגעבן אַ מאַך צו, אַז די שויבן אונטער די צוגעלענטע לאָדנס האָבן זיך אַזש צעקלונגען.

# #

די שפּעטע שעה האָט אַריינגעוויינט אין אַלטערלס געמיט. עס איז געווען אַ נאַסע קעלט. דער שניי, וואָס האָט געשאָטן, איז ערגעץ וואו אויסגעגאַנגען. עס איז געבליבן ליגן אַן עסנדיקע נאַסקייט, וואָס האָט געביסן די פֿיס. אַלטערל איז צוגעגאַנגען צו דער טיר פֿון פֿאָדער־הויז, וואָס איז געווען אנשטאָט אַ טויער צו דער שטוב, וואו זיין מייס־טערס פֿאַבריקל פֿון געשליפֿענע שפּיגלען איז געווען. ער האָט אַרויס־געקוקט: די גאַס איז שוין געווען אָפּגעליידיקט און די גרינע פֿייערלעך פֿון די גאַז־לאַמטערנס האָבן געשטאָכן ווי מיט שפּיזלעך, איינגעטונקען אין גאַל.

וואו צו גיין איצט, האָט ער נישט געהאַט און זיך נישט דערוועגט. ער האָט געהאַט אַ סך באַקאַנטע, ער האָט צו יעדן איינעם שוין גע־טראָפֿן. אָבער ער האָט זיך געשעמט, וואָס מען האָט אים אַרויסגעוואָרפֿן פֿון דער „שטעל” און חוץ דעם, איז דאָך שוין אויך געווען שפּעט. ער־געץ אַנדערש זענען שוין די טויערן פֿאַרמאַכט, און דאָס פֿאָדער־טירל וועט דער נאַכט־היטער אויך צומאַכן. אַלטערל האָט נישט געטראַכט,

נאָר באַשלאָסן, אַז ס׳בעסטע וועט זיין, ווען ער וועט זיך זעצן אויף די טרעפּ פֿונם קעלער. אָט דער קעלער, צו וועלכן ער איז צוגעוואוינט, דאָרט וואו זיין באַלעבאָסטע האַלט קאַרטאָפֿל, מערן, קוילן און דאָס פּסחדיקע געפֿעס. דער קעלער איז נישט פֿאַרשלאָסן, ווייל ער קומט אויס ביי דער טיר פֿון זייער קיך. דאָס בעסטע וועט זיין דאָרט איבער־צוזיצן די נאַכט. קיינער וועט אים נישט זען און קיינעם וועט ער נישט שטערן. באַלד אינדערפֿרי וועט ער זיך אַרויסכאַפּן און אַוועק צו זיינעם אַ חבר, אָדער גאָר אין קליינעם בית־המדרשל, וואו עס איז וואַרעם און אומעטיק.

ער האָט פּאַמעלעך אויפֿגעמאַכט דאָס הילצערנע טירל פֿונם קע־לער, גוט צוגעדריקט די זאַוויעסעס, זיי זאָלן נישט סקריפּען און זיך אַוועק־געזעצט אויף דעם ערשטן טרעפּל, וואָס ער האָט דערפֿילט, אַז עס שניידט אים זיין קנעכל.

נאָר עפּעס איז געשען. ווי נאָר ער האָט זיך אַוועקגעזעצט, אַזוי האָבן עפּעס האַמערס אָנגעהויבן צו שלאָגן אין די שלייפֿן. אין קאָפּ האָט זיך אים אָנגעהויבן צו מישן. ער איז געשלאָפֿן און אויפֿגעוועקט. חלומות האָבן זיך גענומען וויקלען אַרום זיין האַלדז און אים געשטיקט.

## אין צווישנצייט

ווער עס איז געווען דער, וואָס האָט אויפֿגערודערט דאָס הויז, האָט אַל־טערל נישט געוואוסט, ווארעם, ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון זיין „געלעגער״ אויף די שטיגן פֿון קעלער, איז שוין געווען געדיכט אַרום אים מיט מענטשן. אַלע האָבן גערעדט אינאיינעם, אים געריסן און גע־טרייסלט פֿאַר די אַקסלען. ער האָט אַפֿילו געהערט נאָך אין שלאָף, ווי אַ פּאָליצייאיש פּייפֿל שניידט זיך דורך דער לופֿט. און ווען ער האָט גע־עפֿנט די אויגן, האָט ער דאָס ערשטע געזוכט דאָס פּייפֿל. אָבער חוץ אַ מעשענעם בלעכל אויפֿן הויז־היטערס היטל, האָט ער אַרום זיך קיין שום מענטשן נישט דערקענט.

ווער האָט אים טאַקע אויפֿגעוועקט, נאָכדעם ווי מען האָט אים גע־טראָפֿן ליגן ווי אַ קריכוואָרם, איינגעוויקלט אַזוי, אַז דער קאָפּ איז אויס־געקומען טיף איינגענורעט צווישן די קני? פֿאַרשטייט זיך, אַז די ער־שטע איז געווען וולאַדיסלאַווא, דעם הויז־היטערס ווייב, בעת זי האָט געוואָלט אַרונטערגיין אין קעלער נאָך קוילן. שפּעטער האָט די באַלע־

באַסטע געזאָגט, אַז דאָס איז געווען פּשוט אַ גליק, וואָס דעם הויז־הי־טערס ווייב האָט געהאַט אַ „טבע" יעדן פֿאַרטאָג צו גיין אין קעלער און אַרויסגנבענען אַ קיבל מיט קוילן . . . האָט זיך איר טראָט אָנגעשטויסן אָן עפּעס אַ ווייכער זאַך. און ווען זי האָט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, געגעבן אַ שטאָרך מיטן שפּיץ פֿון אירע שיך די ווייכע זאַך, האָט זי זיך אַראָפּגעקייקלט פֿון די עטלעכע טרעפּ און געבליבן ליגן אויף דער ליימיקער ערד, ווי אַ צונויפֿגעקוילערטער, שטייפֿער שלאַנג. זי האָט אין איין שרעק געמאַכט אַ שפּרייז אויף צוריק איבער אַלע טרעפּלעך, און אַריינפֿאַלנדיק אין איר שטיבל, האָט זי זיך אַ לאָז אַראָפּ געטאָן פֿאַר דעם בילד פֿון דער „הייליקער מאַריע", און ערשט נאָכדעם, ווי זי האָט זיך צעצלמט, האָט זי געמאַכט אַ גוואַלד.

איז זיך צונויפֿגעלאָפֿן דער גאַנצער „הויף" אין שלאָף־קאָפּקעס און אין שטעק־שיך. ווייבער אָנגעטאָן אין שטיוול און מענער איינגעהילט אין „דאַרעס". אַלטערל האָט געעפֿנט די אויגן, נאָר דער מאַרך איז גע־ווען פֿאַרשלאָפֿן. אין די אויגן זענען געלעגן איינגעשניטן די קעלער־טרעפּ און אין די אויערן איז געשטאַנען אַ פֿייכטע וואַנט, וואָס האָט נישט צוגעלאָזט צו זיין מוח קיין וואָרט.

פֿונדעסטוועגן, אַז מען האָט אויסגעבייטלט אַלדי בייזע חלומות צו זיין לעבן און צו זיינע הענט און פֿיס, האָט ער, ווי ער איז געשטאַנען און געגאַנגען, זיך אַרויסגעשאַרט אין גאַס אַריין. אין נעפּלדיקן פֿאַר־טאָג, אין פֿייכטן דרויסן, האָט ער זיך אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער און זיך געלאָזט גיין, וואוהין די אויגן האָבן געוויזן און די פֿיס האָבן געטראָגן.

#

עס איז געווען גוט פֿאַר אַלטערלען, וואָס ער האָט נישט געטראַכט פֿון דער געפֿאַר, וואָס לויערט אויף אים. דער טאָג, כאָטש ער האָט אים געוואָלט אויסציען, האָט זיך גענומען אָפּרוקן, און איידער וואָס און איי־דער ווען, זענען שוין יידן זיך צונויפֿגעקומען צו מנחה־מעריב אין בית־המדרשל, וואו אַלטערל האָט זיך געמאַכט זיין טאָג־היים.

אין גאַס איז ער נישט געגאַנגען. עס איז אים געווען דורכנעמענ־דיק קאַלט. עפּעס אַ ברעכעניש איז געשטאַנען אין זיינע ביינער און, פֿון צייט צו צייט, האָט אַ ציטער מיט אים אויפֿגעשווידערט.

האָט ער געזען, ווי עס לערנען יינגלעך, אַזוי אַלט און אַזוי גרויס, ווי ער. האָט ער זיך אויך צוגעזעצט צו אַ גמרא, אויפֿגעמישט די בלע־

טער און צו דערזעלבער צייט אויפֿגעמישט די בלעטער פֿון זיין אייגן לעבן. יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט אַרויסגעקרעכצט, האָט אויסגעזונגען אַ ליד פֿון זיינע יונגע אויסגעמאַטערטע טעג. עס איז אים געוואָרן נאָענט און אייגן זיין „פֿאַרגאַנגענהייט״, ווען ער האָט נאָך געגעסן טעג און גע־טראָגן די ייִנגלעך אין חדר אַריין.

איינער, אַ ייד, וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ טויבער, צוליב די גרויסע שטיקער וואַטע, מיט וואָס זיינע אויערן זענען געווען פֿאַרקאָרקעוועט, איז אָן טענות ומענות צוגעגאַנגען צו אַלטערלען, אויסגעשטרעקט זיין האַנט און געפֿרעגט: „שלום עליכם״? . . .

אַלטערל האָט די האַנט אָנגענומען און צוריק געענטפֿערט, ווי אַ באַיאָרטער מענטש: „עליכם שלום״ און ווייטער גענומען זיך פֿאַרטיפֿן אין דער גמרא.

האָט דער ייד געוואָלט וויסן:

— ביזט נישט קיין היגער?

— ניין.

— פֿון וואַנען איז אַ ייד?

אַלטערל האָט זיך אַליין עפּעס נישט דערקענט. וואָס עפּעס רופֿט יענער אים „ייד״? מאַכט ער אַ לצנות פֿון אים? צי אפֿשר איז ער נישט „ער״? ער האָט נישט געענטפֿערט. נאָר דער פֿרעמדער איז גלייך צוגעשטאַנען:

— האָסט שוין היינט עפּעס געהאַט אין דיין מויל?

אַלטערלען איז ווידער אויסגעקומען מאָדנע די פֿראַגע און ער האָט נישט אויפֿגעהויבן די אויגן צו אים.

דער פֿרעמדער, וואָס האָט זיך געהאַט צוגעזעצט צו אים מיט די פּלייצעס און נאָר דאָס פּנים אויסגעבויגן צו אים הינטערווייַלעכץ, האָט זיך אויסגעגלייכט, זיך עפּעס מישב געווען, דערנאָך זיך ווידער אויס־געדרייט צו אים, אָבער דאָס מאָל האָט ער שוין געהאַט אַ פּאַפּירן שקאַר־מיצל אין דער האַנט, דערלאַנגט עס אַלטערלען און געזאָגט:

— מאַך אַ בורא פּרי העץ!

אַלטערלס האַרץ איז געווען פֿאַרחלשט, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז אַלץ שווימט אין אים אַרום פֿון דעם וואַסער, וואָס ער האָט געהאַלטן אין איין טרינקען, כדי איינצושטילן דעם הונגער. ער האָט זיך אָנגע־כאַפּט אָן שקארמיצל, ווי אָן אַן אבן טוב, נאָר צו עפּענען דאָס איז ער נישט דרייסט געווען. דער פֿרעמדער האָט צוריקגענומען דעם שקארמיץ

און אַרויסגענומען פֿון דאָרט עטלעכע געטריקנטע פֿלוימען, און נאָכאַמאָל דערמאָנענדיק וועגן אַ ברכה, האָט ער געזאָגט:

— לעגן זיך אונטער.

אַלטערל האָט געגעסן און אים האָט זיך געדאַכט, ווי ער שלינגט פֿאַרטריקנטע שטיקלעך בלאָטע. ווארעם די פֿלוימען האָבן קיין טעם נישט געהאַט: נישט זיס און נישט זויער, נישט ביטער און נישט ווייניק. דער ייד איז אַלץ געזעסן אויסגעדרייט צו אים מיט דער פּלייצע, זיך אַוועקגעשאָקלט פֿון אים און עפּעס אונטערגעברומט. אַלטער האָט נישט געקאָנט כאַפּן, וואָס ער האָט געזאָגט: צי דאַוונט ער, צי לערנט ער און אפֿשר רעדט ער גאָר מיט זיך אַליין. ענדלעך איז דער ייד פֿאַרטיק געוואָרן און זיך צו אים אָנגערופֿן:

— וואו צו שלאָפֿן האָסטו דאָך מסתמא נישט?

אַלטערל האָט געשוויגן.

— וואָסזשע זיצטו? קום.

דער ייד האָט זיך אויפֿגעהויבן, טיפֿער אַריינגעשרויפֿט די וואָטע אין די אויערן, פֿאַרפֿעסטיקט דאָס היטל אַרום דעם שטערן, אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער און פֿעסטער איינגעצויגן דעם גאַרטל אַרום זיין בויך, זיך גרייט געמאַכט, ווי מען גייט ערגעץ אַרויס אין די ווילדע וויטענישן. ער איז אַרויס און דאָס ייִנגל נאָך אים. און איידער די נאָז האָט נאָך באַוויזן געפֿרוירן צו ווערן, זענען זיי שוין ביידע געווען אין דער היים.

די היים פֿון דעם אומבאַקאַנטן, פֿרעמד־היימישן ייד, איז באַשטאַנען פֿון עטלעכע חדרים. דאָס ערשטע איז מען אַריינגעקומען אין אַ קיך, אָנגעפֿילט מיט פּאַרע, און אין דער פּאַרע האָט זיך געטראָגן אַ ריח פֿון געפּרעגלטע ציבעלעס.

אַלטערל האָט געהערט, אַז אין קיך פּאָרקען זיך אַרום מענטשן. דאָס האָט ער אויך דערקענט פֿון דעם, וואָס עטלעכע פּאָר ליפּן האָבן עפּעס געזופּט, אָבער מחמת דער געדיכטעניש פֿון דער פּאַרע, האָט ער קיין פּנים נישט אַרויסגעזען.

דער ייד האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט אין קיך, געגאַנגען ווייטער און אין צווייטן צימער האָט ער שוין געזען דייטלעכער: עס זענען געשטאַנען פֿיר בעטן ווי אַ שלאָס־מם — און אַ חוץ די בעטן — אַ קאַנאַפּע.

דערנאָך איז ווידער געקומען אַ צימער, וואָס איז געווען גרויס און געראַם, ליידיק און קאַלט. דאָרט, אין יענער שטוב, האָט זיך דער ייד אויפֿגעשטאָפּט די אויערן, אַראָפּגעלייגט דעם קאָלנער, אויפֿגעגאַרטלט

זיך, אָפּגעווישט די הענט אָן די נאַסע שויבן און דערנאָך צוריקגעגאַנ־
גען מיט אַלטערלען אין קיך אַריין, זאָגנדיק צו עמיצן:

— טוטס אַ מצוה און גיט דעם יינגל אַ לעפּל געקעכץ.

האָט זיך אַ מיידליש קול גלייך אָפּגערופן:

— זאָל ער זיך וואַשן און זעצן צום טיש.

דערויף האָט פון דער פאַרע אַרויס אַ הייזעריק קול באַפוילן:

— לייג דאָס ברויט אויפן טיש.

צי ווייל די פאַרע איז שיטערער געוואָרן, צי ווייל אין אַלטערס אויגן איז ליכטיקער געוואָרן, נאָר ווי מען נעמט אַוועק עפּעס אַ נעפּל פון זיינע אויגן, האָט ער אָנגעהויבן צו זען דייטלעכער און קלאָרער. ערשט איצט האָט ער געזען, ווי אין שטוב זענען פאַראַן עטלעכע מענטשן: ביים טיש זיצט אַ ייד אין אַ קוטשמע און זיין באָרד איז איינגעטונקען אין דער שיסל אַזוי, אַז זי מישט זיך אויס מיט די ברעקלעך ברויט, וואָס דער ייד האָט אַריינגעשניטן אין דער זופּ. אַנדערע יידן האָבן זיך גע־דרייט איבער דער שטוב און דורכגעוואָרפן זיך מיט ווערטער.

דאָס מיידל, וואָס האָט געהייסן ער זאָל זיך גיין וואַשן, איז געגאַנ־גען אָנגעטאָן אין אַ רויט סטאַניקל, און די עלנבויגנס האָבן פון דאָרט אַרויסגעפּלאַצט. דער קאָפּ און האַלדז איז געווען איינגעהילט אין אַ „דארקעלע", און אויף די פיס האָט זי געטראָגן צוויי גרויסע, נישט פאַר־שנורעוועטע קאָמאַשן. אַלטערל, בעת ער האָט אונטערגעשטעלט זיינע געפרוירענע הענט אונטער דעם וואַסער־קראַן, האָט געטראַכט, צי איז דאָס אַ קליין מיידעלע צי אַ כלה־מויד?

און ווען אַ רעפּטל ברויט מיט אַ שיסל זופּ האָט זיך געפונען אין זיינע געדערים, איז אים סתם לייכטער און פרייליכער געוואָרן.

## אַ תכלית

דאָס ערשטע מאָל אין זיין יונגן לעבן איז אַלטערל געשלאָפן אין אַ וואַ־רעם בעט מיט אַ ווייך אונטערבעט פון פעדערן און אַ גרינג איבערבעט מיט פּוך.

אמת טאַקי, נישט אַליין איז ער געשלאָפן, נאָר מיט דעם ייד צו־זאַמען אין איין בעט, אינם אַלקער.

דאָס יינגל איז געווען אַזוי דורכגעפרוירן, אַז ווי נאָר ער האָט זיך געלייגט, האָט ער זיך איינגענורעט אין דער טיפער ווייכקייט פון די איבערדעקן, אַזוי אַז פון זיין אייגענער דערוואַרעמטער פאַרע איז אים

געוואָרן הייס און נאַס. אויפֿגעשטאַנען אינדערפֿרי איז ער אַן אויסגע־ווייקטער אין שווייס, אָבער ער האָט זיך געפֿילט גרינג אין געמיט, פֿריש און אויסגערוט.

דאָס מיידל איז אַלץ געגאַנגען מיט ניט צוגעשנורעוועטע שיך און אַ פֿאַרבונדענעם קאָפּ. ערשט פֿאַרנאַכט, ווען זי האָט אָפּגעגאָסן אין אַ באַזונדערער שיסל דאָס וואַסער פֿון די געקאָכטע לאָקשן, האָט זי גע־געבן אַ בינד אָפּ דאָס פֿאַטשיילעכל און אַריינגעוואָרפֿן צום ערשטן איר קאָפּ אין דעם הייסן וואַסער און דערנאָך אַ כאַפּ געטאָן אַלטערס קאָפּ, איינגעטונקען אים און געגומען אויסרייבן מיט זייף, וואָס איז געקראָכן אין די אויגן אַריין און געריסן. דערנאָך האָט זי מיט אַן אַלטער שמאַטע אי אירע האָר, אי אַלטערס קאָפּ גוט אַרומגעווישט און אָפּגעטריקנט.

האָט אַלטערל געזען, אַז דאָס מיידל איז העכער פֿון אים אפֿשר מיט צוויי קעפּ, נאָר אַ פּנים האָט עס אַזאַ יונגס, אַזאַ קינדערישס, אַז עס האָט זיך אים אויסגעוויזן, אַט וועט זי זיך אַוועקזעצן מיט אים אויף דער ערד און שפּילן אין סטרולקעס.

נאָר דאָס מיידל האָט זיך נישט געזעצט און נישט געשפּילט. זי האָט זיך געהאַלטן ערנסט, מישנדיק מיט אַ גרויסן הילצערנעם לעפֿל אין די פֿאַרשיידענע טעפּ, וואָס האָבן געצוואַלעוועט מיט געקעכץ. זי האָט נאָר געהאַלטן אין איין בעטן אים:

— זינג עפּעס, ייִנגל.

— וואָס זאָל איך זינגען?

— וואָס דו קענסט.

— אַז איך קאָן גאָרנישט.

— דו זאָגסט נישט אמת.

האָט אַלטערל געשוויגן און אַ הנאה האָט אים געטאָן, וואָס ער זאָגט נישט אמת, וואָס זי ווייסט, אַז אין דער אמתן קאָן ער יאָ זינגען.

נאָך וועטשערע זענען אַרויפֿגעקומען אין שטוב אַ סך מענטשן. די מערסטע ייִנגלעך און מיידלעך. פֿון זייערע רייד האָט ער דערקענט, אַז דאָס זענען דינסטן, וואָרעם יעדע האָט געהאַט צו דערציילן עפּעס פֿון איר „מאַדאַם” און נאָך יעדן דערציילן, האָבן אַלע געלאַכט.

יעדעס מיידל האָט אַלטערלען צוגערופֿן צו זיך, אים געפֿרעגט צי ער וויל זיך עפּעס קויפֿן. די יונגען האָבן אים אפֿילו געגעבן צו קאָ־פּיקעס, ער זאָל זינגען. נאָר זינגען האָט ער בשום אופֿן נישט געוואָלט,

כאָטש עס האָט אים אַליין באַנג געטאָן און פֿאַרדראָסן, פֿאַרוואָס ער זינגט נישט.

עס זענען אַוועק נאָך עטלעכע טעג, און אַלטערל האָט אַלץ נישט געוואוסט דעם תּכלית פֿון זיין זיין דאָ, און נאָך וואָס מען האַלט אים דאָ. ער האָט געפֿילט, אַז דאָס גוטסקייט וועט זיך גיך אויסלאָזן, און אַז תּמיד וועט מען אים נישט האַלטן אין וואַרעמען בעט. ער האָט אפֿילו געהערט, ווי דער בײַשלעפֿער האָט אין שלאָף געקרעכצט, ווי ער, אַל־טערל, וואָלט אים צוגענומען אַ חלק פֿון דער וואַרעמקייט. דאָס עסן וואָס ער האָט באַקומען, האָט זיך אים אויך אויסגעוויזן, ווי ער נעמט פֿון עמיצן צו, און אַז עס קומט אים נישט און ער האָט שוין געמומען טראַכטן וועגן אַוועקגיין און מער נישט צוריקקומען.

נאָר אומגעריכט איז אַזוי געשען:

די בחורים זענען געקומען צו אים און זיך אָנגעהויבן שאַפֿן מיט אים, ווי מיט אַן אייגענעם. דאָ האָבן זיי אים געהייסן, ער זאָל פֿאַר זיי אַראָפּרופֿן די מיידלעך פֿון די קיכן, און דאָ האָט מען אים געשיקט קויפֿן פּאַפּיראָסן און דערפֿאַר האָט מען אים עפּעס באַצאָלט. דאָ ווידער זע־נען די מיידלעך געקומען צו אים און פֿאַרלאַנגט, ער זאָל פֿאַר זיי שרייבן בריוולעך פֿון אַ בריוונשטעלער אַרויס. אַלטערל האָט געקאָנט גוט ליי־ענען עברי־טייטש פֿון אַ בריוונשטעלער און אפֿילו פֿאַרטייטשן די לשון־קודשדיקע ווערטער. מיט דעם האָבן זיך די דינסט־מיידלעך באַנוצט און דערפֿאַר האָבן זיי אים אָנגעברענגט גאַנצע טוצן אַלטע הויזן פֿון זייערע מאַדאַמענס קינדער, שאַליקלעך, זאָקן, וואָס האָבן זיך נישט גע־פּאַרט און הענטשקעס, וואָס די מערסטע פֿון זיי זענען גוט געווען נאָר אויף איין האַנט.

ער איז געוואָרן היימיש אין הויז פֿון זיינע נייע פֿריינט, און ווען די מיידלעך מיט די בחורים זענען זיך, נאָך אָוונט־מאָלצייט, צונויפֿגע־קומען, האָט מען אים שוין נישט געדאַרפֿט בעטן, ער זאָל זינגען. זיין הילכיק שטימעלע האָט זיך געדרייט ווי אַ שרויפֿנציער אַרויף צום בעליק און האָט אָפּגעקלונגען, אָפּגעציטערט אויף די שויבן. אַלע האָבן אים מיטגעהאָלפֿן, מיטגעזונגען און אַ זיסע רו האָט זיך ווי אויסגעבעט און אַריינגעלייגט אין זיין געמיט. אים איז געוואָרן גוט און אָנגענעם. עפּעס האָט מען זיך מיט אים אָפּגעגעבן און אַריינגענומען אים אין רעדל, ווי אַ גאַר גרויסן. ער האָט זיך אפֿילו פֿאַרשטעלט און געמאַכט גרימאַסן. ער האָט אויסגעזונגען גאַנצע שטיקער פֿון „אחשורוש שפּיל", פֿון

„יוסף מיט זיינע ברידער" און פֿון אַ „חסיד און אַן אפיקורס". ער האָט געזונגען דועטן מיט אַנדערע, און פֿון דער גאַנצער גאַס איז מען גע־קומען הערן, ווי אַלטערל זינגט.

צווישן די, וואָס האָבן אים געהערט, איז אויך געווען איינער, אַ געגריוועטער שוסטער. ער איז דאָרט אַרויפֿגעקומען אין הויז זיך טרעפֿן נישט מיט קיין דינסטמיידל, נאָר מיט אַ „באַלעבאַטיש קינד", אַ רייכער טאָכטער.

די באַלעבאַטישע טאָכטער איז געווען פֿאַרליבט אין דעם געגרי־וועטן שוסטער און נאָך מער — אין דעם, וואָס ער זינגט אין יידישן טע־אַטער. זי טרעפֿט זיך מיט אים נישט אָפֿט און דער, וואָס פֿאַרבינדט זיי, איז נישט געווען קיין אַנדערער, ווי אַלטערל. ער טראָגט עס די בריוולעך פֿון איר צו אים און פֿון אים צו איר. דערפֿאַר קריגט ער פֿון אים אַ קאָפּיקע און פֿון איר — אַן איינגעפּאַקטע האַלבע, געבראָטענע הון.

דער געגריוועטער שוסטער האָט זיך שוין לאַנג פֿאַרנומען צו מאַכן פֿון דעם „יאָט" אַ לייט. אָבער וויפֿיל מאָל ער האָט גערעדט מיטן „די־רעקטאָר" פֿון יידישן טעאַטער, האָט יענער אים געגרעבצט אין מויל אַריין און נישט געלאָזט קומען צום פּסוק. דער שוסטער האָט דערציילט פֿאַר דער גאַנצער טרופּע, וואָס פֿאַר אַ ליכטיק קולעכל דאָס יינגל האָט. אָבער ער האָט אפֿילו קיין פֿרייען „פּאַספּאַרטו" נישט געקאָנט קריגן פֿאַר אים, ער זאָל זען, ווי מען שפּילט טעאַטער.

און, אַז דער ייד פֿון אַלקער האָט געזען, אַז די דינסט־מיידן מיט די שוסטער־געזעלן האָבן אַריינגענומען דעם יינגל אין זייערע הענט אַריין, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז קיין גוטס וועט שוין פֿון דעם נישט אַרויסקו־מען, אַז קיין תכלית וועט שוין דאָ נישט זיין.

ער האָט גענומען קלערן דעם יינגל אַוועקצוגעבן צו אַ בעל־מלאכה, אָבער עס האָט זיך נישט אונטערגערוקט עפּעס אַזוינס, וואָס זאָל ראוי זיין פֿאַר אַזאַ וואויל קעפּל, ווי ער האָט. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, נאָכגעפֿאָרשט און נאָכגעזוכט, ביז דער גורל איז געפֿאַלן אים אַוועקצו־געבן צו אַ בעקער.

ער האָט מיט קיינעם נישט איבערגערעדט. אַוועקגעגאַנגען צום בעקער, זיך אַוועקגעשטעלט אין אויוון־גרוב, געציילט ווערטער, ווי ער וואָלט זיי אַרויפֿגעציילט אויף דער לאָפּעטע. דער בעקער האָט אויסגע־הערט, צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, אַריינגערוקט אַ לאָפּעטע מיט פּלעצלעך אינעם אויוון אַריין און געוואַרט, ווי דעם יידס ווערטער וואָלטן זיך צום

ערשט געדאַרפֿט אָפּבאַקן, כדי ער זאָל באַנעמען, וואָס ער וויל פֿון אים.

דער ייד האָט געטענהט:

— עס איז אַ גרויסע מצוה. אַן איידל קינד, אַ טייער קינד און אַ גוטער לערנער אויך. אַ קאָפּ, ממש אויף שרויפֿן.

האָט דער בעקער צוריקגעטענהט:

— אַז וואָס דאַרף איך זיין קאָפּ. אַ פּאָר אַקסלען האָט ער? אַ פּאָר הענט פֿאַרמאָגט ער? אַ קויש מיט געבעקס וועט ער קאָנען טראָגן צו די זיצערקעס?

האָט דער ייד צוריק באַשטעטיקט:

— וואָס הייסט? אַ געזונט יינגל, איר זאָלט אים נאָר געבן צו עסן.

האָט דער בעקער אַרויסגעצויגן די לאָפּעטע פלעצלעך, זיי באַזאַלצן און צוריקגעענטפֿערט:

— עסן? אפילו צעזעצטערהייט. זאָל ער נאָר קאָנען טראָגן אַ האַלב זעקל מעל, אָנוואַרפֿן אַן אויוון האָלץ און אָנגיסן אַ בייט וואַסער, וועט ער שוין האָבן צו עסן.

איז דער ייד באַשטאַנען. זיך משווה געווען. גאַנצע פּופֿצן קאַרבן אַ זמן, און פֿאַר טשאָלנטער באַזונדער. מען האָט זיך צוגעוואונטשן און דער ייד איז אַוועקגעלאָפֿן אָנזאָגן אַלטערלען די בשורה, אַז ער האָט אויסגעפֿונען אַ תכלית פֿאַר אים.

## ביים בעקער

אין אַן אינדערפֿרי האָט דער ייד אַלטערלען אַוועקגעפֿירט צום בעקער און אים דאָרט איבערגעלאָזט אַן אַ זיי־געזונט.

דער בעקער האָט אים באַטראַכט, ווי מען באַטראַכט אַ יונג פֿערדל, מיט די אויגן אויסגעפּרואווט זיינע אַקסלען, קוקנדיק צו דער זעלבער צייט אויפֿן גרויסן, ברוינעם געפֿלאָכטענעם קויש, וואָס איז געווען אָנ־געפֿילט מיט בייגל און פלעצלעך.

כאָטש אַלע האָבן געוואוסט, אַז ער הייסט אַלטער, האָט אים דער באַלעבאָס גערופֿן „חסידל" און די געזעלן — „חזן".

פֿאַרוואָס חזן? ווייסט ער נישט. נישט ער האָט געזונגען פֿאַר זיי און נישט ער האָט געזאָגט, אַז ער קאָן זינגען.

שפּעטער האָט דער באַלעבאָס אַליין שוין אויך אויפֿגעהערט רופֿן אים חסיד און גלייך מיט אַלע זיך געשאַפֿן מיט אים:

— חזן, ברענג אַריין אַ פּאָר אָרעמס האָלץ!

— חזן, גיס אָן וואַסער!

און אַזוי כסדר. חזן, מאַך פייער, שיט אַריין אין בייט דאָס מעל, קלאַפּ אויס די זעק, קראַץ אָפּ די לאָפּעטעס און גיי ברענגען די טשאָלענטער!

אַלטערל האָט געפאָלגט. אין עטלעכע טעג אַרום האָט ער שוין געהאַט פאַרגעסן אָן דער פרייער וועלט. אויסגעמעקט איז געוואָרן פאַר אים די „בערזע", וואו ער פלעגט קומען יעדן שבת נאָכן עסן און זיך טרעפן מיט נאָך אַזוינע יינגלעך, ווי ער. ער האָט נישט געוואוסט, נאָך וואָס ער איז געגאַנגען אַהין און וואָס ער האָט דאָרטן געהאַט צו טאָן, אָבער חברים האָבן אים מיטגענומען. ער האָט געזען, ווי גרויסע, דערוואַקסענע בחורים מיט לאַנגע, געדיכטע האָר, דרייען זיך פאַרביי אים און זיינע חברים. ער האָט אויפגענומען זייערע שפּעטשערייען אין אויער:

— דריי זיך אַוועק . . . וואַרט אין ראָג . . . עס זענען דאָ אויס־קוקערס.

און ער, גלייך מיט אַנדערע, האָט זיך אַוועקגעדרייט. מורא גע־האַט און פאָרט געגאַנגען. אים האָט הנאה געטאָן, וואָס די גרויסע גיבן אים אַמאָל די האַנט און הייסן קומען אין קרייזל . . .

אָבער דאָס איז געווען דעמאָלט, ווען ער האָט געאַרבעט ביים שפּיגל־שלייפער. דאָרט איז געווען דער לאַנגער לייבל, וואָס איז געווען אַזוי הויך, אַז ער, אַלטערל האָט געפּרוּווט, ווען ער איז געווען גוט אויפגעלייגט, אַדורכגיין צווישן זיינע פיס, ווי מען גייט אַדורך דורך אַ טויער . . . דער לאַנגער לייבל האָט אים איינמאָל געזאָגט אַזוי:

— אַלטער, דו ביזט אַן אַרבעטאָרער, און דו מוזט קומען זיך פאַר־איניקן . . .

ער געדענקט אפילו, ווי אויף דער „בערזע", וואָס האָט פאַרנומען אַ שמאָלן טראָטואַר פון איין געסל ביזן אַנדערן, האָט מען גערעדט וועגן אים, אַלטערלען, וואָס דער באַלעבאָס האָט אים צוגענומען, ווי אַ קנעכט אויף דריי יאָר. מען האָט דעמאָלט אפילו גערעדט, אַז מען וועט עס נישט דערלאָזן. און אַלטערל האָט באמת געציטערט, טאָמער קומט מען צו דעם באַלעבאָס טענהן וועגן אים, וועט דער באַלעבאָס גאָר אינגאַנצן אים אַוועקטרייבן . . .

נאָר געקומען איז מען קיינמאָל נישט. ס'קאָן זיין, ווען מען האָט אים אַרויסגעוואָרפן, האָט ער געדאַרפט גיין אויף דער „בערזע" זיך פאַרקלאָגן, אָבער ער איז נישט געגאַנגען. דעם לאַנגן לייבל האָט ער

קיינמאָל מער נישט געזען. און אָנשטאָט דעם, איז ער גאָר אַריינגעפאַלן צו דעם ייד אין „הינערשטייג" און זיך אָפּגעגעבן מיט אַנדערע, מיט יונגען און מיט מיידן, וואָס האָבן געזונגען לידער נישט פון „אַרבעט און נויט", נישט „שוועסטער און ברידער", נאָר פון „אַ ליבע איז גוט צו פירן", פון „עקדת יצחק" און „פּאַריאַמערט און פאַרקלאָגט" . . .

אַלטערל ווייסט קלאָר, אַז ווען נישט יענער ייד, וואָלט ער איצט נישט געווען קיין בעקער־ייִנגל. ער זעט איצט באַשיימפּערלעך, אַז עס איז אים שלעכט; אַז ער קאָן זיך ממש אויף די פיס נישט האַלטן; אַז דער שלאָף ליגט אים אין האַלדז ווי אַ שטיק לייכעכץ, וואָס ער קאָן נישט אויסשפּייען.

ווען אַלטערל איז אָנגעקומען דעם ערשטן טאָג צום בעקער איז נאָך געווען גאַנץ פרי. אין בעקעריי איז נאָך קיינער נישט געווען חוץ דעם באַלעבאָס. אָבער פון די טייג־ברעטער, וואָס זענען געשטאַנען משופּע, ווי לייטערס, אָנגעשפּאַרט אין פּיעקעליק און אין אויוון־גרוב, האָבן אַראָפּגעשנאָרכט עטלעכע יונגען. דער באַלעבאָס האָט אים אָנגעוויזן אויף אַזאַ ברעט און געזאָגט:

— איצט גיי לייג זיך צו.

האָט ער געענטפערט:

— מיך שלעפערט נישט.

— עס וועט דיך שוין שלעפערן.

אַלטערלען איז אַ שאָד געווען דאָס טילופל, וואָס אַ דינסטמיידל האָט אים געשאָנקען פון איר מאַדאַמישעס ייִנגל, און וואָס ער האָט מורא געהאַט, אַז ס'זאָל זיך נישט איינמעלן. אָבער אַ ווייסער שטויב פון אַן איבערגעקערטן לײדיקן זאַק פון מעל, האָט גלייך באַזייטיקט אָט די מורא. ער, צוזאַמען מיט זיין טילופל, זענען אין איין רגע ווייס געוואָרן, ווי אַ ווייטער ווינט וואָלט מיטאַמאָל אַ שניי אָנגעטראָגן.

דער באַלעבאָס איז אַרויסגעגאַנגען. און כאָטש אַלטערל איז געווען זאַט, האָבן אים אָבער געלאָקט די פרישע בייגל, וואָס זענען געלעגן אין קויש און ער האָט געטראַכט, צי זענען זיי געציילטע, צי אומגעציילטע? ער האָט געוואָלט פאַרזוכן, אָבער אים האָט געשראָקן דאָס פּייפן פון די יונגענס נעזער. עס האָט אים נישט געלאָזט איינליגן. ער איז אַרומגעגאַנגען, באַקוקט די בעקעריי און אַרומגעזוכט די גריל, וואָס האָט פון ערגעץ אַ באַהעלטעניש געזשומעט . . .

#

ווען די יונגעץ זענען אויפֿגעשטאַנען, האָבן זיי אַלטערלען נישט אָנגעקוקט פֿאַרוואונדערט. פֿאַרקערט, אַלטערל האָט נאָך אויף זיי גע־עפֿנט זיינע אויגן. די יונגען זענען געווען אָן הויזן און אָן אויבערלייב־לעך. זיי זענען געגאַנגען אין גאַטקעס, אין העמדער, וואָס האָבן געהאַט אַ קאָליר פֿון אַש. די האָר זייערע זענען געווען פֿאַרפּאַפּט פֿון סאַזשע און מעל. זיי האָבן זיך געקראַצט מיט אַלע נעגל אונטער די אָרעמס. איינער האָט פֿאַרשלאָפֿן אַרויסגעקרעכצט:

— אַ נייער יונג?

אַלטערל האָט געשוויגן. און אַן אַנדערער האָט צוגעגעבן:

— טו זיך אָן אַ זאַק.

אַ דריטער האָט אַלטערלען פּשוט צוגעשטופּט צו דער וואַנט, אים אַראָפּגעצויגן די הויזן, און אַ פֿערטער האָט אים דערלאַנגט אַ זאַק מיט אַ שטריק און געזאָגט:

— דאָ דאַרף מען נישט קיין פֿאַצעטן.

אַלטערל האָט זיך אַרומגענומען מיטן זאַק און טרערן האָבן זיך געשטעלט אין זיינע אויגן.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער געהאָלפֿן טאָן דאָס, וואָס מען האָט אים געהייסן, און אַלע האָבן זיך געשאַפֿן מיט אים.

עס איז געוואָרן נאַכט. דער אויוון האָט אויפֿגעפֿלאַמט, דאָס פֿייער האָט געקנאַקט און געשפּריצט אינעווייניק מיט פֿונקען. אַלטערל האָט גראָד ליב געהאַט דאָס צו באַטראַכטן, אָבער יעדעס מאָל, ווען ער האָט זיך אָפּגעשטעלט קוקן, איז אים אַ זאַק פֿון מעל אויסגעמישט מיט סאַ־זשע, געפֿלויגן אין קאָפּ אַריין . . .

ער איז געשטאַנען, גלייך מיט אַלע אַנדערע יונגען, אויף די פֿיס אַ גאַנצע נאַכט, כאָטש ער האָט נישט געהאַט אַזאַ אַרבעט ווי די אַנדערע. צו די בייטן האָט מען אים נישט צוגעלאָזט, טייגלעך מאַכן האָט מען אים נישט געגעבן. ער איז בלויז געשטאַנען מיט אַ פֿלעדערוויש, איינגעטונ־קען אין גלאָונע־וואַסער און געשמירט איבער די בייגל, וואָס האָבן זיך געהאַט צוגעברוינט קעגנאיבער דעם פֿלאַם פֿון אויוון.

דעם ערשטן פֿאַרטאָג איז אים שווערער געווען ווי תמיד. אין דרויסן האָט נאָך געברענט דער לאַמטערן פֿאַר דער בעקעריי, ווען ער איז שוין געשטאַנען מיט אַ גרויסן קויש געבעקס אויף די אַקסלען, גרייט עס פֿאַנאַנדערצוטראָגן איבער די באַזאַרן צו די מאַרק־זיצערקעס.

עס איז געווען קאַלט און דער ווינט האָט יעדע ווילע אויפֿגע־

וויקלט דעם זאַק, וואָס איז געווען אַרומגענומען אַרום זיינע לענדן. דער קויש איז געווען שווער און האָט זיך אַריינגעשניטן מיט דער לאַסט אויף זיינע אַקסלען.

איינער פֿון די געזעלן איז געגאַנגען פֿאָראויס און אים געוויזן די קונים. ער איז נאָכגעגאַנגען און געקרעכצט. אַלע ווייל האָט ער זיך אָפּגעשטעלט, ווי ער וואָלט געוואָלט אי דעם זאַק פֿעסטער אַרומנעמען אי דעם קויש איבערבייטן. אָבער איין האַנט זיינע האָט געמוזט דינען פֿאַר אַן אָנשפּאַר, אויף וואָס דער קויש זאָל זיך קענען האַלטן, און מיט דער אַנדערער האָט ער געמוזט צוהאַלטן דעם ראַנד פֿון קויש איבערן קאָפּ. איז ער אַזוי ווייטער געגאַנגען, אַז דער אָטעם האָט אים פֿאַרפֿעלט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטענדיקע פּיין פֿאַר אים. די אַרבעט איז געווען שווער און ס׳איז אים געווען נודנע פֿון נישט שלאָפֿן. די בעקעריונגען האָבן אים געטרייסט, אַז פֿרייטיק־צו־נאַכטס וועט ער זיך שוין אויסשלאָפֿן. פֿון זעקס פֿאַרנאַכט, ווען מען דאַרף זיך אַרויסרוקן — און טאָמער איז דאָס נאָך ווייניק — קאָן מען זיך שבת נאָכן קוגל אויך אויסציִען אויפֿן פּיעקעליק און שלאָפֿן ביז מען צינדט אָן ליכט.

אַלטערל איז שטאַרק ביי זיך אַראָפּגעפֿאַלן. די וועלט איז פֿאַר אים געווען פֿאַרשלאָסן. ווארעם ווי האָט ער זיך געקאָנט וויזן פֿאַר דער וועלט, ווען ער גייט אָנגעטאָן אַ זאַק אויף זיך? ער האָט אָפּטמאָל באַגעגנט די, מיט וועמען ער איז באַקאַנט געווען נאָך פֿון פֿריער, בעת ער האָט געאַרבעט אין שפּיגל־פֿאַבריק. ער האָט זיי אויסגעמיטן. אויף זיין מאַטן, אויסגעמאַטערטן פּנים, האָט זיך אָנגעצונדן די בושה.

אָבער איינמאָל האָט זיך דער געגריוועטער שוסטער פֿון ערגעץ אָפּגעזוכט. דאָס איז געווען אַ שבת פֿאַרן עסן. ער האָט געטראָפֿן אַלטערלען אַן אויסגעשמירטן און איינגעפּעצטן, טראָגנדיק אַ שוואַרצע, אייזערנע דיניצע, וואָס איז געווען פֿול מיט וואַסער, פּעטס, קאַרטאָפֿל. די שטאַרץ איז געווען אַרומגעקלעפּט מיט פֿאַרברוינטן פּאַפּיר. אַלטערל איז געגאַנגען און עס האָט געפּליאָכקעט. ער האָט געהאַט „זיינע" באַלעבאָסטעס, וואָס האָבן אים געגעבן עטלעכע גראָשן פֿאַר ברענגען און אָפּטראָגן דעם טשאָלנט, און דער עיקר — אָפּהיטן עס זאָל נישט פֿאַרביטן ווערן מיט אַן אָרעמען טאָפּ גרויפּן . . . דער געגריוועטער שוסטער האָט אים אָפּגעשטעלט:

— וואָס מאַכסטו, יאַט?

אַלטערל האָט אים נישט דערקענט.

— רייב איין — האָט דער שוסטער אים אויסגעשטרעקט אַ האַנט — קאָנסט מיך נישט?

אַלטערלען איז דאָס בלוט געקומען אין פּנים אַריין. ער האָט זיך געוואָלט אויסרייסן און אַנטלויפן, נאָר דער געגריוועטער שוסטער האָט אָנגעכאַפּט דעם טשאָלנט־טאָפּ:

— וואָס איז, וואָס וואַרפסטו דיך דאָס קדחת? איך האָב דיר עפּעס צו זאָגן, צדיקל.

אַלטערל האָט געהערט:

— מיר גייען שפּילן אַ שטיק אין טעאַטער, הייסט עס דאָס „פּינטעלע ייד", אַ גרויסאַרטיקע זאַך. דאַרף מען האָבן קליינע זינגערלעך, מיט גוטע שטימען. מען האָט דיך געהייסן ברענגען. ווילסטו?

— איך האָב מורא!

— אויף מיין קאָפּ זאָל דאָס פאַלן, אויב ס׳וועט דיר עפּעס פעלן. ווילסטו?

— און דער באַלעבאָס?

— לאָז אים לויפן. ס׳וועט דיר זיין וואויל און ליכטיק. ווילסטו?

— ער וועט מיך שלאָגן.

— זאָל ער נאָר אַ פינגער צולייגן צו דיר.

דער געגריוועטער שוסטער האָט אַרויסגענומען דעם טאָפּ פון אַלטערס הענט און אים אַוועקגעשטעלט אויף אַ יאַטקע־קלאָץ:

— זאָלן די הינט האָבן אַ גוטן שבת. קום!

אַלטערל האָט נישט ווילנדיק אַ קוק געגעבן אויף זיך, אויפן זאַק. דער געגריוועטער שוסטער האָט דאָס באַמערקט און באַדויערט:

— אַ תכלית האָט מען דאָס געמאַכט פון דיר. וואו האָסטו די הויזן?

— ביים באַלעבאָס.

— קום מיט מיר.

— איך האָב מורא — האָט אַלטערל געטענהט און זיך צוריקגעלאָזט צו דער דיניצע.

דער שוסטער האָט אים אָנגעכאַפּט.

— פייף אויף זיי, אויף זייערע הויזן. קום, וועסט זיין אַ פּריץ, ווי מיין מאַמע איז מיר טייער.

ער האָט אים אָנגענומען ביי דער האַנט און אים ערגעצוואו אַוועקגעצויגן.

אַלטערל האָט זיך אומגעדרייט און געזען, ווי צוויי הינט פּאָרען זיך שוין אַרום דעם טשאָלנט־טאָפּ.

## די באַפרייאונג

גֿעשפּילט האָט מען אין טעאַטער „דאָס פּינטעלע ייד" און אַלטערלען האָט מען נאָך מיט וואָכן פריער אויסגעלערנט זינגען אין קינדער־כאָר.

אין דער צייט פון לערנען האָט ער איבערגעלעבט דאָס אייגענע, וואָס אַמאָל, בעת דער פרעמדער חזן איז געקומען מיט די משוררים אין זיין אָפּגעברענט שטעטל.

מיט אַ פּאַרכאַפּט האַרץ, האָט ער זיך געגרייט אויף דעם, וואָס עס וועט זיין און זיך געשראָקן דערפאַר.

ער האָט נישט געקאָנט שלאָפן, גלייך ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז שלאָפנדיק וועט די צייט בלייבן שטיין אויף איין אָרט, און ער האָט געוואָלט, אַז עס זאָל שוין וואָס גיכער געשען.

דער געגריוועטער שוסטער האָט אים אין דער צייט, וואָס ער האָט זיך געלערנט, געהאַלטן ביי זיך. אַזוי ווי ער האָט נישט געקאָנט פועלן, אַז דער דירעקטאָר זאָל אַלטערלען באַניינען און באַשוכן (ווארעם אַוועקגענומען האָט ער דאָך אים פון בעקער אין איין . . . זאַק) האָט ער אים דערווייל אָפּגעגעבן אין דער לער צו אַ שטובן־מאַלער און טאַפּעטן־קלעפּער.

דער באַלעבאָס, וואָס האָט אים געהאַלטן נאָר, כדי ער זאָל אים העלפן טראָגן אַ לייטער, איז דווקא געווען גוטמוטיק און אויפגעלייגט. אין די הייזער, וואו ער איז געקומען מאָלן די שטובן, פלעגט ער אַרויס־שטעלן זיין „געזעלן" ווי אַ שילד, אַז די שטוב וועט זיין שיין אויסגעמאָלן, והא ראיה, ער — דער געזעלן, איז אַ זינגערל און וועט אינגיכן שפּילן אַ ראָלע אין טעאַטער.

ער פלעגט אין אַזעלכע גוטמוטיקע שעהן טענהן:

— וועסטו אונז, אַלטער, כאָטש אַריינבעמען, אָן געלט, זען די „קונץ"?

די באַלעבאָסטע, וואָס האָט געוואָלט זיין אַ „מאַדאַם", האָט עס געצאַרט, הלמאי ער, דער באַלעבאָס, דער מייסטער, זאָל זיך אַזוי לייכט באַגיין מיט זיין „מענטש", אַז קיין ברעקל רעספּעקט זאָל ער צו אים נישט האָבן. און דער „מייסטער" פלעגט איר צוריקהאַלטן:

— גיי, שוטה, אַ קינד . . .

די „מייסטראָווע" ווידער, וואָס האָט טאַקע געוואָלט ווייזן, וואָס

אַ קינד הייסט, האָט באַשטימט פֿאַר אים נישט מער, ווי אַ רעפֿטל ברויט אַ טאָג:

— זומער, אַז ס'וועט זיין מער אַרבעט, וועסטו קריגן מער — האָט זי אים געטרייסט מיט הבטחות.

און כדי דאָס זאָל אים אויך נישט באַקומען האָט זי צוגעלייגט:

— און מיט די קונצנמאַכער וועסטו נישט קיין צייט האָבן זיך צו פֿאַרנעמען . . .

דער מייסטער איז געווען זיכער, אַז דערפֿאַר, וואָס ער האָלט אויס דעם „יונג" אין די ווינטער־חדשים, ווען קיין אַרבעט איז נישטאָ לרוב, וועט עס אים זומער קאָסטן ביליקער, און דאָס ווייב זיינע האָט אים גע־האַלטן אין איין פֿאַרזיכערן:

— מיט דיין צוגעלאָזנקייט וועסטו אים גאָר האָבן בחינם אָנגע־פּאַשעט, אַן אַנדערער וועט האָבן נוץ פֿון אים.

נאָר דערווייל איז דער געגריוועטער שוסטער געקומען יעדן טאָג נאָך אים, גענומען אים צו רעפּעטיציעס און אים צוריקגעברענגט. און אָנגעזאָגט האָט ער אים:

— למען השם, זאָלסט אינדערהיים נישט זינגען.

וויפֿל מאָל דער באַלעבאָס האָט זיך געבעטן (מערסטנטיילס, ווען ער האָט געהאַלטן זיינע פֿיס אין אַ שיסל קאָכנדיק וואַסער און זיך אויפֿ־געטייעט די פֿאַרפֿרוירענע פֿינגער) — זינג עפּעס, לאָמיך הערן וואָס דו קאָנסט — האָט זיך אַלטערל איינגעעקשנט און געשוויגן.

האָט דאָס אַפֿילו אויך די „מייסטראָווע" אויפֿגעבראַכט און זי האָט צוגעבורטשעט:

— גיב דאָס צו פֿרעסן . . . און ס'זאָל אַפֿילו ווייזן, וואָס עס קאָן, פֿאַר אונזער ברויט . . .

אַזוי האָט עס זיך געצויגן ביז צום אָוונט פֿון דער פֿאַרשטעלונג. האַרט פֿאַר דער פֿאַרשטעלונג, האָט זיך די באַלעבאָסטע איינגעשפּאַרט, זי לאָזט אים נישט גיין און טו איר עפּעס.

אַלטערל האָט געוויינט. אַלע זיינע אויסגעחלומטע וועלטן האָבן זיך פּלוצים גענומען טרייסלען.

דער באַלעבאָס האָט נישט מסכים געווען, נאָר אַז ער האָט געשוויגן, האָט זיך די באַלעבאָסטע געפֿילט תקיף.

פֿאַר דעם יינגל האָט זיך, ווי דער שטייגער איז, אָנגענומען דער געגריוועטער שוסטער. די באַלעבאָסטע האָט ענדלעך אַרויסגעפּלאַצט:

— אַז איר ווילט אים, גיט מיר צוריק, וואָס ער האָט מיך געקאָסט.
— דאַן איז דער שוסטער אַוועק און איז באַלד צוריקגעקומען צוזאַמען מיטן דירעקטאָר. דער דירעקטאָר איז נישט אַרויפגעגאַנגען אויפן פּערטן גאָרן, וואו דאָס „שנעקל" האָט זיך געפונען. ער האָט כלל נישט גע־וואָלט אַרויסווייזן, אַז ער דאַרף אַזוי נויטיק האָבן דאָס זינגערל און ביי יעדער געלעגנהייט אויסגעדריקט זיין אומצופרידנהייט, וואָס מען האָט אים מטריח געווען. דאָס האָט דעם געגריוועטן שוסטער געאַרט, ווארעם ער האָט געוואוסט, אַז דאָס, וואָס דער דירעקטאָר זאָגט איז שוה ושקר, ווייל אָן אַלטערלען קאָן ער זיך נישט באַגיין.

בעת דער דירעקטאָר איז צוגעקומען פירן „אונטערהאַנדלונגען" מיט דער „מאַדאַם", איז ער נישט אַראָפּ פון דער דראָזשקע. ער איז געזעסן אָנגעשפּאַרט די האַנט אויפן ביינערנעם קאָפּ פון שטעקן, וואָס האָט גע־שטעקט, ווי אַן אַרויסגעוואַקסענער סלופּ פון צווישן די קני, און געוואַרט.

די מאַדאַם האָט אויך נישט געוואָלט ווייזן, אַז זי איז עפּעס אַזאַ נאָכגיביקע, האָט זי זיך אויך נישט געאיילט. דער געגריוועטער שוס־טער האָט זיך ממש פון דער הויט געריסן. זי, די מאַדאַם, האָט גאַנץ גוט געוואוסט, אַז דער דירעקטאָר וועט אַזוי גיך נישט אָפּלאָזן דאָס יינגל, נאָר מחמת גדלות, וועט ער זיך אַוועקפאָרן און איבערלאָזן אַלטערלען מיט זיין טיפן עגמת נפש.

דער דירעקטאָר האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט און נאָך איי־דער דער געגריוועטער שוסטער האָט צייט געהאַט צו זאָגן דער מאַדאַם אַז דאָס איז דאָס לעצטע מאָל, וואָס מען ווענדט זיך צו איר, איז די דראָזשקע אַוועקגעפאָרן און דער שוסטער איז געבליבן שטיין, ווי אַ נאַר אויפן מאַרק, איבערלאָזנדיק אַלטערלען אין אַ פאַרגאַנגען כליפּען . . .

די מאַדאַם איז ענדלעך אַראָפּגעקומען פונם פּערטן גאָרן אויך מיט עגמת נפש צוליב דעם, וואָס די „אונטערהאַנדלונגען" האָבן זיך געענ־דיקט מיט גאָרנישט. זי איז געווען בייז אַזוי, אַז דעם געגריוועטן שוסטער האָט זיך אויסגעוויזן, אַז איר פּנים איז אינגאַנצן געוואָרן ווי אַ רויטער מער. זי האָט אונטערגעשטופּט אַלטערלען, ער זאָל אַרויפגיין, ווי מען שטופּט אונטער אַ יונג קעלבל, נאָכדעם ווי מען האָט די קו, די מאַמע, פאַרקויפט און צוגענומען.

אַלטערלס צער האָט קיין ברעג נישט געהאַט. שוין ביי דער טיר פון דער וואוינונג איז דער שוסטער אונטערגעשפּרונגען און אויסגעבראָכן,

אַנכאַפּנדיק דערווייל אַלטערלן ביי דער פּלייצע און שלעפּנדיק אים אויף צוריקוועגס:

— וואָס איז דאָ, שקלאַפּן־האַנדל? נישט היינט, מאַדאַמעשי!

די מאַדאַם האָט זיך דערשראָקן און געפּרואווט שרייען: „גוואַלד, גזלנים!" אָבער דער געגריוועטער שוסטער האָט שוין געהאַלטן זיין האַנט, וואָס האָט געהאַט איינגעסמאָליעטע פינגער, אויף איר מויל, פעסט און שטייף צוגעהאַלטן. אַזוי, אַז איר האָט זיך געדאַכט, ווי ער פאַרשטאָפּט מיט פעך איר אָטעם, און זי וועט בלייבן ליגן אַ פאַרשטיקטע. ער האָט אַלץ געוואָרנט:

— וואָס מיינט איר, עס זענען די אַלטע צייטן, וואָס מען האָט גע־דונגען אַ קנעכט און נישט געוואָלט אָפּלאָזן? איך גיב אייך איבער דער „בערזע", וועט זיין ווי צו אייערע יאָר!

עס זענען אַרויסגעלאָפן שכנים, אָבער דער שוסטער האָט אַלץ גע־האַלטן איין האַנט אויף דער באַלעבאָסטעס מויל און די אַנדערע, אויף אַלטערלס קאָלנער און געטענהט:

— אַז אַ יינגל שטאַרבט דריי מאָל אין טאָג פאַר הונגער, און אַן אַ געוואַשן העמדל גייט עס, און די פינגערלעך קוקן אַרויס פון די שיכלעך, וועט איר אים נאָך האַלטן און פייניקן!

די מאַדאַם האָט זיך קוים באַפרייט פון די סמאָליקע פינגער און גע־פּרואווט צוריקענטפערן:

— אַז ס'איז נאָך קיין אַרבעט נישטאָ, טו איך אים אַן עוולה?

הכלל, אַהין און אַהער, מענטשן האָבן זיך אַריינגעלייגט. זי איז שוין באַשטאַנען אַלטער זאָל אַוועקגיין, אַז זיין געבוין זאָל דאָ מער נישט זיין, אָבער דאָס וואָס זי האָט אַריינגעלייגט אין אים, דאַרף זי אַרויסנעמען.

— אפשר ווילט איר שמאַלץ אויף פסח פון אים — האָט שוין דער געגריוועטער שוסטער זיך געפּילט ווי אויפן זאָטל נאָך דעם, ווי ער האָט געזען, אַז זי ווערט מרוצה אים אָפּצולאָזן.

— אַ גאַנצן ווינטער געפּאַשעט פאַר פרעמדנסוועגן — האָט זי זיך ווי פאַרענטפערט.

דער געגריוועטער שוסטער איז געלאָפן צום דירעקטאָר, ער זאָל כאָטש איר אָפּגעבן פאַר די „קעסט". אָבער דער דירעקטאָר האָט פאַר־שטאַנען, אַז זי וועט אַלטערלען אַזוי אויך נישט האַלטן, האָט ער זיך איינגעשפּאַרט און איינמאָל ניין . . .

איז דער שוסטער צוריקגעקומען און געזאָגט, אַז ער איז געוועזן

אויף דער „בערזע״ און מען האָט איר צו וויסן געגעבן, אַז אויב זי וועט דעם ייִנגל נישט באַפרייען, וועט זיין שלעכט מיט איר.

האָט זי איינגעזען, אַז זי וועט גאָרנישט אויפטאָן, אַרויסגענומען אַביסל שמאַטעס, וואָס איז געווען אַלטערלס אייגנס, עס אַ וואָרף געטאָן און נאָכגעשריגן:

— פאַרנעם זיך און גיי! זאָל מען מיך אָפּגילטן, איך זאָל זיי נאָכ־אַמאָל אַריינלאָזן, די שנאָרערס.

און דער שוסטער האָט גענומען אַלטערלען ביים האַנט און געגאַנגען.

## אין טעאַטער

די לאָמפּן האָבן געברענט אונטער אַלטערלס פּיס אויף דער בינע און האָבן אַרויפגעשאָסן, ווי מיט טויזנט זונען אין זיינע אויגן.

אינעווייניק אין זאָל איז געווען ווי אַ נעפּל. אַ וואַנט, אַ ליכטיקע, אַ בלענדנדיקע איז געשטאַנען פאַר אים. זי איז געווען דורכזיכטיק און דאָך האָט ער גאָרנישט געזען. פאַר זיך האָט ער נאָר געזען, ווי דורך דעם געדיכטן גאָלדענעם נעפּל הויבט זיך צו אים אַ שטעקעלע, ווי אַ פאַרכישופטער שטראַל, און דאָס שטעקעלע ציט אַרויס פון זיין האַלדז טענער, שאַרט אַראָפּ פון זיינע ליפּן אַ ניגון. אַ ניגון, וואָס ער האָט אים וואָכן־לאַנג אויף די רעפּעטיציעס געלערנט און פאַרגעסן. און איצט גריבלט דאָס שטעקעלע צוריק אַרויס פון זיין זכרון אי דעם ניגון אי די ווערטער . . .

און אַלטערל זינגט. נישט אַליין, נאָר מיט אַנדערע, גרעסערע און קלענערע ייִנגלעך. אַלע אין שוואַרצע, זיידענע קאַפּאָטקעלעך. אַלע אין סאַמעטענע יאַרמעלקעלעך מיט ווייסע שאַליקלעך־טליתים אויף די אַקס־לען. ער פילט זיך אַנדערש און געהויבן. ס׳איז נישט די וואָרע וועלט. אַלץ בלענדט און בליצט. ער פאָלגט, וואָס דאָס שטעקעלע באַפעלט.

און אָט זינגט אַלטערל אַליין. זיין קולכל גייט פאָראויס און נאָך אים שאַרט זיך דאָס שטעקעלע, ווי דאָס שטעקעלע וואָלט נאָכגעגאַנגען זיין קול, און נאָך דעם שטעקעלע — דער גאַנצער אָרקעסטער. מען גייט מיט מיט אים, מיט זיין יעדן טאָן, ווי מען וואָלט אים פון ביידע זייטן ציטערדיק אונטערגעהאַלטן, ער זאָל זיך נישט אַראָפּגליטשן פון שמאָלן גאָלדענעם הענג־בריקל. ער זינגט און דער כאָר באַגלייט. און אַלץ ווערט אַזוי זיכער, אַזוי זיס און פעסט, אַז אָט, קאָן ער זיך שוין באַגיין אָן דער קאַפּעלע און אָן דעם כאָר. ער קאָן זיך אַליין אויפהויבן און אַ שוועב

טאָן. ער פּרואווט עס, נאָר דאָס שטעקעלע שטעלט זיך אין וועג און לאָזט נישט אַרויספּרייסן זיך, אַוועקשוועבן, פֿאַרלויפֿן דעם וועג די כלי־זמר.

און אָט ענדיקט ער. פֿאַר אים לאָזט זיך אַראָפּ דער פֿאָרהאַנג. און דורך דעם אַראָפּגעלאָזטן פֿאָרהאַנג, הויבט ער אָן בעסער זען. דאָס בלענדעניש פֿאַר די אויגן פֿאַרשווינדט, אָבער די צעטומלעניש אין מוח׳ל ווערט געדיכטער. פֿון יענער זייט אַראָפּגעלאָזטער וואַנט, הערט ער, מען קלאַפּט, ווי די ווענט וואָלטן איינגעפֿאַלן... און אין דער זייט — כאַפּט מען אים אויף די הענט, מען פֿאַרשפּאַרט זיך מיט אים אין די צימערלעך, מען קנייפּט אים אין די בעקלעך. אין אַלעמענס אויגן איז אָנגעצונדן אַזוי פֿיל פֿרייד. ער ווייסט, אַז דאָס רעדט מען פֿון אים, אַז דאָס לויבט מען אים. מען הויבט אויף דעם פֿאָרהאַנג און דער געגריוועטער שוסטער כאַפּט אים אַרויף אויף דער בינע און פֿון דער זייט שושקעט ער צו אים, ער זאָל זיך פֿאַרנייגן, נאָר אַלטערל שטייט, ווי פֿאַרגאָפֿט און פֿאַרגליווערט.

#

אין יענעם אָוונט איז אָפּגעפּסקנט געוואָרן, אַז דער „שמעלקעלע״ וועט נאָך „פֿאַרקלינגען״ די וועלט.

דער דירעקטאָר האָט עס אַליין צוגעגעבן. ווארעם ער ווייסט שוין פֿון אַזאַ איינעם, וואָס זינגט פֿאַרן דייטשישן קייסער און נאָך איינעם, וואָס זינגט פֿאַר אַן אַנדערן קייסער.

און דער סופֿלאָר האָט נאָך צוגעגעבן:

— איצט מוז מען אים היטן, מען זאָל אים נישט אַמאָל צוכאַפּן און אָפּשמדן. ווארעם זיי קוקן נאָר ארויס, אַז אַזעלכע חברה־לייט זאָלן זיך באַווייזן. אַזעלכע זאַכן פּאַסירן . . .

וואָס מער „דאָס פּינטעלע ייד״ איז געגאַנגען, אַלץ מער איז דער עולם געקומען הערן דאָס „זינגערל״, און דאָס זינגערל האָט אָנגעהויבן שמ׳ען אין דער גאַנצער, גרויסער שטאָט. חזנים האָבן זיך גענומען נאָכפֿרעגן ווער און וואָס, און צוגעגעבן, אַז אַ שאָד אַזאַ מנגנדל זאָל אַריינפֿאַלן צו אַרומשלעפּערס אין די הענט. אָבער גיי רעד, אַז מען ווייסט נישט, ווער ער איז, און וואו אַ שטיקל משפּחה געפֿינט זיך, קאָן מען נישט דערגיין.

האָבן די חזנים געזוכט, גענישטערט, ביז מען איז דערגאַנגען צום פֿעטער יאַנטשע. דער פֿעטער יאַנטשע איז געקומען מאַכן אַ תכלית פֿונם „שנעק״, ווארעם מודיע געווען האָט מען אים, אַז עס לויערט אויף אים

חלילה דאָס בייזע אויג פֿון שמד. נאָך דאָס פֿעלט אים. עס זענען פֿאַראַן אין דער משפּחה מיידלעך שידוכים צו טאָן . . . אָבער ווען דער פֿעטער יאַנטשע איז געקומען, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז דער יתום שטייט איין אין אַ הויז, וואָס צוצוקומען איז נאָר דורך לאַקייען. אַז עמיץ, אַ זייער רייכער, וואָס האָט נישט קיין קינדער, האָט אים צוגענומען צו זיך און וועט אים שיקן אין די קלאַסן. די מאַדאַם (מיט גרויע האָר און רויטע געקניפּטע פֿאַרבן אין פּנים, האָט נאָר גערעדט גוייש) האָט דעם פֿעטער זייער ליבלעך אויפֿגענומען, אַפֿילו געהייסן, אַז די דינסט זאָל סערווירן גוטע זאַכן. דער פֿעטער יאַנטשע האָט זיך אָפּגעזאָגט און געדאַנקט (אויך אויף גוייש) און איינגעזען, אַז מען קאָן דאָ גאָרנישט מאַכן, סיידן אַל־טערלס פֿאָטער זאָל אַליין קומען נאָך אים. נאָר דאָס איז נישט געווען מעגלעך, ווייל יענער איז שוין פֿאַרטאָן מיט אייגענע צרות און אייגענע קינדער. האָט ער אויפֿגעשטעלט דעם קאָלנער, אַהיים געפֿאָרן און גע־זאָגט צו זיין הויז־געזינט:

— און אפֿשר, וועט ער נאָך אַמאָל זיין אַ גרויסער גביר. מ׳קאָן וויסן?

#

מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט זיך אַלטערל אַליין נישט דער־קענט. די שולע און די קאָנסערוואַטאָריע האָבן אים אַרומגעהובליעוועט און אַרויפֿגעצויגן אויף אים אַ נייע הויט. עס זענען נאָך דורכגעלאָפֿן ווי אַ ווייטער, בלייכער אָפּבליץ, שטיקלעך ליכט פֿון זיינע אַמאָליקע טעג. איצט איז ער אַרויף אויף אַ נייעם שליאַך, צו אַ נייעם, אומבאַקאַנטן סודות־פֿולן וועג. און דער וועג צייכנט זיך פֿאַר אים איצט נאָך ווי אין אַ נעפּל, אָט אַזאַ, ווי בעת ער איז דאָס ערשטע מאָל געשטאַנען אויף דער בינע און געזונגען אין די פֿלאַמען אַריין, וואָס האָבן זיך געגאָסן אין זיינע אויגן. איצט איז ער אויפֿן וועג, נאָר דער וועג איז נישט גוט. דערווייל בינדן אים גאָלדענע שטריק. דאָס לשון, וואָס ער רעדט, קאָן ער נישט און פֿאַרשטייט נישט, כאָטש ער רעדט עס און פֿאַרשטייט עס. אין די עטלעכע חדשים, וואָס ער געפֿינט זיך דאָ, האָט ער זיך שוין אויסגעלערנט רעדן און זינגען, שרייבן און פֿאַרשטיין די רייד, וואָס עס רעדן די מענטשן פֿון דעם הויז. נאָר דאָס הויז איז צו אים קאַלט און פֿרעמד, אומהיימלעך און בייז.

פֿון וואַנען איז ער דאָ אַהערגעקומען? דאָס ווייסט ער נישט און אפֿשר וועט ער זיך עס נישט דערוויסן. מען האָט אים דאָ איבערגעגעבן.

אפשר דער דירעקטאָר און אפשר דער געגריוועטער שוסטער. ער ווייסט עס נישט. ער איז זאַט, נאָר די זאַטקייט האָט קיין טעם נישט. ער גייט אַרויס פאַר דער טיר און ער זעט ברייטע, פריילעכע געפלאַסטערטע גאַסן, אָבער עס האָט נישט דעם טעם פון דעם קרומען געסל, וואו די בערזע איז געווען. ער וואָלט איצט געגאַנגען אַהין, ווייסט ער, אַז ער וועט נישט טרעפן, כאָטש ער וואָלט יאָ געטראָפן.

און אין האַלדז שטיקט דאָס ליד, וואָס ער האָט געזונגען פאַר די געזעלן און די דינסט־מיידן ביי דעם „ייד״ אין קיך. עפּעס ווערט אים נאָענט דער קויש מיט געבעקס, וואָס ער האָט נאָכגעטראָגן דעם בעקער און ער בענקט נאָכן זשום פון די שלייף־שטיינער ביים שפיגל־מאַכער.

ער פילט, אַז צו דעם אַלעם וועט ער זיך נישט מער צוריקקערן. אפשר דעמאָלט, ווען ער וועט שוין זיין אויף דעם בייעם וועג, וואוהין ער גייט און שפּאַנט. ער לערנט זיך פליסיק אין שול און אין קאָנסערוואַטאָריע. אָט טאַנצן שוין זיכער זיינע פינגער אויף די קלאַווישן פון דער פיאַנאָ. עס לאָקט אים און עס שרעקט אים. ער ווייסט נישט, צי וועט ער דער־גיין, צי וועט ער דערגרייכן. און דערגריין און דערגרייכן וויל ער, ווארעם דורך דעם דערגרייכטן, וועט ער צוריקקומען צו דעם פריערדיקן וועג.

אין קאָנסערוואַטאָריע איז האַלב ליכטיק. די פענצטער זענען גרויס און האַלב־קיילעכדיק. פון אונטער די גרינע שיינען לייכטן אַראָפּ גאָל־דענע פייערן און פאַלן אויף די קליינע, הילצערנע שטענדערס מיט די נאָטן־בלעטער. עס איז קיינמאָל נישט שטיל: דאָ פּרובירט מען, דאָ לערנט מען איין, און ער פאַרשטייט נישט, ווי איז דאָס מעגלעך פון אָט די אָפּגעהאַקטע שטיקלעך נגונים צונויפשטיקעווען אין גאַנצע, גרויסע זאַך. ער לערנט אויך. ער זינגט מיט. אַמאָל האָט ער שוין געקאָנט. אויף דער בינע האָט ער געזונגען. און דאָ לערנט מען אים, מען קוועטשט אַרויס איינמאָל און נאָכאַמאָל, און נאָכאַמאָל אַ טאָן, אַ שטיקל געזאַנג. דאָס מאַטערט און פאַרמאַטערט אים. אָבער אַלטערל ווייסט, אַז ער איז שוין נישט ביי זיך אין די הענט. זיין צונאָמען, אַלטער, האָט מען אויך פון אים צוגענומען, איצט הייסט ער י אַ ש ע ק . פאַרוואָס דאָס איז אַזוי, ווייסט ער נישט. נאָר דער נאָמען, ווי אַלץ צוזאַמען איז אים דערווידער און פרעמד.

איינמאָל, אַ בלויזער צופאַל איז דאָס געווען. אַן אויסגעפּוצטער אין אַ מונדיר מיט קנעפּ מיט אַ פרישער אויסגעגלייכטער הויט אויף די באַקן, איז ער אַוועק. אַוועק איבער די גאַסן, פון וואַנען ער איז געקומען. ער

איז אַרויף אויף דער „בערזע״, אָבער קיינעם נישט געטראָפֿן. איז ער אַוועק צום „ייד״, פֿון וועמען ער איז שפּעטער אָנגעקומען צום בעקער. ער האָט אַלץ געטראָפֿן, ווי עס איז אַמאָל געווען. מען האָט אים אויפֿגענומען גוט, נאָר מען האָט מורא געהאַט, אַז אַ פֿרעמדקייט האָט ער מיטגעברענגט מיט זיך. מען האָט אים מקנא געווען און יעדער האָט פֿאַרויסגעזאָגט זיין נביאות, אַז ער האָט דאָס פֿאָראויסגעזען, אַז אַזוי וועט זיין מיט דעם „שלעפּערל״. ער האָט זיך אַלץ מער דערפֿילט היימלעך און נישט געוואָלט אַוועקגיין צו זיינע פֿרעמדע, רייכע מענטשן. אָבער דער געגריוועטער שוסטער האָט אים אָפּגעפֿירט אַהיים און אויפֿן וועג געזאָגט:

— איצט גיי צוריק. דאָרט ביי דיינע רייכע וועסטו נישט בלייבן. וועסט אַמאָל צוריקקומען. אָבער איצט מוזסטו גיין אַהין אויף דעם וועג. עס איז דיין מערכה און אַנדערש קאָן עס נישט זיין. שפּעטער וועסטו זיין מיט אונז און וועסט אונז צונויף קומען.

אַלטערל האָט זיך דערפֿילט, ווי אַ גרויסער און דערוואקסענער. ער האָט געבענקט נאָך פֿריינט און חברים. ער איז געגאַנגען געהויקערט און געבויגן און זיך געבעטן:

— ווער האָט מיך דאָרט אַהין געגעבן?

— עס איז דיר שלעכט?

— ניין, איך ווייס אָבער נישט צי עס איז מיר גוט.

— קיין אַנדער וועג איז נישט געווען פֿאַר דיר. וואָלסט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. וואָלסט געוואָרן אַ פּאַיאַץ, ווי מיר אַלע, מיטן דירעקטאָר איינ־איינעם זעענען. מיר דאַרפֿן דיך האָבן. די געזעלן און די דינסט־מיידן, די בערזע און אַלע חברים דאַרפֿן דיך האָבן. דערווייל קאָנען מיר דיר גאָרנישט געבן, סיידן דיך אַוועקשטעלן ביי אַ בעקער, געהרגעט זאָל עס ווערן, אָבער נעמען קאָנען מיר אַ סך, אַ סך פֿון דיר.

אַלטערל האָט געפֿילט, אָבער נישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט מיט דער עקשנות פֿון אַ קינד, וואָס פֿאַרזוכט די קאַלטע וואַרעמקייט פֿון אַ רייך הויז, נישט צוריקצוגיין. עס איז נישט זיין היים און נישט זיין טאַטע־מאַמע. קיין זאַך בינדט אים דאָרטן נישט און האַלט אים נישט געשפּאַנט. און ווען דער געגריוועטער שוסטער וואָלט אים נאָר געזאָגט איין וואָרט, וואָלט ער אים אין מיטן גאַס איבערגעלאָזט זיין מונדירל און די קאָקאַרדע פֿון דער קאָנסערוואַטאָריע און מיטגעגאַנגען

מיט זיין גרויסן פֿריינט. אָבער דער געגריוועטער שוסטער האָט אים אָפּ־געשלאָגן פֿון געדאַנק:

— וואָלט איך געהאַט אַ היים, וואָלסטו שוין אַ לייט געוואָרן ביי מיר און איך וואָלט דיך אויך געשיקט לערנען. אַזוי וואָס וועט ווערן? פֿאָלג מיך און גיי צו דיינע מענטשן. דורך דאָרט איז דער וועג צו אונז.

און צוגעגעבן האָט ער:

— ווי דו זעסט מיך לעבן.

אַלטערל איז געגאַנגען און געשוויגן. נישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט מסכים געווען, אַז ער מוז. אַז דאָס גייט ער אויף אַ וועג, וואָס וועט אים ערגעץ דערפֿירן צו אַ בייעם, צו זיין אייגענעם וועג.





לייב מלאַך אין זיינע יונגע יאָרן, בעת ער האָט אָנגעהויבן שרייבן זיינע באַלאַדן.

## דער ווייסער שלייער*

(אַן אונגאַרישע פֿאָלקס באַלאַדע איבערגעדיכטעט פֿון לייב מלאך)

פֿאַרשפּאַרט אין אַ פֿינצטערער, איינזאַמער תּפֿיסה —
פֿאַרמשפּט צום טויט, איז געזעסן
אַ מאַן אין אונגאַרן, אַ קעמפּער אַ יונגער,
אַזוי ווי פֿאַרלאָזט און פֿאַרגעסן.

די נאַכט איז אין דרויסן אַ ווייסע געוועזן
באַהאַנגען מיט זילבערנע שטראַלן.
עס איז אויך דער שיין דורך אייזערנע קראַטן
אַריין אין דער תּפֿיסה געפֿאַלן.

מען הערט ניט קיין שאָרך פֿון קיין לעבעדיק נפֿש,
פֿאַרזונקען איז אַלץ אין אַ דרימל,
עס וואַכן נאָר בלויז די לבֿנה און שטערן,
אין פּרעכטיקער בלויקייט — דער הימל.

און פּלוצלינג: עס הערט זיך אַ קלינגען
אַ שאַרן, אַ שאָרכן אויף יענער זייט טיר ווערט צעגאָסן
ווער קומט? טראַכט דער מאַן זיך, מיט ציטער,
און אָט איז די טיר אויפֿגעשלאָסן.

אָט זעט ער די שיין פֿונם וועכטערס לאַמטערן,
מיט אים אַ געשטאַלט קומט אין שוואַרצן —
אָט הערט ער אַ שטימע, אַ ליבלעכע רופֿן,
אָט דריקט אים צו עמיץ צום האַרצן.

---

* „דער ווייסער שלייער" ווערט דאָ איבערגעדרוקט ווי אַ מוסטער פֿון ל. מלאך׳ס ערשטן פֿאַרמעסט ווי אַ דיכטער פֿון באַלאַדן. די צווייטע באַלאַדע, סעניאָר ר׳ משה קאַצענעלבויגן, איז געשריבן אין אַ שפּעטערדיקן צייט־אָפּשניט.

— מאַמע, דו ? ווי ביסטו געקומען ?
צענפּאַכיק פאַרשלאָסן איז טויער ?
— הם, די ליבע אַ מאַמעס רייסט שלעסער און ריגלען,
צעברעכט און שפּאַלט איבער אַ מויער.

— . . . אָ מאַמע, מיין מאַמע ?
איך ווייס דיין כוונה —
מיין נאַכט איז די לעצטע מסתמא.
געזעגענען ביזטו זיך מיט מיר איצט געקומען ? . . .
אָ מאַמע, מיין ליבינקע מאַמע.

— זיי רואיק ! — האָט ווידער די מאַמע געענטפערט.
— איך זאָג דיר, מיין זון, וועסט נאָך לעבן.
איך וועל לויפן צום קעניג אַהין פאַר דיר בעטן
ער מוז, און ער וועט דיר פאַרגעבן.

מיט אים איז אַ הייפל פון שררות און שרים,
תלינים און חייל באַלוינטע,
מיט דיר איז דאָס פאָלק, דאָס צעברויזטע אין גרויסקייט,
פאַר וועמען עס שרעקט די געקרוינטע.

דאָך שטאַרקער פון אַלץ איז די ליבע אַ מאַמעס,
ברעכט הערצער פון שטאָל און פון אייזן !
דער ווילן פון פאָלק, די ליבע אַ מאַמעס,
זיי קאָנען דאָך וואונדער באַווייזן.

דעריבער, מיין קינד, אַז דער תלין וועט קומען
באַגינען דיך פירן צום הענגען,
דאַן גיי און זיי זיכער, מען וועט דיין באַפרייאונג
די לעצטע מינוטן דיר ברענגען.

— איך גיב דיר, מיין קינד, צוויי סמנים :
זאָלסט קוקן פון תליה־פּלאַץ ניט ווייט אויף אַ מויער —
און אויב, אַז דו וועסט מיך דערזען און דערקאָנען
אין שוואַרצן געהילט און אין טרויער —

דאַן ווייס, אַז אַלץ איז פאַרפאַלן,
פאַרשפּילט האָסטו שוין דיינע יאָרן.
מיין קינד, אַז דו שטאַרבסט, ווי אַ העלד פאַר דער פרייהייט!
זאָל בלייבן ביי דיר אין זכרון.

פאַרקערט, ווּעסטו זען מיך, דיין מאַמען,
געהילט אין אַ שלייער אַ ווייסן —
דאַן ווייס, ס׳האָט דיין מאַמע געפוּעלט ביי דעם קעניג,
באַפרייען ער האָט דיך געהייסן.

אַפילו דער תּליון וועט נעמען די פּעטליע
און אַרום דיין האַלדז זי פאַרלייגן,
זאָלסטו אַלץ זיין רואיק, זאָלסט וואַרטן און האָפן,
זאָלסט שמייכלען און גאָרניט זיך פרעגן.

— — — — — —

גלין־גלאָן, עס האָבן באַגינען געטראָגן זיך קלאַנגען
פון גרויסע פאַרבאָרגענע גלאָקן,
ווי סודות געהיימע, באַהאַלטענע שאָטנס —
אַזוי האָט דאָס קלינגען געשראָקן.

דער מאָרגן איז טריב, עס האָט זיך דער הימל
מיט וואָלקנס, מיט שוואַרצע פאַרצויגן —
דאָס פאָלק איז געשטאַנען אַרום ביי דער תּליה,
די קעפּ צו דער ערד טיף געבויגן.

נאָר איינער איז רואיק, דער קעמפער פון אונגאַרן —
ער זעט דאָרט זיין מאַמע אין ווייסן. —
ער ווייסט, באַלד וועט קומען אַ שליח
און וועט דעם פסק־דין צערייסן.

אָט לייגט מען דעם שטריק אויף זיין האַלדז און ער שמייכלט . . .
און שמייכלענדיק איז ער . . . געהאַנגען.
דאָס פאָלק האָט אין צאָרן געביילט זיינע פויסטן —
אַ שבועה געגעבן, און זיך צעגאַנגען...

# די באַלאַדע פון סעניאָר ר׳ משה קאַצענעלבויגן

סעניאָר ר׳ משה קאַצנעלנבויגן האָט פאַררופן
זיין זון ירוחם און זיין טאָכטער, סעניאָריטא מחלה,
חוץ זיי, אַ מנין קאַלאָניסטן, בעלי גופים —
צו רעדן וועגן תכלית.

די שכנים זיינען שטיל געזעסן און זיך געחידושט:
אין מיטן וואָכטאָג? שניט־צייט, ווייצן שטייען צייטיק,
שמועסן... אַן ענין ווען מען קומט צונויף אויף קידוש,
צי גאָר אין אַ ווינטערדיקן פרייטיק.

אָט קומט דער היישעריק, מיליאָנען זולל וסובות,
און אפשר אַ האָגל וואָס דרעשט אויס די זאַנגען,
דאַן גיי דער יק״א בעטן, זי זאָל וואַרטן מיט די חובות —
ס׳זאָל נאָר ניט באַנג טאָן...

נאָר אַז סעניאָר ר׳ משה רופט, מוז זיין אַ זאַך אַ האַרבע.
אַ יאָר דרייסיק שוין ער שטייט ביים פלוג און אַקער.
אַן אַכציק פסחן שוין אויסגעשאָקלט פונם אַרבל
און גלייך איז נאָך זיין נאַקן...

אַ דרייסיק יאָר פאַרזייט ער אין דער ערד בטחון
און יעדעס זאַמדל האָט ער אין דער האַנט געצערטלט.
דער ערשטער, וועלכער האָט די קרקע בתולה אויפגעבראָכן
און מיט ווילד פערד זיך צעווערטלט!...

אָט ערשט, ווי מיט דער בייטש אַ קנאַק, געווען אין פאַדאַליע:
אַ יונגערמאַן, אַ הויזגעזינט, נו דאַרף מען קלערן תכלית.
אָט קומט אַ גרין־באַקאַפעליושט פריצל קיין מאָהיליעוו
און טיילט גאָר יידן נחלות...

אַ פעטער, אַ באַראָן, ר׳ הירשקע טיילט — פאַרוואָס ניט נעמען?
אַ מפיל קינד איז משה? געדינט דעם ראָטנעם ניקאָלאַיען!
און הענט האָט ער, אַז אסור, צי זיי וועלן אים פאַרשעמען
ביים אַקערן און זייען...

פֿאַרקויפֿט ער אויס דאָס ביסל האָב בחצי חינם.
פֿרואוווט אויס די הענט פֿון זון — אָדערן ווי דראָטן —
מיט זיי ביטאָ זיך וואָס צו שרעקן פֿאַר ווייטער אַרגענטינע,
אין טאָטן זיינען זיי געראָטן...

— — — — — —

נו, מילא, איז נישט אַזוי, ווי מען האָט זיך פֿאַרגענומען;
אַ פֿייגנבוים, אַ ווינגאַרטן, אַ פּריץ זיין, משרתים האָבן...
אַז ווי מען איז נאָר פֿון דער שיף אַראָפּגעקומען,
דערזעט מען: ס׳איז גוט באַגראָבן.

אַז וואו עס פֿאַלט דאָס אויג, אַ ווייטער, ווייטער שטח,
פֿאַרברוינטע גוימלעך יאָגן זיך אויף ווילדע אָקסן.
שוין נעמט מען מבינות זאָגן: אַ חוץ אַ רויער רעטעך
וועט דאָ גאָרניט וואַקסן.

האָט מען זיך גענומען דינגען, בייזערן און זידלען:
אַ חמימה! דער טאָג ליגט אויף די קעפּ אַזאַ צעגליטער.
ווי האָט מען, אין אַ וויסטעניש, אַראָפּגעבראַכט די יידן,
צו שטאַרבן אין אַ מדבר?

און אַז מען איז די ערשטע נאַכט אין פֿעלד געשלאָפֿן,
פֿאַר די פֿאַרשמאַכטע ליפּן געזוכט אַ טרונק, אַ טראָפּן,
און געלער פֿיבער האָט געשניטן ווי מיט חלפֿים —
ווי מען שניידט די סנאָפּעס.

האָבן אָנגעהויבן ברענען ווערטער פֿון מרידה,
אַרומגערינגלט די משרתים פֿון באַראָנסקן פֿעטער,
נישט אַנדערש ווי מען האָט פֿאַרנאַרט אַן עדה יידן,
צו פֿלאַנצן רעטעך.

האָט זיך ר׳ משה אָנגעשפּיגן אין די הענטשקעס,
אַ זאָג געטאָן: וואָס שטייט איר ליידיק, נעבעכניקעס, לא יוצלחס?
וואָס פֿאַלט איר אָן אויף פֿעטער הירשקעס מענטשן
אָט פּונקט ווי היצלעס?

וואו וועט איר גיין צוריק, האַ? אפשר דאָרט צו פאַניען?
די הערינג־קרעמלעך ציען, צי אפשר פאָרן אויף יאַרידן?
און דאָ ליגט אַזאַ ברייטער סטעפּ, פאַרשפּייט זיך אין די דלאָניעס
און נעמט זיך צו די רידלעס!

איז טאַקע באַלד אַ הויז, אַ פּלויט, אַ ברונעם אויפגעקומען.
די ווילדע גראָזן אויסגעריסן, אויסגעברענט די דערנער;
די רויע־ערד האָט אין איינגעווייד דאָס ערשטע מאָל פאַרנומען
די פרייד פון זוימען־קערנער.

און מי פון הענט האָט בערג געשניטן, אויסגעגלייכט די גריבער.
מער פון אַלעמען האָט קאַצנעלבויגן זיך געפּלייסיקט.
נאָר איידער ר'האָט זיך נאָך אַ רעכטן קראַץ געטאָן, אַריבער
איז אַזוי אַ יערלעך דרייסיק...

— — — — —

וואָס אמת איז, צוגלייך מיט ברונעמס האָט ער קברים זעקס געגראָבן,
אין זיי פאַרבאָרגן ס'טייערסטע פון זיין לעבן.
זיין צווייטע יידענע זיך אָפּגעטראָגן ביי אַ „האָבן"
ליגט זי ביי דער זייט, — דאָס קינד דערנעבן.

דאָס דריטע ווייב, אַליין אַ קינד, אַ שכן קאָלאָניסטס אַ טאָכטער.
אַ שיינס, אַ טאַנצנדיקס — מ'איז גאָר דערויף געווען קיין מבין.
גלייך מיט די פערד איז זי אין שפּאַן געגאַנגען, זיך איינגעבראָכן —
פאַר איר דאָס פערטע קבר.

אין פינפטן קבר רוט זיין בכור — אַ יונג אַן אייזן.
צוגלייך מיט זיין געביין איז דאָרט אַ סוד פאַרשלאָסן,
מסתמא מיט אַ שיקסע זיך פאַרטשעפּעט — אַ יונג אַ מזיק —
און דורך עמיצנס האַנט דערשאָסן.

דער לעצטער גרוב, נו, גאָט צו דאַנקען, שטייט נאָך ליידיק.
מען קאָן דאָך ניט ביי יעדן מאָל צום רידל כאַפּן.
און ער אַליין, סעניאָר ר' משה, וועט דאָך ניט, בלי נדר,
ביי פרעמדע קברים קלאַפּן...

אַזוי האָט קאַלטס און וואַרעמס, טרוקעניש און האָגלען
סעניאָר ר׳ קאַצנעלנבויגן דורכגעמאַכט. אַבי, קיין עין הרע,
אַ יידיש דאָרף איז דאָ צעבליט, וואָרצלען טיף געשלאָגן
און „שור שנגח את הפרה״.

נאָר סעניאָר ר׳ משה איז פֿאַרשריבן אויף דער שוואַרצער ליסט,
אַז ער איז נישט פֿון די, וואָס לאָזן זיך אין קאַשע שפּייען.
טאָ, וואָס פֿארנעמט ער יק״אס ערד אומזיסטע,
און וויל זי ניט באַפּרייען?

נאָר ר׳ משה לאַכט, און ס׳לאַכן מיט די טיפֿע קאַרבן,
וואָס האָבן זיך פֿון שווערער מי געשניטן אין זיין שטערן.
עס וואָלט געווען פֿאַר דער קאָלאָניע אַ בושה און אַ חרפּה
אזוינע שטותים הערן...

נאָר היינט, ווען ר׳ משה קומט אַהיים, פֿאַרגעסן וואָס, אַ שרייפֿל.
דערזעט ער אויפֿן טיש ביים ברויט און מעסער,
אַ וויס פּאַפּיר, געחתמעט, ווי די חתימה פֿונם טייוול,
נו, פֿאַרטיק איז דער עסק...

אָט דאָס אַלץ. דערפֿאַר האָט ער פֿאַררופֿן די אסיפֿה
אין מיטנוואָך, שניטצייט, ווייצן שטייען צייטיק.
זיצט מען איצטער אין אַ שווייגן אַ פֿאַרטיפֿטן,
און טיפֿער איז דער ווייטיק.

מ׳ישובט זיך אַהין, אַהער, אַ שווערער עסק.
דאָס ברויט פֿון יעדן קאָלאָניסט איז פֿריי און אָפֿן.
נאָר צי אויף דעם האָט קאַצנעלנבויגן אַ יאָר דרייסיק
אַזוי אָפּגעהאָרעוועט?

אַז איצט, ער זאָל ביי טישן אַנדערע אויפֿקלייבן ברעקלעך,
און שלאָפֿן אויף אַ פֿרעמדן, געשאָנקענעם געלעגער?
איז גלייכער שוין ער זאָל די שווערע פֿיס אויסשטרעקן,
ווי אַן אָפּגעאַרבעט פֿערד — אַ פּגר!

מען זיצט און קלערט, און סעניאָר ר׳ משה מאַכט זיך נאָך לצנות.
וואָס זאָל מען עצהנען? ער זאָל אַראָפּ מיט גוטן?
ער איז ווי אַן עם הארץ, וואָס קאָן זיך קיינמאָל ניט אויסצאָלן
ביי אַ יחוסדיקן מחותן...

מען טראַכט אַהין אַהער, צי וועט מען האָבן די העזה
סעניאָר ר׳ משהן פֿון זיין פֿעלד אַראָפּצואוואַרפֿן.
און ער אַליין האָט שוין פֿאַרגרייט אַ קאָסע
אַן אָנגעשאַרפֿטע.

דער אַלטער האָט אַוועקגעשיקט זיין זון, זיין טאָכטער,
אין שטאָט אַריין, אַן אויסרייד, עפּעס קויפֿן.
אָט קומט מען אָן, די בייטשן אין דער לופֿט צעפּאָכעט —
דערשרעקן זיך די עופֿות.

אָט איז מען דאָ. מען באַלעבאַטעוועט אין זיינע שטאַלן.
די קי צעטרייבט מען. עס בויגן זיך די פֿולע זאַנגען,
און גאָלדיק כוואַליעט זיך דאָס קאָרן, ווי עס וואָלטן שטראַלן
פֿון דער ערד אַרויסגעגאַנגען.

אַ וואָרט אַהין, אַ וואָרט אַהער און משהס שטימע ציטערט אויף די ווייצן.
דער יקי״אס דריי געדונגענע משרתים לאָזן זיך צום טירל,
נאָר ווי אַ פֿעלדז איז דאָרטן צוגעוואקסן, פֿעסט, ר׳ משהס פּלייצע,
אַז נישט צום רירן!

עס וויגן זיך די שטראַלן כוואַליעסווייז אין זיינע אויגן.
די זון צעבליט זיך אויף דער קאָסע, בלעטער רוישן.
אָט קלינגען אויף שטילעטן, פֿון די שיידן אַרויסגעצויגן
און שלינגען איין דעם קרעכץ פֿון משהן.

מ׳האָט אויסגעשעפּט דאָס וואַסער פֿונם זעקסטן קבר.
קאָלאָניסטן זיינען זיך מיט קאַצנעלנבויגן מתעסק,
אַ ליימיק בערגל הויבט זיך — אַ נישט געשריבענע מצבה —
פֿאַר שווערע יאָרן דרייסיק.

# תּפילה

(פֿון דער דראַמאַטישער לעגענדע „די הייליקע מויד פֿון לודמיר")

— געביטער פֿון עולמות, האַר פֿון ביידע וועלטן,
דאָ שטייט פֿאַר דיר, אין אונטערטעניקייט, דיין דינסט,
וואָס זיינען מיינע תּפילות קעגן דיין געוועלטן?
אַ שטויבעלע פֿון זאַמד, אַ ווערעמל אַ מינדסט!

צי וואָס האָסטו די לויטערקייט פֿון מיין נשמה,
געלאָזט פֿאַרשלינגען אין די פֿלאַמען פֿון מיין גוף?
אַליין מיט זיך, זאָל איך איצט פֿירן אַ מלחמה,
אַליין מיט זיך... אַליין זיך נעמען אויף אַ פּרוואו?

ס'איז שווער, געוועלטיקער פֿון אונדזערע מחשבות,
דו ווייסט דאָך פֿריער יעדע טראַכטונג, יעדן חטא.
דאָך ניט פֿון מיר, אין זכות פֿון מיינע גרויסע אבות,
זאָל אָפֿן זיין דער וועג צו דיר פֿאַר מיין געבעט. —

איך בעט דיך, גאָט פֿון מיינע עלטערן, פֿאַרטיליק
די בייזע טראַכטונג וואָס עס איז אין מיר, פֿאַרטרייב.
און לאָמיך פֿילן וואָס עס איז אין מיר דער חילוק
פֿון מיין נשמה פֿלאַקער ביז די פֿלאַמען פֿון מיין לייב.

אַ גרויסער גאָט! פֿון וואַנען וועסטו מיך דערהערן,
אין שטילקייט פֿון די טרערן, צי אין קול פֿון רעש?
כ'גיב אָפּ מיין גייסט אין דיינע הענט, ביז ס'וועט פֿאַרצערן
דער לעצטער פֿונק אין מיר און וועט מיך איבערלאָזן אַש.

כ'גיב אָפּ מיין גייסט אין דיינע הענט, ס'איז דיין פּקדון,
נאָר העלף מיר גאָט איינאיינציק מאָל, בלויז היינט צו חצות,
ווען דו וועסט עפֿענען דיין פֿייערדיקן לאָדן —
אַ לאָמיך זען דיין וואונדער, אַ וויוז מיר דאן דיין אות!

כ'וויל זען לייטזעליקייט אין דיין גבורה־צייכן,
דיין צאָרן — ווי אַ כמאַרע פֿאַר לבנה־שיין צעקריכט;
און זאָל מיין תּפילה היינט אין דיינע היכלות דערגרייכן, —
און מיינע שאָטנס זאָלן זיך צעלויפֿן פֿאַר דיין ליכט.

## באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע :

די „פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן" זענען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1934־35, אין דער צייט פֿון עקאָנאָמישן אויפֿשוואונג אין ארץ ישראל. כמעט אין דיזעלבע יאָרן זענען געשריבן געוואָרן די אייראָפּעאישע רע־פּאָרטאַזשן, איז כדאי צו מאַכן אַ פֿאַרגלייך.

ווען מלאַך רעדט דאָ וועגן מלחמה, באַציט זיך עס, נאַטירלעך, אויף דער ערשטער וועלט־מלחמה.

אין 1936 איז מלאַך געוועזן אין שפּאַניע. ער דערציילט אונדז ווי אַזוי די פֿאָלקס־רעגירונג, וואָס איז אין אָנהויב פֿונם זעלבן יאָר אויסגע־וויילט געוואָרן, באַציט זיך צו די יידישע פֿליכטלינגען. דאָס איז געוועזן ערב דעם פֿאַשיסטישן אָנגריף אויף דעם לאָיאַלן שפּאַניע.

די אַמעריקאַנישע רעפּאָרטאַזשן זיינען געשריבן געוואָרן אין די יאָרן 1926־30.

דער סדר איז דאָ ניט כראָנאָלאָגיש.

---

לייב מלאַך'ס כתב יד.

# אַ דיאַלאָג צווישן מיר און מיין שאָטן

דאָס איז געווען אין אַ פֿריען פֿאַרנאַכט אין ירושלים אָנהויב מערץ. דער איבערגאַנג צווישן ווינטער און פֿרילינג איז פֿאַרגעקומען אין עטלעכע שעה. ממש מיט די אויגן האָב איך געזען דעם איבערבייט. עס איז געקומען דער לעצטער קנאַל. שווער צו וויסן, צי האָט מען ערגעץ אויפֿגעריסן די געמינעוועטע פֿעלדזן פֿאַר בוי־צוועקן, צי איז דאָס טאַקע געווען אַ דונער. ווייל באַלד דערויף האָט אַ שפּריי געטאָן אַ רעגן און האָט אָנגעקלאַפּט הויל אָן די שטיינבערג. די טראָפּנס וואַסער זיינען פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין האָגל. אין די גראַניט פֿאַלדן זיינען געבליבן ליגן שטיקלעך אייז, און ווען עס האָט זיך צונויפֿגעשמאָלצן, האָט עס אויסגעזען ווי ברודיקער שניי.

נאָר באַלד דערויף איז אויפֿגעגאַנגען די זון. עס האָט אָפּגעהילכט די געבורט פֿון פֿרילינג. מען האָט ניט געקאָנט דערקלערן, נאָר געפֿילט האָט מען עס. עס האָט זיך אָנגעהויבן שפּרייטן אַ גאָלדענע מילדקייט און ס'איז אויפֿגעגאַנגען אַ נייע פֿרילינגס־פֿרייד אין געמיט.

כ'בין איצט, שוין נישט פֿרי אין אָוונט, געגאַנגען איינער אַליין איבער בערגיקע אומוועגן. וויזיאָנעריש פֿאַרפֿירט פֿון די נאָענטע ליכטלעך, וואָס האָבן אַרויפֿגעפֿינקלט פֿון די ברעגן ביים ים המלח. מיר האָט זיך בייטאָג נאָך אויסגעוויזן, אַז עס איז בלויז עטלעכע הונדערט שפּאַן. נאָר דעם טאָג האָב איך שוין לאַנג געהאַט הינטער זיך פֿאַרלוירן. עס האָבן אויפֿגעטויכט די פֿייערלעך פֿון נאָוואָמעיסקיס פֿאַבריק. די לופֿט אויף די ירושלימער בערג איז שיטער און דורכזיכטיק, פֿאַרנאַרעריש. מיינע קורצזיכטיקע אויגן האָבן געזען אויף עטלעכע צענדליק קילאָמעטער ווייט. דאָס אומבילד פֿון ים המלח איז אַהערגעשוואומען, אָט אָ דאָ, נאָענט צום הר הצופים, אויף די שטיינערנע טרעפּ פֿונם אַמפֿי־טעאַטער, אין הויף פֿונם העברעאישן אוניווערזיטעט.

דער שפּאַציר צום ים המלח, אין שפּעטן נאָכמיטאָג, האָט געזאָלט זיין „אַ מין פֿאַרברענגען מיט זיך", אַ חשבון אָפּגעבן זיך אַליין פֿון דעם געזעענעם אין משך פֿון טעג. ביז האַלב אין טאָג אַריין האָב איך, צוזאַמען מיט נאָך טוריסטן, פֿאַרבראַכט אין אַלט און ניי ירושלים. פֿאַרענדיקט מיין באַזוך האָב איך אויפֿן הר הצופים. איך האָב דאָרט אַ שטיקל חלק: אַלע מיינע ביכער געפֿינען זיך אין דער נאַציאָנאַלער ביבליאָטעק. כ'וויס נישט פֿאַר

וועלכן זכות גראַד מיינע ביכער געפינען זיך דאָרט, צווישן אַזוי ווינציק יידישע ביכער . . . עס איז געוויס נישט מער ווי אַ צופאַל.

איך האָב מיין טאָג פאַרענדיקט אין העברעאישן אוניווערזיטעט ביי אַ יום־טוב פון די סטודענטן. און . . . זאָל איך זיין אָפנהאַרציק: באַוואונ־דערונג און קנאה האָבן מיך אָנגעפילט. מיינע אַמעריקאַנער מיט־טוריסטן זיינען זיך צעגאַנגען אין נחת דערפון, וואָס נאָכדעם, ווי די גראַדואירונג צערעמאָניע האָט זיך פאַרענדיקט, האָבן זיך אין זעלבן זאַל די פּראָפעסאָרן אַוועקגעשטעלט דאַווענען מנחה.

שטייענדיק אויפן הר הצופים, וויקלט זיך פונאַנדער פאַרן אויג אַ כשופדיק בילד פון דער אַלטשטאָט און ניי־ירושלים: אין דער לופט קומט פאָר אַ געפעכט פון שפיצן, טורמס, קלויסטערס, מעטשעטן קאַפּליצעס, קופאָלן, דעכער און פעסטונג־מויערן. און ווי אַ בלוי־בלויער שפיגל אַרומגענומען מיט אַ גאָלדענער ראָם, האַלט זיך עטוואָס משופעדיק דער געזאַלצענער ים און וואַרפט לאָקענדיקע חנען אין אויג אריין.

איך האָב זיך געלאָזט פאַרכשופן פון ים המלח און בין געגאַנגען. איצט איז שוין נישט פרי אין אָוונט. גיין ווייטער האָט ניט קיין זין. איך האָב דעם דייטלעכן ציטער פון פלעמלעך נאָך געזען מיט צוויי שעה פריער. איצט איז עס נישט נעענטער און נישט ווייטער. דעם וועג צוריק האָב איך אינגאַנצן פאַרלוירן. פאַרפאַלן. איך וועל שוין, ווייזט אויס, די ערשט געבוירענע פרילינגס־נאַכט פאַרברענגען איינער אַליין אויפן וועג פון ירושלים צום ים המלח.

איך האָב אין זיך איבערגעלעבט אַלע מאָמענטן פון די ביבלישע צייטן. איך בין נייגעריק געווען: אַ שטייגער ווען איך שפּאַר זיך דאָ אָן אויף דעם קרענצל שטיינער, — צי וואָלטן די שטיינער זיך אויך געקריגט, אויף וועלכן פון זיי מיין קאָפּ זאָל ליגן... איך שפּיץ אָן מיין אויער אויפ־צוכאַפּן די ווידער־קולות, וואָס שלאָגן זיך אָפּ דאָ אין דער פעלזיקער מדבר. נאָר אויסער אַ וויטן לופט־אָפּדרוק פון די דאַמף־רערן ביי נאָוואָ־מעיסקים פאַבריק, הערט זיך גאָרנישט. דער הימל איז איין גרויס געוועב פון שטערן. עס איז היימלעך מיט די שטערן. בפרט אַז זיי פאַרמירן זיך אין אַלערליי בילדער, וואָס מיין פאַנטאַזיע רופט נאָר אַרויס.

ווייטער גיין האָט קיין צוועק נישט. עס איז אויך נישטאָ דער פאַר־לאַנג ווייטער צו שפּאַנען. דאָ איז אַ טויטע שטילקייט. עס ווערט מיר קלאָר, פאַרוואָס די געטלעכע אַנטפּלעקונג צו די נביאים איז געקומען אָט דאָ, אויף די בערג. דו הערסט דיינע אייגענע געדאַנקען רעדן און עס דאַכט זיך

דיר, אַז דאָס רעדט אַן אַנדערער, נישט דו. וואָרעם אָפּטמאָל רעדן אין דיר די מחשבות, אָט די, וואָס וואוינען ביי דיר אין „בוידעם־שטיבל“, אונטער דיין שאַרבן . . .

איך זעץ זיך אויף אַן אַנשפּאַר־שטיין. איך זע אַן אָפּשיין אַרום זיך, וואָס קוקט אויס ווי צוויי רעדעלעך. עס פֿאַלט עפּעס אַ דאָפּלט ליכט פֿון מיינע אויגן ארויס, ווי פֿון אַ באַהאַלטענעם פֿאָספֿאָר. איך זע דעם פלאַץ, וואו זיך צוצוזעצן. שלאָפֿן וועל איך ניט, הגם איך בין מיד. איך פֿאַרגעס, אַז איך בין איינער אַליין. מיר דאַכט זיך, אַז אַרום מיר ווימעלט מיט מענטשן, אַמעריקאַנער טוריסטן, וועלכע האָבן זיך צוגעהעקלט צו מיר היינט, בשעת איך האָב באַזוכט קריסטוסעס קבר. איך האָב זיי דערקענט, אַז זיי זיינען יידן, אַמעריקאַנער יידן, זיי מיך אויך. נאָר פֿאַרוואָס די שומרים פֿון קבר האָבן אונדז נישט דערקענט, בלייבט אַ קשיא . . .

און פלוצלונג געשעט עפּעס אַזוינס מיט מיר, וואָס וועט פֿאַר מיר אַליין אומפֿאַרשטענדלעך. איך האָב זיך באמת דערשראָקן. נאָר די תנכישע אַטמאָספֿער האָט זיך ווי צוריקגעקערט.

פֿון מיר, פֿון מיין גוף, האָט זיך עפּעס אָפּגעטאָן אַ מאָסע, ווי אַ הויט וואָלט זיך אַליין אָפּגעשיילט פֿון מיר. די הויט האָט געהאַט אַן אויסזען פֿון רויך. עס איז געוואָרן באַוועגלעך און זיך געריסן אין דער הויך. פֿון דער הויך האָט עס זיך צוריקגעזעצט. עס האָט אָנגענומען אַ פֿאָרם פֿון אַ מענטשן, אַ סילועט, און האָט זיך אויסגעצויגן אויף די דערבייאיקע, משופּעדיקע שטיינער. לויט דער פֿאָרם פֿון דעם סילועט, האָב איך גלייך דערקענט, אַז דאָס איז מיין אייגענער שאָטן.

וועלכער מענטש איז דאָס ניט געוואוינט צו זען זיין אייגענעם שאָטן? בפֿרט דער, וואָס האָט אַלעמאָל ליב פֿאַרבלאָנדזשעט צו ווערן, כדי . . . זיך אַליין צו געפֿינען. איך האָב זיך מיט מיין שאָטן נישט איינמאָל באַ־ געגנט, און אָפּטמאָל — מיט דעם שאָטן פֿון מיין שאָטן. דעמאָלט האָט אָבער געמוזט פֿון ערגעץ פֿאַלן ליכט. נאָר דאָ, איצט, אויף די פֿעלדזן, איז קיין ליכט נישט געפֿאַלן. די לבנה האָט נישט געשיינט. בלויז די צוויי פֿאָספֿאָר־רעדעלעך פֿון מיינע אויגן האָבן קאַרג, ווי אַ האַלב אויסגעברענטע באַטערייע, געוואָרפֿן אַ שוואַכן שיין. דער דאָזיקער שיין איז לחלוטין נישט מסוגל געווען אַרויסצורופֿן דעם שאָטן ביי מיין זייט. בפֿרט, דאָס געגנצלעכע אָפּטיילן זיך פֿון מיין שאָטן, ווי אַ באַזונדערע זאַך פֿון מיין גוף. נאָר עס קאָן זיין, אַז עס זיינען פֿאַראַן אַזעלכע ווירקונגען אין דער ארץ־ישראל־ דיקער לופֿט. דאָס זיינען אפֿשר געווען די זעאונגען פֿון די נביאים. איך

קאָן נאָך אַמאָל, ווי יעקב מיטן מלאך, זיך דאָ ראַנגלען מיט מיין אייגענעם שאָטן. כאָטש דעם אמת געזאָגט, איז עטוואָס היימלעכער; פּאָרט אין צווייען אין אַזאַ פּאַרכטיקער געגנט. אפשר האָט די נאַטור דאָ באַוויזן אַ נס און דער שאָטן האָט זיך אָפּגעוויקלט פון מיר, כדי מיך צו באַשיצן פון אַ לויערנדיקער געפאַר? קאָן זיין.

נאָר אָט, פּלוצלונג, הער איך אַ שטים, אַ דעמפּע, עפּעס ווי זי וואָלט געקומען פון אַן אויסגעהוילענעם פעלדז אַרויס. נאָך מער האָט מיך גע־שראָקן, וואָס די שטים איז ווי דאָס ווידערקול פון מיר אַליין, דער שאָטן פון מיין שטים.

אינסטינקטיוו האָב איך אַ פרעג געטאָן; ווער איז? נאָר מיטן זעלבן אָפּהילך האָט צוריק געקלונגען אַ געדעמפּטער ענטפער:

— איך, דיין שאָטן, דיין לייבלעכער שאָטן.

---

איך קאָן ניט לייקענען, עס איז פאַר מיר געווען זייער אַן אינטערע־סאַנטער אָוונט. נישט געקוקט, וואָס עס איז מיר געווען קיל, האָב איך דאָך מיט אַ געפּיל פון חרטה דערוואַרט דאָס אויפרויטלען זיך פון פרי־מאָרגן. איך האָב דאָ געהאַט אַ געלעגנהייט צו באַמערקן, אַז קיין איין ניואַנס פון דעם, וואָס איך האָב שוין באַוויזן צו זען אין פּאַלעסטינע, איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען פאַר מיין שאָטן. פאַר מיר פערזענלעך האָבן גע־וויסע זאַכן נישט געהאַט קיין באַזונדערן אינטערעס, און ווען אַפילו איך האָב זיי פאַרנאָטירט אין מיין נאָטיץ־ביכל, האָב איך זיי ניט אויסגענוצט. מיין שאָטן האָט מיך איצט דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט און אויפגעוויזן אויף דעם, וואָס איך און נאָך אַזעלכע ווי איך, באַגייען זיך אומריכטיק בנוגע געוויסע דערשיינונגען אין ארץ־ישראלדיקן אויפבוי.

נאַטירלעך, האָבן מיר ביידע, איך און מיין שאָטן, וועלכער איז זיכער מיין נאָענטסטער און געטרייסטער באַגלייטער אויף מיינע וואַנדערונגען, איצטער גערעדט וועגן ארץ־ישראל. ער האָט מיר געשטעלט די פראַגע:

— ווי האַלטסטו פון ארץ־ישראל?

איך האָב זיך געפילט אין אַ פאַרלעגנהייט פון דער אומגעריכטער פראַגע. איך האָב ניט גלייך געענטפערט.

דער שאָטן מיינער האָט פאַר מיר גערעדט:

— ס׳איז איבעריק צו פרעגן דאָס. איך האָב אייגנטלעך געפרעגט צוליב געוואוינהייט. דער אמת איז, איך ווייס דיינע שטימונגען. איך בין

דערבײַ, ווי די זיצסט בײַ דער שרײַב־מאַשין און שרײַבסט דײַנע רע־פּאַרטאַזשן.

— אַז דו ווייסט, וואָס־זשע פֿרעגסטו?

— עס מאַכט נישט אויס — האָט דער שאָטן שוין לעבהאַפֿט גערעדט.

— ביסט זיכער סוביעקטיוו אין דײַנע שילדערונגען, אָבער ווײַט נישט אַרײַנגעלעבט אין דעם פּראָבלעם, וואָס הייסט ארץ־ישראל. ביסט פֿאַר־כאַפּט אָדער אַנטוישט פֿון דער אָדער יענער דערשײַנונג. אָפּטמאָל גאַליק צוליב אַן אומוויכטיקייט, וואָס איז, אגב, אומפֿאַרמײַדלעך.

— אַ שטײַגער וואָס?

— אַ שטײַגער דאָס, וואָס דו און דײַנס גלײַכן וואַרפֿן פֿאַר די, וואָס האָבן געבויט, אײַנגעשטעלט זיך, געגאַנגען אין סכנה, באַצאָלט מיט בלוט. ביסט דאָך געווען, אַנטשולדיק, מיר זײַנען דאָך בײדע געווען אין די קבוצות און קיבוצים, האָסט דאָך געזען די בית־עולמס. ווי ווינציק עס זײַנען געשטאָרבן מיט זייער נאַטירלעכן טויט. ווען אַפֿילו עס ווערן געמאַכט טעותים, איז עס אַלץ נישט קיין אָביעקט פֿאַר קריטיק. פֿריער אָדער שפּעטער וועלן זיי אַליין, אָט די, וואָס האָבן געבויט און בויען, אויסגעפֿינען, וואָס איז ריכטיק און וואָס — ניט.

— דו ווייסט דאָך, שאָטן מײַנער, מײַן פֿולע פֿאַרערונג און באַוואונ־דערונג פֿאַר די שעפֿער און בויער פֿון לאַנד ווערק, אָבער...

— אָבער וואָס? — האָט מײַן שאָטן זיך געאײַלט איבערצופֿרעגן. — אָט דער „אָבער" באַווײַזט, אַז דו קומסט ווי אַ זײַטיקער. עס איז לײַכט איצטער צו קריטיקירן, אַז מען איז נישט געווען דערבײַ און נישט גע־האַלפֿן זומפּן טריקענען, מגפֿה פֿאַריאָגן און אין קאַמף מיט דער מגפֿה, ווי אין יעדער שלאַכט, איז מען אָפּט אַליין געפֿאַלן. אָפּגעשטעלט האָט מען זיך ניט, צוריקגעצויגן אויך נישט. איצט בליט, גרינט און גאָלדיקט זיך אַ לאַנד.

ענטפֿער איך:

— די נאָכפֿאָלגער און די פּירער פֿון איצט קאָנען זיך אָבער ניט פֿאַרגלײַכן צו די מסירת־נפֿשניקעס פֿון אַמאָל. זיי, די הײַנטיקע, ווײַזן אַ בײַשפּיל פֿון קאַפּיטאַליזאַציע און קאָסטנטום. די, וואָס האָבן געקעמפֿט מיט אַלערלײ פּורעניותן, האָבן זיך ניט אָפּגעשטעלט פֿאַר קיין שום זאַך. געפֿאַלן און ווײַטער געגאַנגען. נישט געווען בײַ זיי קיין פּשרה, קיין צוריק־גאַנג, אַפֿילו צוליב סטראַטעגישע טעמים אויך נישט. אָבער...

מײַן שאָטן איז געוואָרן נײַגעריק:

— אָבער, למשל?

— למשל — ענטפער איך — ביסט דאָך מיטגעווען מיט מיר איבער אַ רייע פאַבריקן. נעם איין ביישפּיל: די זאָקן־פאַבריק „לאָדזשיא". האָסט געזען עקספּלואטאציע? די ארבעטער האָבן געציטערט צו דערציילן, הגם איך האָב זיך באַמיט צו געווינען זייער צוטרויען. אַ לאַנד, וואָס איז געבויט אויף אַרבעט און שאַפן, אין אַ לאַנד, וואו אַרבעט איז דער העכסטער און דערהויבנסטער אויסדרוק, און דער אַרבעטער איז דער מיוחס, — איז אַזאַ דערשיינונג ווייטיקלעך. איך רעד שוין נישט וועגן די זיבעצן און אַ האַלב פּיאַסטער אַ טאָג פאַר אַן אַרבעטאָרין, פאַר שווערע אַכט שעה אַרבעט, אַרבעט לויטן אַמעריקאַנער יאָג־סיסטעם, דער לוין איז ווייט פון צו קאָנען באַפרידיקן די נויטן. צי קאָן אַן אַרבעטער פון דער „לאָדזשיא" אָדער פון אַן ענלעכער פאַבריק טרוימען וועגן דער מינדסטער באַקוועמלעכקייט, פון וואוינען אין אַ לייטישן צימער ביי דער איצטיקער וואוינונגס־ספּע־קולאַציע?

— אַנטשולדיק מיר — האָט דער שאָטן זיך אָנגערופן — אַנטשול־דיק, וואָס איך שלאָג דיר איבער גראָד ביי דעם וואָרט „ספּעקולאַציע". צי ווייסטו ניט, אַז אַ גרויסער טייל פון דער אַרבעטערשאַפט איז צופרידן פון דער דאָזיקער ספּעקולאַציע?

— ניין. איך ווייס ניט.

— עס איז זייער פּשוט: וואָס מער וואוינונגס־ספּעקולאַציע, אַלץ מער איניציאַטיוו איז פאַראַן צום בויען. וואָס מער מען בויט, אַלץ מער איז פאַראַן אַרבעט, אַלץ ווינציקער הענט. וואָס ווינציקער הענט — מער פאַרדינסט.

— ס'טוט מיר לייד, שטענדיקער באַגלייטער מיינער, וואָס ביסט קוים צוויי חדשים אין לאַנד און דו טראַכסט שוין אַזוי, ווי עס טראַכט זיך אין אַלגעמיין. איך וואָלט דיר געקאָנט זיינגען דאָס לידל צוריקצוואוועגס און דער חשבון וואָלט אויך געשטימט. איבעריקנס, נישט אלע זיינען „גאָל־דענע" פאַרדינער ביי בנין. ווען אַלע וואָלטן דאָס געווען, וואָלט עס זיכער ניט געווען קיין געזונטע דערשיינונג. דער פאַקט, וואָס עס טיילן זיך אָפּ שיכט נאָך שיכט אַרבעטער און גייען אַוועק אין די פאַבריקן, איז אַ סימן, אַז זייער לאָגיק איז אַ קלאָרע. פּראָדוקטיוויזאַציע הייסט ניט נאָר טראָגן ציגל.

— ליידער האָבן די פאַבריק־אַרבעטער נישט אַזאַ הויכע קאָניונקטור ווי די בוי־אַרבעטער, הגם זייערע פאַבריקאַנטן שלאָגן גאַנץ נישקשהדיקע פּראָפיטן אין דעם לאַנד, וואָס „זיי" בויען.

— דאָס איז טאַקע דאָס פֿאַרדריסלעכע, — האָב איך ווייטער גערעדט צו מיין שאָטן — ביסט דאָך בייגעווען דעם שמועס, וואָס איך האָב געהאַט מיט אַן אָנפֿירער פֿון דער הסתדרות למאי מען מאַכט אַזעלכע קאָנצעסיעס די פֿאַבריקאַנטן. אין דער צייט, וואָס זייערע פּראָפֿיטן שטייגן און זייער קאַפּיטאַל פֿאַרגרעסערט זיך, איז די עקספּלואַטאַציע גרויס און דער אַרבעטס־לוין נידעריק. געדענקסט דעם ענטפֿער? ניין? וועל איך דיר דערמאָנען, טאַקע אין זיינע אייגענע ווערטער:

„מיר מוזן דאָ אָנהאַלטן דאָס גלייכגעוויכט צווישן אַרבעט און אונטערנעמונג. מיר טאָרן נישט איבערציען דאָס שטריקל. קאַפּיטאַל איז נאָך נישט איבערצייגט, אַז ארץ־ישראל איז אַ גינסטיק פּלאַץ אויף צו מאַכן רוחים. ער אינוועסטירט זיינע קאַפּיטאַלן נאָר צוליב . . . נאַציאָנאַלע טעמים. דעריבער טאָרן מיר נישט לייגן קיין שטיינער אויפֿן וועג. קאַפּיטאַל האָט אַ טבע (קאָן זיך פֿאַרגינען — מיין באַמערקונג) צו זיין קאַפּריזנע, וועסט שטאַרק אָנשרויפֿן, וועט ער נאָך ברוגז ווערן. מיר האָבן שוין געהאַט אַזאַ דערפֿאַרונג מיט איינעם אַ פֿאַבריקאַנט, וואָס האָט זיין פֿאַבריק אַרויסגעצויגן פֿון ארץ־ישראל קיין . . . סיריע.״

— איך זע אין דעם נישט קיין אומרעכט. מען מוז אין אַזעלכע פֿאַלן אָנווענדן טאַקט, אויסגערעכנטקייט. ס'איז אַ שאַך־צוג.

— און איך ווידער גלויב, אַז דאָס איז אַן אָפֿענער איין און דרייסיק. און וויניק וואָס גלויב איך אין קאַפּיטאַליסטישן אידעאַליזם. האָסט נישט איינמאָל געהאַט די געלעגנהייט צו לייענען וועגן גרויסע נאַציאָנאַלע שווינדלערייען אין אַמעריקע און אין פֿראַנקרייך און אין אַנדערע לענדער (די מעשה סטאַווויסקי), און גראָד פֿון טויזנט־פּראָצענטיקע פּאַטריאָטן, מיניסטאָרן און ריכטער. קאַפּיטאַל איז פּיפּיקער און כיטרער און „אינטערנאַציאָנאַלער״, ווי אַלע אַרבעטער צוזאַמענגענומען. ווען קאַפּיטאַל זאָל נישט פֿילן, אַז דער פּאַלעסטינער מאַרק איז איצט דאָס גינסטיקסטע ווינקעלע אין גאָר דער וועלט, וואו מען קאָן שלאָגן פּראָפֿיטן, וואָלט ער ניט געקומען מיט זיינע אינוועסטירונגען. ער וואָלט געווען אַ גוטער נאַציאָנאַלער ייד, געבנדיק אַ נדבה פֿאַר דעם אָדער יענעם ״קרן״. ווען „אָנקל מאָזעס״ האָט געפֿירט זיינע ביזנעס אין אַמעריקע, האָט ער ניט געוואָלט הערן וועגן קומען קיין „פּאַלעסטיין״. נאָר ווען דער אַמעריקאַנער מאַרק איז פֿאַרפֿולט מיט פֿאַרטיקער פּראָדוקציע, קומט ער דאָ אַהער: עפֿנט אַ שאָפּ; קריגט פֿאַרהעלטנישמעסיק ביליקע הענט; נוצט אויס דעם קאַמף צווישן פֿאַרשיידענע ריכטונגען און באַקומט דערפֿאַר די „נאַציאָנאַלע ברכה״ פֿון אַ באַ־

טרעפנדיקן צד. ער טראָגט אויף זיך אַ „קמיע”, וואָס וועט אים באַשיצן פון אַלע אַנשיקעניש, דער עיקר, פון סטרייקן.

— דאָך, וועסט דאָך מודה זיין, אַז מיט אַלע פעלערן הערשט אין לאַנד דאָס, וואָס מען רופט אָן „פּראָספּעריטי”. איך באַגלייט דיך דאָך אויף דיינע אַלע וועגן. איך בין דאָך מיט דיר, אין גאָר דער לעצטער צייט, געווען איבעראַל. ביסט דאָך אַרומגעפאָרן איבער גאַנץ אייראָפּע. זאָג כאָטש, האָסטו געהערט איין צופרידענעם אויסדרוק? האָסטו געזען איין אָפּשטראַלונג פון פרייד אין אַרבעטערס אויגן? צי ער האָט יאָ געאַרבעט צי ניט. האָסט דאָך איבעראַל געזען צעפרעסנקייט, צעפוילטקייט פונם קאַפּיטאַליזם און פאַרצווייפלונג, אונטערדריקונג ביי די אַרבעטער. און דאָ, אַז רק מען פרייט זיך. וועלכן פון דיינע באַקאַנטע דו האָסט באַגעגנט און געפרעגט: „ווי גייט עס?” האָט מען דיר געענטפערט מיט זון אינם שמייכל: נישקשה, כ׳בין צופרידן. ווי קומט עס, וואָס ביי די „עקספּלואַטאַרישע אומשטענדן” (מיין שאָטן האָט שטאַרק אונטערגעצייכנט די גענדזן־פיסלעך.) זיינען די רייען ביי דער פּאָסט גרויס? דאָס שטייען לאַנגע שורות אַרבעטער אַוועקצושיקן געלט קיין חוץ לארץ. האָט דיר דער דירעקטאָר פון דער אַנגלאָ־פּאַלעסטינע־באַנק נישט דערקלערט, אַז ער האָט געמוזט פאַרגרעסערן זיין פּערסאָנאַל און עפענען נייע אָפּטיילונגען, ווייל עס איז אוממעגלעך נאָכצוקומען די באַדערפנישן פון עולם? און די פּוילישע פּ. ק. אָ. ווערט נתעשר פון אירע איבערווייזונגען פון תל־אביב קיין פּוילן. פון וואַנען נעמט זיך דאָס עשירות, אויב די אַרבעטער ווערן אַזוי עקספּלואַטירט, ווי דו מיינסט? ווי קומט עס, וואָס גראָד דאָ, אין „עקספּלואַטירטן” (מיין שאָטנס גענדזנפּיסלעך) לאַנד האָט אַ גרויסער טייל פון די אַרבעטער און אָנגעשטעלטע אייגענע מגרשים, דאָס הייסט בוי־פּלעצער? און אַ סך האָבן שוין זייערע פּלעצער באַבויט און וואוינען זיך אין אייגענע, באַקוועמע דירות.

— איך נעם זיך ניט אונטער דיר דאָס געַנוי צו פאַרענטפערן. ביסט גלייך מיט מיר אין לאַנד און האָסט שוין באַוויזן אויפצוכאַפּן אָט דעם „נס”. עס איז טאַקע אמת, אַז מען שטייט אין רייען ביי דער פּאָסט און אין די בענק אַוועקצושיקן געלט. איך האָב זיך אויך אינטערעסירט און האָב געזען די סומעס וואָס ווערן געשיקט, מערסטנטיילס, צו ווינציקע פונטן. נאַטירלעך, שיקט מען אויך גרעסערע סומעס, נאָר דאָס — פון סוחרים, הויזאייגנטימער, פאַבריקאַנטן און . . . באַאַמטע. יאָ, דו רופסט דאָס אָנגעשטעלטע. איך וועל עס רופן מיט ארץ־ישראלדיקן נאָמען — פּקידים. אויף וויפיל איך האָב דעם איינדרוק, זיינען זיי דאָ אין אַ צו גרויסער צאָל.

קאָן זיין — מען דאַרף זיי. איך נעם זיך ניט אונטער דאָס צו זאָגן. נאָר אָט זיינען מיר דאָך נעכטן געווען אין אַ געוויסער קרן־אינסטיטוציע, און בעת מיר האָבן געוואַרט אויף דעם, וואָס מיר האָבן געדאַרפֿט וואַרטן — דעם ראָש פֿון די פּקידים, האָבן זיך דורכגעוואָרפֿן אָן אַ שיעור אָנגעשטעלטע. טייל האָבן געטרונקען טיי, אַנדערע האָבן דערלאַנגט טיי, אַ סך האָבן גע־לייענט צייטונגען, און אַלץ לאַנגזאַם, צייטלעך, נישט געאיילט. איז מילא, דאָס בין איך נישט אויסן, נאָר אַז דו רעדסט וועגן אַרבעטער, וועלכע האָבן בוי־פּלעצער, אָדער אייגענע דירות, האָסטו פֿאַרגעסן צוצוגעבן, אַז אין ערשטער רייע, זיינען דאָס די „אינטעליגענטע״ אַרבעטער. פּשוט גע־זאָגט: די פּקידים.

וועסט דאָך מודה זיין, אַז די פּקידים שטעלן זיך דאָ אַוועק אין אַ באַזונדערס פּריווילעגירטער לאַגע. און טאַקע אַלס . . . קאַסטע. דו ווייסט גאַנץ גוט, אַז ביוראָקראַטיע שאַרט זיך דאָ אַריין דורך טיר און פֿענצטער. ביסט אודאי געשלאָפֿן, בעת איך בין געשטאַנען ביי אַ קאַסע־פֿענצטערל, אין אַ שטאָטישער אינסטיטוציע, און מען האָט געדאַרפֿט אויסצאָלן די שאָסיי־אַרבעטער זייערע שכירות, האָט מען דאָס געטאָן מיט אַזאַ זויערער מינע, גלייך מען וואָלט זיי, די אַרבעטער, געגעבן אַ נדבה . . . דער אויס־צאָלער, מיין טייערער שאָטן, איז אַ פּקיד, אַלזאָ, אָן . . . אַרבעטער.

נאָך עפּעס וועל איך דיך פֿרעגן, וואָס מיך פּלאָגט און איך געפֿין דערויף נישט קיין ענטפֿער: למאַי, אין די פֿאַרשיידענע שכונות, דאָס הייסט, אין די אַרבעטער־הייזער, וועלכע זיינען אויפֿגעבויט אויף קרן־קימת־ערד, וואוינען די מערסטע פּקידים, העכערע באַאַמטע און פֿירער פֿון אַרבעטער־אינסטיטוציעס, און גאָר ווינציק, סתם אַרבעטער? די סתם אַרבעטער, אַז זיי ווילן אויסבויען שותּפֿותדיקע דירות, מוזן זיי קויפֿן ערד אויף שפּעקולאַטיווע פּרייזן.

שווייגסט? הייסט עס, אַז אויך דו קאָנסט מיר ניט ענטפֿערן? פֿאַרפֿאַלן. ווייזט אויס, נישטאָ קיין ענטפֿער דערויף.

---

מיר האָבן נאָך לאַנג און ברייט גערעדט. אמת, מיט אַ סך זאַכן האָב איך געמוזט איינשטימען, און אויף אַנדערע — האָט ער מודה געווען, אַז איך בין גערעכט. צום סוף האָט ער מיך אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָלסט געוואָלט דאָ בלייבן, אויף שטענדיק שויך, אין ארץ־ישׂראל?

זיין פֿראַגע האָט מיך אַביסל צעמישט. איך האָב נישט גלייך גע־ענטפֿערט. ער האָט געזאָגט:

— אַ וועלט שטרעבט, וואָלט זיין גליקלעך צו קאָנען קומען אַהער, זיך באַזעצן דאָ און איינאָרדנען, נישט קוקנדיק אויף אַלע חסרונות, וואָס דו וואַרפֿסט פֿאָר.

איך האָב געקוקט אַרום זיך, די פּראַכט פֿון דער ערשט געבוירענער פּרילינגס־נאַכט האָט זיך צעזונגען אין די בערג אַרום. פֿון אויבן האָבן שימירירט די פֿייערלעך פֿון דער ירושלימער גאַס־באַלייכטונג, און אָפּט־מאָל האָבן זיך שטערן און די גאַספֿייערלעך צונויפֿגעגאָסן. דאָס וואָס כ׳האָב בייטאָג געזען אין אַלט־ און ניי־ירושלים, איז איצט געקומען צו שווימען אַהער, ווי אַן אַאַזיס. ווייזט אויס, עס איז געלעגן אַזאַ אָפּדרוק אין מיינע אויגן און עס האָט איצט אויפֿן ווייסן שטיין אָפּרעפֿלעקטירט, אַרויסגע־שטראַלט, און איך האָב עס אַלץ געזען אין טיפֿערע פֿאַרבן.

דער געבוי פֿון דער „יאָנג מענס קריסטשיען אַסאָסיאיישן״, צופֿוסנס פֿון הר הצופֿים, איז אַ הערלעכע קאָמבינאַציע, אַ פּאַלאַץ פֿון טויזנט און איין נאַכט, לויט אַ מאָדערנער אויפֿפֿאַסונג. דער הויכער טורעם איז איצט אַ שוואַרצער טײַט־פֿינגער, ווי דער שאָטן פֿון בבלס טורעם. עס איז שיין צו לעבן אין אַזאַ פֿאַרכשופֿטער וועלט. דער עיקר — ירושלים, נאָר . . .

מיין שאָטן איז ווייזט אויס געווען צוגעוואוינט צו מיינע געדאַנקען. און אפֿשר האָבן די געדאַנקען הויך גערעדט. ער האָט פּלוצלונג אַ פֿרעג געטאָן:

— וואָס נאָר? ווער לאָזט דיך נישט? קאָנסט האָבן אַ חלק אין שאַפֿן. וועסט קאָנען צוגלייך מיט אַלע אַנדערע, פֿון דאַנען מיט שטאָלץ אויסרופֿן:
— דעם און דעם וועג האָב איך געפֿלאַסטערט, דאָס און דאָס הויז האָב איך געהאָלפֿן בויען, די און די שטיינער האָב איך אויף מיינע אַקסלען געטראָגן. ס׳איז אַ גרויס געפֿיל.

— ריכטיק, מיין פֿריינט, — האָב איך געזאָגט. — אָבער שווער זיך אויסצולעבן דאָ פֿאַר אַ יידישן שרייבער.

— אַ שטייגער?

— נו, ווייסט דאָך, שפּראַך, קולטור, מען איז אָפּגעריסן פֿון דער ברייטער, יידישער וועלט, פֿון שאַפֿונגס־קוואַל. געדענקסט דאָס בילד, ווי אַרבעטער ביי אַ שאָסיי האָבן אין מיטאָג־שעה זיך אויסגעזעצט אויף די שטיינער און איינער, דער „געלערנטער״ פֿון זיי, האָט די צייטונג, דעם „דבר״, פֿאָרגעלייענט הויך אויף אַ קול, געלייענט, באַטירלעך, האָט ער עס אין עברית, נאָר פֿאַרטייטשט עס אויף יידיש, גלייך אויפֿן שטעל. אַט ווי אַמאָל, די „פֿירלייענערין״ ביי אונדז אין שטעטל. פֿאַרשטייסט, שאָטן מיי־

נער, אַ מאַסע איז דאָ געוואָרן אַנאַלפֿאַבעטיש. וואָס־וואָס, נאָר מען האָט קיינמאָל נישט פֿאַרגעוואָרפֿן דעם יידישן אַרבעטער אין גאָר דער וועלט, אַז ער לייענט נישט. ער האָט געלייענט און זיך זעלבסט געבילדעט — אויף יידיש — זיין מאַמע און טאַטע־לשון.

— ווי רעדט די מאַסע אין אַמעריקע, נישט ענגליש?

— ניין, מאַסע רעדט יידיש. דער אַרבעטער־יידיש. דערויף זאָגן עדות די יידישע צייטונגען און . . .

— און וואָס נאָך? יידישע ביכער? יידיש טעאַטער? פֿאַרלעזונגען? רעפֿעראַטן? יאָ? ווילסט, כ׳זאָל דיך איבערצייגן? ווייסט גאַנץ גוט, אַז אין אַמעריקע קומען צו רעפֿעראַטן בלויז עלטערע מענטשן. און דאָס אויך — מיט קונצן . . . אַ פֿייערונג פֿאַר אַ שרייבער מוז מען אַנאַנסירן מיט אַ חזן אָדער אַ . . . טענצערין. וויפֿיל ביכער דרוקט מען און וויפֿיל פֿאַרקויפֿט מען אין אַמעריקע? און וויפֿיל יידישע ביכער דרוקט מען בכלל אויף דער וועלט? צוויי טויזנט איז אַ גרויסע צאָל, און פֿאַרקויפֿן, פֿאַרקויפֿט מען אַ דריטל. גיב אַ קוק וויפֿיל ביכער עס דרוקן זיך דאָ. וויפֿיל זשורנאַלן, צייטונגען. און דער עיקר, זיי זיינען אָוועקגעשטעלט אויף גוטע, געשעפֿט־לעכע (דער שאָטן שטרייכט אונטער דאָס וואָרט „געשעפֿטלעכע") יסודות. גיב אַ קוק ווי עס זעען אויס די פֿאַרלאַג־בנינים, וויפֿיל מענטשן עס לעבן דערפֿון, ווי אַלץ איז אָוועקגעשטעלט געזונט און באַזעדיק.

— דו זאָגסט — האָט דער שאָטן ווייטער זיך געהיצט — אַז מען האָט צוגענומען ביי די מאַסן די מעגלעכקייט גייסטיק און קולטורעל זיך אויס־צולעבן. זיי לייענען נישט און זיי פֿאַרשטייען נישט דאָס טעאַטער. איז וויל איך דיך פֿרעגן: וויפֿיל יידישע אַרבעטס־מענטשן באַזוכן די נישט־יידישע טעאַטערס אין חוץ לארץ? דאָס פּוילישע, ענגלישע, פֿראַנצויזישע און דאָס גלייכן? לאָמיר אָננעמען אַז העברעאיש איז דערוויילֿ נאָך אַ . . . „פֿרעמדע" שפּראַך. וואָס טוען יידן אין אַנדערע לענדער, וואוהין זיי אימיגרירן? לערנען זיי זיך דאָרט נישט אויס די שפּראַך? לייענען נישט קיין שפּאַניש אָדער ענגלישע צייטונגען? גייען נישט אין טעאַטער?

— וואָס־וואָס, — האָט מיין שאָטן זיך באַגייסטערט פֿון די אייגענע רייד — דאָס וואָס מען גיט דאָ, אין ארץ־ישראל, הגם נישט אין דער פֿאַרשטענדלעכער שפּראַך, איז עסטעטיש, קולטורעל, דערציעריש. סיי די „הבימה", סיי דער „אוהל" גיבן קינסטלערישע בינע־ווערק פֿון די וועלט־דראַמאַטורגן. אמת, דאָס, וואָס מען גיט נאָך נישט קיין אייגענע, קיין אָרי־גינעלע ווערק, איז אַוודאי אַ בלויז. איך בין מסכים מיט דיר, אַז די קונסט

האָט נאָך דאָ נישט געזאָגט דאָס פֿולע וואָרט. אפֿשר דערפֿאַר, ווייל צום ערשט קומט דאָס לעבן מיט זיין שעפֿערישקייט. דערווײַלע ווערט דאָ געשאַפֿן אָט די לעבעדיקע פּאָעמע, די אַרבעט און אויפֿבוי סימפֿאָניע, דערנאָך וועט קומען דער קינסטלער און וועט דאָס ברענגען צום אויסדרוק. איבעריקנס, פֿאַרוואָס־זשע זיינען זיי נישט געקומען, די קינסטלער, די יידישע שרייבער, און פֿאַרוואָס האָבן זיי ניט געזאָגט זייער וואָרט?

— מען וואָלט ניט געלאָזט.

— נישט געלאָזט? ווער? געשיכטע שאַפֿן די, וואָס שטעלן זיך אַוועק מיט פֿאַרקאַטשעטע אַרבל. צום ערשט האָט מען דעם רעיון פֿון אויפֿבוילאַנד אויסגעלאַכט, צוגעוואָרפֿן צו די בעלי־חלומות. האָבן אָט די בעלי־חלומות געוויזן, וואָס זיי קענען אויף אַלע געביטן: ווירטשאַפֿטלעך, געזעלשאַפֿטלעך און קולטורעל. מסכים צי ניט מסכים, יעדער האָט דאָס רעכט, ווען ער בויט עפּעס, אויסצואוויילן די פֿאָרם פֿון זיין ווערק. עס זיינען געקומען פֿאַנטאַסטן און האָבן פֿון „קריאת שמע שפּראַך" געשאַפֿן אַ לשון, וואָס איז געוואָרן אַ לעבעדיקע אומגאַנגס־שפּראַך, אַ שפּראַך פֿון אַ מלוכה, פֿון אַ צייטונג, פֿון אַ בוך, און דער עיקר, אַ שפּראַך פֿאַר קינדער.

דאָס, וואָס די מאַסע האָט די שפּראַך נאָך נישט אויפֿגענומען, איז אַן אַנדערע זאַך; איז ערשטנס, ווייס איך נאָך נישט צי עס איז אַזוי; צווייטנס, ווען עס איז אַזוי, טאָ ווער איז שולדיק, וואָס די מאַסע איז בנוגע קולטור־פֿראַגן געבליבן הענגען אין דער לופֿטן? וואו זיינען עס די יידישיסטן, וואָס זאָלן גייסטיק נעמען די מאַסן אונטער זייערע פֿליגל? פֿאַרוואָס האָט דער אימיגראַציע־שטראָם מיטגעבראַכט אַזוי ווייניק יידישע שרייבער, זשורנאַליסטן, פּובליציסטן, דראַמאַטורגן און דיכטער, זיי זאָלן דאָ מאַכן אַן אָנהויב, פּונקט ווי זיי האָבן עס געטאָן אין אַמעריקע, אַרגענטינע, אַפֿריקע? זיי וואָלטן דאָ אָנגעטראָפֿן אויף אַ בעסערן, אויף אַ נאַטירלעכערן באָדן, ווי אין אַלע אַנדערע אימיגראַציע־לענדער. קאָן זיין אַז פֿון אָנפֿאַנג וואָלט געוועזן גרינגער, שפּעטער שווערער און איצטער אָך שווערער צו קעמפֿן. דאָך, פֿאַרן יידישן וואָרט וואָלט דאָ געוועזן די בעסטע היים. ארץ־ישראל וואָלט גייסטיק געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט די יידישע ישובים אין גאָר דער וועלט און וואָלט באַהאַפֿטן איר קולטור און שאַפֿונג מיטן גאַנצן פֿאָלק.

אַודאי, ווען די בעסטע און גרעסטע פֿון דער יידישער ליטעראַטור־וועלט זאָלן קומען אַהער, וואָלט מען זיך צו זייער שטים צוגעהערט. קאָן זיין, עס וואָלט עפּעס פֿאַרלוירן געגאַנגען פֿון דעם, וואָס מען רופֿט אָן העברעאיש, און אויך פֿון יידיש. אָבער די ליטעראַטור גופֿא, די קונסט,

דער גייסט וואָלט באַרייכערט געוואָרן. און איך בין זיכער, אַז אַלע גוטע פֿריינט, פֿון דאָ און דאָרט, וואָלטן זיך דאָס געווינטשן.

מיין שאָטן האָט זיך ערשט רעכט גענומען פֿונאַנדערפֿירן מיט זיינע טענות צו מיר. טענות, וועלכע עס האָבן זיך אין אים, דורך דער גאַנצער צייט וואָס ער באַגלייט מיך, אָנגעקליבן. איך האָב זיך געגרייט אים צו ענטפֿערן. איך האָב געמוזט מודה זיין, אַז אין געוויסע פֿאַלן איז ער נאָך מער ווי גערעכט. נאָך דער פֿרימאָרגן האָט זיך גענומען אַפּירקלייבן פֿון הינטער די בערג, וועלכע זיינען איצט געוואָרן איינגעהילט אין פֿיאָלע־טענער ראָזקייט. דער טוי האָט זיך אויפֿגעהויבן ווי אַ וואָלקן און אין דער הויך איז ער באַשטראַלט געוואָרן מיט אַ יונגער ליכטיקייט. פֿאָנטאַנען גאָלד האָבן זיך פֿון ערגעץ געגאָסן און געפּלייצט אַרום מיר אויף די פֿעלדזן און אין ווייט־נאָענטן ים המלח. דער נייער טאָג האָט מיטאַמאָל הילכיק, ווי אויף מעשענע טרומייטן, אויפֿגערוישט, און אין דעם הילכיקן אויפֿפּראַל פֿון דער וועלט איז מיין שאָטן ערגעץ נעלם געוואָרן. אפֿשר איז ער אַוועק זיך וואַשן אין דער צעשטראַלטער בלויקייט, וואָס האָט זיך געהעלט און געליכטיקט אויפֿן הימלישן האָריזאָנט.



זרובבל, לייב מלאַך, שכנא זאגאַן אין ארץ ישראל, 1935

# וואָס זעט מען אין „הערצל־צימער" אין ירושלים?

דעם פאַרגאַנגענעם כ׳ תמוז, אין טאָג פון הערצלס יאָרצייט, איז געעפנט געוואָרן פאַרן עולם דאָס צייטווייליקע הערצל־צימער, וואָס געפינט זיך אויפן העכסטן שטאָק פון דער נייער, איצט אויסגעפּאַרטיקטער געביידע פון קרן קימת אין ירושלים.

מיר זאָגן דאָס „צייטווייליקע הערצל־צימער", ווייל דעפיניטיוו וועט דאָס הערצל־צימער דאָ, אונטער דעם דאַך, ניט בלייבן. אַ באַשלוס איז פאַראַן, אַז עס זאָל געמאַכט ווערן אַ ספּעציעלער הערצל־מעמאָריאַל־האָל,— אַן אָנדענק־זאַל נאָך ד״ר הערצל. אין דאָזיקן זאַל זאָל זיך אויך געפינען דאָס „הערצל־צימער", דאָס הייסט אַלץ, וואָס איז איצט פאַראַן אין צייט־ווייליקן „צימער" און ס׳זאָל מיט זיך פאַרשטעלן דעם מוזעאום פון די אינ־טימע פיר ווענט, וואו הערצל האָט געלעבט און געשאַפן.

נאָר דאָס, וואָס עס איז שוין דאָ, מאַכט אַן איבערראַשנדיק־אָנגענעמען איינדרוק. מען פילט דאָס היימישע און ליבלעכע ווינקל. עס דאַכט זיך, אַז אויף די אַלע זאַכן דאָ רוט נאָך הערצלס אָטעם.

קודם, די ווייכקייט פון דער אַטמאָספערע. די איינאָרדנער האָבן זיך באַמיט, אַז דאָס צימער זאָל זיין קאָפּירט פון הערצלס קאַבינעט. ניט מער, וואָס הערצלס אָריגינאַל־צימער דאָרט, וואו ער האָט פאַרבראַכט ביי זיין שרייב־טיש און ביכער־שאַפע, איז געווען העכער און גרוימער. דערפאַר אָבער געפינען זיך דאָ אַלע אָביעקטן, אַלע באַפּוצונגען און באַציר־שטיקער, וואָס האָבן אָנגענעם געמאַכט הערצלס טעג בעת זיין לעבן און אַרבעט.

אָט ליגט אויסגעשפּרייט דער ריזיק־גרויסער, רויטער, געבלימלטער, פּערסישער טעפּיך. עס דאַכט זיך, ווען מען זאָל זיך גוט איינהערן וועט מען נאָך דערפילן הערצלס טריט, וואָס זיינען דאָ פאַרשלונגען געוואָרן בעת ער האָט געשפּרייזט איבערן צימער הין און צוריק . . . אָט זיינען די זעקס געבעטע שטולן, צווישן זיי אַ וויג־שטול, אויף וועלכן ער, צוזאַמען מיט זיינע פריינט, האָבן זיך געמיטלעך אונטערהאַלטן, אָדער „באַשפּראָכן" פּלענער. אָט שטייט אַ פּראַסטער, שוואַרץ־געפאַרבטער טיש; אויף דעם טיש האָט הערצל געשריבן זיין „יודענשטאַט". איבער דעם טיש הענגט אַ באַרע־ליעף פון בראָנז אויסגעקלאַפּט דורך פּראָפ׳ שאַץ, אונטערן נאָמען „יזכור". הגם דאָס איז געמאַכט געוואָרן נאָך הערצלס טויט, האָט זיך עס אַ צייט

לאַנג אויפֿגעהאַלטן אין הערצלס צימער און איז איצט, צוזאַמען מיט די אַנדערע מעבל־שטיקער, אַריבערגעבראַכט געוואָרן אַהער.

אונטער אַ שויבן־טיש זעט זיך אַ מערקווירדיקער געשיר־סערוויז, פֿון די טייערסטע פּאָרצעלאַנען אויסגעאַרבעט, געשאָנקען פֿאַר ד״ר הערצל. אין דער זעלבער שאַפֿע ליגן אויך מעדאַלן און ערן־בענדער, וואָס הערצל האָט באַקומען פֿון טערקישן סולטאַן. אויך זיין אויסלענדישער פּאַספּאָרט, וואָס ער האָט געהאַט בעת זיין רייזע קיין רוסלאַנד.

ספּעציעלע אויפֿמערקזאַמקייט ציט אויף זיך אַ ריזיקער קינסטלעריש־אויסגעאַרבעטער אַלבאָם. דאָס איז אַ געשאַנק פֿון די אַרגענטינער יידן מיט אַן אַ שיעור אונטערשריפֿטן.

צווישן די מתנות, וואָס הערצל האָט געקראָגן צום אָנדענק און אַלס אויסדרוק פֿון ליבשאַפֿט, איז ווערט צו פֿאַרצייכענען דער באַוואוסטער קליינער אָרון־קודש, פֿון אַפֿשר אַ פֿערטל־מעטער די לענג. דאָס איז אַ מערק־ווירדיקייט פֿון איין שטיק האָלץ, באַדעקט מיט די הערלעכסטע שניצערייען — פּרות און בלעטער. דער קינסטלער פֿון דעם קונסטשטיק איז אומבאַ־קאַנט. עס געפֿינט זיך נאָר אַן אויסקריץ: „אַ מתנה אונדזער פֿירער ד״ר הערצל, פֿון די ווילנער יידן״. אינעווייניק געפֿינט זיך אַ מיניאַטור ספֿר־תורהלע און אַ מגילהלע. דאָ אין צימער געפֿינט זיך אויך דער פֿאָרמעטע־נער עמוד פֿון ערשטן ציוניסטישן קאָנגרעס, ביי וועלכן הערצל האָט צום ערשטן מאָל גערעדט און אַנטוויקלט זיין געדאַנק פֿון „יודענשטאַט״. דאַן קומט זיין אייגנטלעכער שרייב־טיש מיט די פֿאַרשיידענע קלייניקייטן: פֿעדערס, טינטערס, סטעמפּלען, צוויי בעכערס, וואָס שטאַמען פֿון דער קרוינונג־צערעמאָניע פֿון רוסישן צאַר ניקאָלאַי דעם 2טן, וואָס עמיצער האָט אים געשענקט.

דאָרט געפֿינט זיך אויך זיין יאַגד־ביקס און אַ רייט־שטעקעלע, ווי אויך עטלעכע שפּאַציר־שטעקעלעך. און אַרום דעם בילדער און בילדער, פֿון פֿאַרשיידענע מאָלער, מערסטנטיילס, אויף ביבלישע מאָטיוון. צווישן דעם — בילדער פֿון זיין פֿאָטער און מוטער אין פֿאַרשיידענעם עלטער. דערביי אַ בילד פֿון זיין מוטער אַלס מיידל, — אַ וואונדערלעכע שיינקייט.

דאַן קומט זיין ביבליאָטעק, אַ געמיש פֿון לשונות: די מערסטע זיינען ביכער אין דייטש, דערנאָך ענגליש און פֿראַנצויזיש, טיילווייז אויך אונ־גאַריש, דערונטער פֿאַרשיידענע העברעאישע ביכער, איבערזעצונגען פֿון זיינע ווערק, תנכן א.ד.גל.

כאַראַקטעריסטיש איז, וואָס צווישן זיינע ביכער געפֿינען זיך אויך

גאַנצע זעקס . . . קאָך־ביכער. מעגלעך דאָס געהערט צו זיין פּרוי און מעגלעך דאָס איז געווען נויטיק פֿאַר אים זיך צו באַנוצן ביים אויפֿנעמען הויכע געסט פֿון פֿאַרשיידענע לענדער. אָבער דאָס אינטערעסאַנטסטע איז, וואָס איין גרויסע ביכער־שאַפֿע איז זיין טעאַטער־ביבליאָטעק. אַלע באַדייטנדיקסטע דראַמאַטישע ווערק אויף פֿאַרשיידענע שפּראַכן פֿון און וועגן טעאַטער. דאָס איז געווען אַ באַזונדער באַליבט געביט פֿאַר ד״ר הערצל דעם דראַמאַטורג.

עס הענגט טאַקע דאָרט אויך אַן אַפֿיש פֿון אַ פּרעמיערע פֿון זיינס אַ פּיעסע אין ווינער מלוכה־טעאַטער מיט 48 יאָר צוריק. דאָס שטיק האָט געהייסן „זיינע האָהייט״.

אָבער רירנדיקער פֿון אַלץ איז גאָר די מאַנדאָלין, וואָס הענגט אין אַ זייט. די גאַנצע פֿאַריתומטקייט קוקט פֿון איר אַראָפּ. עס דאַכט זיך, אַז זי, די מאַנדאָלין, האַלט פֿאַרהוילן אין זיך אַ געזאַנג וואָס איז ניט אויסגעשפּילט געוואָרן, וואָס איז ניט אַראָפּגעציטערט געוואָרן פֿון הערצלס פֿינגער.

די דאָזיקע מאַנדאָלין ווערט ניט איינמאָל דערמאָנט אין הערצלס שריפֿטן. זי איז געווען פֿאַר אים דאָס, וואָס דאָס פֿידעלע פֿאַר דוד המלך. נאָך די פּאָליטישע שטרייטיקייטן בייטאָג, האָט אין אים דערוואַכט דער דיכטער ביינאַכט, און אין איר, אין דער מאַנדאָלין, האָט ער אַריינגעוויינט זיין טרויער און אַרויסגעזונגען זיין באַגייסטערונג.

הערצל פֿלעגט זאָגן:

„...און דאַמאָלט פֿלעג איך זיך צונויפֿריידן מיט מיין מאַדאָלין!״

יאָ, עס דאַכט זיך, אַז אויך איצט רעדט זיך דורך הערצלס גייסט מיט דער מאַנדאָלין, וואָס הענגט דאָ, אין „הערצל־צימער״ און עס ווערן אויסגעכשופֿט טענער, וואָס קיינער הערט זיי ניט, נאָר וואָס ציטערן אָפּ אין דער אַטמאָספֿער.

# לזכר די יידישע ישובים אין פּוילן

## וואַרשע

די אַרטיסטין, אַלא לילית, האָט אין ניו־יאָרק אויסגעזינגען אַן אָדע צו דער שטאָט, וואו מיין טריט שפּאַנט איצט און מיין אויג זוכט אַ שפּריצל כּאָטש פון ליליתעס באַגייסטערונג. לויט איר זינגען און אויסטייטשן דאָס אָפּערעטן־לידל, קומט אויס, אַז וואַרשע, די שטאָט, איז די הערלעכסטע פּאָעמע צווישן וועלט־שטעט. אַ סך מענטשן, אַזעלכע ווי איך, האָבן מסתמא אַזוי געטראַכט, ווען מיר האָבן איבערגעלאָזט דאָס אַמאָליקע וואַרשע און האָבן פון קיין אַנדער, גרעסערער שטאָט ניט געוואוסט. איצט, האָבן מיר דעם איינדרוק, ווי מען פאַרלאָזט אַ מאַמע, אַ שיינע, אַ יונגע, מיט אַלע זיבן חנען און אליין טראָגט מען זיך איבער דער וועלט, און מען קומט צוריק נאָך יאָרן לאַנגע, די איבערגעבליבענע מאַמע, צו וועמען אַלע בענקשאַפטן זענען געווענדעט, איז גאָר אַן איינגעשרומפּענע, אַן איינגעדאַרטע, אַ פאַר־צערטע און דאָך — אַ טייערע.

עס איז אפשר ניט אַזאַ געלונגענער פאַרגלייך, דאָך אַזוי איז עס. מיינע אויגן, וואָס האָבן געמאָסטן וועלט־שטעט, קאָנען ניט מער אויפנעמען די הויפּט־שטאָט פון מדינת פוילן אַלס אַ כּרך.

נאָר ניט דאָס בין איך אויסן.

וואַרשע נומער צוויי הויבט זיך אָן פון דאַנציקער וואָקזאַל און ציט זיך איבער דעם רעכטן טייל פון שטאָט און עס ווערן אריינגעשלענגלט די גאַסן אַרום מוראַנאָוו. די דאָזיקע גאַסן זענען די נאַלעווקעס, די געוועזענע דזשיקע און איצטיקע זאַמענהאָף. נאָך אַ גרויסן קאַמף האָט דער שטאָט־ראָט פון וואַרשע מסכים געווען, אַז די דאָזיקע גאַס, וואָס איז דער וועלט־סימבאָל פון יידישער נויט, זאָל אָנגערופן ווערן אויפן נאָמען פון עספּע־ראַנטאָ־באַשעפער, ד״ר לודוויק זאַמענהאָף.

אין דער דאָזיקער גאַס האָט ער געוואוינט, ד״ר לודוויק זאַמענהאָף. און וואָלט ער ניט געוואוינט אין דער דזשיקע, נאָר ווי מענטשן פון זיין קלאַס, ערגעץ אויף האָזשע, צי באַגאַטעליע, וואָלט קיין רייד ניט געווען, אַז אין ריטערליכן וואַרשע זאָל אַ גאַס אָנגערופן ווערן אויפן נאָמען פון אַ ייד.

אַרום נאַלעווקעס פאַרצווייגן זיך פון ביידע זייטן גאַסן און געסלעך: די נאָווינאַרסקע און גענשע, פראַנציסקאַנער און סמאָטשע, וואָלינסקע און אָסטראָווסקע. דאָס זענען די טיפּישע גאַסן פון יידישער אָרעמקייט און

יידישער אייגנאַרט. דאָרט וואוינט דער יידישער לופטמענטש, דער שטע־
קעלע־דרייער און דער שווערער האָרעפּאַשניק, דער ארבעטער און קליין־
בעל־מלאכה. דער חושך אין יענע גאַסן איז אַזוי געדיכט, אַפילו ווען די
זון שיינט און גיסט ימים ליכט, איז דאָרט פינצטער און מרה שחורהדיק.
שפּאַצירנדיק איבער די יידישע גאַסן, דאַכט זיך, אַז די גאַנצע וועלט מיט
פּיין באַהאַלט זיך אויס אין די דאָרטיקע שמאַטעס, אין די צויטן, אומע־
טום — מיסט. די מענטשן, ווי פון מיסטקאַסטענס אַרויס, פאַרוואַקסן און
פאַרפאַפּט. מיניסטער סקלאַדקאָווסקיס גזירות וועגן אויסערלעכער ריינ־
לעכקייט, האָבן דאָ גאָרניט געהאָלפן. מיט בלויזע פאַראָרדענונגען פאַר־
ענטפערט מען ניט די „עסטעטישע געפילן". די אָפּגעלאָזנקייט איז אַ
פּראָבלעם און איז באַהאַפטן מיטן טיפסטן דלות. דער שניי, ווי לאַנג ער
איז פאַרפרוירן, ליגט ער און וואַרעמט זיך אויף די שמאַטעס. קוים ווערט
ער צעגאַנגען, דאַן רינט ער אַריין אין דער וואוינונג און ווייקט די ווענט.
קעלער־שטובן, וואָס זענען על פּי רוב . . . אונטער־קעלערס, נאַסע מיט
רערן פון דער וואַסער־לייטונג און קאַנאַליזאַציע — דאָרטן, וואוינען צו
עטלעכע משפחות. מען וואוינט אין אַ בעט, אונטערן טיש, יעדעס שטיקל
אָרט איז פאַרנומען, פאַרדונגען. רייזנס ליד „אַ געזינד זאַלבע אַכט" איז
אַ באַזונדערער פּאַלאַץ קעגן דעם, וואָס מען זעט דאָ.

פונדעסטוועגן האָט מיניסטער סקלאַדקאָווסקיס „ציוויליזאַציע" געהאַט
אַ געוויסע פּעולה. דער פּאָליציאַנט אין דרויסן, אויף דער גאַס, איז שטאַרק
מקפּיד אויף דער ריינלעכקייט: פאַר אַוועקוואַרפן אַ טראַם־בילעט ניט אין
מיסט־קעסטל, נאָר אויף דער גאַס, צאָלט מען אַ זלאָטע. פאַר אויסשפּייען —
אַ זלאָטע, פאַר אַריבערקרייצן אין מיטן גאַס — אַ זלאָטע. מען „מענטשעלט"
אויס די אָרעמקייט. נאָר די אָרעמע מאַסע קאָן זיך ניט צופּאַסן צו דער „עס־
טעטיק". מען ווייסט ניט וועגן־וואָס פריער צו זאָרגן, זאָל מען פאַרקויפן
„פיר בייגל פאַר אַ צענער", כדי פאַר 100 פאַרקויפטע בייגל זאָל מען האָבן
אַ שטיקל ברויט, צי זאָל מען אין זינען האָבן דאָס ביסל בלוטיקע שפּייעכץ,
וואָס וואַרעמט זיך צווישן די אויסגעפוילטע ציין? מוז מען אַראָפּשלינגען
און ניט אויסשפּייען.

וואַרשע האָט זיך תמיד, אין די „גוטע יאָרן" אויסגעצייכנט מיט איר
אָרעמקייט. נאָך פאַר דער מלחמה האָט קיין אַרבעטער, קיין אַרבעטנדיקער
מענטש, קיין קליין־הענדלער, זיך ניט געקאָנט פאַרגינען צו וואוינען מער
ווי אין איין צימער. די סטאַווקע און שליזקע און קראָכמאַלנע, זענען
שטענדיק געווען נעסטן פון גרעסטן דלות. און דער מין גאַסן־האַנדל מיט

„שמינגע־דעגינגע", האָט תמיד פֿאַרנומען אַן אויבן־אָן אין יידישן „קאָ־מערץ", אָבער היינט איז עס ממש אַ פֿאַרצווייפֿלונג.

קינדער פֿון זעקס יאָר זענען „סוחרים" צוגלייך מיט זקנים, און צום מיינסטן האַנדלט מען מיט בייגל. דאָס קלינגערייַ פֿון די קינדערישע שטי־מעלעך איז אויסגעמישט מיט די הייזעריקע קולות פֿון די עלטערע לייט:

ב י י ג ל, ב י י ג ל...

„בייגל, בייגל, פֿיר פֿאַר אַ צענער", דאָס איז ווי אַ פֿינצטערע סימפֿאָניע אויסגעקלונגען פֿון געהיימע, פּחדיקע גלאָקן. איבער גאַנץ וואַרשע נומער צוויי, פֿון מוראַנאָוו ביז טוואַרדע, שטייען זיי, די בייגל־הענדלערס, מייד־לעך, יינגלעך, מיט גרויסע קוישן, איינער שרייט איבער דעם צווייטן. און טאָמער גייט צו אַ קונה צו איין קויש — לויפֿט אונטער אַ דערבייאיקער הענדלער פֿון אַ יאָר זיבן און וויל אַרויסרייסן דעם קונה פֿון יענעמס הענט. ער ווייס אַלע קונצן פֿון „קאָנקורענץ" און פֿאַרמיאַוסט יענעמס סחורה און לויבט זיין אייגענע און צום סוף, שלאָגט ער פֿאָר, אַ פֿאַרצווייפֿלטער: „פֿינף בייגל פֿאַר אַ צענער". דערמיט ציט ער דעם קונה שוין אינגאַנצן אַריבער אויף זיין זייט, נאָכדעם, ווי ער, דער קונה האָט שוין געהאַט אויסגעטאַפּט אַלע בייגל פֿון זיין פֿריערדיקער זעקס־יאָריקער סוחרטע . . . און די זעקס־יאָריקע הענדלערין זאָגט מיט טרערן אין די אויגן:

„סיידן זיי גנבענען דאָס מעל, ווייל קיין געזעלן האַלטן זיי ניט, קאָנען זיי פֿאַרקויפֿן אַזוי ביליק".

דער זיבן־יאָריקער סוחר ענטפֿערט מיט אַ חוצפּהדיקן בליק צו זיין „קאָנקורענטקע" — און דערביי אַ דראָאונג:

„עסט רעדן אַ סך, על איך דיר אַ פּיס אויסשרויפֿן!"

שטעלט דאָס מיידעלע אַרויס די צונג — איר אופֿן פֿון נקמה. אַן אַל־טער בייגל־הענדלער וויל אין דעם מוטנעם וואַסער „פֿיש כאַפּן" און טענהט: „נאָך פֿון דער ערד ניט אויסגעוואַקסן און האַנדלט שוין מיט בייגל, אַז דעם ווינט רייסן זיי אַרויס פֿון צווישן די פֿינגער! וואָס קאָן גוט זיין — אַ כאָ־ליערע..."

פֿונדעסטוועגן, ווען עס דראָט אַ געפֿאַר, פֿאַראייניקן זיי זיך אַלע קעגן שונא און שיצן זיך איינס דאָס אַנדערע. און די געפֿאַר לויערט תמיד. דאָס איז אין געשטאַלט פֿון דעם פּאָליציאַנט. עס איז גאָר ניטאָ קיין טראַגי־קאָמישערע זאַך, ווי דאָס בילד, בעת אַ פּאָליציאַנט, אָנגעטאָן אין פֿוטער, וואַרעמע שטיוול און וואָלענע הענטשקעס, באַשווערדלט און באַרעוואָל־ווערט, יאָגט זיך נאָך נאָך אַן אַכט יאָריקער בייגל־פֿאַרקויפֿערין. פֿאַרשטייט

זיך, אַז זי, די בייגל־פּאַרקויפערין איז פּלינקער. עס טרעפט אָבער, אַז דעם פּאָליציאַנט „געלינגט" צו פּאַקן די קליינע „פּאַרברעכערין". דעמאָלט פירט ער זי ביי די צעאָדערטע אָרבל, און אַ גרופּע גייט נאָך און גיט צו חשק דער געפּאַנגענער: „ווער אַ האָז! אַנטלויף! רייס זיך אַרויס!"

---

## וואַרשע־יידיש

פּוילן איז יידיש. קיין ספק ניט. אין אַלע פּאַזן און אין אַלע שאַטירונגען. די כמעט צען פּראָצענט יידן אין פּוילן זעען זיך שטאַרק אָן, מיט זייער הלבשה און די תנועות, מיט זייער לשון און די מנהגים, מיט זייער אייגנאַרט און קולטור, מיט זייער עקאָנאָמיק און זייערע קאַמפן.

איך האָב זיך עטלעכע טעג געפּונען נאָר אין וואַרשע נומער צוויי — אינעם יידישן וואַרשע. מען ווערט אַזוי צוגעוואוינט, אַז ס'דאַכט זיך קיין אַנדער וואַרשע איז גאָר ניט פּאַראַן. ווען ניט דער קריסטלעכער בית עולם, וואָס געפינט זיך גראָד אין דער יידישער געגנט, און ווען ניט דאָס, וואָס דורך די יידישע גאַסן ציען זיך די לויה־פּראָצעסיעס, ווי אַ שטיק מיטלאַלטער, מיט קרייצן און קרייצנטרעגערס אין ווייסע העמדלעך, גלחים אין הייליקע מאַנטלען, שוואַרצע מענער און געלע ליכט, פּרעפּלערייען און תּפילות, וואָס וואַרפן אָן אַ פּחד אויף די יידישע אַרומשמייערס אויף די טראָטואַרן, וואָלט מען גאָרניט געדענקט, אַז וואַרשע איז אייגנטלעך אויך אַ... קאַטוילישע שטאָט.

צוויי עקסטרעמען פון צוויי פעלקער, וואָס לעבן אין איין שטאָט־שכנות־שאַפט שוין יאָרהונדערטער, און דאָך איז דער תהום צווישן זיי אַ טיפער און דערגרייכן זיך וועט מען קיינמאָל ניט.

די אידייאישע אַסימילאַציע אין פּוילן האָט באַנקראָטירט. דער „פּאָליאַק פון משהס גלויבן" איז ערגעץ איינגעגאַנגען, מען זעט אים מער ניט. דאָס יידישע לעבן אין וואַרשע באַמערקט זיך דורך פאַרשיידענע פּאַזן, און פּונקט ווי עקסטרעם עס איז דאָס פּויליש־קאַטוילישע, אַזוי איז דאָס יידישאָרטאָדאָקסישע.

דעם ערשטן קאַפּאָטע־ייד האָב איך געזען אויף ביעלאַנסקע־גאַס, איינע פון די הויפּט־גאַסן אין וואַרשע. און איך האָב געפּאָרשט אין די אויגן פון די פיל דורכגייער, עלעגאַנטע הערן און דאַמען, איך האָב געמיינט, אַז דעם יידס אויסזען וועט אין זיי וועקן נייגעריקייט ווי אַן עקזאָטישער מענטש, אַ שטייגער, ווי מען וואָלט געזען אַן אַראַבער מיט אַ ווייסער אַבאַיע. אָבער

קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט, גלייכגילטיק און פֿאַרשטענדלעך. אַ קינאָ־טעאַטער האָט אין זעלבן טאָג אַרויסגעשיקט פֿינף נעגערס מיט רעקלאַמע־שילדן, איז וואַרשע געגאַנגען אויף רעדלעך. די עטלעכע נעגערס זענען געווען עקזאָטיש און אויסטערליש פֿאַר זיי.

די לאַנגע קאַפּאָטע און דאָס קליינע היטעלע, זענען אַן איינגעוואָרצלטע זאַך, ספּעציעל, ווען די יוגנט באַנוצט זיך נאָך מיט דעם, קומט עס אויס נאָך מער ווילד, און... נאַטירלעך.

ווען מען גייט אין אַ שבתדיקן טאָג איבער וואַרשע נומער צוויי, דאַכט זיך, ווי אַ שטיק אַלט־ירושלים וואָלט דאָ אַראָפּגענידערט. מען גייט מיט שמאָלע שריטלעך איבער דער ברייט פֿון די גאַסן. אַטלאַסענע קאַפּאָטעס, אויסגעדריוולטע אויבער־מלבושים, גופֿים איינגעוויקלטע אין טליתים, ווייסע זאָקן און שטעק־שיך. דאָס גייען עלטערע און ייִנגערע, שווערס מיט איידעמס, יונגע ייִנגלעך מיט קיילעכדיקע היטעלעך, ווי שטערצלעך פֿון טשייניקעס אויף די קעפּ, לאַנג־געקרייזלטע פּאהלעך, מיט גאַרטעלעך אויף די קאַפּאָטקעלעך, לויפֿן פֿאָרויס, שטעלן זיך אָפּ און הערן זיך איין, וואָס די „גרויסע" שמועסן. און צווישן זיך רעדט מען ייִדיש, הויך און הילכיק, פֿריי און נאַטירלעך. דאָס איז ווידער אַן איבעררּאַשנדיקער גרוס פֿון ייִדיש, צו מיר, אַ געקומענעם פֿון ווייטע ווייטן, וואו ייִדיש, דאָס וואָרט, איז אַ געצוואונגענע זאַך אין מויל פֿונם קינד, וואו ייִדיש איז קאַמף און אָנשטרענגונג.

פֿאַר אַזעלכע רייד קאָן מען אפֿשר זאָגן אויף מיר, איך בין פֿון ש. ניגערס שיטה: אַז ייִדיש לעבט נאָר אין די מיילער פֿון חסידישע הייזער, ביי דער אָרטאָדאָקסיע. איך וועל נאָך וועגן דעם זיך אומקערן, דערווייל פֿאַרצייכן איך בלויז דעם איינדרוק.

פֿונדעסטוועגן טראַכט איך: ביים דאָזיקן טיפּ ייד פֿון חסידישן הויז קלעקט אַ סך מוט צו קעמפֿן פֿאַר זיינע פּרינציפּן און טראַדיציעס.

דער אויסערלעך־צוגעבאַקענער „שמינטעליגענט" האָט זיכער ניט דעם מוט, ניט נאָר פֿריי צו רעדן ייִדיש אויף די וואַרשעווער גאַסן, נאָר לייגט אריין די ייִדישע צייטונג אין דער פּוילישער און האַלט זי אַזוי אויפֿגעוויקלט אין טראַם, אַז דער שכן זיינער, דער ניט־ייד, וואָס זיצט קעגן איבער, זאָל מיינען, אַז ער לייענט פּויליש.

דער לאַנג־געקליידטער ייד איז טאַקע אויסערלעך ניט קולטורעל, ניט דערצויגן, „אַזיאַטיש", אָבער פֿעסט איז ביי אים זיין וועלט. ווען ער און צוזאַמען מיט אים, נאָך צען טויזנט, ווי ער, דאַרפֿן פֿאָרן צום רבין, פֿאַר־

פּלייצט מען דעם וואָקזאַל, מען פּאַקט זיך אין די וואַגאָנעס, מען שרייט, מען שטופּט זיך, מען שטויסט, מען זינגט און מען געזעגנט זיך, גלייך ווי זיי אַליין, וואָלטן עס געווען די איינוואוינער פֿון דער קרוינשטאָט. אַזאַ סצענע האָב איך געזען אין אַ שטעטל הינטער לאָדזש: עפּעס אַ רבילע איז געקומען, אַ מחנה פֿון עטלעכע הונדערט חסידים האָבן זיך אַ לאָז גע־טאָן „שלום דערלאַנגען".

איצט האָט דאָס לאַנג־געקליידטע יידנטום — אַ פּאָליטישן באַטייט. זיי זענען אָרגאַניזירט, זיי זענען אַ שטיצפּונקט פֿאַר דער הערשנדיקער אָר־דענונג, זיי זענען אַ רעגירונגס־פּאַרטיי. די מלוכה איז „פֿאַר זיי". די לאַנגע קאַפּאָטע, דאָס קליינע היטעלע, די פֿאַרפּלאָנטערטע באָרד און די פֿאַרדריי־טע פּאהס זענען איצט כמעט אַ מלוכהשער מונדיר.

יידיש־וועלטלעך.

דאָס וועלטלעכע יידיש הויבט זיך אָן אין ווארשע אין די אַרבעטער־לאָקאַלן, אין די אַרבעטער־צענטערס, ביי די וואַרשטאַטן. קיין ספּעציעלן צענטער האָט ניט יידיש. די הוילע יידישיסטישע פּאָזיציעס האָבן קיין אָנהאַלט ניט. ניט אומזיסט האָט מען זיך אַזוי שטאַרק געקלאָגט אויף אַ יידישיסטישן באַנקעט:

„מיר יידישע שרייבער זענען איינזאַם, און אונזער שאַפֿן איז פֿאַר־איינזאַמט..."

— אויב מען וויל ניט זיין איינזאַם, מוז מען שטיין אין דער מחנה, מוז מען זיין אַ טייל פֿון אַרבעטנדיקן קאָלעקטיוו. דער קאָלעקטיוו, וואָס בעמט אויף דעם קאַמף פֿאַר דער סאָציאַלער אויפֿלעבונג און פֿאַר דער קולטור־אויפֿלעבונג פֿון זיין פֿאָלק. און מיר, יידישע שרייבער, דאַרפֿן זיך ניט אָפּזונדערן, נאָר באַהעפֿטן זיך מיט דער מחנה, וואָס ראַנגלט זיך פֿאַר־צווייפֿלט פֿאַר דער מענטשלעכער באַפֿרייאונג, פֿאַרן מענטשלעכן קיום.

די ליניע איז אַ קלאָרע, אַן אָפֿענע און אַן אָנגעצייכנטע.

דער „ליטעראַטן־פֿאַראיין" איז אַ וויכטיקע אינסטיטוציע, אָבער בלויז פֿאַר זיך, פֿאַר די אייגענע מיטגלידער און געסט.

אַ פֿיינער זאַל, אַ רעסטאָראַן, וואו מען קאָן אַרויפֿקומען זיך טרעפֿן מיט קאָלעגן און פֿאַרברענגען אַן אָוונט. דאָס איז די פּראָפֿעסיאָנעלע בער־זע. דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, די ליטעראַרישע היים. און דאָס איז געוויס אַ גרויסע דערגרייכונג.

ערגעץ אַנדערש, וואו די צווישן־פּאַרטייאישע ליניעס זענען אַזוי שאַרף אָנגעצויגן, וואָלט, דאַכט זיך, אַזאַ 'אידיליע" ניט מעגלעך געווען:

ציוניסטן, רעוויזיאָניסטן, בונדיסטן, לינקע פּועלי־ציון און קאָמוניסטן, ניט נאָר אין איין פֿאַראיין, נאָר אין איין פֿאַרוואַלטונג.

אויף דער גאַס האָט דער ליטעראַטן־פֿאַראיין אַ קליינע השפּעה און פּרעטענדירט אויך ניט אויף מער. אָבער פֿאַר די קינסטלערישע קרייזן איז דער פֿאַראיין אַ וויכטיק, אַ נוצלעך. און ניט בלויז פֿאַרן שרייבער, דער יידישער מאָלער קומט דאָ אַרויף, דער מוזיקער און דער אַקטיאָר. כאָטש



אַ גרופּע שרייבער און אַקטיאָרן אויף קבר אבות ביי א. וויטער

די אַקטיאָרן האָבן זייער אייגענעם לאָקאַל און פֿאַראיין, האָט טלאָמאַצקע 13 אַלעמען פֿאַראייניקט אונטער איין דאַך. און ... דאָך, די גרינדער האָבן געחלומט פֿון אַן אַנדערן, פֿון אַ ברייטערן ליטעראַטן־פֿאַראיין.

די יידישע פּרעסע האָט יאָ אַ גרויסע ווירקונג אין יידישן לעבן. די יידישע פּרעסע, די בירגערלעכע, איז פֿון איין זייט פֿיין פּאָליטיש אָריענטירט און גיט איבער די אָריענטאַציע די לייענערס. פֿון דער אַנדערער זייט גיט די פּרעסע פֿון אַלעם צו ביסלעך און דער „שפּאַנענדער ראָמאַן" איז נאָך אַלץ אַ גרויסע אַטראַקציע.

בכלל האָט זיך דער מין יידישע צייטונג שטאַרק געמערט אין פּוילן. עס איז שוין אוממעגלעך אויסצורעכענען די צאָל צייטונגען אויף די פּינ־גער, האַלטן אויפֿן געדאַנק די צאָל מאָרגן־ און נאָכמיטאָג־בלעטער. מען לייענט אַ סך יידיש אין וואַרשע, גאָר אַ סך. קויפֿן, קויפֿט מען ניט אַזוי פֿיל, ווי מען לייענט. דריי־פֿיר משפּחות „האַלטן" איין בלאַט. אָבער ווען מען רעדט וועגן יידיש אַלס באַטייט, מוז מען זיך ווידער ווענדן צו דער אַרבעטער־גאַס. ס'איז פֿאַר מיר געווען די גרעסטע איבעראַשונג, ווען איך בין איינמאָל, אין אַ רעגנדיקן אָוונט, געקומען אין אַן אַרבעטער־לאָקאַל, דאָרט איז פֿאַראַן פּלאַץ פֿאַר אַ דריי הונדערט מענטשן, אָבער בלויז אויף די שטיגן זענען געווען איבער הונדערט. אינעווייניק האָט מען געקלעפּט ביי די ווענט. פֿינף הונדערט יונגע אַרבעטער זענען געקומען צו עפּעס אַ ליטעראַרישן אָוונט. מען האָט געשטופּט די 30קער גראָשן דעם קאַסירער אין האַנט אַריין, זיך געבעטן מען זאָל אַריינלאָזן. איך בין געווען אין די אַרבעטער־ביבליאָטעקן און געזען, ווי יוגנטלעכע אַרבעטער רייסן די צייט־שריפֿטן און ביכער פֿון די פּאָליצעס אַראָפּ.

אויף אָט דער דערשיינונג איז כדאי זיך אָפּצושטעלן. עס איז דער גרעסטער נחת־רוח צו פֿאַרברענגען מיט די קינדער פֿון די יידיש־וועלט־לעכע שולן. בשעת איך האָב געהאַט אַ שמועס מיט צען־ און צוועלף־יאָריקע קינדער, האָב איך געהאט דאָס געפֿיל, ווי איך האָב פֿאַר זיך פֿאַר־טיקע, צייטיקע מענטשן. מענטשן, וואָס פֿאַרשטייען זייער סאָציאַלע סביבה, זייער אָפּשטאַם פֿון דער אַרבעטער־שטוב. ביי זיי איז מער ניטאָ קיין פֿאַר־ביטערונג צום רייכן קינד, נאָר אַ געוויסע שטאָלצקייט אויף זייער אייגענעם קלאַס. זיי נעמען שוין ניט אויף, ווערטלעך, די נאַרישע אַלעגאָריש־פֿאַנ־טאַסטישע מעשהלעך פֿון די שול־ביכלעך, זיי ווענדן זייער אויפֿמערקזאַמ־קייט אויף רעאַליסטישע געשעענישן אין הויז, אין גאַס און אין דער וועלט.

די קינדער האָבן מיר דערציילט פֿאַרשיידענע עפּיזאָדן פֿון זייער לעבן. זענען דאָס געווען עפּיזאָדן פֿון זייערע שווערע, יונגע טעג. און אַז איינער, אַ ניין־יאָריקער יינגל, האָט מיר געזאָגט, אַז ער איז שוין אַליין אַן אַר־בעטער, אַ פֿריזירער, האָט זיך געפֿילט אַ וועלט מיט שטאָלצקייט אין זיינע רייד און אַ קינדערישע ווירדיקייט אין זיין טאַט.

יידיש אויף דער אַרבעטער־גאַס האָט אַן אידעאָלאָגישן באַטייט און איז פֿון קעמפֿערישן כאַראַקטער. דערפֿאַר האָט דאָס דאָזיקע יידיש אַ פּאָ־זיטיווע ווירקונג און שלאָגט זיך ערגעץ דורך און דרינגט ערגעץ אַריין.

# לאָדזש — דער נערוו פֿון פּוילן

לאָדזש איז דאָס מאַנטשעסטער פֿון פּוילן! לאָדזש איז דער נערוו פֿון לאַנד! לאָדזש איז...

נו, יאָ, לאָדזש ליגט איצט ווי אַ פֿאַרגליווערטער ריז. די הונדערטער פֿאַבריק־קוימענס, וואָס האָבן אַמאָל געשפּיגן מיט רויך און פֿאַרע צו די וואָלקנס, שטאַרן איצט ווי געביילטע פֿויסטן צום הימל.

לאָדזש גוססט, און דער נערוו פֿון אַרבעט און שאַפֿן איז געליימט און פֿאַרגליווערט. לאָדזש פֿון אַמאָל:

די לאַנגע, לאַנגע פּיעטריקאָווער גאַס האָט געזאָטן. די טראָטואַרן — ענג. עלנבויגנס האָבן זיך געריבן. איינער האָט דעם צווייטן געשטופּט. די קאַפֿעס געפּאַקט מיט „פֿאַרביזנעוועטע" אַרומשטייערס: פֿאַבריקאַנטן, מעקלערס, סוחרים, פֿירמע־פֿאַרטרעטערס פֿון לאַנד און אויסלאַנד, בערזע, פּרייזן, קרעדיטן און ליפֿערונגען. לאָדזש האָט געהאַט דעם טעמפּ פֿון אַ ניו־יאָרק: רירעוודיקייט, באַוועגלעכקייט. לאָדזש איז געווען אויפֿגעלייגט און ברייטהענטיק צו געבן, צום אויסגעבן.

די שפּיציקע שטיינער אין מיטן גאַס האָבן זיך אַראָפּגעזעצט פֿון פֿעסטן טראָט פֿון אַרבעטערס גאַנג. געלאָסן און זיכער איז ער געגאַנגען צו דער אַרבעט און פֿון דער אַרבעט. די ריזיקע טויערן פֿון שייבלערס און פּאָזנאַנסקיס פֿאַבריקן האָבן אַלץ פֿאַרשלונגען, אַריינגענומען. די פּראָפּעסיאָנעלע פֿאַראייניגן האָבן געבליט און געגלאַנצט מיט מאַכט. די צאַרישע דינער האָבן געקריצט מיט די ציין און געשוויגן. כאָטש לאָדזשער גאַסן און ברוקן האָבן זיך ניט איינמאָל געוואַשן אין בלוט אין די ערשטע מאַיען.

אויף די פּלעצער פֿון אַמאָליקע תּליות, שטייען איצט דענקמעלער: דענקמעלער פֿאַר פּריוואַט קעמפֿער און תּליות פֿאַר אַרבעטער. נאָר דער תּוך האָט זיך ניט געביטן: די דענקמעלער זענען איצטיקע תּליות. דאָ ניט לאַנג איז פֿאַרגעקומען אַ בלוט־באָד אין פּאַביאַנעץ, ביי די טויערן פֿון די טעקסטיל־ פֿאַבריקן. קאַלטער באַגנעטן־שאַרף ביי די ברוסטן פֿון אַרבעטער־פֿרויען, הייסע בליי־קוילן, פֿייער און טויט און סטרייקענדע אַרבעטער. אַ כאַפּנדיקע, פּאָליציייאישע לויה, שענדונג פֿון אַרבעטער־גופֿים און אַ שפּיי דעם פּראָלעטאַריאַט. — דאָס איז לאָדזש פֿון היינט.

די שטאָט לאָדזש איז גרויס, צעלייגט און צעצויגן. אַרום די פֿאַבריק־

בנינים — קליינע, הילצערנע, האַלב־איינגעפֿאַלענע כאַטעס. אין די כאַטעס וואוינען . . . „פֿאַבריקאַנטן". די אונטערנעמערס, וואָס קאָנקורירן מיט גרויס־אינדוסטריע, — די יידישע האַנט־וועבער, די וואָס וועבן אויף אַ פּרימיטיוון אופן אויף דער וועבשטול. דאָס איז דער מוראַדיקסטער „עקס־פּלואַטאַטאָר". דאָס ערשטע עקספּלואַטירט ער זיך, זיינע צוועלף שעה אַ טאָג און פֿאַר אַ צולאָג — אַ האַלבן שבת־צו־נאַכטס. דערנאָך קומט זיין ווייב, קומען זיינע קינדער, דאָס זיבן־יאָריקע און דאָס צוואַנציק־יאָריקע. אין די צענדליקער טויזנטער זענען זיי פֿאַראַן, די היים־וועבערס. די נויט האָט עס זיי געטריבן צו פֿאַבריצירן אין הויז, ניט דער ווילן צו זיין בעלי־בתים פֿאַר זיך. אומגעקערט, איך בין געווען אין צענדליקער „וואַרשטאַטן" אַזעלכע, און פֿון אומעטום איין און דער זעלביקער קרעכץ:

„אַז מען לאָזט אונדז ניט אַריין אין די גרויסע פֿאַבריקן, כאָטש מיר זענען קוואַליפֿיצירטע אַרבעטער, ניט ערגער ווי די קריסטן".

אַ מיידל, וואָס ליגט ווי איינגעגראָבן אין פֿאַסמעס וואָל־פֿעדעמער, גיט־צו: „נאָך בעסער ווי די קריסטן, נאָר מען לאָזט ניט צו".

„ווער?"

„וואָס הייסט, ווער? דער ברודער אַרבעטער". און דאָס איז נאָך מער ווי טרויעריק, דאָס איז ווייטיקלעך. דער פּוילישער אַרבעטער פֿון לאָ־דזשער טעקסטיל־אינדוסטריע איז גרייט צו קעמפֿן קעגן... אַריינגעמען יידישע אַרבעטער אין די גרויסע פֿאַבריקן. ניט איין סטרייק האָט שוין אויסגעבראָכן אין אַ פֿאַבריק, ווען דער אייגנטימער, אַ ייד, האָט צוגענומען צוויי־דריי יידישע אַרבעטער.

לאָדזש האָט תמיד געהאַט איר „אויבערשטע" און „אונטערשטע" וועלט. די אויבערוועלט איז געווען אייראָפּעאיש, האָט אויף זיך געטראָגן דעם חותם פֿון ציוויליזירטן מערב. די גרויסע צאָל דייטשן, דער דייטשער איינפֿלוס האָט עס גורם געווען. די אונטערוועלט איז געווען אייגנאַרטיק און באַזונדערס פֿאַרביק, און דער נאָמען „באַלוט" האָט אַרויסגעפֿלאַקערט ווי אַ שוואַרץ ליכט.

באַלוט מיט אירע געסלעך, באַלוט מיט אירע געהיימע ערטער, באַלוט מיט איר שפּראַך און מאָראַל. פֿאַר באַלוט האָט געציטערט לאָדזש, און באַלוט האָט געצויגן צו זיך די אויגן פֿון גאַנץ פּוילן.

איצט איז באַלוט אַראָפּ פֿון דער „גדולה". דער קריזיס האָט אָפּגע־מעקט דעם „גלאַנץ". תמיד האָט דאָרט געבליט די נויט און היינט וואוינט דאָרט די פֿאַרצווייפֿלונג. איך האָב באַזוכט שטיבער אין באַלוט. איז

שווער געווען צו דערקענען די מענטשלעכע געשטאַלטן, וואָס האָבן זיך געראַיעט דאָרט. איין שטוב:

דעם דאַך איז פֿאַרמיאוסט געוואָרן דאָס כסדרדיקע צוקוקן צום עלנט און פּיין פֿון די שטוביקע, האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט אויף דעם ערשטן בעסטן ווינט און האָט זיך ערגעץ פֿאַרטראָגן.

זענען די איינוואוינער פֿון דער „וואוינונג", וואָס איז באַשטאַנען פֿון איין שטוב, געבליבן אָן אַ דאַך.

איז געבליבן אַ שטיקל סופֿיט איבער די קעפּ, וואָס האָט געהאַט מער שפּאַרעס ווי ברעטער. האָט זיך דער שניי דאָרט אַוועקגעלייגט און אויפֿן שניי דער פֿראָסט. האָט דער שניי און דער פֿראָסט אַ גאַנצן ווינטער ניט געטשעפּעט די איינוואוינער פֿון שטוב, אויסער דעם, וואָס ס'איז געווען קאַלט. נאָר קאַלט איז דאָך אויך אין דער גאַס. עטלעכע שמאַטעס, וואָס הילן בייטאָג איין די באַזונדערע געשטאַלטן, ווערן ביינאַכט צונויפֿגעלייגט אויף אַ קופּע גופֿים, וואָס טוליען זיך צוזאַמען און וואָס די מלבושים דער־וואַרעמען ניט, דערהיצן די פּאַרעס.

אָבער סוף ווינטער האָט דער פֿראָסט גענומען אַוועקגיין זיין וועג און איבערגעלאָזט דעם שניי. האָט דער שניי גענומען בענקען נאָך דעם פֿראָסט און זיך צעוויינט, און וויינענדיק אַזוי, האָט ער זיך אַ נאַסער אַראָפּגעלאָזט אין שטוב אריין, און מיט זיינע טרערן איינגעווייקט די ווענט, נאָס גע־מאַכט דאָס אָרעמע ביסל חפֿצים, און גאַנצע נעכט טריפֿט ער אויף טאַטע־מאַמע און קליינע קינדער, וואָס שוויצן אונטער דער אייגענער פּאַרע.

פֿאַרשטייט זיך, אַז די לונגען ווערן גערירט, היץ ברענט די באַקן און פֿיבער גליט אין די אויגן.

און דער מלאך המות שטייט ביי דער טיר, נאָר ער איילט זיך ניט. ער איז זיכער מיט זיין זאַק רויב. ער וועט איינעם אָדער צוויי פֿון דעם הויז צונעמען גראָד אין פֿרילינג, ווען די זון וועט זיך ווי עס איז דורכ־רייסן דורכן ענגן באַלוט־געסל.

איך האָב ניט געשילדערט קיין „ליטעראַריש" בילד, נאָר שטרענג רעאַל און „נאַטוראַליסטיש", ווי איך האָב עס געזען. דאָס איז איין פֿאַל צווישן הונדערטער און הונדערטער.

דער סאָציאַליסטישער שטאָט־ראָט האָט דערפֿאַר אויסגעבויט אין לאָדזש נייע, שיינע, פּרעכטיקע פּאַרקן, גליטש־פּלעצער און ספּאָרט־ווינק־לען.

און לעבן די נייע פּאַרקן, אויסער דער שטאָט אויף פֿרייע פֿעלדער,

אין אויסגעהאַקטן וואַלד — זענען געוואָרן אויפֿגעבויט זייער שיינע, ממש לוקסוסדיקע אַפּאַרטמענט־הייזער אויפֿן אַמעריקאַנער אופֿן, מיט אַלע באַקוועמלעכקייטן, באַד־צימערן און מאָדערנע איינריכטונגען, עלעגאַנט און עסטעטיש. די הייזער זענען באַשטימט פֿאַר אַנגעשטעלטע פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, וואָס וואוינען דאָרטן אין דער גאַנצער באַקוועמלעכקייט פֿאַר גאָר אַ ביליקן פּרייז, פֿאַר ... גאָרניט. די שטאָט־פֿאַרוואַלטונג, אַ סאָציאַליסטישע דערצו, וועט דאָך ניט גיין אַרויסוואַרפֿן פֿון די דירות אַרבעטער. זי קעמפֿט דאָך קעגן דעם מיט פּריוואַטע באַלעבאַטים און אייגנטימער, וואוינט מען פֿאַר האַלב־אומזיסט, אָדער אינגאַנצן בחינם, אין די שיינע, לופֿטיקע און מיט זון־אָנגעגאָסענע צימערן, און פֿון באַלוט־הייזלעך, אָן דעכער און אָן פֿאָלן, וואַרפֿט מען אַרויס.

פֿאַרשיידענע אַרבעטער־אָרגאַניזאַציעס האָבן, לויטן מוסטער פֿון אַמעריקע, געבויט אייגענע קאָאָפּעראַטיווע הייזער. צווישן זיי די בעסטע, מוסטערהאַפֿטסטע, די פֿון די לינקע פּ״צ. ממש פּאַלאַצן: ברייטע פֿענצטער, ליכטיקע ווענט און טעראַסן. די הייזער זענען געבויט געוואָרן פֿאַר אַרבעטער־גראָשנס און האָבן דערווייל געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט. אָבער — ווי ווינציק דאָס איז אין אומענדלעכן ים פֿון דחקות און פֿאַרצווייפֿלונג. וואָלט די שווערד פֿון קריזיס ניט געשניטן אַזוי שאַרף, וואָלטן אפֿשר אַ סך אַזעלכע קאָאָפּעראַטיווע הייזער געבויט געוואָרן, מיט אייגענער הילף און אייגענע שווער־אויסגעהאָרעוועטע פּרוטות. איצט איז דאָס אַלץ אַ חלום.

די שטאָט פֿון אַרבעטער־קאַמף.

לאָדזש, די שטאָט פֿון אַרבעט, פֿון אַרבעטער־קאַמף, פֿון אַרבעטער־כוח, פֿון הילכיקן און פֿאַרהילכנדיקן וואָרט!

לאָדזש, דאָס אַרבעטנדיקע לאָדזש, איז דער מלוכה ווי אַ ביין אין האַלדז. אַמאָל, דאָ ניט לאַנג, האָט אויף דעם גרויסן מויער פֿון מאַגיסטראַט געפֿלאַטערט די רויטע פֿאָן.

היינט פּאַסט מען זיך צו צו די פֿאַראָרדענונגען. די צענטראַלע מאַכט שטיקט און מען לאָזט זיך שטיקן.

די טורמע פֿון פּאָליטישע אַרעסטירטע איז איבערגעפֿילט. דעם ערשטן מאַי פֿאַרוועגט מען די גאַסן־פֿייערונגען און דאָך —

מיר איז אויסגעקומען צו זען אַ דעמאָנסטראַציע פֿון אַרבעטער איבער די גאַסן פֿון לאָדזש: פּאָליציי אויף די פֿערד און צופֿוס, אָנגעגורט די

לענדן און גרייט צו אַ מלחמה, די פינגער אויף די ביקסן־צינגלעך, אַ באַ־פעל — און מען שיסט!...

נאָר די מאַסע איז געגאַנגען, געפּלייצט און געשטראָמט צו איר ציל. אַ מחנה פון טראַנספּאָרט־אַרבעטער, פשוטע פעק־טרעגער, רויע און פּראָסטע יידן מיט פאַרהאַרטעוועטע פנימער, אין צעריסענע בגדים, זענען געגאַנגען ווי אַ שוץ־וואַנט צווישן די דעמאָנסטראנטן און דער פּאָליציי, צו שיצן און באַשיצן.

ווען די דעמאָנסטראַציע איז אריין אין אַן ענגן געסל און ס'איז געווען אַ געפאַר די פּאָליציי זאָל פאַרשפּאַרן אין ביידע זייטן, האָבן די טרעגער פאַרבאַריקאַדירט מיט וועגענער און פערד, מיט טאַטשקעס און פעסער, מיט טיר און לאָדנס. דער טרעגער איז דער הערצאישער קעמפער אין די אַרבעטער־גאַסן פון לאָדזש.

איך האָב באַזוכט דעם פּראָפעסיאָנעלן פאַראיין פון די טרעגער, וואָס האָבן געקראָגן אַ "ליטעראַרישן" נאָמען—"טראַנספּאָרט־אַרבעטער". זיי גע־פינען זיך ניט באַקוועם מיט דעם נאָמען. פּונקט ווי זיי געפינען זיך ניט באַקוועם מיט דעם גאַנצן פאַרלאַמענטאַרישן סדר. זיי פאַרשטייען זייער אויפגאַבע אויף זייער שטייגער און דעם קאַמף אויף זייער אופן. אַמאָל איז זיי געווען פיל ווייניק גוט. געטראָגן אַ פעקל און פאַרדינט אַ זלאָטע. איצט, אַז עס איז אַזאַ שטילקייט אין די וועב־שטולן און די "מייסטערס" טראָגן אַליין אָפּ זייערע פעקלעך צום באַן, קען מען אָפּשטיין אַ גאַנצן טאָג און ניט פאַרדינען קיין גראָשן. די טרעגער זענען געווען די, פאַר וועמענס גראָשן מען האָט ניט געקענט שטאַרבן. איצט גייען זיי פשוט אויס פון הונגער.

אויף די גאַסן, וואָס פירן צום באַלוט, אויף קאָטשעלנע פּלאַץ, איז דאָס אָרט, וואו בעלי־עגלות שטייען; סיי דראָזשקאַרעס און סיי די, וואָס פירן לאָדונג: אַ זעקל קוילן און אַ פורל האָלץ. אָבער שוין לאַנג, ווי קיין קוילן זענען ניט געפירט געוואָרן און קיין האָלץ ניט געלאָדן.

שטייען די פערדלעך און גלאָצן פאַרגליווערט מיט די פאַרטרערטע אויגן, און שטעקן די מאָרדעס אין יעדן פאַרבייגייענדיקן וואָגן, אפשר וועלן זיי אַרויסציהען אַ היי, אַ האַנט־געשניטענעם שטרוי. דער בעל־עגלה זעט עס און גיט אַ שטויס דעם פערדל מיט אַ קללה פאַר אַ צולאָג:

„אַ ניכפּה אויף דיר, וואָס שטעקסטו דיין הונגעריקן פּיסק אין פרעמדע וועגענער, וואָס מיינסטו, מען האָט דיר דאָרט אָנגעגרייט?"

אַ דורכגייער פאַרענטפערט: „מסתמא איז עס הונגעריק, דאָס פערדל."

זידלט דער פֿורמאַן: „און אַז מיינע קינדער פּגרן פֿאַר הונגער, איז וואָס?"

„איז וואָס? איז טאַקע ביטער."

„ביטער זאָל זיין דער וועלט, וואָס זי האָט זיך אָנגעזעצט אויף די אָרעמע פֿערדלעך נעבעך."

## לאָדזשער מיניאַטור־רעפּאָרטאַזשן

אין אַ יידישער וועלטלעכער שול.

דאָס שענסטע, ליכטיקסטע ווינקל — די יידישע וועלטלעכע שול.

קינדער פֿון אַרבעטנדיקע עלטערן, צוויי שוועסטערלעך קענען ניט גיין גלייכצייטיק אין שול אריין. סיבה: איין פּאָר שיכלעך פֿאַר ביידע קינדער. גייט היינט איינס און מאָרגן — דאָס צווייטע. נאָר מען גייט.

אינעווייניק העל, ריין, לויט די אומשטאַנדן, וואַרעם און היימלעך. ווען קינדער דאַרפֿן אַהיימגיין פֿון שול, קרימט מען זיך, עס גלוסט זיך ניט. אינדערהיים? נו, עס זענען דאָך די היימען מיט אָפּגעריסענע דעכער. און ווען דריי הונדערט קינדער האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין גרויסן שול־זאַל, כדי אָפּצונעמען אַ גרוס פֿון דער ברייטער וועלט, האָבן זייערע אויגן מיך דורכגעגליט. ווען איך האָב זיי געשילדערט, ווי אַזוי עס לעבן אַרבעטער־קינדער אין אַנדערע לענדער, אַפֿילו אין אַמעריקע, וואו עס איז זיי ניט פֿיל בעסער און זיי האָבן דאָרט ניט אַזעלכע גאַנצע שולן ווי דאָ, האָבן אַ סך פֿון די קינדער געזאָגט:

„איז טאַקע אויף זיי, אויף די אַמעריקאַנער, אַ רחמנות..."

די קינדער פֿילן זיך שטאָלץ מיט זייער שול און מיט זייער יידיש לשון.

אויבער־בגדים.

מיין דאַמע איז אַ לערערין אין אַ רעגירונגס־שול אין באַלוט. אין איר שול לערנען זיך צוועלף הונדערט קינדער, בלויז יידישע. עס איז אַ „יידישע" רעגירונגס־שול. דאָס יידישקייט באַשטייט אין דעם, וואָס אַנשטאָט אַ גלח, קומט אַ רעליגיע־לערער אָנגעטאָן אין אַ יאַרמעלקע און וואָס אנשטאָט שבת — לערנט מען זונטיק.

כדי צו האָבן אַ באַגריף פֿון דער באַלוטער אָרעמקייט, איז גענוג אַ קוק צו טאָן אין די פּאָדער־צימערן פֿון דער שול, אויף די אויבער־מלבושים פֿון די קינדער, און דאָס בילד איז פֿאַרטיק:

שמאַטעס און שמאַטעס, צעקנוידערט און צעפּיצלט, לייזיק. אָפּטמאָל

מוז די לערערין איבעררייסן דאָס לערנען און הייסן די „אויבער־בגדים״ אַרויסנעמען אויפֿן הויף, באַגיסן מיט נאַפֿט, אונטערצינדן. און שפּעטער, ערגעץ אויסבעטלען אַן אַנדער אויבער־מלבוש פֿאַרן קינד.

פֿאַראַן אַזעלכע „אויבער־קליידער״, וואָס האָבן שוין דורכגעמאַכט „געשיכטע״ אין דער שול דאָ. זיי האָבן נאָך געוואָרעמט די בלוט־אָרעמע גלידער פֿון אַן עלטערער שוועסטער.

יעדעס „שובעלע״, וואָס הענגט אין קאָרידאָר, אויף דעם האָק־ברעט, דערציילט, אויף צוויטן־שפּראַך, אַן איטערעסאַנטע זייער טרויעריקע לעבנס־געשיכטע. יעדע שמאַטע, וואָס האָט אַמאָל געהאַט די פֿאָרעם פֿון אַן אויפֿגענייטער זאַך, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ קאָלנער, אַרבל, קעשענעס, קנעפּ, און איז איצט אַן אָפּגעריבענער זאַק, „דערציילט״, ווי עס איז קיין רו ניטאָ. די זעלביקע שמאַטע מוז ביינאַכט וואָרעמען די אויסגעפּרוירענע ביינער אויפֿן געלעגער און בייטאָג, נאָך די שול־שעהן, וואַלגערן זיך איבער די רינשטאָקן מיט בייגל־קוישן. ניטאָ קיין רו.

און איידער איך גיי אַרום איבער די קלאַס־צימערן, באַטראַכטן די קינדער, הערן זייערע „קענטעניש״, מאַך איך דערווייל אַ שפּאַציר אין אַט דעם פֿאָדער־הויז, ביי דער מלבושים־וואַנט. עס איז גענוג צו שאַפֿן זיך אַ בילד. עס מאָלן זיך שוין אַליין די גופֿימלעך, וואָס זענען אין אַט די שמאַטעס געהילט. דאָס איז די פּרעלודיע...

דער שפּייזער איז געשטאָרבן.

**האַנושעס „מאַנטל״ פֿעלט!**

די לערערין איז דערשטוינט. עס האָט נאָך קיינמאָל ניט פּאַסירט, אַז די גרויע שמאַטע פֿון זאַק־שטאָף, מיט וואַטענע צוויטן, ווי ברודיקער שניי, מיט אויסגעריסענע לעכער אויף דעם אָרט פֿון קנעפּ, און אנשטאָט די קנעפּ — האָר־נאָדלען, וועלכע פֿאַרשפּילעווען די פּאָלעס, אַז אָט די שמאַטע זאָל דאָ ניט הענגען.

די לערערין האָט מיר געוואָלט באַווייזן אַן „אָריגינעל״ מלבוש, טאָקע נאָר פֿאַר אַ קריגס־מוזעאום, וואָרעם דאָס מלבוש שטאַמט נאָך פֿון די אָקופּאַציע־צייטן. איצט פֿרעגט די לערערין די אַנדערע קינדער, וואָס מיט האַנושען איז געשען. קיינער ווייסט ניט. נאָר אָט, די ברייטע טיר צום גאַס־הויף מאַכט זיך אויף — און אין דערמיט בלייבט שטיין האַנושע.

די לערערין דערקענט עפּעס אויף איר. דער אויסדרוק פֿון פּנים איז ניט קיין געוויינלעכער. האַנושע איז אַלט זיבן יאָר, נאָר אַ קאָפּ האָט עס „אויף רעדער״. זי לערנט זיך אויס די לעקציעס פֿריער פֿון אַלע, צום

מיינסטן די לעקציעס, וואָס מען לערנט נאָך ניט מיט איר, נאָר מיט עלטערע אין די העכערע קלאַסן. נאָר אַזאַ איז שוין האַנושע. דאָס, וואָס מען לערנט מיט אַנדערע, כאַפּט זי אויך אויף. דערצו איז זי אַזאַ „אַלט גע־מיט״, אַז ווען די לערערין האָט דערציילט אַ מעשה וועגן „באַטשאַן״, וואָס ברענגט קינדער, האָט האַנושע מיט אַ מינע פֿון אַ דערוואַקסענער, געזאָגט: „שוין צייט ניט צו דערציילן אַזעלכע אויסטראַכטענישן״.

לערערין און שילערין האָבן זיך אָנגעקוקט. די לערערין האָט זיך פֿאַרשעמט. די שילערין האָט טריאומפֿירט.

„וואָס איז מיט דיר האַנושע?״

האַנושע ענטפֿערט ניט. מען פֿילט דעם אינערלעכן קאַמף, וואָס קומט פֿאָר צווישן האַנושעס האַרטן כאַראַקטער און די טרערן, וואָס ווילן זיך איר דווקא אַרויסרייסן פֿון די אויגן. דאָס קינד, אַנשטאָט צו פֿאַרהאַלטן מיט אַ פֿינגער די אויגן, פֿאַרבייסט די ליפּן. זי הענגט שנעל אויף איר מלבוש און גייט אריין מיט טריט פֿון אַ דערוואַקסענעם אין איר קלאַס, זעצט זיך אויף איר אָרט. די לערערין ווינקט, איך זאָל מיטגיין. איך גיי מיט און שטעל זיך, עפּעס ווי פֿאַרשעמט, אין אַנבליק פֿון דער שוידערלע־כער ווירקלעכקייט, אין דער זייט און הער זיך איין צום שמועס צווישן דער לערערין און איר פֿאַרשפּעטיקטער שילערין. נאָר דאָס קינד קאָן שוין מער ניט איינהאַלטן דעם רייסנדיקן שטראָם און פּלאַצט אַרויס מיט אַ געוויין.

די לערערין לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. די אַנדערע קינדער רייסן זיך פֿון די ערטער און קוקן אָן האַנושען מיט רחמנותפֿולע אויגן. זיי זענען גרייט מיטצוטרויערן. האַנושע כליפּעט.

קיינער וואַגט ניט צו פֿרעגן, וואָס עס איז אַזוינס געשען. פֿאַראַן, חוץ האַנושען, נאָך זיבן קינדער, פֿיר פּאָר צעריסענע שיכלעך און פֿיר שמאַטעס, וואָס רופֿן זיך „פּאַלטעלעך״. פֿאַראַן אין שטוב אַ טאַטע און אַ שטיפֿמאַמע. האַנושע באַרואיקט זיך פֿון כליפּן, ווישט אויס אירע אויגן מיט אַ ברעג פֿונעם שמאַטע־קאַפּטן, אַן איינגעריסטער פֿלעק בלייבט שטיין אונטערן אויג. זי רעדט שוין ווי אַ דערוואַקסענער מענטש:

„און איצט וועלן מיר שוין אינגאַנצן אויסגיין פֿון הונגער״.

אין דער לערערינס אויגן צייכנט זיך אַ פֿראַגע: „דער טאַטע?״

האַנושע פֿאַרנעמט דאָס שטומע פֿרעג־וואָרט, וואָס פֿאַלט אַראָפּ פֿון דער לערערינס אויגן. זי ענטפֿערט ניט ווינציקער צעבראָכן:

„ד־ע־ר פּאַ־פּו־גיי!״

די קינדער ווילן שוין אויסברעכן אין אַ געלעכטער. דער טרויער האָט

זיך פֿאַרוואַנדלט אין לוסטיקייט. אַבי ניט קיין מענטש, אַ נאַר אַזאַ, די האַ־נושע: וועגן אַ פּאַפּוגיי — אַזאַ געוויין?

זיי ווייסן אָבער, דאָס קליינוואַרג, אַז דער פּאַפּוגיי איז געווען דער איינציקער שפּייזער פֿון האַנושעס הויז. דער פּאַפּוגיי איז שוין בכלל געווען אַ זקן. שוין דריי דורות איבערגעלעבט, דריי דורות געשפּייזט, און געצויגן מיטן שנאָבל „גליק״ פֿאַר דער גאַנצער געגנט אַרום. האַנושעס זיידע איז געווען אַ קאַטערינשטשיק, און ווען ער איז געפֿאַלן אין גאַס, האָט דער פּאַפּוגיי ניט אויפֿגעהערט צו רופֿן הילף. ער האָט אויף יידיש געשריגן „ראַטעוועט״ און אויף פּויליש — „ראַטויטשע״! נאָר דער אַלטער איז שוין מער ניט געקומען צום לעבן. דער זון, האַנושעס טאַטע, וואָס איז געווען אַ טרעגער אויפֿן „רינעק״, האָט איבערגענומען דעם פּאַפּוגיי, אים אויסגעלערנט ציען „מזל־צעטעלעך״. יעדן אינדערפֿרי איז ער אַוועק מיט אים איבער די פּלעצער, מאַרקן און הויפֿן, געדרימפּלט אויף דער צע־שרויפֿטער קאַטערינקע און די דינסטמיידלעך האָבן געגעבן צווייער־גראַ־שנס פֿאַר אַ „גליק־בריוועלע״. אַזעלכע בריוועלעך האָט דער פּאַפּוגיי ניט געקאַרגט, אַ פֿול שיפֿקעסטעלע געווען מיט זיי, קאָלירטע צעטעלעך, מיט דראָבנע שריפֿט, באַצירט מיט „פֿייגעלעך״. די צעטעלעך האָבן יעדן, וואָס האָט נאָר געגעבן צוויי גראָשן, פֿאַרויסגעזאָגט אַ סך גליק, נאָר קיינעם, פֿון די אָרעמע באַלוט־מענטשן, האָט עס זיך ניט איינגעגעבן צו ווערן גליקלעך טאַקע אויף אַן אמת. פֿונדעסטוועגן איז דער פּאַפּוגיי ניט אָנגערופֿן גע־וואָרן „ליגנער״. פּשוטע מענטשן ווילן בלויז אַ „צוזאָג״ אויף גליק, כאָטש זיי ווייסן שוין פֿון לאַנג, אַז דאָס גליק אליין לאָזט זיך ניט אַרויסציען פֿון דעם הילצערנעם שיפֿלעדעלע אַרויס...

נאָר איצטער איז שוין דאָס אויך אויס. וואָס וועט איצט דער טאַטע טאָן? צו וואָס וועט ער זיך נעמען? דאָס שיפֿלעדעלע וועט שוין היינט און מאָרגן און שטענדיק זיין ליידיק. עס וועלן שוין ניט אַרויספֿאַלן די עטלעכע צענדליק צווייער גראָשנס. פֿאַר בלויז שפּילן אויף דער צעפּאָ־רענער קאַטערינקע וועט מען קיין צווייער גראָשענס ניט אַריינוואַרפֿן. דער באַלוטער עולם וויל פֿאַר די צוויי גראָשן אַ ווערסל אויף גליק. דערפֿאַר האָט האַנושע פֿאַרשפּעטיקט. דערפֿאַר קאָן זי זיך ניט באַרואיקן, דערפֿאַר העשעט זי. אַ חוץ אַ גוטן פֿריינט, אַן אַלט באַשעפֿעניש, צו וועלכן מען איז געווען צוגעוואוינט, אַ חוץ דער היימלעכקייט צו פֿילן אים, דעם פּאַפּוגיי, אין שטוב, איז איר אָפּגעשטאָרבן דער איינציקער שפּייזער.

# ווילנע

וועגן ווילנער אָרעמקייט איז שוין אַ וועלט געשריבן געוואָרן. איך האָב לעצטנס געלייענט פּ. וואַלדס רייזע־באַשרייבונגען פֿון ווילנע און איך געפֿין זיך אין אַ פֿאַרלעגענהייט: עס וועט מיר אויסקומען אים „נאָכ־צוקרימען״, פֿאַרפֿאַלן. ס'איז איין לעבן, איין שטייגער, איין טרויעריקע ווירקלעכקייט.

די אָרעמקייט באַגעגענט מען גלייך אַרויסגייענדיק פֿון צוג. זי איז אייך מקבל־פּנים. דאָס איז ניט יענע שטילע, טראַגישע, פֿאַרבאָרגענע אָרעמקייט פֿון יורדים, וואָס מען באַגעגענט אין וואַרשע. דאָס איז ניט דער שטומער, בייסיקער הונגער, וואָס קוקט אַרויס פֿון די אויגן ביי די לאָדזשער אַרבעטלאָזע. דאָס איז די אויפֿגעריסענע אָרעמקייט, די האַלב־פּראָפֿעסיאָנעלע.

נאָך אין די גוטע צייטן איז ווילנע געווען אַ קבצנטע. נאָר פֿון די „גוטע צייטן״ איז מען שוין לאַנג אָפּגעוואוינט. מען געדענקט זיי שוין אַפֿילו ניט. עס שטייען הייזער אין די ווילנער גאַסן האַלב־אָנגעהויבן צו בויען און איבערצובויען, שוין כמה יאָרן און זענען ניט פֿאַרענדיקט. אַלע אינסטיטוציעס — פֿילאַנטראָפּישע און געזעלשאַפֿטלעכע, קולטורעלע אוןווירטשאַפֿטלעכע האַלטן זיך אויף נסים. אפֿשר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן ניט קיין כח זיך צו ליקווידירן . . .

דעם קבלת־פּנים, וואָס מען קריגט אויפֿן ווילנער וואָקזאַל, באַשטייט פֿון עטלעכע צענדליק הענט, וואָס שטרעקן זיך אַזוי מיסטיש צו אייך. דאָס שטרעקן זיי זיך ניט נאָך קיין נדבות, נאָר צו אייערע פּעקלעך, צו די וואַ־ליזעס, צו די רענצלעך. זייערע אויגן קוקן מיט געבעט און די פֿאַרשמאַכ־טע ליפּן שעפּטשען ווי אַ תּפֿילה:

„הער־לעבן, פֿאַר צוואַנציק גראָשן טראָגן מיר אייך אָפּ די פּעקלעך, וואו איר דאַרפֿט... ניט מער ווי צוואַנציק גראָשן!״

זיי זענען גרייט אַפֿילו אַראָפּצולאָזן פֿון פּרייז.

אַנדערע באַווייזן אייך מיט לאָגיק:

„צו וואָס, מיין הער, דאַרפֿט איר נעמען אַן „איזוואָשטשיק״ און געבן אַזש פֿופֿציק גראָשן, אַז מיר טראָגן אייך אָפּ פֿאַר צוואַנציק...״

דער „איזוואָשטשיק״ וואַרט אָבער אויך ניט אויף נסים. וואָס וועט

ער שטיין מיט דער „קאָזלע״ אין דרויסן, זיצן אויף דער דראָזשקע און וואַרטן אויף געסט ? ער קאָן אַמאָל דריי טעג וואַרטן. דער עולם טראָגט היינט אליין די פּעקלעך. לאָזן זיי שטיין די דראָזשקעס פֿאַרן וואָקזאַל און אַליין לאָזט מען זיך אַריין אינעווייניק, אָפּוואַרטן די פּאַסאַזשירן פֿון צוג.

אין געפּילדער פֿון כאַפּן אַ פּאַרשוין, זענען די דראָזשקאַזשעס אויך דאָ,

אין געפּילדער פֿון כאַפּן אַ פּאַרשוין, זענען די „דראָזשקאַרזשעס״ אויך דאָ, זיי קומען מיט זייער טענה:

„פֿאַר פּופּציק גראָשן פֿירן מיר אייך אַפֿילו אין עק שטאָט מיט אַלע אייערע פּעקלעך. איר פֿאַרשפּאָרט גיין צופֿוס, איר זיצט זיך ווי אַ פּריץ...״

נאַטירלעך ווערן דאָ די טרעגערס (דאָס זענען פּשוטע אַרבעטסלאָזע) שטאַרק געדרודפּט פֿון דער פּאָליציי. וואָרעם אויפֿן וואָקזאַל זענען פֿאַראַן אַנדערע, אָפֿיציעלע און רעגיסטרירטע פּעקל־טרעגערס. יענע פֿאַרלירן די מעגלעכקייט פֿאַר פּרנסה. אָבער די נויט פֿון די „נייע״ טרעגערס, די „ווינקל״־טרעגערס, איז אַזוי גרויס, אַז עס איז אוממעגלעך זיך פֿון זיי אָפּצוזאָגן.

אין דרויסן, פֿאַרן וואָקזאַל, אויב איר זענט ניט איינגעזעסן אין אַ דראָזשקע, ווערט איר פּשוט געפֿאַנגען פֿון דער גרויסער צאָל בעטלערס: יידן און ניט־יידן, פֿרויען און קינדער. זיי שטרעקן ניט בלויז די הענט, זיי בעטן ניט בלויז, נאָר מאָנען, פֿאָדערן. גלייך דו און איך, וואָלטן שול־דיק געווען אין זייער הונגער.

און טאָמער גיט מען ניט, זענען זיי אייך מסדר מיט אַזאַ מין ברכה:

„האַרעלע, אַלע ציינער זאָלן אייך אַרויספֿאַלן, נאָר איינער זאָל אייך בלייבן אויף צאָנווייטיק...״

און... ווילנע איז נאָך מער ווי אַ שיינע שטאָט, אַ מערקווירדיקע שטאָט. עס איז שווער זיך פֿאָרצושטעלן די גאַנצע טרוקנקייט, וואָס עס לייגט זיך אויף די מענטשן, ווען מען זאָל משפּטן לויט דער נאַטור.

מען זאָגט, אומגעגנט ווירקט אויף אירע איינוואוינער. די אומגעגענט אַרום ווילנע, די בערג, די ווילִיע און ווילייקע־טייכן גאַרטלען אַרום די שטאָט מיט קרוינען און שטראַלן. ווילנע מאַכט אַן אימפּאָנירנדיקן איינ־דרוק. גראָד ניט די הויפּט־גאַס, דער אַמאָליקער געאָרגעווסקי פּראָספּעקט, וואָס זעט אויס, ווי אַ קליין שטעטלדיקע פּראָמענאַדע. אימפּאָנירנדיק איז די יידישע געטאָ, די יאַטקע־גאַס און די דייטשע־גאַס, די גאַסן און געס־לעך אַרום. די געטאָ אין ווילנע ברענגט ניט מיט זיך די גרוסן פֿון אַמאָל, נאָר פֿון איצט, מיטן היינטטאָגיקן לעבן. עס איז מערקווירדיק, ווי ווילנע

האָט זיך אַזוי קאָנסערווירט, איינגעלעבט און איינגעוואָרצלט אין געטאָ און פֿילט זיך דאָרט זיכער, און באַזיכערט.

אַלט ווילנע! יידישע־גאַס, יאַטקע־גאַס, שול־הויף, סטראַשונס־ביבלי־אָטעק, ווער קאָן זיי אָפּטיילן און וועלכע האַנט קאָן די שוואַכע מויערן אומ־וואַרפֿן? הייזקעס איינגעבויגענע, פֿענצטער אויסגעקרימטע, טירן צעדרייטע, שמאָל און ענג. אַן אַרקע, ווי אַ וואָך־טויער, איבער דער שמאָלער ברייט פֿון גאַס. קרעמלעך און נאַכטלעגער־שטיבער, שולן און מנינים.

די איינוואוינער פֿון דער געטאָ טראַכטן גאָרניט אַרויס פֿון דאָרטן. די געטאָ אין ווילנע איז סימבאָל. די געטאָ אין ווילנע איז עקאָנאָמישע פּאָ־זיציע — איז קולטור, איז אינהאַלט.

גאַנץ ווילנע איז געטאָ, יידישע געטאָ.

ווען מען שפּאַצירט צום קלויסטער־טויער „אָסטרא־בראַמאַ", דאָס קלויסטער־טויער, וואָס צעשניידט די געטאָ אין צוויי שטאָט־טיילן, מוז מען נאָך פֿון דער ווייטנס זיך אויסטאָן דאָס היטל. ווען פֿרומע יידן זענען גע־צוואונגען דאָס צו טאָן, פֿילן זיי אויף זיך, ווי די הויט ברענט און איילן זיך אַהין אויף יענער זייט, אין די שמאָלע געסלעך, צווישן האַלב־איינ־געפֿאַלענע ווענט, וואו זייערע טריט זענען זיכערער און זייערע בליקן — פֿרייער. די קינדער פֿון געטאָ פֿילן זיך איינגעוואקסן דאָרט. זייער וואָרט, דאָס יידישע וואָרט, איז האַרט און פֿעסט, באַטאָנט און אַקצענטירט.

אין ווילנע לערנט מען. ניט קיין נפֿקא מינה, ווער און וואָס — מען לערנט. עס לערנט דער אַלטער דור אין די בתי־מדרשים, מען איז פֿרום, נאָר לערנען איז אַן ענין, מען שלייפֿט זיך די מוחות. צו וואָס שלייפֿן? גיי, פֿרעג זיי, די ליטוואַקעס. דעם ווילנער יידס מוח איז שאַרף. יעדע שאַרפֿע זאַך מוז מען שלייפֿן, אַז ניט ווערט זי טעמפּ. די ווילנער מוחות זענען ניט טעמפּ.

עס לערנט די יוגנט אין די שולן און אין די הויף־שולן. אין ווילנע לייענט מען. נייןן, מען לערנט, מען פֿאָרשט. לייענען אַ בוך הייסט פֿאָרשן אַ געדאַנק, אויפֿכאַפּן אַן אידייע.

איך באַזוך די סטראַשון־ביבליאָטעק: אַ לאַנגער, גרויסער ווייס־אָפּ־געקאַלכטער זאַל. עס זעט אויס ווי אַ פּאַליש. אַרום די לאַנגע טישן זיצן די לייענער פֿאַרטיפֿט איבער... מאָדערנע ביכער און קנעלן ארויס די ווערטער, שורות, זאַצן.

און קנעלנדיק אַזוי, האָט מען אויסגעקנעלט אַ ווירקנדיק־יידיש לעבן, אַ שפּרודלדיקע, געזונטע יידישע געזעלשאַפֿט. יידיש און יידיש לעבן אין

ווילנע איז אַ וואָכעדיקער תוך. דערפֿאַר איז עס כולו יום־טוב. די שאַרפֿע שווערד פֿון דער איצטיקער צייט שניידט מיט אַ בליציקער שנעלקייט. און דאָס יידישע ווילנע איז באַזאָרגט, פּונקט ווי פֿאַר זיך, פֿאַר די אייגענע דאגות פּרנסה, אַזוי אויך פֿאַר די געזעלשאַפֿטלעכע און קולטורעלע אינ־סטיטוציעס.

די היים און די געזעלשאַפֿט האָט פֿאַרן ווילנער ייד איין און דעם זעלבן באַטייט.

אויף מיין פּלאַן־צעטל, וואָס איך דאַרף אַלץ באַזוכן אין ווילנע, גע־פֿינען זיך, נאַטירלעך, דער יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, די שולן, די יידישע גימנאַזיע, קולטור־פֿאַראיינען, רעדאַקציעס, פֿאַרלאַגן, שריפֿט־שטעלער און די „גרינינקע בוימעלעך".

די „גרינינקע בוימעלעך" זענען אַ וועלט־אינסטיטוציע. איך האָב זיך מיט זיי באַגעגנט אין די גאָר ווייטסטע לענדער און שטעט, און דורך זיי — געשיקט מיינע גרוסן צו אונזערע קינדער פֿון ווייט, ווייט.

מאַך איך מיין ערשטן באַזוך אין דער וואוינונג פֿון ש. באַסטאָמסקי. איך וואָלט גלייך געטראָפֿן, אַז דאָ זענען די „גרינינקע בוימעלעך". עס איז אין מיטן ווינטער, אין דרויסן ליגט נאָך אַ געדיכטער שניי, וואָס האָט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ ברודיק־בלאָטיקער וואַטע, און גאָר באַזונדערס איז דאָס שייך צו ווילנע, וואו מען זינקט ממש אין דער בלאָטע. און פּלוצים, דאָ, ווי נאָר מען מאַכט מיר אויף די טיר, דערזע איך פֿאַר זיך... נו, יאָ, גרינינקע בוימעלעך אין אמתדיקן זינען. בוימער אין פֿעסלעך און בוימער אין וואַזאָנעס — אַ גאַנצער באַטאַנישער גאָרטן. און אַלץ איז אזוי צע־וויקלט, צעבליט, גרין און באַבלעטערט — לעבעדיקע אילוסטראַציעס פֿאַר דעם קינדער־זשורנאַל.

דאָס רעדאַקציע־צימער איז גרויס, גרויס — אַ וואַלד. עפּעס אַ פּריץ האָט דאָ געוואוינט. דער זאַל איז אוודאי געווען פֿאַר געסט, אָדער גאָר צום טאַנצן. אַ גאַנצער פֿראָנט מיט פֿענצטער, איבערגעבליבענע אָרנאַ־מענטן און באַהאַלטענע צייכנס פֿון די שטוקאַטורן. איצט זענען די ווענט אינגאַנצן באַדעקט מיט... ביכער, יידישע ביכער. אַ פּריוואַטע ביבליאָ־טעק, שענק און פֿאַכן ביכער און זשורנאַלן.

ביי איין שרייב־טיש זיצן מיר ביידע, באַסטאָמסקי און איך. מיר האָבן געמיינזאַמע באַקאַנטע, פֿריינד, קינדער פֿון די פֿאַרשיידענע שולן אין גאָר דער וועלט. אין ווייטן טשאַקאָ, און אין נאָענטן ריגע, אין קאַליפֿאָרניע און אין לוקסענבורג, אין קאַלטן צפֿון־קאַנאַדע און אין הייסן דרום־אַפֿרי־

קע. דאָ אַהער, אין דעם גרויסן, געררוימען צימער מיט די וואַזאָנעס און בלעטער, קומען אָן גרוסן צו דעם טיש, באַלייגט און באַדעקט מיט כתב־ידן. און באַסטאָמסקי רעדט מיט אַזאַ ליבשאַפֿט, מיט אַזאַ נאָענטקייט פֿון „זײַנע" ווײַטע קינדער. ער ווייסט זייער פֿאַרלעגענהייט, זייערע דאגות, זייערע נויטן און פֿריידן. חוץ דער אָפֿיציעלער קאָרעספּאָנדענץ, גייען אויך פֿון דאַנען אַרויס (און עס קומען אַריין) פּערזענלעכע און אינטימע בריוולעך פֿון קינדער. מיר רעדן, נאַטירלעך פֿון די „בוימעלעך". דער בייזער גורל פֿון דער צייט האָט זיי ניט אויסגעמיטן, און באַסטאָמסקי איז שטאַרק, שטאַרק באַזאָרגט דערפֿאַר, אַז דער גרויסער קאָנטאַקט מיט דער ווײַטער קינדער־וועלט, דורך די שפּאַלטן פֿון די „גרינינקע בוימעלעך", און פֿון „דעם חבר" זאָל ניט איבערגעריסן ווערן. ווילנע וואָלט זיך אָפּגעשניטן פֿון דער קינדער־וועלט.

די ווילנער יידישע שרייבער זענען ניט בלויז שרייבער, קינסטלער, קאָבינעט אָדער קאַפֿע־הויז־מענטשן, נאָר פֿריער פֿון אַלץ — געזעלשאַפֿט־לעכע טוער, בויער, שמידער.

אין דעם פּרט טיילט זיך ווילנע אויס פֿון ניו־יאָרק, פֿון וואַרשע. אין ווילנע איז ניטאָ קיין צייט פֿאַר שרייבער זיך אַריינצולייגן אין קיבעצאַר־ניעס, אַזוי ווי אין ניו־יאָרק, אָדער ווי אין ליטעראַטן־פֿאַראיין אין וואַרשע. ווילנער יידישע שרייבער זענען פֿאַרהאַוועט, פֿאַרנומען, מיט אַזוי פֿיל דאגות, פּערזענלעכע, אַזוי גוט ווי מיט דעם גורל פֿון די אינסטיטוציעס, וואָס זיי האָבן געשאַפֿן.

יידישע שרייבער אין ווילנע קענען זיך נאָך ניט פֿאַרגינען דעם „לוק־סוס" פֿון אָפּזונדערן זיך און וואַרטן אויף שכר... ווילנע זאָגט: „אם אין אני לי, מי לי?" אויב מיר וועלן ניט בויען, ווער וועט עס טאָן פֿאַר אונדז? עס איז ווינציק וואָס מען שרייבט אַ קינדער־ליד, מען דאַרף אויך שאַפֿן די אינסטיטוציע, וואָס זאָל דאָס קינדער־ליד לערנען.

און די אינסטיטוציעס זענען געשאַפֿן געוואָרן. יאָ, געשאַפֿן געוואָרן צום מיינסטן דורך ווילנער יידישע שרייבער.

עס איז נאָר צו חידושן זיך: וואו נעמען זיי, די ליטוואַקעס, צייט אויך צו... שרייבן און צו שאַפֿן, אַז וויבאַלד זיי זענען, אַ חוץ מיט זייערע פּערזענלעכע עסקים, אויך פֿאַרנומען מיט כלל־אַרבעט? אַרבעט מען טאָקע פֿיר און צוואַנציק שעה אין מעת־לעת און באַוויזט מען ניט — שטייט מען אויף אַ שעה פֿאַרטאָג... ביי ליטוואַקעס איז דאָס אויך מעגלעך.

און טאָמער איז ווינציק, געפֿינט מען נאָך צייט פֿאַר פֿייערלעכקייטן,

פֿאַר ליטעראַרישע יום־טובים, פֿאַר קולטור־מאַניפֿעסטאַציעס און פֿאַר גרייט זיין תמיד צום קאַמף און פֿאַרטיידיקונג, ניט צו לאָזן זיך צונעמען די דערוואָרבענע פּאָזיציעס, וואָס זענען געשאַפֿן געוואָרן דורך אַזויפֿיל מי און עקשנות.

## „ייוואָ"

אויב אונדזער גאַנץ קולטור־לעבן איז אַ נס, איז דער יידישער וויסנ־שאַפֿטליכער אינסטיטוט אַ נס פֿון נסים.

ווי אַזוי האָט דאָס געקענט געשען? דאָס קאָן קיינער ניט ענטפֿערן.

ס'איז גענוג אַ קוק צו טאָן אין וויוואולסקע־גאַס נומער 18, אין ווילנע, כדי צו קריגן דעם באַגריף, וואָס עס הייסט אַזוינס דאָס וואָרט ייוואָ. אין פֿרעמדע לענדער קאָן מען זיך גאָרניט פֿאָרשטעלן דעם באַטייט פֿון דער שאַפֿונג. אָפֿטמאָל, ווען עס קומט צו אייך אַ שליח פֿון ייוואָ, דאַכט זיך אויס, אַז עס רעדט זיך עפּעס וועגן אַן אַבסטראַקטער זאַך, אַז דאָס רעדט מען צו אייך אין נאָמען פֿון אַ חלום. מען גיט געלט פֿאַר אַ שיין מעשהלע. עס איז אָבער שווער זיך פֿאָרצושטעלן אָט דאָס דאָזיקע פֿאַנ־טאַסטישע מעשהלע אין דערווירקלעכקייט, ביי אַ וואָכעדיקער, פּשוטער, אָנגעשטרענגטער אַרבעט.

שווער פֿון וויטנס צו גלויבן, אַז די פֿאַנטאַזיע פֿון איינצעלנע האָט אַזאַ גרויסן ממשות אונטער זיך. עס זיצן יונגעלייט און מיידלעך איבער שטויסן ביכער, איבער בערג צייטונגען, איבער רעגיסטריר בלעטלעך, אי־בער פֿרעגבויגנס און ענטפֿערס, איבער סטאַטיסטישע טאַבעלן, איבער זוך־בלעטלעך, איבער פֿאַרגלייכונג־ליסטעס. מען זיצט מיט רויט־בלויע בליי־פֿעדערס, מיט שערן אין די הענט, איבער די שרייב־מאַשינעס, מען שניידט, מען מאַרקירט, מען פֿאַרצייכנט, מען דיאַגראַמעוועט, מען שטעלט פֿעסט — אַ לאַבאָראַטאָריע פֿון יידישן שאַפֿן. אַ צענטראַלער אַפּאַראַט, וואָס כאַפּט אויף דעם מינדסטן ניואַנס פֿון אַ יידישער דערגרייכונג. אָט ווי אַן אַפּאַראַט וואָס מעסט ערגעץ וואו אין עק וועלט דעם מינדסטן טרייסל פֿון דער ערד, אַזוי ווערט דאָ, דורך דעם „אַפּאַראַט", וואָס הייסט ייוואָ, פֿאַרצייכנט די מינדסטע און באַדייטנדיקסטע געשעעניש איבער גאָר דער וועלט, פֿון סאַנטיאַגאָ דע טשילי ביז כאַרבין.

איך בין זיך מודה, אַז אין דער טיפֿעניש פֿון האַרץ פֿאַרגין איך ניט ווילנע אָט דעם אינסטיטוט, כאָטש ווילנע איז דאָס ווערט, כאָטש ווילנע

האָט „וועלטן איינגעלייגט“, אַז די זאַך זאָל צושטאַנד קומען; און אָן ווילנער עקשנות וואָלט אפֿשר די זאַך ניט געווען קיין געשעענער פֿאַקט. אָבער דאָך, אַזאַ אינסטיטוט מיט אַזאַ פֿאַרנעם, מיט אַזאַ רחבות, אינערלעך און אויסערלעך, וואָלט געדאַרפֿט שטיין אין אַ הויפּט־שטאָט פֿון אַ גרויס לאַנד. פּשוט דערפֿאַר, מען זאָל זיך קענען באַווייזן פֿאַר דער וועלט. כאָטש וועגן דעם ייוואָ ווייסט מען. די באַדייטנדיקסטע וויסנשאַפֿט־מענער פֿון גאָר דער וועלט אַרבעטן מיט לטובת דעם ייוואָ מיט זייער אויטאָריטעט און ווירקונג. נאָר זיי אַליין, אַ פּראָפֿעסאָר איינשטיין, אַ זיגמונט פֿרויד, ווען זיי וואָלטן נאָר געזען דעם יידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט, געזען און באַטראַכט זיין אַרבעט, וואָלט עס אַלע זייערע פֿאָרשטעלונגען איבערגעשטיגן. אַזוי איז עס אויך מיטן פּשוטן ייד, דער וואָס איז גרייט בייצושטייערן מיט מיטלען פֿאַרן ייוואָ. ווען ער וואָלט געקענט אַמאָל אַ קוק טאָן בעת מען אַרבעט דאָרט, וואָלט ער ערשט דעמאָלט פֿאַרשטאַנען, אַז אין קיין שום אַנדערן פֿאַל האָט זיך זיין נדבה ניט אַזוי הונדערט־פּראָצענטיק רעאַליזירט פֿאַר דעם געגעבענעם צוועק, ווי פֿאַר דעם ייוואָ.

אומצייליקע יחידים און אָרגאַניזאַציעס האָבן אַריינגעלייגט זייערע כוחות און מי אין פֿולע, אָנגעפּראָפּטע צען יאָר ייוואָ.

איך ווייס, אַז אָן ווילנע וואָלט איצטער קיין ייוואָ־פֿייערונג ניט געווען. פּשוט, עס וואָלט ניט געווען וואָס צו פֿייערן. אָבער אַ פֿאַקט איז אַ פֿאַקט, אַז אָן די אַרכיוון און אָן דעם דאָקומענטן־מאַטעריאַל, וואָס איז צונויפֿגעזאַמלט אין די שאַץ־קאַמערן פֿון ייוואָ, קאָן שוין קיין שרייבער, קיין פֿאָרשער, קיין וויסנשאַפֿטלער ניט אַרבעטן, ניט אויסקומען. און גיי, פֿאָלג מיך אַ גאַנג, ביי יעדער קלייניקייט (וואָס אין דעם פֿאַל איז עס אַ גרויסיקייט) כאַפּ זיך אַרויף אויף דער באַן און גיב זיך אַ פֿאָר קיין ווילנע.

אַז עס איז קיין ברירה ניטאָ, מוז מען עס טאָן. איך קאָן שריפֿטשטעלער און וויסנשאַפֿטלער, אַפֿילו סטודענטן וואָס אַרבעטן אויף דיסערטאַציעס, וואָס זיי מוזן זיך מטריח זיין קיין ווילנע. אויסער דעם איז שוין ווילנע געוואָרן אידענטיש מיטן ייוואָ. מען מוז צופֿאָרן קיין ווילנע, דערמיט מיינט מען צו זאָגן, מען מוז צופֿאָרן צום ייוואָ. מען דאַרף דאָרטן זיין ווינציקסטנס אַן אַכט־צען טעג, כדי צו רעגיסטרירן די געהעריקע מאַטעריאַלן, וואָס וועלן שפּעטער נויטיק זיין צו דער אַרבעט. ווען דער ייוואָ וועט אַמאָל זיין ברוח אין געלט, (נסים געשעען דאָך!) וועט ער דאַרפֿן אויפֿן גרויסן הויף פֿון וויוואָולסקע־גאַס נומער 18, אויפֿבויען אַ פּענסיאָן־האָטעל פֿאַר די שטודירנדיקע געסט.

די מאַפּע פֿון אונזער אַלוועלטלעכער טעריטאָריע „יידיש” איז אויסגעהאַנגען ביי דער ברייטער אַרקאַדע, וואָס פֿירט צו די ‚טרעפּ. די מאַפּע איז באַלויכטן פֿון אינעווייניקסטן ליכט און עס שטראַלט אָפּ אויף די „פּונקטן”, וואו מיר האָבן „קאָלאָניעס” און „סטראַטעגישע” פּאָזיציעס.

עס איז די מאַפּע פֿון „יידיש־אינטערנאַציאָנאַל”, און דאָס זענען ניט קיין פּוסטע פֿיגורן, ווייל דאָקומענטן, וואָס געפֿינען זיך אין די ווייטערדיקע צימערן באַשטעטיקן דאָס. און ניט בלויז אַרכיוו־דאָקומענטן, נאָר פֿרישע, צאַפּלדיקע מאַטעריאלן, וואָס דער פּאָסט־טרעגער ברענגט יעדן טאָג. די פּאָסט־מאַרקעס פֿון אַלערליי לענדער באַשטעטיקן דאָס.

דער יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט איז דער באַראָמעטער, וואָס „רעגיסטרירט” דעם אויפֿשטייג און אונטערגאַנג פֿון אונזער עקאָנאָמיק. די קולטור פֿון אַ פֿאָלק איז ניט בלויז גייסטיקע קולטור, נאָר אויך קערפּערלעכע; ניט בלויז הימל־זאַכן, נאָר אויך ערדישע ענינים. אגרי איז אויך קולטור, און פֿיזיק איז אויך קולטור. שפּאַנט מען איבער אָפּטיילונג נאָך אָפּטיילונג אין דעם דאָזיקן, נייעם, ציכטיקן, מאָדערן־אויסגעבויטן בנין און מען גאַפֿט און מען שטוינט. אָבער דעם שטאַרקסטן איינדרוק מאַכן טאַקע די געפּאַנצערטע קאַמערן, די „סייפֿן”. גייסט אַראָפּ אין די בעטאָנירטע קעלערס — אייזערנע קראַטעס, פֿעסטע שלעסער און קאַסעס, גאָלד און זילבער דאַרף מען ניט אַזוי היטן. גאָלד און זילבער, ווען מען גנבהט צו, איז אויף דער וועלט נאָך פֿאַראַן. ווען אַזאַ „שטיקעלע פּאַפּיר” גייט פֿאַרלוירן, גייט פֿאַרלוירן פֿאַר דער געשיכטע אַ פֿאַרמעגן. און פֿאַר דער געשיכטע טראָגן די ייוואָ־טוער אַן אויסערגעוויינלעכע אחריות.

עס ווערן שוין געמאַכט די געהעריקע פֿאָרבאַרייטונגען צו פֿייערן דעם צען־יאָריקן יובל פֿון ייוואָ. די פֿייערונג וועט ניט זיין סתם אַזוי, אַ יובילעאום; עס וועט קומען דער דין וחשבון. דער ייוואָ איז שולדיק אַ חשבון, ער איז געשטאַנען אין קאָנטאַקט מיט דער וועלט, ער האָט אַפּעלירט, געוועקט און גערופֿן. מענטשן האָבן געגלויבט אין דעם גוטן ווילן פֿון די ייוואָ־טוער, דערפֿאַר ווייל זיי האָבן געפֿילט די נויטווענדיקייט פֿון אַזאַ אינסטיטוציע. דער ייוואָ איז די גרונט־פֿעסטיקונג. די יידישע ליטעראַטור איז ניט נאָר אַ מעשה־ליטעראַטור, ניט בלויז אַ ליטעראטור פֿון לידער און דערציילונגען נאָר אויך אַ וויסנשאַפֿטלעכע.

דער יידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט איז ניט נאָר אַ קולטור־היסטאָרישע אינסטיטוציע; ער האָט אַ ווירקונג אויפֿן גאַנג פֿון אונדזער לעבן; ער האָט אַ דערציערישן ווערט פֿאַר אונדזער דור; ער איז דער צעמענט פֿאַר אונדזער שאַפֿונג, ער איז דער קערן פֿונם פֿאָלקס־וועזן.

## גרופּע היסטאָריקער אויף דער וועלט־קאָנפֿערענץ פֿון ייוואָ אין ווילנע, אויגוסט 1935



פֿון רעכטס אויף לינקס, זיצנדיק: 1) ד״ר יעקב שאַצקי, 2) גאָלדע פּאַץ, 3) מתתיהו מידעס, 4) שמעון דובנאָוו, 5) אליהו טשעריקאווער, 6) ד״ר מאיר הלוי (פֿון בוקאַרעשט), 7) ד״ר פֿיליפּ פֿרידמאַן, 8) רבקה נאָטיק.

עס שטייען (אויך פֿון לינקס אויף רעכטס): 1) אַ מיטאַרבעטער פֿון דער צע־קאַבע־ אין וואַרשע, ערשטער נאָמען עזריאל, 2) ד״ר מ. העלער, 3) דניאל לערנער, 4) ד״ר רפֿאל מאהלער, 5) פּנחס קאָן, 6) ד״ר רודאָלף גלאַנץ, 7) י. ד. דערעוויאַנסקי, 8) אליהו שולמאַן, 9) ד״ר עמאַנועל רינגלבלום, 10) בעלאַ מאַנדלסבערג.

# ק ר אָ ק ע

אזוי ווי אַמאָל, אין די „אַלטע, גוטע צייטן״, בימי הקיסר פֿראַנץ־יוסף 1 ירום הודו: שטריימלען און בעקעשעס, גלעלע, קאָלטענעוואַטע בערד, שיך און ווייסע זאָקן, אַטלאַסענע זשופּיצעס און ברייטע טולופּן ביי די עלטערע יידן. די יונגע לייטלעך טראָגן דינע, „פּאַצעטיש״־אַרומגעשוירענע בערדלעך, האַלטן די לאַנגע פּאהלעך „וועלטלעך״־פֿאַרלייגט אונטער די אויערן. זייערע ווייבעלעך און כלות גייען אין קאַראַקולענע „פּאַלטאָס״, טראָגן פֿוקסענע קאָלנערס אויף פּאָקענע מאַנטלען; די באַקן זענען געפּודערטע, די ברעמען אויסגעצופּטע, די פֿינגערנעגל לאַקירטע און — דאָס אידעלע, פּוילישע לשון אויף די רויט־געשמינקטע ליפּעלעך. אָט, דוקא אזוי — שפּאַצירן זיי מיט די מענער און חתנים אין זשופּיצעס און אין שטריימלען...

דאָס זעלבע קראָקע, נאָר אַביסל אָפּגעקומען. עפּעס דאַכט זיך, אַז דער קוזמארק — די יידישע געטאָ — האָט אַראָפּגעבויגן דעם קאָפּ, און ס׳דאַנקט דעם באַשעפֿער, וואָס עס איז נאָך בכלל פֿאַראַן אַ קאָפּ. עס איז ניט אַזוי די נויט, ווי די מורא פֿאַר דער נויט. מען דרייט נאָך מיטן שטעקעלע „אוף דער בערזע״, מען טוישט נאָך אַ באַנקנאָטל אויף אַן אַנדער באַנקנאָטל — און די יונגע לייטלעך האָפֿן נאָך אויף נדן. געשעפֿטן גרויסע, קליינע, קלענערע ... קאָנסט ניט דערגיין דעם סוד פֿון אָרעמקייט. מען „האַלט שטאַט״, מען „שפּרעכט״ דייטש. אַפֿילו קלויזניקעס „שפּרעכן״ דייטש, אַפֿילו זיצערקעס רעדן פּויליש...

איך עס אין אַ יידישן רעסטאָראַן, אויף אַ שמאָלן, שמוציקן הויף. אָפּגעריבענע ווענט, אָפּגעשפּרונגענער טונק, אויסגעקראַצטע ציגל — צעקרישלטער ליים. דאָס רעסטאָראַן־צימער — אַן אונהיימלעך גרויסע שטוב, אַ שורה פֿענצטער, וואָס פֿאַרנעמט אַ גאַנצע וואַנט די ברייט. דיקע האַמעטנע ווענט, עס איז שווער צו אָטעמען צווישן די דאָזיקע ווענט. דער סופֿיט איז געלייגט אין עטלעכע בעלקעס. טונקעלע געמעלן, קאָנטור און פֿרעסקן שלאָגן זיך אַדורך דורך דעם אָן אַ שיעור מאָל אַרויפֿגעלייגטן קאַלך און פֿאַרב אויף די ווענט. דער באַלעבאָס פֿון רעסטאָראַן, אַ ייד, וואָס האָט אויף זיין כאַלאַטל דעם געשמאַק פֿון הערינג און געהאַקטע לעבער, דערקלערט, אַז זיין רעסטאָראַן איז געווען דער פּאַלאַץ פֿון אסתרקע, און דער קעלנער כאַפּט אונטער: „פֿון דער יידישער קעניגין אסתרקע...״

פֿרייטיק פֿאַרנאַכט אין קראָקע.

דער הו־האַ ווערט ערגעץ וואו איינגעשרומפּן. די געוועלבטע טירן איבער די קראָמען — פֿאַרמאַכט. שווערע פּרענטן ווערן פֿאַרלייגט. לאַנגע שליסלען ווערן אַריינגעשטעקט אין די דיקע מויערן־לעכער. די וואָך ווערט פֿאַרסקריפּעט. די טראַמווייען איבערן קוזמאַרק לויפֿן שנעל און ליידיק, ווי זיי וואָלטן דערזען פֿאַר זיך אַ סכנה און ווילן וואָס פֿריער אָפּציען... די צעטראָטענע טראָטוואַרן ווערן איבערגעפּילט מיט מענטשן אין שבתדיקע בגדים: קאַלפּיקס און טולופּס, אַטלאַס און זײַד, רויטע פּנימער פֿון שוויץ־באָד אַרויס, נאַסע, שוואַרץ־גלאַנציקע פּאות. דריי שטריימלען גייען אין איין ברייט: איין שטריימל איז אַלט אַ יאָר זעכציק, אַ צווייטס — אַ יאָר עטלעכע פֿערציק, דאָס דריטע שטריימל — נאָך ניט קיין צוואַנציק. פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט בלויז די שטריימלען טראָגן אויף זיך די אויסגערעכנטע עלטערס, נאָר די, וואָס טראָגן די שטריימלען. טאַטע, זון און אייניקל. דער טרעגער, וואָס האָט מיט אַ שעה צוריק געטראָגן אַ זאַק אויף זיין פּלייצע, די לענדן אַרומגענומען מיט אַ גראָבן שטריק און אויף די פֿיס אַ פּאָר דיקע, שווערע שטיוול — איז איצט ניט צו דערקענען. אויך ער טראָגט אַ 13־שפּיציקן שטריימל, אַ ווייסן קאַלנער איבערגעלייגט אויף דער אַטלאַסענער זשופּיצע, אַ פֿוטערל אַזאַ, וואָס איז חצי יידיש און חצי גוייש־פּריציש. ער גריסט זיך: „גוט שבת... גוט שבת, גוט יאָר."

שולן, שולן און בתי מדרשים: היסטאָרישע און נייע, שניידערישע און טרעגערישע, קלויזן און שטיבלעך, עס זעט אויס, ווי איבער דעם שבתדיקן טאָג וואָלט דער קוזמאַרק פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ שול.

די אַגודת, די אָרגאַניזירטע אָרטאָדאָקסיע, האָט דאָ, אינעם גרינעם שימל פֿון מיטלאַלטערלעכע שאָטנס, געפֿונען אַ פּלאַץ פֿאַר איר נעסט. די אַגודה איז דאָ איינגעפֿונדעוועט און שפּילט זיך אין שטאָטלעכקייט. קראָקע און קוזמאַרק קאָנען זיך ניט אָנקוקן. אָבער אַ פֿאָדעם, אַ געמיינזאַמער ציט זיך, בינדט זיך צווישן קאַטוילישן סעמינאַר און אגודהשע ישיבות. אין ביידע הערשט דיזעלביקע „באַרעמהאַרציקייט" איבער עלנטע און אָרעמע.

איך בין געווען אין אַ קיך פֿאַר אָרעמע „געמיינע מענטשן", וואָס ווערט אויסגעהאַלטן פֿון דער אגודה. איז דאָס קודם־כל אַ שטאַל. אָבער דאָס איז ניט וויכטיק. וויכטיקער איז דער אופֿן פֿון געבן דאָס קצבה־עסן: די לעפֿל און גאָפּלען זענען צוגעבונדן צו די טישן מיט קייטלעך. און די „שיסלען"? אַך, די שיסלען, זענען זייער אָריגינעל: דאָס זענען אַזעלכע „אויס־

גראָבונגען״ אין די בלעכענע טישן. יעדער טיש האָט אַזעלכע צוויי רייען אויסגעהוילטע גריבער — ווי קאָרעטעס פאַר בהמות. מען גייט אַרום מיט אַן עמער און מען גיסט אַן ביידע רייען טיש־לעכער, דער עולם זעצט זיך אויס און מיט די צוגעקייטלטע לעפל, דאַרף מען עס אזוי עסן...

פרעג איך זיך: „וואָס באַדייטן די מאָדנע שיסלען?״ ענטפערט מען מיר: „ערשטנס קאָסטן טעלער טייער, צווייטנס ווערן זיי צעבראָכן און דריטנס גנבעט מען זיי אַוועק. איז שוין גלייכער מען זאָל זיי, די „געמיינע מענטשן״, נעבעך, ניט שטעלן צום נסיון. אַבי זיי עסן און זענען זאַט, אַ נפקא מינה אין וואָס פאַר אַ כלי?״

און כדי דאָס צו באַרעכטיקן, ענטפערט מיר באַלד דער אויפזעער, אַ כיטרע יידל אין אַ סאַמעטענער יאַרמעלקע, מיט אַ פסוק און פאַרטייטשט עס גלייך: „קוק ניט אויף דער כלי, נאָר וואָס דערין איז פאַראַן...״

איך פּרואוו טאַקע פאַרזוכן פון דעם, וואָס „דערין איז פאַראַן״... איך קאָן עס אָבער צו די ליפּן ניט נעמען. די „געמיינע מענטשן״ מוזן פאַר דעם ביסל „גאָב״ זיצן אין די היטלען, זיך וואַשן און שעפּטשען עפּעס אַזוינס, אַז די „באַרעמהאַרציקע״ לייט זאָלן מיינען, אַז מען בענטשט...

ווער זענען די „געמיינע מענטשן״ אויף וועלכע מען איז זיך מרחם? — אַרבעטער, אַרבעטסלאָזע, די אָרעמסטע טיילן פון קוזמאַרק. ווי אין גאַנצן לאַנד, טאַנצט אויך דאָ דער הונגער, פלייצט דאָ מיט זיינע פאַר־ניכטנדיקע טריט איבער די שמאָלע, אויסגעקרימטע, חושכדיקע, היסטאָ־רישע געסלעך. און ער, דער הונגער, טרייבט עס אַרויס די מענטשן צו בעטלערברויט און „גוט־האַרציקייט״ פון די צדקה־געבער, וואָס האַלטן גאָפּל־לעפל אויף אַ שטריקל, צוגעבונדן צום טיש...

---

# לובלין

לובלין, די אַלטע שם־פּולע שטאָט פון מדינהס פּוילן, זעט איצט אויס נאָך מער פאַרוואָרלאָזט און פאַרעלטערט, ווי אין די אַלטע צייטן. כאָטש מען באַמיט זיך, סיי פון דער מלוכה און סיי פון דער שטאָט, זי צו דער־האַלטן ביי איר אַמאָליקן גלאַנץ, וואָרעם לובלין איז דאָך טראַדיציע און ציט איר יחוס נאָך פון די אַמאָליקע, פּוילישע קרוינען און אַרצבישאָף־סצעפּטערס.

די קראָקעווער פֿאָרשטאָט, די הויפּט־גאַס פֿון לובלין, איז מאָדערניזירט: גרויסע, עלעקטרישע שילדן ברענען מיט רויטע און פּיאָלעטענע אותיות, קינאָס און קאַפֿעס שיר ניט ווי אין אַ קליין, אַמעריקאַניש שטעטל, באַנק־הייזער און וועקסל־שטיבער, לאָטעריע־קאָלעקטורן, אַמט־בנינים און מלוכה־געביידעס. אַ גאַנץ ניט־קשהדיקע טראָטואַר־באַוועגונג, צווישן וועלכער עס וואַרפֿן זיך דאָס מערסטע אין די אויגן אָפֿיצירן פֿון אַלערליי ראַנגען, מיליטער־לייט און באַאַמטע. די מיטן־גאַס איז ליידיק. דער שניי ליגט גאַנץ אומגעשטערט, ווי עס וואָלט דאָרט גערוט דער טויט אונטערן ווייסן צודעק.

יאָ, לובלין איז טויט, פֿאַרגליווערטער ווי ערגעץ אַנדערש. די אַלטע קרוין־שטאָט גענעצט. ווען ניט דער סיגנאַל, וואָס ווערט דריי מאָל אין טאָג אויסגעשפּילט אויף דער „בראַמאַ״, דער טורעם, וואָס שטייט ווי אַ גרענעץ צווישן וועלטלעכן לובלין און דער יידישער געטאָ, וואָלט לובלין זיך אַפֿילו ניט איבערגעוועקט. וואָס איז די סיבה? — די עקאָנאָמישע לאַגע. לובלין איז ניט געווען צוגעגרייט צו אַזאַ זעלבסטשטענדיקייט. לובלין איז געווען אַ טראַנזיט־שטאָט, די איינציקע גרויסע שטאָט צו דער עסטרייכישער גרענעץ, די שוועל צו דער ברייטער וועלט. דאָ זענען געמאַכט געוואָרן די טראַנזאַקציעס צווישן מזרח און מערב. היינט איז דאָס ניט נויטיק. די גרענעצן האָבן זיך אַרויסגערוקט. לובלין איז געבליבן אין דער מיט, בלויז ביי איר יחוס, ביי דער קאַטאָליציזם־פֿעסטונג, ביי די גלחים־סעמינאַרן, ביי פֿאַרמאַכטע פֿאַבריקן, באַלעבטע קאַזאַרמעס, שטילע גאַסן און ביי אַ מיטלאַלטערלעכער געטאָ, מיט גרויסע יידישע ישיבות.

וויפֿיל מאָל איך בין געווען אין לובלין, האָב איך ניט פֿאַרפֿעלט צו באַזוכן די געטאָ. וואָס זאָג איך „באַזוכן״? באַזוכן, באַזוכט מען די גאַסן מחוץ דער געטאָ, אין געטאָ לעבט מען, פֿון געטאָ קאָן מען ניט אַרויס. געטאָ האָט אַרומגענומען גאַנץ לובלין ווי אַ שפּין־געוועב. די געטאָ פֿון לובלין איז דער טיפֿסטער אויסדרוק פֿון דעם מין. ניט די געטאָ אין ווילנע, און אוודאי ניט די געטאָ אין מעץ און אין שטראַסבורג מאַכן דעם איינדרוק, ווי אין לובלין. לובלין און געטאָ זענען איינס, ווי געבונדן. די געטאָ אין לובלין לעבט נאָך ביים היינטיקן טאָג, דאַכט זיך, אונטער די זעלבע באַדינגונגען ווי אַמאָל, אַמאָל...

דער „הויפּט״־אַריינגאַנג צו דער געטאָ איז פֿון קאַטעדראַל־פּלאַץ, אַנטקעגן דער קראָקעווער פֿאָרשטאָט. צוויי שפּאַן פֿון פֿאַרהעלטנישמעסיק אייראָפּעאישער שטאָט — פֿאַלט מען אַריין אין אַ שטיק מיטלאַלטער. אי־

בער דעם דיקן, געמויערטן מויער, וואָס זעט אויס ווי דער אַריינגאַנג צו אַ קאַטעדראַלע, הענגט אַ הייליק בילד, איבער וועלכן עס ברענט אַ נר תמיד. אויפֿן טורעם פֿון טויער דרייט זיך אַרום אַ „וואַך" און דריי מאָל אין טאָג טראָמפּייטערט מען אויס דעם פּוילישן הימן „יעשטשע פּאָלסקאַ ניע זגינאלא"... און אין געטאָ אַנטפּלעקן זיך שאָטנס פֿון אומהיימלעכע בילדער. די הייזער אַלט, מיט אָפּגעפֿאַלענעם טינק, דיקע מויערן, מיט אונטערשפּאַר־פֿליגלען, שמאָלע טירלעך און פֿינצטערע, לאַנגע קאָרידאָרן. שטאָק איבער שטאָק און פֿענצטער איבער פֿענצטער, איינס געטוליעט איבערן אַנדערן. מיסט און מיסט, און די מענטשן, ווי זיי ראָיען זיך פֿון מיסט אַרויס. מען שלייכט זיך איבער די געסלעך, וואָס איינס איז שמעלער, ענגער פֿון צווייטן. די גרינע פֿלעמלעך, שווינדזיכטיק ליכט פֿון די גאַזפֿייערן, שטאַרן אַרויס פֿון די ווענט אין די גאַסן־ווינקלען. באַרג אַראָפּ, באַרג ארויף, קויט, בלאָטע, פֿייכטקייט און דלות. דיזעלביקע געטאָ פֿון אַמאָל — אויך איצטער. יאָרהונדערטער האָבן גאָרניט געענדערט, גאָרניט געביטן. אין מיטן געטאָ שטייט דער טריבונאַל. דאָס איז אַ פֿירעקיקער בנין, גלייך פֿון אַלע פֿיר זייטן, גרוי און אומהיימלעך. עטלעכע הונדערט יאָר שטייט אַזוי די געביידע. אַמאָל האָבן די יעזואיטן דאָ געמשפּט די ווידערשפּעניקע פֿון דער קאַטוילישער רעליגיע, היינט משפּט מען דאָ יונגעלייט און מיידלעך פֿאַר אַרומטראָגן זיך מיט ליכטיקע אידייען...

די געטאָ איז באַלעבט: ישיבות און בתי מדרשים, קלובן און ביבליאָטעקן, פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראייניגן און ספּאָרט־אינסטיטוציעס. פֿרייהייט ליִדער און אַרבעטער־געזאַנגען צעטראָגן זיך צווישן די אָפּגעשיילטע ווענט פֿון די געטאָ־מויערן, נידערן אַראָפּ אונטן אין טאָל און קלינגען אָפּ אויבן אין קעניגלעכן שלאָס. דער שלאָס שטייט אויף אַ באַרג און גאוהט זיך פֿאַרריסן מיטן ווייסן קאַלעך קעגן די הילצערנע, שוואַרץ־ברעטערדיקע הייזלעך, וואָס האָבן זיך, ווי שיפֿלעך קעגן אַ גרויסער פּאַסאַזשיר־שיף, דאָ אַהער דערשלעפּט און צופֿוסנס פֿון באַרג זיך איינגעגראָבן ביז צו די פֿענצטער...

אויך מורא, שרעק און אומרו וואוינען שוין דאָ אין געטאָ זייט הונדערטער יאָרן. איצט האָבן זיך דאָ אַריינגעקליבן נייע „שכנים": נויט און פֿאַרצווייפֿלונג.

# כעלעם

די „קלוגע" שטאָט כעלעם איז איצט צונאַר און אויסגעלאַכט.

כעלעם איז געווען אַ גוט־איינגעפּונדעוועטע יידישע שטאָט, אַן אומ־אָפּהענגיקע, אַ גוט־סיטואירטע און אַ געזעלשאַפטלעך־קולטורעלע.

כעלעם איז דורכאויס אַ יידישע און יידישלעכע שטאָט. אַ שטאָט, ניט קיין שיינע, אַפילו ניט קיין אנגענעמע, נאָר אַ באַקוועמע.

אינעם שטאָט־ראַט זענען דאָ אַ קליינע צאָל פּאָליאַקן. אין מאַגיסטראַט זענען דאָ יידישע באַאַמטע. צו פּאַרלאַמענט־וואַלן — אַ יידישער דעפּוטאַט פון כעלעם.

אַן אַרבעטנדיקע, יידישע שטאָט. אינערלעכע קאַמפן מיטן שטריימל...

אין די שווערסטע צייטן האָט מען געגומען בויען אַ בנין פאַר דער יידישער וועלטלעכער שול. די יוגנט אין כעלעם שטייט ניט מיט איין פוס, ווי ערגעץ אַנדערש — אויסצואוואַנדערן, נאָר קעמפט און טרעט ניט אָפּ. אָבער —

אין פּוילן הערשט איצט אַ נייער קורס: „אַנטיידישן" יידישע שטעט, פּאָלאָניזירן זיי... עס ווערן איצט געשאַפן נייע „געטאָס", נאָר ניט פאַר יידן, נייערט פאַר פּאָליאַקן. אַ ביישפּיל:

כעלעם איז אַ יידישע שטאָט — מיט די אוקראַאינער די גרעסטע מער־הייט. עס איז ניט גוט, אַז אַן ערב־קרעסן־שטאָט זאָל ניט זיין דורכאויס... פּויליש. דאַרף מען באַזעצן פּאָליאַקן. כדי צו באַזעצן, מוז מען שאַפן באַ־שעפטיקונג און די איינציקע באַשעפטיקונג, וואָס מען קאָן געבן פּאָליאַקן איז — אַמטן.

האָט מען זיך מישב געווען און איבערגעפּלאַנצט אַ פּוילישן שטאַם אין אַ יידישן וואַלד. מען טראָגט איבער די ראַדעמער באַן־דירעקציע קיין כעלעם. פאַרשטייט זיך, מען איז דאָ אויסן די קנאַפּע צוויי טויזנט משפחות פון די באַאַמטע, וועלכע דאַרפן צונויפשטעלן אַ היפּשע ווילער־אוידיטאָ־ריע אין צייט פון וואַלן און זיי וועלן שוין, ווי עס איז, איבערוועגן דאָס גלייכגעוויכט אַלס די מערהייט פון דער באַפעלקערונג...

אין אַן אַנדערן פאַל, וואָלט פאַר אַזאַ שטאָט ווי כעלעם — דאָס אַרי־בערברענגען עטלעכע טויזנט נפשות פּרנסהדיקע לייט געווען אַ ברכה, ווערן אָבער געשאַפן נייע געטאָס. פאַרשטייט זיך, ניט קיין ענגע, אָפּגע־ריסענע געסלעך, פאַרשטעלט פון זון און ליכט. די נייע געטאָס פאַר די

פּאָליאַקן ווערן געבויט מחוץ דער שטאָט, ביי די וואַלד־ברעגן, ביי די טייכלעך. אין מיטן, פרייען, אָפענעם פעלד ווערט אַ שטאָט אויפגעבויט. אַ מאָדערנע, מיט ברייטע, לופטיקע אַלייען, בלומען־בייטן, פאָנטאַנען, די הייזער אַליין — דאָס מאָדערנסטע פון דער בוי־טעכניק, מיט באַקוועמ־לעכקייט „אַ לאַ אַמעריקע", מיט געזעלשאַפטלעכע פּלעצער, מיט קינאָ־ און טעאַטער־זאַלן, מיט ביבליאָטעקן און לייען־צימערן, מיט שווים־באַסיינען און קראָמען.

עס איז שוין פון פאָראויס אזוי אויסגערעכנט, אַז די אַלטע שטאָט, דאָס יידישע כּלעם, זאָל פון די נייע געסט גאָרניט געניסן. די נייע „געטאָ" וועט פון דאָרט ניט אַרויסקריכן, סיידן... די וואַלן. דעמאָלט וועלן זיי זיין שותּפים צו דער שטאָט און וועלן, פאַרשטייט זיך, געוויילט ווערן אויך. טיילווייז איז די נייע „געטאָ" שוין באַוואוינט. די רויטע ציגל־הייזער, אין אַלט־פּוילישן סטיל, די פּראַנט־געביידעס מיט די ברייטע פענצ־טער, די ליכטיקע אַלייען, די נייע דעכער, שאַפן אַ באַזונדער קאַפּיטל אין דער קינסטלעך־אויפגעשטעלטער כּלעם.

## אויפן וועג קיין קוזמיר

פון כּלעם ביז צו דער פעסטונג דעמבלין ציט זיך, ווי אַ קייט, אַ רייע שטעטלעך, וואָס ליגן ביים שטויביקן שאָסיי און ליימיקן שליאַך:

קוראָוו און קאָנסקע־וואָליע, מאַקעוו און יאַנאָווע — און ווער קאָן זיי דען געדענקען — און ווער קאָן זיי גאָר אויסרעכענען...

דער אויטאָבוס האָט אַ ביסל אויפגעטרייסלט די שטעטלעך. עס שטייען יידן אין די מעליקע כאַלאַטלעך ביי די קרעמלעך. מען שטייט אַזוי טעג און וואָכן און זעלטן ווייזט זיך אַ קונה. דער פויער האָט ניט נאָך וואָס, צו וואָס און מיט וואָס צו פאָרן אין שטעטל אַריין. אַז קויפן וועט ער סיי ווי גאָרניט. אַז קיין איין גראָשן פאַרמאָגט ער ניט. דער עול פּרעסט אים אויף. פאַר פופציק גראָשן פאַרקויפט ער אַ פערטל קאַרטאָפל, און פאַר זעכציק גראָשן — אַ קוישל אייער און אויך אויף דעם האָט ער קיין בעלנים ניט. דאָס שטעטל קאָן קיין אייער ניט עסן און פון די פאַרדינסטן פון עטלעכע גבירים קאָן מען זיך קיין פאַר שטיוול ניט קויפן.

ליגט אויף די פּנימער פון די קרעמער אַן אומאויפהערלעכער צער. די אַרבעטער דרייען זיך אַרום האַפּענונגסלאָז און פאַרביטערט.

מען וואַרט אָפּ דעם אויטאָבוס, וואָס פאָרט מיט פּאַסאַזשירן הין און צוריק פון וואַרשע. צו וואָס וואַרט מען אָפּ דעם אויטאָבוס? וואָס איז דען

דאָ עפּעס אַנדערש צו טאָן ? אפשר וועט מען זען אַ פריש פּנים. דער אויטאָבוס־פּאַרקער איז אַ שטאַרק פאַרשפּרייטע אונטערנעמונג אין פּוילישן שטעטל. די אייגנטימער זענען יידן און די שאָפערס — גויים. קיין גליקן מאַכט מען ניט. עולם — פאָרט ניט. עס איז ניטאָ צו וואָס. און שטייערן רייסט מען און יידן זיפּצן.

אָט איז פּילעוו. דער אויטאָבוס ברענגט אַריין אין מיטן שטעטל. אַ געלויף פון אַלט און יונג. מען וויל זען, ווער עס איז געקומען. וואָס וויל מען זען ? די זעלבע מעשה, פאַרוואָס ניט זען ? און אַז עס קומט אַ נייע „געשטאַלט״, שטרעקט מען אויס ניט־זיכער, ניט־דרייסט און אפילו אָן צוטרוי די האַנט : „שלום עליכם !״

מען האָפט : אפשר אַ פאַרדינסטל, ביי וואָס ווייסט מען ניט, נאָר עס קאָן זיך דאָך מאַכן . . .

אין מלחמה־צייט איז פּילעוו אָפּגעברענט געוואָרן. נו, שטייט עס אַזוי אָפּגעברענטערהייט. ווער האָט געלט אויפצובויען ? בודעס, כאַטעס, פון ברעטער אויפגעשלאָגענעביידלעך. אַ יוגנט איז אויסגעוואַקסן, אַ פּרעכטיקע יוגנט. אַלע אַרבעטער — שוסטער, אַ שוסטער־שטעטל. מען האָט אַמאָל עקספּאָרטירט, איצט, לייגט מען די הענט פאַרשעמט אין די קעשענעס אַריין, שוסטער־הענט זענען ווייס אָפּגעוואַשן פון סמאָלע.

און אָט איז קוזמיר. דאָס באַזונגענע, ראָמאַנטיש־אויספאַנטאַזירטע קוזמיר ; קוזמיר פון סעגאַלאָוויטשס לידער און פּאָעמען ; קוזמיר, וואָס האָט תמיד געצונדן מיין אייגענע פאַנטאַזיע ; קוזמיר מיט די שלאָס־רואינען און אסתרקעס פּרוכתן. די בערג און די ווייסל, די אַלטע ראָמאַנטיק און — די מאָדערנע פּאַנסיאָנען. קוזמיר !

ס׳האָט עמיצער אַ לץ, אָדער אַ קליינשטעטלדיקער פאַנטאַזיאָר אַ זאָג געטאָן „די פּוילישע שווייץ״, און דאָס איינרעדעניש איז געבליבן. קיין קוזמיר ציט מען פון וואַרשע. קוזמיר איז איצטער איבערגעבויט און פאַרשענערט. די ציגן האָט מען אַראָפּגעיאָגט פון די בערג און אין די טאָלן האָט מען אויפגעבויט האָטעלן. דער מאַרק און די צוויי פּלומפּן שטייען נאָך ; דאָס אַלטע ראָט־הויז מיט די אָרנאַמענט־שטוקאַטורן ציט נאָך צו דאָס אויג ; די סעדער זענען נאָך פול און באַלאָדן, נאָר — דער הונגער איז פיינלעכער און די אויסזיכט צוועקלאָזער.

דרייען זיך אַרום מיידלעך, פאַרחלומטע, מיט די חלומות פון „אסתרקען״ אָדער „רייזעלע, דעם שוחטס״. מען האָט זיך אויפגעהערט קוויקן מיט דער שיינקייט פון דאָ אַרום, און מען טראַכט פון אַ „דאָרט״. מען חלומט מיט

אָפּענע אויגן, און די לבנה שטראַלט מיט זילבער אויף די בערג און באַגיסט די בלאַסקייט אויף די מיידלישע פּנימער, וועלכע בענקען צום אומבאַקאַנטן „דאָרט".

## בריסק

אַ שטאָט, וואָס האָט געשמט און געלויכטן אין פאַרשיידענע תקופות און פּאַזן. די מלחמה האָט דאָס אַלטע, רומפולע בריסק אָפּגעווישט ביז בלויז פון די מויערן נאָר פון דעם כאַראַקטער. איצט איז בריסק אַנדערש, אייראָפּעאישער און גלייך־געפלאַנטער. דער אַלטער יחוס פון דער באַרימטער פעסטונג האָט אָנגעווארן זיין באַדייטונג. די „פעסטונג" האָט געקראָגן אַן אַנדערן רום: זינט די אָפּאָזיציאָנעלע דעפּוטאַטן זענען דאָ איינגעשפּאַרט געוואָרן, איז בריסק אַ שם דבר פון ברוטאַליטעט. אויב ערגעץ אין אַ שטאָט געפינט זיך אַ שלעכטער באַאמטער, זאָגט מען, אַז ער שטאַמט פון בריסק... בריסק איז דאָס שרעק־וואָרט אין היינטיקן פּוילן.

בריסק האָט אַרום פופציק טויזנט איינוואוינער און די אָרעמקייט דאָ דעמאָנסטרירט זיך אויף אַן אמת־גרויסשטאָטישן אופן.

איך פרעג איינעם:

„פון וואָס לעבט בריסק?"

ער ענטפערט:

„פון גאָרניט. קיין אינדוסטריע איז ניטאָ, זי איז ניט געווען און וועט ניט זיין".

די פעסטונג, דער באַן־קנופּ, די פאַרבינדונג מיטן גרויסן רוסלאַנד האָבן געגעבן בריסק פּרנסה.

דאָ האָט זיך באַגעגנט פּוילן מיט רוסלאַנד, דאָ זענען געקניפּט געוואָרן האַנדלס־באַציאונגען און די שטאָט האָט געשעפּט חיונה מיט דער פולער האַנט.

נאָר דאָס איז אַ מעשהלע פון אַמאָל, וועגן דעם דערציילט מען קינדער. איצט, אַלנפאַלס ביז גאָר דער לעצטער צייט, האָט מען געלעבט פון... אַמעריקע. אַמעריקאַנער לאַנדסלייט, משפּחה צו משפּחה, פרעמדע צו פרעמדע האָבן געשיקט, האָבן געשטיצט, האָבן געצוואונגען דעם „דזשאַינט" צו שטיצן, איז מען אַ צייט לאַנג געווען די קעסט־קינדער. נאָר דאָס האָט זיך אויסגעלאָזט. זיפצט בריסק, הונגערט און זעט ניט קיין אויסוועג.

בריסק האָט זיך שטאַרק איבערצונעמען מיט איר יוגנט. זעלטן צו

טרעפֿן נאָך אין אַ שטאָט אַזאַ רייפֿע, באַוואוסטזיניקע יוגנט. דאָס יידישע בוך איז זיי נאָענט און די וועלט־ליטעראַטור — באַקאַנט. דאָס אידייאישע שטרעבן צו אַ בעסערער, צו אַ גערעכטערער אָרדענונג פֿליסט אַרויס פֿון טיפֿסטער איבערצייגונג. העכער הונדערט יוגנטלעכע אַרבעטער האָבן מיך אָפּגעוואַרט ביי דער באַן, מיט באַגייסטערונג געשטעקט „שלום עליכם״, און מיט שמחה מיך געפֿירט אין זייער לאָקאַל, וואָס איז אַ קעגנזאַץ צו זייערע וואוינונגען — גרויס, ליכטיק און ריין. מיט וואָס פֿאַר אַ התמדה מען האָט געעפֿנט די ביבליאָטעק־שענק, און ס׳האָבן פֿון דאָרטן אַרויסגע־לויכטן די פּשוטע, לייווענטענע רוקנס פֿון די ביכער, האָט זיך מיר דער־מאָנט אָן די פֿייערלעכע מאָמענטן, ווען אונדזערע עלטער־זיידעס האָבן געעפֿנט דעם ארון קודש און זיך באַוויזן מיט די, אין סאַמעט באַמאַנטעלטע און גאָלד באַהאָפֿטענע, ספֿרי תורות...

און איך האָב זיך מיט זייער באַגייסטערונג אָנגענומען, בעת מען האָט מיך געפֿירט אין דער יידישער וועלטלעכער שול, די איינציקע אין שטאָט, די בעסטע אין שטאָט און שטייט טאַקע ווי אַ ביין אין האַלדז דער רעאַקציע. איצט ווערט די שול פֿאַרמאַכט. דער תירוץ:

„מען לערנט ניט אין דער יידישער וועלטלעכער שול קיין יידישע רעליגיע!״

די בריסקער פֿעסטונג, וואָס איז אַמאָל געווען אַ שוץ־וואַנט צווישן מזרח און מערב, וואָס האָט אָפּגעטיילט רוסלאַנד פֿון אייראָפּע, איז איצט אַ פּלאַץ פֿאַר טוריסטן און אַ — תּפֿיסה פֿאַר פֿרייהייט־קעמפֿער.

ס׳איז ניט שווער צו באַקומען פֿון דער קאָמענדאַטור אַ דערלויבעניש. עס אינטערעסירט דער זאַל, וואו די ערשטע שלום־פֿאַרהאַנדלונגען צווישן פּוילן און דעם יונגן סאָוועטן לאַנד זענען פֿאָרגעקומען. בעת מען קומט אַריין אין דעם פּאַוויליאָן, ניט־ווילנדיק הויבן די בליקן אָן צו בלאָנדזשען און זוכן טראָצקיס באַרימטן אויפֿשריפֿט: „ניט קיין מלחמה און ניט קיין שלום!״ איך זוך די אויפֿשריפֿט און ווער געוואָר שפּעטער, אַז די אויפֿ־שריפֿט, וואָס איז יאָרן אָפּגעהיט געוואָרן און האָט זיך געפֿונען אונטער אַ גלאָז — איז פֿאַרריבן געוואָרן.

דורך וועמען און פֿאַר וואָס?

עס איז לייכט אַליין זיך אָנצושטויסן. איך קוק אויף דעם אָפּגעריבע־נעם פּלאַץ און, הגם, עס איז פֿאַרשמירט, דוכט זיך, אַז די אותיות אונטער דעם קאַלעך און אונטער דער פֿאַרב, לייכטן אַרויס, גילדן קאַפּויער.

# „די וואַנט" אין פינסק

דעם גאַנצן וועג, וואָס איך בין געפאָרן פון בריסק ביז פינסק, האָב איך אַלץ געטראַכט וועגן „די וואַנט". יאָ, וועגן יענער וואַנט, ביי וועלכער עטלעכע צענדליק יידישע יונגעליט זענען, דורך זעלנער, אַראָפּגענומען געוואָרן פון אַ פאַרזאַמלונג און דערשאָסן געוואָרן...

פאַר מיר איז נאָך דער איינדרוק פריש, כאָטש שוין באַלד אַנדערט־האַלבן צענדליק יאָר זענען אויסגערונען געוואָרן. און ווען איך האָב, נאָך מיינע ערשטע פינף מינוט זיין אין פינסק, אויסגעדריקט מיין ווּאונטש צו זען די וואַנט, האָט מען מיך, מיט גרויס חידוש, אָנגעקוקט.

אין פינסק איז נאָך די לאַגע ערגער ווי אין בריסק. עס איז ווייטער, פאַרוואָרפענער פון צענטער, נאָענטער צו דער גרענעץ, איז די מאַכט שטרענגער, אכזריותדיקער. פון פרנסה איז אָפּגערעדט, אָבער גייסטיק לאָזט מען אויך ניט אויסלעבן זיך, מען לאָזט ניט אָטעמען!

אַ שול, אַ יידיש־וועלטלעכע, וואָס מאַטערט זיך מיט איר פינאַנציעלער עקזיסטענץ, ווערט געדרודפט. אַ יוגנט וואַקסט, אַ פיזיש־געזונטע און גייסטיק־שטאַרקע. ס'איז אַ יידישע שטאָט דורך און דורך. ניטאָ דער מינדסטער סימן פון אַסימילאַציע, אַפילו ניט אין די בירגערלעכע קרייזן. יידיש איז נאַטירלעך, דאָס וואָרט — קרעפטיק און באַטאָנט, האַרט און מעלאָדיש קלינגט עס פון די ליפּן אַראָפּ איבער די גאַסן. יינגלעך מיט גימנאַזיע־אָפּצייכנס אויף די היטלעך, מיידלעך אין שול־קאָסטיומען רעדן פריי און נ אַ ט י ר ל ע ך יידיש אַלס ז י י ע ר זעלבסטפאַרשטענדלעכע שפּראַך. די מאַכט קאָן אַ פּראָגרעסיווע יידישע שול פאַרמאַכן, נאָר ס'איז אוממעגלעך די מיילער צו פאַרמאַכן.

ענדלעך באַזוך איך די „וואַנט". מאָדנע: פונקט אַזוי האָב איך זיך פאָרגעשטעלט. אַ נידעריקע, ווייסע וואַנט, וואָס גרייכט קוים ביז צו אַ קאָפּ פון אַ מענטשן. און איבער דער וואַנט הויבט זיך אַ ווייסער קלויסטער מיט אַ פירעקיקן טורעם. אַ קרייץ, אַ געקרייציקטער מיטן אויסדרוק פון אַ געפּייניקטן אויף זיין פּנים. אַזוי איז „ער" געהאַנגען, בעת עטלעכע סאָל־דאַטן האָבן אויסגעלאָשן אַזויפיל בליענדיקע לעבנס...

לענג־אויס בלייכן זיך די בלוט־פלעקן, וואָס האָבן זיך איינגעגעסן אין דער וואַנט, און זיך ניט געלאָזט פאַרשמירן, כאָטש מען האָט זיי אָפּט גע־שמירט. און די פרומע קאַטאָליקן האָבן אפשר געטראַכט און טראַכטן נאָך איצט: זענען דאָס ניט די בלוט־טראָפּנס פון יעזוסעס וואונדן?...

# געטאָ און נאָך עפּעס

פֿאַראַן אַ פּויליש ווערטל: „יאַק בידא, טאָ דאָ זשידא״, אין ווערטלעכער איבערזעצונג הייסט עס: אַז עס איז שלעכט נעמט מען זיך צום יידן!

אין פּוילן איז שלעכט, גאָר שלעכט, איבערהויפּט אויפֿן דאָרף. פּראָדוקטן זענען ביליק, אַזוי ביליק, אַז דער פּויער האָט אַזש ניט פֿאַרוואָס צו קויפֿן קיין זאַלץ, קיין נאַפֿט, קיין שוועבעלעך. אָפּגערעדט שוין פֿון שיך, פֿון אַ מלבוש; און אוודאי און אוודאי האָט ער ניט צו צאָלן די הויכע שטייערן. איז דאָך שלעכט, אַז דער פּויער, וואָס איז דער רוב מנין אין לאַנד, איז אַ שלעכטער קאָנסומענט, האָט דער שניידער ניט קיין אַרבעט, האָט דער שוסטער ניט וואָס צו טאָן, לייזט ניט דער קרעמער.

און אַז די אַלע האָבן ניט קיין אַרבעט, טוען ניט קיין מסחר, זענען זיי אַליין ווייטער קאַרגע קאָנסומענטן. קויפֿט מען ניט קיין פּראָדוקטן, קויפֿט מען קאַרג, ווייניק, פֿאַלן ווידער די שפּייז־פּראָדוקטן, ווערט ביליקער... דרייט זיך, דרייט זיך אַזוי דאָס כישוף־רעדעלע אַהין און אַהער, אַהער און אַהין, די לאַגע ווערט ערגער. די רעגירונגס־קאַסע ווערט ליידיקער, שיטערער, און אַז עס ווערט שיטערער, זוכט מען אָפּשפּאָרונגען. נעמט מען זיך צו די באַאַמטע, רייסט מען זיי פֿון די לוינען. מילא, די הויכע באַאַמטע מיט „מיניסטער־פּענסיעס״, זיי קענען עס אויסהאַלטן. די קלענערע רעגירונגס־ און קאָמונאַלע־באַאַמטע, וועלכע זענען דערווייל די איינציקע, נאָרמאַלע קאָנסומענטן אין לאַנד, ווען מען האָט זיי געריסן די לוינען, האָבן זיי פֿאַרקלענערט זייער קויף־קראַפֿט. אַז די קויף־קראַפֿט איז פֿאַרקלענערט, האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט די קאָנסומציע. ס׳איז דער אמתער חד גדיא.

איז שלעכט אין לאַנד. קיין אויסוועג איז ניטאָ, טראָגן זיך שוין אַרום מורמלערייען... די דאָזיקע מורמלערייען קענען ווערן געפֿערלעך, ווייל זיי גייען אויפֿן אַדרעס פֿון דער רעגירונג. דאַרף מען עפּעס אַזוינס אין לאַנד, אַז עס זאָל אָפּציען די אויפֿמערקזאַמקייט. אין אַזעלכע פֿאַלן געפֿינען זיך שוין תמיד אַזעלכע, וואָס זענען גרייט „העלפֿן אַרויסהעלפֿן״. דאָס מאָל טוען עס די „ענדעציע״ און זייערע „פּריש־געבוירענע״ די „נאַראָווצעס״, וואָס די נאַראָווצעס זענען? קוק אין נייעם לעקסיקאָן, טאַקע ביי דער זעלבער „נ״, נאַצים. ניין, די „נאַראָווצעס״ זענען ערגער, ווי די

נאַציס. זייער ווירקונג איז אַ געפּערלעכערע. דאָס זענען די ליידיקגייערי־שע זינדלעך פֿון רייכע, און מיטעלע פּוסט־און־פּאַסניקעס, סטודענטן נאָך דערצו. אין רוסישע לעקסיקאָן זענען זיי באַטיטלט מיטן איינפֿאַכן נאָמען „כוליגאַנעס". זייער אויפֿטו באַשטייט אין פֿיזישן טעראָר, טעראָריזירן די יידישע באַפֿעלקערונג. זייערע מעטאָדן זענען צו שלאָגן מיט... ראַזיר־מעסערלעך, מיט זשילעטקעס. אַ מאָל האָט מען גענוצט זשילעטקעס צום גאָלן און די אָפּגענוצטע — צו שניידן פּאַפּיר. וואָסער אַ נאַרישער צוועק! אָפּגענוצטע זשילעטקעס ווערן פּאַרפּעסטיקט צו די שפּיצן פֿון שטעקנס, און מיט דעם רייסט מען פּנימער, שניידט מען מלבושים אויף יידישע פֿרויען. (מיט וואָס איז דאָס ווינציקער חריפֿות ווי אויפֿשניידן בעטגעוואַנד, ממתן און צעקאַליעטשן...)

די הויפּט־אַרבעט האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ צייט צוריק, ווען ער, פּילסודסקי, האָט נאָך געלעבט. (יידן האָבן זיך געטרייסט, אַז ווי לאַנג דער „דזשאַדעק" לעבט, וועט קיין בייז ניט געשען). דאָס הפֿקרות האָט שוין דעמאָלט געבושעוועט איבער די גאַסן פֿון גרויסע און קלענערע שטעט. איז געשען אַ „נס", דער אינערן־מיניסטער פּיעראַצקי איז דערמאָרדעט גע־וואָרן. די „נארא"־העלדן האָבן זיך דערשראָקן: מען קאָן זיי חושד זיין אינעם מאָרד און האָבן זיך, ווי די מייז צוריקגעצויגן אין די לעכער אַריין. איצט, אַז אין וואַרשע קומט פֿאָר דער פּראָצעס קעגן די באַשולדיקטע מערדער פֿון אינערן־מיניסטער, און דאָס זענען אוקראַאינער טעראָריסטן, און די „נאַראָווצעס" ווייסן שוין, אַז מען מיינט ניט זיי, איז ווידער גע־לעבט, ווידער אויפֿגעהויבן די קעפּ, ווידער צוגעשפּילעט די זשילעטקעס צו די שטעקנס, און ווידער קומען פֿאָר „אינצידענטן", און יידיש בלוט רינט אויף די גאַסן פֿון לעמבעריק, גראָדנע, נאָווע־מיאַסטע. און נאָווע־מיאַסטע, אָפּאָטשנע זענען טאַקע קליינע שטעטלעך. אין דער פּרעסע וועט איר וועגן זיי ניט הערן. עס איז אומאָפֿיציעל פֿאַרווערט. אָבער, וואָס דאָרט קומט פֿאָר איז אַ סוד פֿאַר גאַנץ בראָד. „אינצידענטן" אין פּולסטן זיך פֿון וואָרט! מיר וועלן צופֿרידן שטעלן די צענזור און ניט נוצן דאָס וואָרט „פּאָגראָמען", נאָר ביי ערב־פּאָגראָמען האַלט עס, וואָרעם אונטערהעצערס גייען אַרום, פֿאַרשטעלטע אַלס פּויערים, אין די דערפֿער, זיי רייצן אָן די הונגעריקע.

קומען שוין די קאָנסעקווענצן פֿון זיך אַליין. לאָזט מען זיך אויף די ירידים מיט קאָסעס, כדי צו שניידן יידישע בייכער און צונעמען דאָס יידי־שע עשירות (אַז אָך און וויי) און דאַן מוז די מאַכט אינטערווענירן. אָט

אַזוי האָט מען אַרויסגעשיקט פֿון וואַרשע אין געאייל לאַסט־אויטאָס מיט באַוואָפֿנטע פּאָליציי־אָפּטיילונגען און אויבן־אויף איינגעשטעלט די מהומה. יאָ, אויבן־אויף. וואָרעם דאָס אינערלעכע פֿייער, וואָס די „נאַרא״־לייט האָבן אָנגעצונדן, קאָן מען דאָך ניט לעשן אַזוי גרינג.

„אָפֿיציעל״ ליקווידירט די רעגירונג די צוזאַמענשטויסן — אָבער ווען אַ רעגירונג דערלאָזט באַלד פֿון אָנהויב אָן דאָס בייזע געוויקס זאָל אָנ־וואַקסן, איז זי פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר דעם, וואָס קומט פֿאָר. ווען אַ רע־גירונג וויל ניט האָבן דעם בעסטיאַלישן אַנטיסעמיטיזם, געפֿינט זי גענוג מיטלען און וועגן, אים אויסצוראָטן. ווען אַ מאַכט וויל ניט דעם אַנטי־סעמיטיזם, איז ער ניטאָ. פֿאַרוואָס זעט מען ניט און מען הערט ניט וועגן אָט דעם פּעסט אין טשעכאָסלאָוואַקיע? די פּוילישע רעגירונגס־אַקציע איז ניט נאָר אַ הסכמה צו די אַלע אַנטי־יידישע מעשׂים, נאָר אַ בפֿירושע דערמוטיקונג. דער געריכטס־אורטייל אין גראָדנע, דער מילדער פּסק־דין פֿאַר די מערדער פֿון יידן, איז אַ צינישע באַשטעטיקונג דערויף. דאָס כסדרדיקע איגנאָרירן די יידישע פֿאָדערונגען, דאָס אַוועק־קוקן פֿון יידישע נויטן, דאָס אויסלאָזן יידן פֿון שטאָט־אַמטן, דער מבול פֿון גזירות אויף פֿאַכן, ביי וועלכע יידן זענען שוין דורות־לאַנג באַשעפֿטיקט, די אַלע כלומרשטע „עקזאַמענס״, דאָס איז אַ בולטע טענדענץ צו אַנטיידישן די מלאכה אין פּוילן.

אָט דערציילט מיר אַ סטאָלער, וואָס זיין פֿאָטער, זיידע און עלטער־זיידע זענען געווען סטאָלערס. האָט מען אים גערופֿן צום עקזאַמען. דאָס הייסט, ער מוז פֿאַר אַ קאָמיסיע באַשטעטיקן זיינע קענטענישן אין פֿאַך. פּוילן וויל האָבן דורכאויס „קוואַליפֿיצירטע״ בעל־מלאכות. אָפֿיציעל דאַרפֿן זיך אַלע בעל־מלאכות שטעלן צו דער קאָמיסיע. דאָס הייסט, די וואָס ווילן ווייטער אָנגיין מיט זייער מלאכה, מוזן באַזיצן אַ דיפּלאָם. די קריסטלעכע בעל־מלאכות גייען דורך אָן שוועריקייטן, פֿון יידישן בעל־מלאכה פֿאָדערט מען גרינטלעכע, טעאָרעטישע קענטענישן פֿון פֿאַך: יעדער אָפּשטאַם פֿון אָביעקט, מיט וועלכן ער באַנוצט זיך, די אייגנשאַפֿטן פֿון רוי־מאַטעריאַל און אַזוי ווייטער.

אַ יידישער בעל־מלאכה, וואָס האָט אויסגעאַרבעט די בעסטע שענק, די פֿיינסטע טישן, שטולן, און האָט קיינמאָל ניט געוואוסט די אייגנשאַפֿטן פֿון לאַקיר, די אור־קוואַלן פֿון דעם אָדער יענעם מאַטעריאַל, ווערט איצ־טער געפּסלט. דער ציל איז קלאָר: מען דאַרף באַשווערן די יידישע

מלאכה, מען דאַרף ארויסשטויסן דעם ייד פֿון האַנדל, מען דאַרף, מען דאַרף...

דאָס אויסראָטונגס־סיסטעם גייט אָן מיט דער גאַנצער שאַרפֿקייט, אָפֿן און באַהאַלטן. דער אַנטיסעמיטיזם איז אַ לעקעכל, וואָס מען דאַרף דער־מיט „איינגעמען" די אייגענע אומצופֿרידענע. חוץ דעם, איז אַנטיסעמי־טיזם אַ „קאָנצעסיע", וואָס מען גיט אַנדערע פּאַרטייען, וועמענס איינפֿלוס, אַ דאַנק דער אומצופֿרידנקייט צווישן די מאַסן, וואַקסט. די אַנדערע פּאַר־טייען, דאָס מיינט מען די „ענדעקעס", וואָס אידענטיפֿיצירן זיך פּונקט אויף פּונקט מיט דעם היטלעריזם, וואָס באַרימען זיך, מיט רעכט, אַז היט־לער האָט זיך ביי זיי אויסגעלערנט די „תורה" פֿון יידן־פֿאַרפֿאָלגונגען. די „ענדעקעס" זענען אַ מאַכט, כאָטש זיי ווערן „געררודפֿט" פֿון דער רעגירונג, איז זייער איינפֿלוס גרויס. זיי האָבן אַ גוט „פֿערדל" אויף וועלכן צו רייטן: אַנטיסעמיטיזם. ס'איז א סברה, אַז זיי האָבן, אַ דאַנק דעם דאָזיקן „פּאַ־ראַגראַף" אין זייער פּראָגראַם, אַ סך אָנהענגער צווישן די באַאַמטע און מאַכט־אָרגאַנען. די רעגירונג אַליין, וואָלט געדאַרפֿט פֿאַר איר יוגנט, די סאַנאַציע־יוגנט, אַזאַ „פּראָגראַמל", כדי מיט עפּעס צוצובינדן די יוגנט צו זיך. דערפֿאַר פֿאַרקוקט מען, פֿאַרשוויגט מען. „נעמט מען עס ניט ערנסט" דאָס, וואָס קומט פֿאָר אין די הויכשולן, אין די אוניווערסיטעטן, אין די פּאָליטעכניקומס. ניט נאָר דאָס שטענדיקע געשלעג, ניט נאָר די אייביקע אָנפֿאַלן און איבערפֿאַלן אויף קאָלעגן, דערפֿאַר, וואָס זיי זענען יידן, נאָר דער סיסטעמאַטישער פּראָגראַם פֿון שאַפֿן צום ערשט אַ געטאָ, דערנאָך — אינגאַנצן דאָס באַזייטיקן די יידישע סטודענטן פֿון די הויכ־שולן, וואָס דאָס מיינט, אַז מיט דער צייט, וועלן יידן באַזייטיקט ווערן אויף אַ „נאַטירלעכן" אופֿן פֿון די פֿירנדיקע פּלעצער אין עפֿענטלעכן לעבן.

עס איז אַ „פּערספּעקטיווע" איינשטעלונג. עס איז אַ בליק אויף דער צוקונפֿט אין פּוילישן לאַנד. אַזוי וועט עס אויסזען: יידן־ריין. טרוקענע קלעפּ, וואָס יידן קריגן זענען גאָרניט קעגן דעם „סיסטעם". דער סי־סטעם" טריאומפֿירט. די „בעסטע" מענטשן פֿון דער פּוילישער אינטעלי־גענץ זענען דורכגענומען מיט אָט דער „שטימונג". והא ראיה: די פּראָ־פֿעסאָרן, די פֿירערשאַפֿט פֿונעם לעמבעריקער פּאָליטעכניקום, האָבן אָראָפּ־גענומען די מאַסקע פֿון די אויגן און באַשטימט אַ געטאָ פֿאַר די יידישע סטודענטן. די געטאָ באַשטייט פֿון: באַזונדערע בענק, באַזונדערע צונויפֿ־קום־זאַלן. אויך דאָ איז דער ציל קלאָר: אַוועקשטעלן דאָס יידישע לעבן מחוץ למחנה, צווייט־ראַנגיק, מינדערווערטיק.

דאָס טרויעריקסטע איז, וואָס אַזאַ לאַנד מיט אַזאַ באַדײַנטדיקער אינ־טעליגענץ, שריפטשטעלער, קינסטלער, וואָס האָבן אַליין מיט זייער וואָרט און פּערזאָן, געקעמפּט קעגן עולות און אומרעכט, קעגן געטאָס און גזירות, האָבן אָנגענומען אַ פול מויל מיט וואַסער; פּראָפעסאָרן, געלערנטע, די גאַנ־צע אינטעלעקטועלע וועלט — זיי שווייגן. מען גייט איבער צו דער „טאָג־אָרדענונג" ווי גאָרניט. בלויז די ענדעקישע צייטונג, פּאַטשט זיך אין בייכל פאַר הנאה, זי קוועלט, גיט צו „מוט" איר יוגנט, אירע פּראָפעסאָרן — איר געזייטע שנאה גייט אויף אין פולע זאַנגען... דערווייל האָט בלויז איין פּראָפעסאָר, פּראָפ' שימאַנאָווסקי, געהעריק וועגן דעם רעאַגירט אין „ראָ־באָטניק", אין אָרגאַן פון פּפּ"ס. אָבער דאָס איז דאָך אַ קול קורא במדבר. אמת טאַקע, עס האָבן זיך געהערט רייד, גאָר דרייסטע, גאָר שאַרפע. פּראָפ' שימאַנאָווסקיס אַרטיקל וועגן דעם „לעמבעריקער געטאָ" איז ניט סתם אַזוי קיין מאמר, נאָר אַ שאַרפע וואָרענונג. צום גליק מוז מען זאָגן, אַז דער פּוילישער אַרבעטער, וואָס איז ביטער געטראָפן פון דעםווירטשאַפט־לעכן קריזיס, שאַצט ניט אָפּ זיין לאַגע אין ליכט פון... יידישקייט. דער פּוילישער באַוואוסטזיניקער אַרבעטער, אַפילו פון פּפּ"סישן חדר, הויבט אָן צו דערוואַכן, און באַגרייפט די אמתע סיבה פון זיין שווערער, ביטערער לאַגע. די לעצטע עטלעכע צוזאַמענרעדן צווישן די פּוילישע און יידישע אַרבעטער, דער געמיינזאַמער ארויסטריט־מיטינג פון די יידישע און פּוי־לישע פּראָפעסיאָנעלע פאַראיינען, האָט אָנגעוויזן אַנדערע ווינטן. דאָס איז דערווייל די איינציקע, ליכטיקע דערשיינונג אויף דעם פאַרכמאַרעטן, יידישן הימל אין פּוילן.

# דאָס יידישע לעבן אין די ליטווישע שטעטלעך

דער אויטאָבאָס

ווי שטערן צעזייטע איבערן הימל, אַזוי ליגן געדיכט צעלייגט קלע־נערע און גרעסערע יידישע שטעטלעך אין ליטע.

געדיכט, איינס נעבן אַנדערן. אַמאָל, איידער די ציוויליזאַציע איז אַריינגעדרונגען, איז טאַקע געווען אַ מהלך פֿון איין שטעטל צום אַנדערן, היינט דויערט עס מינוטן, טאַקע ניט מער ווי מינוטן. דער אויטאָבאָס פֿאַר־בינדט. עס איז אַ נייע פּרנסה, אַ נייער איינשטעל. אָבער, די רעגירונג באַ־קעמפֿט דעם פֿאַרקער פֿון אויטאָבאָס, זי זעט אין דעם אַ קאָנקורענץ צו אירע באַנען... דער עולם ווילט אויס בעסער דעם אויטאָבאָס, וואָס שניידט זיך דורך איבער שלעכטע וועגן, האַלב־שאָסיי און האַלב־בלאָטע און קומט דאָך אָן פֿריער ווי די באַן.

מען מאַכט אַפֿילו איצטער לייטישע וועגן, אַספֿאַלטירטע, אַט ווי אין אַמעריקע. עס וועט ניט נעמען, מסתמא, לאַנג און גאַנץ ליטע וועט זיין באַדעקט מיט גלאַנציקע, אַספֿאַלט געפּלאַסטערטע וועגן. ווי אַלץ אין ליטע, פּראָגרעסירט אויך די טעכניק און דער פֿאַרקער. גאַנץ ליטע וואָלט שוין היינט „געגאַנגען אויף רעדלעך", ווען ניט די גזרה פֿון באַגרענעצטן אויטאָבאָס־פֿאַרקער, אַלנפֿאַלס אויף די שטרעקעס, וואו עס גייען די באַנען.

נאָר באַנען גייען ניט אויף אַלע שטרעקעס אין מדינות ליטע. דער אויטאָבאָס איז אַ באַדייטנדיק פֿאַרקער־מיטל.

דער אויטאָמאָביל־באָס האָט אַריינגעבראַכט לעבן אין שטעטל. עס שאַפֿט אַ געוויסע „אַרבעט": מען דאַרף גיין אָפּוואַרטן דעם אויטאָבאָס... וואָס אָפּוואַרטן, ווען אָפּוואַרטן, וועמען? דאָס ווייסט מען ניט גענוי. צייט איז דאָ, איבעריקע צייט, און עמיץ דאַרף דאָך קומען פֿון דער „גרויסער שטאָט", פֿון קאָוונע, נו, דאַרף מען גיין אָפּוואַרטן.

אַלע שטעטלעך האָבן איין פּנים — און דאָך האָט יעדעס אַן אַנדערן כאַראַקטער. עס זענען פֿאַראַן שטעטלעך, וואָס יחוסן זיך מיט זייער טראַ־דיציע: דאָס און דאָס שטעטל האָט געשפּילט אַ געוויסע ראָלע אין דער „באַוועגונג". דאָס און דאָס שטעטל האָט „אַרויסגעגעבן" די און די פּער־זענלעכקייט. נאָר דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, זכות אבות.

יידישע בענק

די צייטן זענען שלעכטע אין ליטע. אָבער ניט אַזוי שלעכט, אַז מען זאָל הונגערן. ניט אין דער גרויס־שטאָט און ניט אין קלײנעם שטעטל. קעגן פּוילן איז ליטע — „אַמעריקע״. קעגן ערגעץ אַנדערש „עסט מען דאָ חלה אינדערוואָכן״. יידן האָבן אַ סך, גאָר אַ סך געלעגנהייטן דורכגע־לאָזט. אין אָנהויב, ווען מען האָט איבערגעאַנדערשט דעם לעבנס־סדר, ביים איבערגאַנג צו נייע עקאָנאָמישע צווייגן אין דער לאַנדווירטשאַפטלעכער פּראָדוקציע, וואָס האָט אָנגענומען אַ מער קאָמערציעלן אויסדרוק, האָבן יידן געקאָנט שפּילן אַ באַדייטנדיקע ראָלע, נאָר זיי האָבן עס ניט אויסגענוצט.

די אָרגאַניזאַציע פון די יידישע בענק, באַווייזט דאָס. דאָס איז אַן איבערבלייבעכץ פון יענע „גוטע טעג״. די יידישע בענק, סיי די „צענ־טראַל־באַנק״ אין קאָוונע מיט אירע אָפּצווייגונגען אין דער פּראָווינץ, סיי די „פאָלקס־באַנק״, מיט אירע פיליאַלעס אין גאַנצן לאַנד, זענען די נערוון פון קליין־שטעטלדיקן לעבן. ניטאָ קיין ייד, אָרעם צי רייך, סוחר אָדער בעל מלאכה, וואָס זאָל ניט כאָטש יעדן טאָג אַריינגיין אין באַנק. צי מען האָט אַ דירעקטן אינטערעס, צי מען האָט אַן אינטע־רעס צו דעם, וואָס האָט דאָרט אַן אינטערעס... די באַנק אין קליינעם שטעטל איז, ווי די פּאָסט־סטאַנציע אין דער אַרגענטינער פּראָווינץ. בעת מען קומט אָפּנעמען בריוו, טרעפט מען זיך מיט אייגענע און נאָענטע. און דאָ אויך אַזוי: די גאַנצע פּאָליטיק און די געזעלשאַפטלעכקייט ווערט אַרומגערעדט אין באַנק. אינסטיטוציעס ווערן געבויט, געשאַפן און אומ־געבראַכט אין באַנק. אַרום דער באַנק, אין דרויסן, וועט מען אין יעדן קליינעם ליטווישן שטעטל טרעפן פאַרזאַמלט אַן עדה יידן.

די בענק זענען געבויט געוואָרן אין פאָרעם פון גמלת חסדים־קאַסעס. ווי לאַנג זיי זענען געווען קליין און אומבאַדייטנדיק האָט זיי קיינער ניט געשטערט אין זייער אַרבעט. קוים אָבער זענען זיי אויסגעוואַקסן צו אַ ריזיקער אינסטיטוציע, קוים איז דער הויפּט־בנין פון דער יידישער „צענ־טראַל־באַנק״ אין קאָוונע געוואָרן אויסערלעך אימפּאָזאַנט און אינעווייניק — אַ מאַכט, האָבן זיך די ליטווישע בענק דערשראָקן און געפּועלט געוויסע „באַשווערונגען״ אין דער טעטיקייט פון די יידישע בענק. די ליטווישע בענק האָבן פּשוט מורא פאַר קאָנקורענץ. די יידישע באַנק מאַכט שוין טראַנסאַקציעס מיט די וויכטיקסטע בענק פון גאָר דער וועלט און די יידישע באַנק האָט אַ נאָמען אַלס ראַיעלע און פּינקטלעכע. וואָס־זשע קאָן מען אויסזעצן קעגן איר? און בפרט, אַז זי פאַרמאָגט אַ גרויסן עודף אין געלט.

פּשוט, מען ווייסט ניט וואָס צו טאָן מיט דעם איבעריקן געלט. די יידישע בענק האָבן אַן איבערפֿלוס פֿון דעפּאָזיטן. דאָס באַווייזט, אַז מען מאַכט שלעכטע געשעפֿטן, אַז יידן האַנדלען ניט. דאָס ביסל געלט, וואָס מען האַלט אין באַנק, איז אָנגעזאַמעלטע האַרעוואַניע אָדער — געשיקט פֿון אַמע־ריקע. בכלל האָט דער ענין שיקן פֿון אַמעריקע אָפּגעטויט די איניציאַטיוו פֿון אַ סך ליטווישע יידן. עס זענען דאָ שטעטלעך, וואָס זייער גאַנצע פּרנסה איז באַשטאַנען פֿון דעם, וואָס „מען האָט געשיקט"; אַנדערע האָבן זיך אויסגעבויט הייזער פֿאַר „אַמעריקאַנער דאָלאַרן". פֿון חתונה מאַכן קינדער איז דאָך אָפּגערעדט. דאָ האָט מען געקינדלט, און די אַמעריקאַנער „פֿע־טערס" האָבן זיי חתונה געמאַכט.

נאָר די צייטן זענען שוין ניטאָ. מען שיקט שוין ניט פֿון אַמעריקע. די פֿעטערס פֿון יענער זייט ים קומען מער ניט, ווי זיי פֿלעגן עס טאָן יעדן זומער. דאָס דערקענט מען גלייך אָן די פּאַרקנס פֿון די בית עולמס, אָן די דעכער פֿון די מקווהס, אָן די פֿענצטער פֿון די שולן און אָן די מאָ־גערע מאָלצייטן פֿון די מושב־זקנימס און בית יתומימס.

נאָר די באַנק שפּילט אַלץ אַ גרויסע ראָלע: זי פֿינאַנסירט יידישע אונטערנעמונגען, אויב אַזעלכע מאַכן זיך; זי גיט קרעדיטן אויף אַ מילדן אופֿן. די טראַדיציע פֿון אַ גמילת חסדים־קאַסע האַלט ווייטער אָן, כאָטש זי איז שוין אונטערגעוואָרפֿן די אַלגעמיינע רעגולאַמענטן פֿון באַנק־געזעץ. דאָך, ביז איצט האָט מען געקוקט דורך די פֿינגער. איצט איז אַנדערש. אָט האָט מען אַרויסגעגעבן אַ גזרה, אַז די אינערלעכע בוכפֿירונג מוז זיין אין ליטוויש. ביז איצט איז די בוכהאַלטעריע געווען אין יידיש.

מיטן איבערגיין פֿון יידיש אויף ליטוויש, פֿאַרלירט די יידישע באַנק וואָס צייִלט הונדערט אָפּטיילונגען, טיילווייז איר כאַראַקטער און איר ספּע־ציפֿישע ראָלע, וואָס זי שפּילט אין לעבן פֿון די ליטווישע יידן. פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון איין זייט שפּילט אַ ראָלע די קאָנקורענץ פֿון די אַנדערע בענק, פֿון דער צווייטער זייט — איז באַגרענעצט די באַנק־טעטיקייט, און ווען מען נעמט צו איר כאַראַקטער, וועט זי ניט זיין בכח צו געבן לייכטע קרע־דיטן אויף מאָראַלישע בטיחות. עס וועט זיך פֿאָדערן אַ געזיכערטע ערבות, דאָס וועט פֿאַר די ליטווישע יידן ניט זיין אַזוי לייכט, און במילא, וועלן גע־וויסע יידישע אונטערנעמונגען אָפּפֿאַלן.

דער ערשטער שריט מצד דער מאַכט איז שוין געמאַכט געוואָרן: מען האָט באַשטימט בוכהאַלטער־קאָנטראָלאָרן, וואָס דאַרפֿן רעווידירן פֿון צייט צו צייט די באַנק־אָפּעראַציעס. די פּראָווינציעלע בענק וועלן דורך דעם

מוזן צוזאַמענברעכן. קודם כל, די אויסגאַבן פֿאַר אַ בוכהאַלטער וועט די באַנק גופֿא מוזן דעקן. און, אַז זי וועט דאַרפֿן צאָלן אַ חודש אין יאָר צו פֿינף און צוואַנציק ליט אַ טאָג, קאָן זיין, אַז אַ סך בענק, דער עיקר אין דער פּראָווינץ, וועלן דאָס ניט קענען איבערטראָגן.

נאָר דערווייל פֿירן די בענק אין דער פּראָווינץ זייער טעטיקייט: יידן קומען און גייען, פֿרעגן זיך נאָך פֿאַרשיידענע, גוטע עצות. די באַנק־באַאַמטע, דירעקטאָרן און אָנגעשטעלטע, זענען די כלל־טוערס. עס איז אַ טאָפּעלטע אינסטיטוציע: דאָס יידישע באַנק־הויז, וואָס אין תוך איז עס דאָך אַ ריינע האַנדלס־אינסטיטוציע — אָבער דאָס באַנק־הויז אין ליטע, איז אויך אַ יידישיסטישע אַנשטאַלט. פּסיכאָלאָגיש ווירקט עס אויף די מאַסן צו רעספּעקטירן יידיש. ווען דער ייד פֿון אַ גאַנץ יאָר זעט ווי אין אַזאַ אנשטאַלט ווי אַ באַנק, ווערט אַלץ געפֿירט אויף יידיש: די אויפֿשריפֿטן, די מודעות אויף די ווענט און ביי די פֿענצטערלעך, די באַנק־בלאַנקען, טשעקן, וועקסלען — אַלץ אויף יידיש, די קאָרעספּאָנדענץ און געשעפֿט־פֿירונג אויף יידיש, הויבט זיך אָן אין אים איינקלאַמערן דער באַגריף, אַז יידיש איז אַ נאַטירלעכע דערשיינונג און ער לעבט זיך איין מיט דעם געדאַנק אַלס זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט. דערפֿאַר האָט די יידישע באַנק אין ליטע אויך אַ קולטור־באַטייט.

## די בערשטער־שטאָט אין ליטע

ווילקאָווישקי פֿאַרנעמט אין דער יידישער אַרבעטער־געשיכטע אַ חשובן אָרט:

אין אָט דער שטאָט זענען די ערשטע יידישע אַרבעטער־קעמערלעך געגרינדעט געוואָרן. דאָס וויגעלע פֿון „בונד" איז דאָ געשטאַנען. דאָ האָט זיך דער „בונד" אויסגעפּיקט און פֿון דאַנען איז ער אויפֿגעגאַנגען.

אין ווילקאָווישקי האָט די פּועלי־ציון פּאַרטיי די ערשטע טריט געשטעלט. פֿון דאַנען איז זי אַרויס אין דער וועלט אַריין.

איצט איז ווילקאָווישקי אַ שטיק טראַדיציע, אַ בלעטל געשיכטע, וואָס לעבט נאָך.

אַן אַרבעטער־שטאָט:

די הייזלעך קליין, נידעריק און געבויגן. דער מאַרק — פּירקאַנטיק, אַ גרויסער, אַ ברייטער, מיט אַ פּלומפּ און מיט בודע־קראָמען אין דער מיט.

און קרעמער שטייען אויף די שוועלן פֿון זייערע קלייטן, קוקן אויס אַ

קונה און וואַרטן אויף אַ מאַרק־טאָג, ווי אומעטום, ווי ערגעץ אַנדערשוואו. נאָר דאָך, ווילקאָווישקי איז אַנדערש. פון דאַנען, פון דעם קליינעם פּיר־קאַנטיקן מאַרק האָבן זיך אַרויסגעריסן די ערשטע קאַמף־בשורות פון יידי־שע אַרבעטער — די בערשטטער!

אַ פאַרוואַרצלט פאַך, אַ ספּעציפיש יידיש פאַך, איז געווען דאָס בער־שטערי. נאָר עס ווערט אויסגעוואָרצלט. קיין נייע בערשטטער קומען ניט צו און די אַלטע — ווערן וויניקער.

דאָס פאַך בערשטטעריי — וואָלט געבליט, ווען ניט דער קריזיס. דאָס נאָכפראַגן אויף סחורות איז גרויס, נאָר עס איז ניטאָ קיין רוי־שטאָף.

ווען אין אַזאַ שטעטל האָבן אַמאָל געאַרבעט טויזנט אַרבעטער, טויזנט יידישע אַרבעטער ביי איין פאַך, ביי בערשטטעריי, פאַרשטייט זיך, אַז דאָס איז געווען אַ יידיש פאַך. און די בערשטטער זענען געווען יונג, קאַמפּס־לוסטיק, האָבן זיי אין יאָר טויזנט אַכט הונדערט פינף און ניינציק געגרינ־דעט דעם „בערשטטער־בונד" און אויסגעקעמפט די ערשטע — דעם אַכט־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג און מינימאַלע וואָך־שכירות.

אין יענער צייט, אין יענעם צאַרישן רעזשים, האָט עס באַטייט מער ווי רעוואָלוציע.

און איצט, אין יאָר טויזנט ניין הונדערט פינף און דרייסיק, איז ווילקאָ־ווישקי בלויז זכרונות. מען דערמאָנט ווילקאָווישקי אויף פּאַרטיי־באַנקעטן, אויף אַרבעטער־פייערונגען, אין יובל־אויסגאַבעס. ווילקאָווישקי אַליין, גייט איין, ווערט איינגעשרומפּן. פון די טויזנט יידישע בערשטטער־אַרבעטער זע־נען איצטער דאָ נאָר אַרום זיבעציק־אַכציק, אַלטע, שוואַכע און געהויקער־טע, מיט שטיקלעך פלאַם פון אַמאָליקן פייער אין האַרץ. איך באַזוך אַ פאַבריק, איינע פון די באַוואוסטע בערשטטערייען פון ווילקאָווישקי. עס זע־נען דאָ עטלעכע אַזעלכע פאַבריקן אין דער וועלט. מען רופט אָן איינ־צעלנע: אין פּוילן — מעזריטש, זשאַגער. אין ליטע — ווילקאָווישקי.

איצט קאָנקורירט ראַטנפאַרבאַנד מיט ווילקאָווישקי. עס ווילט זיך אַ שמייכל טאָן, אַ גרויסע מדינה קאָנקורירט... און ווילקאָווישקי נעמט אויף דעם קאָנקורענץ־קאַמף. ראַטנפאַרבאַנד איז שטאַרקער, זי האָט אַרויסגע־געבן אַ פאַרווער אַרויסצופירן די חזיר־האָר — און אָן די רוסיש־סיבירער חזיר־האָר, איז בערשטטעריי אין ווילקאָווישקי מער קיין פאַך ניט.

אייגנטלעך ווערן די באַרשטן גופא ניט אויסגעאַרבעט ניט אין וויל־קאָווישקי און ניט אין מעזריטש — און אויך ניט אין זשאַגער — און ס׳קאָן זיין, אַז אויך ניט אין ראַטנפאַרבאַנד. די האָר ווערן נאָר פון רויען צו־

שטאַנד צוגעגרייט, אויסגעאַרבעט און פּרעפּאַרירט פּאַר באַרשטן; באַרשטן און פּינדזלען צום מאָלן, שמירן און ראַזירן, פּוצן און רייניקן. פֿון דאַנען, פֿון ווילקאָווישקי, גייט דער באַאַרבעטער רוי־מאַטעריאַל אַרויס אין דער גרויסער וועלט אַריין. ערגעץ באַקומען די בינטלעך האָר, אויסגעאַרבעטע און כעמיש־געוואַשענע, אַ תּיקון. נאָר די אַרבעט דאָ ביי די רויע מאַ־טעריאַלן איז שווער. מיר דאַכט, אַז שווערער ווי אין שטאַלגיסערייען, גע־זונטער — אוודאי ניט. דאָס קאָן מען דערקענען אין די פּנימער פֿון די באַרשטן־אַרבעטער אין ווילקאָווישקי.

די ווילקאָווישקער באַרשטן־פֿאַבריק האָט אַ שם אין דער וועלט. גרויסע אַמעריקאַנער פֿירמעס שטייען מיט איר אין שטענדיקן קאָנטאַקט. באַשטע־לונגען קומען אָן און באַשטעלונגען ווערן אויסגעליפֿערט. איך שטעל מיר פֿאָר אָט די פֿאַבריק, ווי אַ מאָדערן־איינגעריכטעטע, אָן אימפּאָזאַנטע אונ־טערנעמונג. איך קום צו: אַ הויף מיט אַ הענגנדיק, אַלט טויער אויף איין האָק. די פֿאַבריק גופֿא — אַ גרופּע פֿון דריי, פֿיר קליינע הילצערנע כאַ־טעס. איצט שוין, אַ צוגעמויערטער פֿליגל פֿאַר אַ ביוראָ און סאָרטיר־שטוב. דער בעל הבית פֿון דער פֿאַבריק, אַליין אַ געוועזענער אַרבעטער, ציטערט פֿאַר יעדן פֿרעמדן באַזוכער. ער האָט מורא, אַז די אַרבעטער וועלן זיך אַריינלאָזן אין אַ שמועס. דאָס קאָן אים שאַטן. ער קווענקלט זיך ביים געבן די דערלויבעניש צו באַזוכן די פֿאַבריק בעת דער אַרבעט. מיר דינגען זיך. מען קומט דורך. איך פֿאַרזיכער אים, אַז איך וועל מיט די אַרבעטער ניט רעדן. מיין צוזאָג אַליין איז ווינציק. ער געדענקט נאָך פֿון פֿאַר דער מלחמה, אַז אַזאַ גאַסט, אויך פֿון אַ צייטונג, האָט זיך אַריינגעלאָזט אין אַ שמועס מיט די אַרבעטער און דער סוף איז געווען — אַ סטרייק...

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער בעל הבית, אַ געוועזענער אָנפֿירער פֿון „בער־שטער־בונד”, היט זיך פֿאַר אַ סטרייק. אַרבעט איז דאָ אַ סך, חזיר־האָר ווינציק און מען קאָן נאָך אינגאַנצן בלייבן אויסגעשטעלט.

איך באַקוק די פֿאַבריק: הילצערנע ווענט, אַלט און חושך, פּונקט אַזוי חושכדיק זעען אויס די אַרבעטער, וואָס שטייען ביי די האָר און אָטעמען איין אין זיך דעם פֿאַרסמענדיקן שטויב פֿון די כעמישע שטאָפֿן. בלויז אַלטע מענטשן, אַזוי אַלט ווי עס זענען די מעטאָדן פֿון דער אַרבעט. קיין נייע מאַשינען קומען ניט צו. מען האָט דאָ צו טאָן מיט „לעבעדיקע” זאַכן — האָר. דאָס מוז ווערן אינדיווידועל באַהאַנדלט, מען קעמט און מען באַרשט, מען הוסט און מען שפּייט אַרויס שטיקער גרין־שטויביקן לייכעץ.

די מיקראָבן פֿון די האָר פּרעסן אויס די אויגן. כמעט אַלע אַרבעטער האָבן קראַנקע אויגן.

איך זאָג „האַלאָ". מען שמייכעלט, מען באַגריסט מיך מיט אַ קאָפּ־שאָקל. זיי פֿאַרשטייען דעם אָנזאָג מצד דעם בעל־הבית, ניט צו פֿירן קיין שמועסן. שווייגט מען. דער פֿירער גיט מיר דערקלערונגען, נאָר די אַרבעטער זענען ניט צופֿרידן פֿון זיינע דערקלערונגען — און אַזוי אייניציקווייז, פֿון אַ וואָרט ווערט אַ זאַץ, פֿון אַ זאַץ ווערט אַ שמועס, מען לייגט אַוועק די בינטלעך האָר, מען שאַרט אַוועק די קאַמען און מען נעמט מיך אַריין אין רעדל און עס קומען אויף זכרונות...

וואָס בלייבט דעם בעל־הבית, דעם געוועזענעם קעמפֿער צו טאָן? פּראָטעסטירן שעמט ער זיך. ער שיקט אַריין זאָגן:

„די באַשטעלונג איז דרינגלעך, מען וואַרט מיט דער פּאַרפּאַקונג".

נאָר ווער הערט אים. דערויף האָבן זיי אין אַכצן פֿינף און נײַנציק געשאַפֿן דעם „בונד", אַז זיי זאָלן איצט ניט קאָנען אויסרעדן אַ וואָרט מיט אַ גאַסט — אַ שרייבער?

און מער פֿון אַלעמען נעמט אַ וואָרט פֿרײַנד בערל סאַנדלער, דער זקן, וואָס איז די לעבעדיקע ענציקלאָפּעדיע פֿון די „ווילקאָווישקער אַנטוויקלונגען". איצט איז ער אַלט העכער זעכציק יאָר. ער אַרבעט נאָך ביים זעלבן פֿאַך, ביים זעלביקן טיש, ווי אין דער יוגנט...

„ניטאָ די צייטן פֿון אַמאָל, זיפֿצט סאַנדלער, אַן אינדוסטריע איז איינגעגאַנגען. ווער, מיינט איר, איז שולדיק? — די סאָוויעטן."

„פֿאַרוואָס די סאָוויעטן? אפֿשר דערפֿאַר, וואָס זיי האָבן צוגענומען אייערע קינדער און זיי דאַרט געמאַכט פֿאַר — קאָמיסאַרן?"

„ניין, ניט דאָס, נאָר די סאָוויעטן דערלויבן ניט אַרויסצופֿירן די עכטע, סיבירער חזיר־האָר און דאָס גאַנצע פֿאַך גייט אונטער צוליב דעם פֿעלן פֿון אָט דעם רוי־מאַטעריאַל, וואָס האָט געשאַפֿן ברייטע אַרבעטס־מעגלעכקייטן פֿאַר בערשטער ביי אונדז. אָן די סיבירער חזיר־האָר גייט ווילקאָווישקי אונטער און מיט איר צוזאַמען אַ פֿאַך, וואָס האָט אַמאָל געשפּילט אַ פּיאָנערן־ראָלע אין דער יידישער אַרבעטער־באַוועגונג".

# קאַרפּאַטן־רוסלאַנד

יידישע פּויערים

צופֿוסנס פֿון די קאַרפּאַטן־בערג, צווישן די גרענעצן — אונגאַרן, פּוילן, רומעניע און טשעכאָ־סלאָוואַקיע, ליגט אַ „יידישע מלוכה", אַן אייגנאַרטיק יידיש שטיק שטייגער־לעבן, מיט איר באַזונדערער סביבה, וואָס איז אונדז ווייט און נאָענט, אייגן און פֿרעמד.

אין פֿלוג דאכט זיך, אַז אין אָט דעם „ווינקל פֿון דער וועלט" איז פֿאַראַן אַ שארית הפליטה פֿון אַ מענטשהייט, רעשטלעך פֿון נאַציאָנאַלע מינדער־הייטן, אַ געמיש פֿון לשונות.

קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז קאָסמאָפּאָליטיש און אָפּגעשלאָסן. קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז באמת „עק וועלט". פּראָג איז אַ ווייטער חלום, וואָס דרימלט אין די אויגן פֿון יידישע טעכטער.

אונטער בערג צווישן גרענעצן זענען די פֿעלדער אויך באַארבעט פֿון יידישע פּויערים. יידישע דערפֿער זענען קיין בן־יחידימלעך ניט, יידישע פּויערים־זין און פּויערים־טעכטער האָבן די זעלביקע צעאַקערטע הענט, ווי די אוקראַינישע זין און טעכטער פֿון די אוקראַינישע פּויערים. פֿרייד גייט אויף איבער יידישע פֿעלדער, ווי אויף די אוקראַינישע. נאָר נויט, הונ־גער זענען אין יידישע כאַטקעס שטאַרקער, ווי אין ניט־יידישע.

איך בין געפֿאָרן איבער יידישע דערפֿער און זיך צוגעקוקט צום לעבן, און צוגעהערט צו זייערע רייד. הויכע לייט, ווי — דעמבעס וואָס וואַקסן איינגעוואָרצלט דאָ שוין פֿון דורות. פֿון קיין אַנדער לעבן, פֿון קיין שטאָטיש און באַקוועם לעבן ווייסן זיי ניט, האָבן קיינמאָל ניט געוואוסט, און דער־וואַרטן אויך ניט צו וויסן. נאָר די לאַגע איז שלעכט, אַזוי שלעכט, ווי ביי אַלע פּויערים פֿון אַ סך לענדער. זיי ווייסן ניט פֿון קיין אויסוועג און האָפֿן ניט אויף קיין פֿאַרלייכטערונג. זיי זענען פֿרום, שטאַרק פֿרום — די יידישע פּויערים אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. אָבער די נויט האָט זיי גע־לערנט קאָמוניסטיש טראַכטן. עס האָט זיך שוין אַפֿילו אויסגעאַרבעט אַן אייגנאַרטיקע קאָנצעפּציע, אויף זייער פּרימיטיוון שטייגער־דענקען: קאָ־מוניזם איז יושרדיק, און אַז דאָס שטימט מיט דער תורה און מיט אירע הייליקע געבאָטן.

איבעריקנס, איז דאָס ניט קיין יידישע „קאָנצעפּציע". דאָס איז אַן

איבערגענומענע פֿון די שכנים אַרום. יידישע פּויערים האָבן עס פֿאַר־טיפֿט. עס איז געוואָרן אַ שיטה. מען רעדט וועגן דעם ביים רבינס טיש, אין בית המדרש. עס איז אַ לאָזונג אַזאַ: „אַז וואָס צו גאָט — און אַז גאָט אַליין הייסט לעבן דעם מענטשן לויט די פּרינציפּן פֿון קאָמוניזם...״

## מונקאַטש

די שילדלעך און שילדן אויף די מונקאַטשער גאַסן זענען אין דריי שפּראַכן: טשעכיש, אונגאַריש און אוקראַיניש. אָבער רעדן רעדט מען אויף אַ סך מער לשונות, אפֿשר אויף אַ פֿינף, זעקס. צו דער גערעדטער שפּראַך קומט שוין צו יידיש, און „יידיש־דייטש״ און אַפֿילו העברעאיש. פֿון די צופֿיל שפּראַכן קומט אַרויס אַ פּלאָנטער אויף דער צונג, וואָס נאָר יידן קענען עס אויספּלאָנטערן און — פֿאַרפּלאָנטערן.

איבער די בלאָטיקע וועגן פֿון געמישטע דערפֿער שלעפּן זיך אַרום אַלערליי „איינקלעך״־רבילעך און סתם גוטע יידן. דאָס גלויבן אין אַ צדיק איז דאָרט פֿאַרשפּרייט. דאָרפֿס־יידן שפּאַנען אין די מאָגערע פֿערדלעך און מען זעצט זיך אויף די האַרטע געזעסן און מען פֿאָרט צו די רביים. מען פֿאָרט נאָענט און וויט. מען ציט קיין מונקאַטש. דער רבי איז זייער שטיק יום טוב; דער רבי איז זייער פֿייער־זייל, זייער לייכט־טורעם.

מונקאַטש איז איינע פֿון די הויפּט־שטעט אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד. די שטאָט ציילט אַרום און אַרום עטלעכע און צוואַנציק טויזנט איינוואוינער. דריי פֿערטל זענען יידן, און פֿון די דריי פֿערטל זענען פֿינף און נײַנציק פּראָצענט חסידים. דער רבי, אָדער ווי מען רופֿט אים דאָרט דער רב, איז דער איינציקער הערשער און מושל. אַלע זענען אים אונטערטעניק און געהאָרכזאַם. דער מונקאַטשער רבי האָט שוין אַ וועלט־רענאָמע. זיין בילד איז דאָך שוין „ביים לעבן״ פֿאַראייביקט געוואָרן פֿון דער „פֿאָקס פֿילם־פּראָדוקציע״, ווען ער האָט געפּראַוועט די באַרימטע חתונה פֿון זיין טאָכ־טער. מונקאַטש איז נאָך איינע פֿון די שטאַרקסטע רביש־הויפֿישע פֿעס־טונגען, וואָס זענען געבליבן אין דער וועלט. אַ פֿעסטונג, וואָס זעט ניט אויס, אַז אזוי גיך וועט זי געבראָכן ווערן.

איך בין טאַקע זייער און זייער נייגעריק געווען צו זען דעם „הויף״ און באַנעמען דעם סוד פֿון זיין שטאַרקייט. איך האָב אים מיר פֿאָרגע־שטעלט פֿיל אימפּאָזאַנטער אין מיין פֿאַנטאַזיע, ווי ער איז אין דערווירק־לעכקייט. דער מונקאַטשער „הויף״ זעט אויס ווי אַן „אַריינפֿאָר הויז״, אַ

מיין קליינשטעטלדיקע אכסניה, אין וועלכער עס שטייען איין בעל עגלות. דער ארום און אַרום בלאָטיק און אָפּגעריסן. ביים אַריינגיין הערט מען קולות, שטאַרקע, ווייבערישע קולות, זידלערייען און קללות. איך בלייב שטיין, הער זיך איין: די קללות לויטן נוסח פונעם לעמבעריקער פּיש־מאַרק, די קולות קומען פון די קעלער־שטובן, פון די קיך־פּענצטער, און דאָס „רייסעניש״ ווערט באַלד אויפגעקלערט: דאָס קריגט זיך די רביצין מיט די קעכינס, מיט די דינסטן; דאָס זענען די ערשטע „הימלישע״ טענער, וואָס מען פאַרנעמט ביים אַריבערטרעטן די שוועל פונעם „הויף״.

די גרויסע „קאַרפּן־קעפּ״, די רייכע חסידים, וואָס וואוינען אין די ווייטע שטעט, זעט מען ניט. מען קומט נאָר אויף אַ יום־טוב, אָבער זייער השפּעה פילט מען אין הויף. אין בית המדרש זעט מען נאָר די בטלנים, וואָס שאַפן „שטימונג״ אַרום דעם רבין, וואָס כאַפּן אויף זיין וואָרט און צעטראָגן עס.

איך בין גראָד געווען אין זיין „שטיבל״, בעת ער איז אָנגעקומען. מען האָט מיך געוואָרנט, מיך דעם „דייטש״, אַז איך זאָל אָפּטרעטן. נאָר כ׳בין געווען פאַרנומען מיט באַטראַכטן די שאַבלאָנע „געמעלן״ אויף די ווענט: דעם שור הבור, מיטן לויתן, וואָס ליגט איינגעדרייט ווי אַ בייגל. מען האָט מיין ניט־ענטפערן און ניט־אָפּרוקן זיך אָנגענומען פאַר אַפּיקורסות. אפשר צוואַנציק אויפגעשוואָלענע הענט, מיט ברודיקע פינגער, האָבן מיך אויף אַמאָל גענומען וואַרגן, און מיט עטלעכע טרוקענע קלעפּ, האָט מען מיך אַ וואָרף געטאָן אַרויס... פאַלנדיק האָב איך מיטגעריסן אַ שטיק אָנלען פון די הילצערנע טרעפּלעך.

דאָס איז געווען שבת.

דער רבי איז נאָך ניט געווען אינעווייניק. ער האָט זיך נאָך אַרומגעדרייט הין און צוריק אויף דעם באַלקאָנדל פון זיין חדר־מיוחד. נאָר משער געווען האָט מען זיך, אַז „ער״ גייט שוין צום טיש. דער רבי האָט זיך געלאָזט צום טיש, דורכשפּאַצירנדיק דעם גאַנצן הויף, אין דער מיט איז ער פּלוצים שטיין געבליבן; ער איז געווען אָפּגערוקט פון פאַרקן אפשר דריי מעטער, אָבער דאָס האָט אים ניט געשטערט צו טאָן אַ מענטשלעכע זאַך, נאָך וועלכער ער וועט זיך וואַשן די הענט און זאָגן אשר־יצר...

די תורה פון רבין איז ניט געווען אַזוי „טיף״, וואָס זאָל צעגלידערן די געדאַנקען. די בטלנים האָבן צוגענענט זייערע אויערן, געקניפּט די בולקעס, וואָס זיי האָבן געהאַט אין די בוזעם־קעשענעס פון זייערע צעצויטעטע, אַטלעסנע זשופּיצעס... יונגעלייטלעך, „וואויל־לערנערס״, מיט

לאַנגע פּאות, לאַנג ביז איבער די אַקסלען, האָבן זיך געלאָזט אויף מסירות נפש, כדי צו כאַפּן שריים. דער גבאי האָט געטיילט שריים, שפּאַנענדיק מיט די פּאַרבלאָטיקטע „לאַטשן" און שמוציקע ווייסע זאָקן אויפן טיש. ער האָט מיר אויך דערלאַנגט שריים — איז אָבער געשען אַ „נס": ווען ער האָט אויסגעשטרעקט צו מיר זיין האַנט מיט דעם שטיקל קוגל, איז אַ יונגאַט־לעכער, מיט אַ ברייט שטריימל, וואָס האָט זיך אַראָפּגערוקט איבער זיינע אויגן, אונטערגעלאָפן מיטן מויל, און איידער וואָס־ווען, עס אויסגעכאַפּט — איבערלאָזנדיק פאַר מיר בלויז די פעטע פינגער פון גבאיס ניט־ריינער האַנט...

דער מונקאַטשער האָט אַן אויג אויף דער אויסערלעכער וועלט. אָבער ער פילט, אַז עפּעס האָט זיך דערזען אַ שפּאַלט אין זיינע פעסטונג־ווענט. עס איז ניט לאַנג נאָך געווען די צייט, ווען דער רב האָט געמסרט יידיש טעאַטער. בכלל, איז צו זיין אַ מזרחיסט אין מונקאַטש — אַ געפאַר. מזרחיזם איז שוין אַ סימפּטאָם פון וועלטלעכקייט, פון אַפּיקורסות. דאָס יידישע לעבן אין גאַנץ קאַרפּאַטן־רוסלאַנד וואָלט געהאַט אַן אַנדער אויס־זען, ווען ניט אַט־דער שוואַרצער שטער־גייסט. דער ייד פון קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז אַן אינטערעסאַנטער טיפּ מענטש. דאָרף און פעלד, אַ קול־טורעלע אויטאָנאָמיע וואָלט געוועזן ווי אויף דער האַנט. דער מאַגיסטראַט אין מונקאַטש גיט אַוועק זיין שטאָטישן זאַל פריי פאַר אַ יידישער טרופּע, וואָס קומט אַמאָל אַהין, און דערצו נאָך אַ יערלעכע סובסידיע פון פינף טויזנט קראָן און באַפרייט פון לאָקאַלע שטייערן. — דאָס איז ניט קיין מתנה דער יידישער באַפעלקערונג, נאָר אַ חוב, וואָס ווערט פונעם מאַגי־סטראַט דערפילט צו די יידישע שטייער־צאָלער. נאָר ווען קומט אַ יידיש טעאַטער? ווען עס איז דאָ אַן אויסזיכט, אַז מען וועט ניט שטערן פון „הויף", אַז מען וועט ניט מסרן, אַז מען וועט צורו לאָזן.

און אַקטיאָרן דערציילן, אַז נאָך אַזאַ לאַנד פאַר יידיש טעאַטער, ווי קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז אויף דער וועלט ניטאָ. מען גיט אַוועק דאָס לעצטע און מען גייט אין יידישן טעאַטער. אַז מען שטערט צו שפּילן אין די שטעט, לאָזן זיך די וואַנדער־טרופּעס איבער די דערפער. מאַכט מען טעאַטער אין אַ סטאָדעלע, אָדער אַפילו, אין אַ זומער־אָוונט, אונטערן פרייען הימל. דעמאָלט קומען ניט נאָר יידן פון די אַרומיקע דערפער, נאָר אויך ניט־יידן, און אַלע נעמען אויף דאָס שפּילן אין אַ זייער פרימיטיווער פאָרעם. דאָס יידישע לעבן איז שיין אין איר פרימיטיווקייט, אָבער גלייכ־צייטיק איז פאַראַן אַ מאָדנע פאַרקריפּלטקייט.

די מאַכט בעט זיך ביי יידן, אַז זיי זאָלן רעדן יידיש. די מאַכט איז גרייט אויסצוהאַלטן אויף איר חשבון, אויפֿן חשבון פֿון די קאָמונאַלע און מלוכהשע פֿאָנדן, יידישע שולן, יידישע ביבליאָטעקן, טעאַטער און בכלל קולטור־אינסטיטוציעס נאָר פֿאַר איין זאַך — פֿאַר רעדן יידיש. נאָר די באַפֿעלקערונג וויל ניט. זי רעדט — אונגאַריש. זי לייענט אונגאַרישע צייטונגען, שיקט די קינדער אין די אונגאַרישע שולן. די יידן אין קאַר־פּאַטן־רוסלאַנד אַסימילירן זיך ניט צו דער לאַנד־שפּראַך — טשעכיש, נאָר צום לשון פֿון אַ נאָענטן שכן — אונגאַריש. פֿאַר דעם שכן האָט עס טשע־כאָסלאָוואַקיע מורא; זי האָט מורא פֿאַר אַ מערהייט אין יענער געגנט. זי ציטערט, און די יידן, וואָס דאַרפֿן צום ווינציקסטן זיין פֿאַראינטערעסירט אין אַן אונאַגרישער מערהייט, שוין דערפֿאַר, וואָס דער אַנטיסעמיטיזם בושעוועט אין אונגאַרן, און ס'איז דאָ ניטאָ קיין שום סיבה צו אָריענטירן זיך אויף אונגאַרן, ווילן פֿונדעסטוועגן ניט אָפּלאָזן, ניט נאָכגעבן.

אַוודאי איז דאָס אַ פֿיינלעכער פֿאַקט. קאַרפּאַטן־רוסלאַנד איז אַן אינ־טערעסאַנטער ווינקל, עס האָט אין זיך עפּעס קערנדיקס, עפּעס געזונטס. עס שמעקט מיט ערד, מיט פּשטות און מיט פֿאָלקלאָר. אויף יענע בערג איז נתגלה געוואָרן דער בעל שם טוב. ניט נאָר דער בעל שם טוב, וואָס האָט געשאַפֿן דעם חסידיזם, די חסידישע התלהבות, נאָר דער בעל שם טוב, וואָס איז געווען ערדיש צווישן יידישע פּויערים און געזונטע פֿאָלקס־מענטשן. מען באַגעגנט זיי, די סביבה־מענטשן פֿון בעל שם טוב, די שניי־דערס און קאָוואַלעס, מיט די אַטלעסנע קאַפּאָטעס, מיט די שטריימלען און לאַנגע פּאות. מען באַגעגנט זיי ניט נאָר ביים כאַפּן שריים, נאָר ביי שווע־רער, פֿיזישער אַרבעט. מען זעט זיי, די יינגלעך, מיט די צעפֿלויגענע פּאות, פֿאָרנדיק שנעל אויף רייטוועגעלעך, אָדער מען זעט אַ ייד אין אַ קאָלפּיק, מיט אַ ברייטן טלית־קטן, נאָכגיין דעם אַקער. מען זעט די יידישע טעכטער, פֿרום פֿאַרנומען די האָר מיט שטערן־טיכלעך, ניט נאָר ביים ליכט־צינדן און תחינות־זאָגן, נאָר ביים מעלקן קי און אויסריייניקן שטאַלן. מען טרעפֿט זיי ביי פֿאַרשיידענע, שווערע מלאכות און נאָך דער אַרבעט — ביי זייערע שפּילן. איך האָב געזען, אין די גאָר פּיצעלעך שטעטלעך, ווי זיי „פֿאַר־שטעלן" זיך און אימפּראָוויזירן פֿאַרשיידענע „שפּילן".

עכטע פֿאָלקסטימלעכקייט, באַזוימט מיט פֿינצטערניש. קאָוואַדלע, ניי־מאַשין, אַקער־אייזן, זאַפֿטיק יידיש לשון, אונגאַרישע שולן, פֿינצטערער אָבערגלויבן און קאָמוניסטישע שיטה — דאָס איז נאָר מעגלעך אין אַזאַ פֿאַרוואָרפֿן ווינקל ווי קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

# בוקאַרעשט

## פּאַריז פֿון מזרח — קליין פּאַריז

דאָס יידישע געטאָ

„וואקארעשט", „דודעשט", דאָס זענען צוויי נעמען — אַ שם דבר ניט נאָר אין בוקאַרעשט, נאָר אין גאַנץ „רעגאַט" — אין דעם אַלטן, אייגנט־לעכן רומעניע. קאַליע וואקארעשט און קאַליע דודעשט זענען ניט נאָר צוויי פּאָפּולערע גאַסן — דער סימבאָל פֿון יידישער געטאָ, נאָר ווי דער סימבאָל פֿון גאַנצן רומענישן יידנטום. קאַליע וואקארעשט און דודעשט זענען אייגנאַרטיק ניט נאָר ווי גאַסן, ניט נאָר ווי קנופּ־ליניעס צו דער גאַנ־צער יידישער אָרעמקייט פֿון בוקאַרעשט נאָר עס שלאָגט פֿון זיי מיט אַ לעבעדיקן אָטעם, עס ברויזט מיט ווילן צו לעבן, צו עקזיסטענץ.

„וואקארעשט" און „דודעשט" זענען ניט איינמאָל, און ניט פֿון איין יידישן אָדער רומענישן דיכטער באַשריבן געוואָרן. דאָס איז דער בוקאַ־רעשטער „איסט סייד", די רומענישע יאַטקע־גאַס. דאָ ברויזט אַ יידיש לעבן נאָר — אָן יידיש. דאָ ווערט גערעדט דער אמתדיקער, קמצדיקער, קערנדיק־זאַפּטיקער יידיש. אָבער יידיש ווערט ניט געלייענט. עס איז אויפֿגעשטאַנען אַ דור „בעל פּהניקעס", וואָס קענען זיך ניט אויס אויף דער פּירעקיקער שריפֿט... במילא, לייענען זיי ניט, און במילא איז זיי אַלץ פֿרעמד, וואָס ס'ווערט אין יידיש געשריבן. די סדורימלעך זענען מיט לאַטיינישער שריפֿט. די יידישע טעאַטערן פּלאַקאַטירן זיך אויף די וואקא־רעשטער אָדער דודעשטער גאַסן מיט לאַטיינישע אותיות. אַפֿילו אַזעלכע יידישיסטן, ווי יעקב שטערנבערג און מ. אַלטמאַן, וואָס האָבן געשטעלט אַ יידישע „רעוויסטא", האָבן אויך ניט אַפֿישירט אויף יידיש.

די סיבה:

„ניטאָ אין בוקאַרעשט קיין יידישע דרוקעריי, וואָס זאָל האָבן אַ גרויסע יידישע שריפֿט".

נאָר דאָס איז אַ תירוץ. מען האָט די יידישע מאַסע אין רומעניע אַנט־ווינט פֿון יידיש. עס איז אַ יידיש לעבן, אַ ברויזנדיקס, אַפֿילו מיט נשמה, מיט האַרץ, נאָר עפּעס אָן אַ ספּרינדזענע, עס דערהערט ניט די אייגענע טריט, עס פֿילט ניט דעם אייגענעם פּולס.

גאַס־איין, גאַס־אויס: אַ לאַבירינט אַ גאַנצער, פֿאַרפּלאָנטערט און

פאַרדרייט, יידישע גאַסן און געסלעך. דורכגענג און שפּאַרעס, הייזער שיי־נע, נייע, מאָדערנע און הייזער־חורבות, הייזער איינגעפאַלענע, אַלט־סטי־ליקע, וואָס שטייען נאָך, דאַכט זיך, פון דער צייט, ווען דער פאַסטעך בוקער האָט אויפן אָרט פון דער היינטיקער מעטראָפּאָליע — בוקאַרעשט, אַוועקגע־שטעלט זיין אָרעם הייזל נעבן דעם שפּיגלדיקן טייך דאָמבראָוויצע.

דאָס גאַנצע ביסל יידישקייט, פּונקט ווי דאָס גאַנצע רומעניע, דאָס ערב אָריענט־לאַנד, איז אַרויסגעטראָגן אויף דער גאַס, פאַר די שולן און טעמפּלען, פאַר די קראָמען און קאַפע־הייזער.

אין געטאָ איז דיזעלביקע באַוועגונג, ווי אין „אויבערשטן" טייל. די טראַם־באַנען שניידן זיך דורך, ווי זיי וואָלטן זיך אין די זייטן פון די געס־לעך געריבן. די יידישע גאַסן האָבן זיך זייערע אייגענע געשעפטס־דיס־טריקטן, מיט גרויסע קראָמען, וואָס בלענדן דורך די אויסשטעל־פענצטער מיט אויסגעלייגטע סחורות פון לוקסוסדיקן באַטייט. און דאָ, אין דער זעלביקער געטאָ, זענען די „קראָמען" ביי טישלעך און שטעלן. דאָ צים מען פאַר די פּאָלעס און מען שלעפּט ביי די אָרבל. עס זענען דיזעלביקע יידן, ווי פון דער ניו־יאָרקער קאַנאַל סטריט, פון דער וואַרשעווער סמאָטשע גאַס, פון דער בוענאָס איירעסער לאַוואַזשע און ווילנער זאַוואַלנע. מען רופט, מען פאַרקויפט, מען שעלט און מען זידלט, נאָר — אויף רומעניש. דאָס זענען ניט די יידן פון די „הויכע פענצטער" (כאָטש זיי רעדן רומע־ניש) דאָס זענען יידן פון דלות. דאָס רומעניש איז דורכגעפלאָכטן מיט מאָלדאַוואַנישן יידיש און זאַפטיקע ווערטער־פאַרגלייכונגען. אין דעם פּרט זענען זיי ענלעך צו די האָלענדישע יידן, צו דער געמישטער, האָלענדישער, יידישער פאָלקס־מאַסע.

יידישקייט אין געטאָ זעט זיך אָן צום שטאַרקסטן אין די „פּרעס"־יום־טובים, אין די יום־טובים, וואָס זענען געבויט אויף — עסן. ערב יום כפור איז אַ מצוה צו עסן, פאַרקויפט מען עסן אין די גאַסן. צום מיינסטענס גרויסע, מעטערדיקע, געפלאָכטענע קוילעטשן. דער געדראַנג נאָך די קוילעטשן איז גרויס אָן אַן ערך. די שמאָלע טראָטואַרן ווערן פאַר־שטעלט מיט טישלעך, און גאַנצע פּיראַמידן פון די קוילעטשן ווערן אויפ־געבויט. דער מסחר מיט די קוילעטשן האַלט אָן העט, העט ביז נאָך כל נדרי, ווען יידן און יידענעס גייען פון די שולן און טעמפּלען, האַלט מען נאָך אַלץ אין קויפן.

און נאָך שטאַרקער זעט זיך אָן דער פּרעס־יום־טוב חמשה עשר. דאָס געטאָ ווערט פאַרלייגט מיט ארץ ישראל אויבס: פייגן און באָקסערן, טייט־

לען און מאַנדלען, ראַזשינקעס און ניס און צו דעם צו, עכטע, היימישע „קארנאצלעך" און צוקערוואַרג, און צו דעם נאָך דאָס ספּעציפֿישע איינגע־מאַכטס. די העכער הונדערט טויזנט יידן גיבן זיך אַ לאָז אַרויס איינ־קויפֿן, און די פֿאַרקויפֿערקעס, מיטן רומענישן אַקצענט, רופֿן אויס, שרייען:

„כ אַ מ ש אָ ס ע ר ־ ר !"

אָבער נאָך אימפּאָזאַנטער זעט אויס אין „וואַקארעשטער ראַיאָן" דער גרעסטער פֿרעס־יום־טוב — פּורים.

פּורים איז שוין באַרימט אַפֿילו אין דער ניט־יידישער גאַס. סיי די רומענער און סיי אַלע אַנדערע פֿעלקער, וואָס באַוואוינען די הויפּט־שטאָט — אַפֿילו טערקן, אַרמענער און ציגיינער — גיבן זיך אַ לאָז אַראָפּ טועם־טעם זיין פֿון יום־טוב פּורים. פּורים, דערציילט מען, איז אין רומעניע צו עסן. מיט דער מצוה סאָלידאַריזירט זיך די גאַנצע באַפֿעלקערונג, אַפֿילו די קוזיסטן... ניט נאָר דאָ אין דער גאַס, נאָר די גאַס קומט אַהיים צו יעדן אין הויז אַריין, פּורים מאַכט מען סעודות ביי די קריסטן. פּורים קומען פֿאַר די מערסטע בעלער. פּורים איז ניט מעגלעך צו קריגן קיין זאַל, קיין לאָקאַל, די רעסטאָראַנען, גרויסע ווי קליינע, „פּיקאַדילי", ווי די ציגיי־נערישע באַרס, אַלץ איז באַזעצט; אַלץ איז פֿאַרנומען; באַשטעלט נאָך פֿון פֿאָראויס. די געטאָ פֿליצט דאַן אריבער אירע גרענעצן, גיסט זיך אַריבער איבער אירע ברעגעס, טאַנצט אריין אין דער קאַליע וויקטאָריע, שמעלצט זיך צונויף מיט דעם עליזאַבעט־בולוואַר, דרינגט אַריבער דעם בריטאַניע און יאָנעסקו־פּראָספּעקט — עס איז דער יום־טוב פֿון דער געטאָ, די גאַלוואַנקע פֿון דער אכילה!...

און אַז איך קרייץ איבער די גאַסן און געסלעך פֿון דער געטאָ, דאַכט זיך מיר, אַז איך פּלאָנטער זיך אין אַ לאַבירינט פֿון אַמאָל, איבער שמות, אויסגעריסענע בלעטלעך פֿון אַ מעשה־ביכל וועגן יידיש טעאַטער, יידישן פֿאָלקס־ליד.

„איר זעט דאָס געהטנדל? היינט איז דאָ אַ זומער־טעאַטער. דאָ אויף דער בינע האָט געשפּילט אברהם גאָלדפֿאַדן."

עס גיט אַ צוויק ביים האַרצן. מען דערפֿילט ווי אָט די נאָענטקייט איז אָפּגערוקט אויף אַזויפֿיל ווייטקייטן. דאָס געסל אַזוי נעבעכדיק, דער הויף — אָפּגעשיילט. עס זעט אויס גיכער ווי אַ פּלאַץ, וואו מען האַלט מילך־קי, שטעלעכלעך אַרום און אַרום. נאָר דאָס זענען קיין שטעלעכלעך ניט, דאָס זענען וואוינונגען: דאָרט וואוינט דער איצטיקער דירעקטאָר הער גאָלדבערג. אין מיטן הויף — מיט אַ באַריער אַרומגענומען — איז דער

„פּאַרטער" פֿאַרן פּובליקום. די גאַלעריע איז — די אָן אַ צאָל פּענצטער פֿון די פּריוואַטע וואוינונגען אַרום. די גאַלאַרטשיקעס האָבן דאָ די פּרי־ווילעגיע, וואָס זיי זעען די פֿאַרשטעלונג אומזיסט. דאָך איז זיי ניטאָ וואָס מקנא צו זיין.

יידיש לעבן איז פֿאַראַן אין דער געטאָ, אין כמעט אַלע פֿאַלדן פֿונעם מערקווירדיקן פֿאַרהאַנג. אָט, ווייזט מען מיר נאָך אַ „הויף" און אויך דאָרט שפּילט מען „טעאַטער", יידיש טעאַטער. ווער איז די טרופּע? ווייסט מען ניט. זי איז געקומען פֿון דער פּראָווינץ, פֿון בוקאָווינע צי פֿון בעסאַ־ראַביע, געדונגען ביים רעסטאָראַטאָר דאָס גערטנדל, אַ בינע איז סיי ווי פֿאַראַן. ווער ווייסט, אפֿשר האָט שוין דאָרט אַמאָל געשפּילט אַ גרויסער אַרטיסט? געזונגען האָט זיכער איינער פֿון די פֿאַרבלאָנדזשעטע „בראָדער". איצט שפּילט מען דאָרט טעאַטער. דאָס פּובליקום טראָגט זיך אַליין צו די שטולן (די, וואָס זיצן ניט ביי די טישלעך) און אויב דער „אַרטיסט" דערזעט פֿון דער בינע, אַז אַ צווייער האָט ניט קיין בענקל, פֿוילט ער זיך ניט, נעמט זיין בענקל און דערלאַנגט עס אין מיטן זינגען אָדער שפּילן, איבער די קעפּ פֿון די אַנדערע צווייער.

און עס טרעפֿט אויך, אַז אין מיטן שפּילן, גיט דער אַרטיסט אַ געשריי צום קעלנער:

„וואָס לאָזסטו דאָרט זיצן אַ גאַסט אַזוי לאַנג? דערלאַנג אַ פּיפּיקל מיט „אַ האַלבן" (אַ האַלבן ליטער וויין)!"

און דאָס געבראָטענע פֿלייש, פֿון געפּעפּערטע „מוסקיס" אויף ברעטלעך אנשטאָט טעלערס, און די געוויקלטע „קאַרנאַצלעך" קיצלען אין דער נאָז, רייסן אין האַלדז. גאָפּל מעסער קלינגען צו צום טאַקט פֿון דעם „האַרצ־רייסנדיקן" לידל פֿון דער פּרימאַדאָנע אויף דער בינע...

געסל־איין, געסל־אויס, מען דרייט זיך ווי אין אַ כישוף־קרייז אַרום דער געטאָ. אָט איז מען אין דרויסן, אַרום די „האַלעס". עס זעט אויס, ווי דער פּערסישער מאַרק: טעפּיך־פֿאַרקויפֿער וויקלען אויס זייערע קאָ־לירטע טעפּיכער, צעהענגען זיי איבער די פּלויטן און שטאַכעטן, „מאַמע־ליגעס" ווערן געקאָכט, געבראָטן און אַרום זיי שטייען מענגעס מיט מענ־טשן, מענער און פֿרויען, עפּעס ציגיינערישעס קוקט ארויס פֿון זייערע שוואַרצע אויגן און ווייסע ציין. מען עסט די מאַמעליגעס, זיי רופֿן עס „קוקורוזעס" און באַלעקן זיך. עלטערע פֿרויען זיצן ביי די ריוועס און דרייען פּאַפּיראָסלעך אין זייד־פּאַפּיר. די גרימפּלערייען פֿון שפּיל־קאַסטנס און ציגיינערישע קאַפּעלעס אין די אָפֿענע רעסטאָראַנען ביי די אַרמענער.

שרייען איבער די אויסרופֿן פֿון די האַלע־פּאַרקויפֿערינס, צייטונג־שרייער, טראַם־באַן־געקלאַנג און אויטאָמאָביל־טרובעס.

בוקאַרעשט טומלט. טומלט מער ווי זי קאָן טומלען.

און אָט, אין מיטן דאָ, וואו מען ווייסט ניט, ווען געטאָ ענדיקט זיך און וואו די „האַלעס" הויבן זיך אָן, גיט זיך אַ שנייד אריין דער בולוואַר מעטראָ־פּאָליט, וואָס הויבט זיך פֿון איין זייט מיט שטיגן און פֿון דער אַנדערער — מיט אַ טעראַסע, און גיט אַזאַ גיס אַריין אין אויג אַן עמער מיט צויבער, אַז מען בלייבט שטיין פֿאַר דערווירקלעכקייט, ווי פֿאַר אַ מאַלעריש בילד. פֿון דאַנען הויבן זיך קופּאָלן, מעטשעטן, און אין מאַטן אָפּשיין פֿון די לאָמפּן־גרופּעס שלאָגט זיך אָפּ דער פּאַרלאַמענט־בנין. פֿון דאָרט — ווייזט זיך די באַרימטע מעטראָפּאָליע־קירך, וואָס צויבערט די שטאָט נאָך זינט טויזנט זעקס הונדערט עטלעכע און פֿופֿציק. זי מאַכט פֿון ווייטן אַן איינ־דרוק ווי אַ זעלטענער בשמים־ביקס.

און דער בולוואַר מעטראָפּאָליט כשופֿט און ציט מיט זיך באַרג אַרויף. עס קומט פֿון ערגעץ אָן אַ וויזיע, אַז דאָ וואַקסן פּאַלמעס, כאָטש עס זענען קיין פּאַלמעס ניטאָ. עס איז דורכאויס עקזאָטיש, מזרחדיק.

און אָט ווידער דריי שפּאַן און ווידער אין געטאָ. עס דאַכט זיך, אַז אַלץ וואַקסט אַרויס פֿון דער געטאָ און אַז געטאָ איז דער צענטער פֿון די אַלע מערקווירדיקייטן.

קרום און געבויגן ציען זיך אַוועק גאַס נאָך גאַס און טאָל־געסל נאָך טאָל־געסל. פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָרט הויזט די אָרעמקייט, יידישע און ניט־יידישע. פֿון יענע געבויגענע שטיבעלעך גייט ארויס פֿאַרטאָג די קראַפֿט פֿון בוקאַרעשטער אַרבעטס־כוח און אַרבעטס־הענט. פֿון דאָרט צעשפּרייט מען זיך איבער די פֿאַבריקן און וואַרשטאַטן, צו הייזער־בוי און גאַסן־ברוק, צו קראָם און אין ביוראָ.

געטאָ איז דער מאַרך, וואָס באַוועגט דעם נערוו פֿון דער טומלדיקער שטאָט — בוקאַרעשט.

# אונטערן שטיינערנעם צלם

און... געטאָ איז באַשערט צו זיין דאָס שאַנד־ווינקל פֿאַר דער צוהוליעטער, אָריענטאַליש־ברויזנדיקער און לאַטייניש־אומריינער שטאָט בוקאַרעשט.

אין מיטן פֿון דער געטאָ, ביי אַ ראָג גאַס, געפֿינט זיך אַ שטיינערנער צלם און דאָרט איז דער סימן, אַז עס הויבט זיך אָן.

וואָס הויבט זיך אָן? דער דיסטריקט פֿון רויטן לאַמטערן.

דאָס זענען די געסלעך, איבער וועלכע עס ציט זיך דער געלער שאָטן.

עכט אָריענטאַלישער „סטיל", הויז ביי הויז, צוויי הייזער צונויפֿגעבונדן, פֿאַראייניקט מיט אַ שמאָל הויפֿעלע. אַ טונקל יאַפּאַניש לאַמטערנדל, פֿאָרנט, פֿאַר דעם טויערל — אַ גרופּע יוגנט, וואָס קומט אַראָפּ אין געטאָ זיך „פֿאַרווײלן".

אין אָוונט איז אַ „חוב" צו באַזוכן, סתם אזוי, נייגעריקייטס־וועגן „דעם שטיינערנעם צלם" — מאַכן אַ וויזיט די שוועסטערלעך פֿון אייגענעם פֿאָטערלאַנד... קיין פֿרעמדע לאָזט מען דאָ ניט צו. נאָר זינט רומעניע באַשטייט פֿון פֿיר פּראָווינצן, מיט פֿיר שפּראַכן, זענען די מענטשן אויך פֿאַרשיידן. דאָס זעט זיך צום שטאַרקסטן אָן אין די „געסלעך". אַמאָל זענען עס געווען בלויז „רעגאַטער", היינט זענען שוין אויך דאָ „מאַגיאַרינס" פֿון טראַנסילוואַניע, דייטשקעס פֿון בוקאָווינע און עכטע „רוסאַלקעס" פֿון בעסאַראַביע. פֿון איין זייט די סאָציאַלע נויט, און פֿון דער צווייטער זייט דער רייץ פֿון בוקאַרעשט, זענען די בעסטע צושטעלער פֿון פֿרויען און מיידלעך פֿאַר די געסלעך פֿון „שטיינערנעם צלם"...

נעבן די „בעסערע" הייזער, ווי די „קאַסאַנאָווא", לויטן נאָמען פֿון אַ באַרימטן, איטאַליענישן פֿרויען־העלד, און אין דער אמתן, איז דער טייטש „דאָס נייע הויז", וואָס איז טאַקע ניי און מען האָט ערשט ניט לאַנג געמאַכט אַ גרויסע צערעמאָניע ביי דער באַנייאונג (גלחים האָבן געשפּריצט מיט הייליקן וואַסער), שטייען אַ ריי פּריוואַטע אויטאָמאָבילן, וואָס וואַרטן אויף זייערע בעלי בתים... און אין די הייזער פֿון די געסלעך איז לעבעדיק. אין יעדן פֿאָדער־סאַלאָן זיצן, ווי מאַנעקינס בעת אַן אויסשטעלונג, צו צוואַנציק מיידלעך און מער. יונגע רומענערינס מיטן געמיש פֿון ראָמאַנישן און סלאַווישן אויף זייערע פּנימער. ברייטע, פֿאַררונדיקטע שטריכן, אויגן — קויל־שוואַרצע און נאָך שוואַרצער זענען די האָר, זיי זיצן אַרום די פֿענצטער אין פֿאַרשיידנפֿאַרביקע קליידער און איינהילעכצן, זיי זיצן אַזוי, אַז איינע זאָל ניט פֿאַרשטעלן די אַנדערע. ראַדיאָ שפּילט און — זיי?

זיי נייען און שטריקן.
אַנדערע שרייבן בריוו, טייל טאַנצן און גאָר ווייניקע — לייענען.

יידישע ליטעראַטן

אין קאַפע „אליטא", וואָס ווערט גערעכנט פאַר איינע פון די גרעסטע קאַפע־הייזער אין בוקאַרעשט, האָט זיך באַזעצט די יידישע באָהעמיע.

דאָרט איז דער מקום־מקלט פאַר די עטלעכע קרעכצנדיקע יידישיסטן, וואָס פילן זיך אַזוי גרויס אין רומעניע, אַז זיי ווייסן ניט וואו צו דער־שווימען.

דאָ טרעפט מען זשורנאַליסטן־יידן און יידישע זשורנאַליסטן. מען גייט אַהין און אַהער, פון איין אָרט צום אַנדערן, מען פּלאַנט, מען טראַכט, מען קאָמבינירט. אָט ווערט אויפגעבליצט אין געדאַנק אַ צייטשריפט, אַ טאָג־צייטונג, אַ בוך. און אָט האָט זיך דער בליץ פאַרלאָשן. די אַפּאַטיע איז אריינגעטראָטן. מען לאָזט אַראָפּ די הענט. דערווייל איז געבוירן גע־וואָרן אַ רעוויסטע פון יעקב שטערנבערג, טאַלאַנטפול (כאָטש פּראָווינציעל) געשריבן, אויף אַ גאָר גרויסן שטייגער אויפגעפירט, איז עס ניט מער, ווי אַן אָפּשטראַל פון אַ גרויסן פּלאַן. מען קרעכצט, מען זיפצט און מען שלינגט די לאַנגווייליקייט צוזאַמען מיט טערקישער קאַווע.

אַז עס איז דאָ אַ פּלאַץ פאַר עפּעס אויפצוטאָן אין בוקאַרעשט, ווי אין גאַנץ רומעניע, איז קיין ספק ניט. עס איז פאַרט פאַראַן אַ קערן, אַ קרעפטיק, יידיש־פאָלקסטימלעך לעבן. מעגן די בוקאַרעשטער יידן ניט לייענען קיין יידיש, רעדן רעדן זיי. שפּאַנט מען אין געטאָ דורך פאַרשיידענע פאַראיינס־קאַפעען און האַנטווערקער־טיי־הייזער, שטויסט מען זיך אָן אויף גאָר, גאָר אַן אינטערעסאַנטן עלעמענט. דער דאָזיקער עלע־מענט וואָלט זיך געלאָזט דערציען. מען מוז דאָס יידישע לעבן אין אָפּגע־שטאַנענע לענדער דערציען. איבעריקנס, עס איז פאַראַן אַ באַוואוסטזי־ניקער פּראָלעטאַריאַט אויך, וואָס צוליב פאַרשטענדלעכע טעמים, זעט מען אים ניט אַרויס. אָבער ער איז דאָ, ער לאָזט זיך דערפילן און ווייס צו וואָס ער צילט און וואָס ער פאָדערט. מען דאַרף אים אויפזוכן, דערקענען, זיך דערנענטערן צו אים — און בוקאַרעשט קען ווערן גאָר אינטערעסאַנט.

נאָר אזוי ווי עס איז היינט, איצט, גלוסט זיך אַפילו קיין איבעריקן מעת־לעת ניט צו בלייבן. גלוסט זיך ניט אַרומשפּאַנען איבער די אויס־געשפּיגלטע גאַסן פונעם גלאַנציקן אַספאַלט, איבער די אַמעריקאַנער בול־וואַרן און קוויקן דאָס אויג מיט דעם אייגנאַרטיקן סטיל, וואָס איז געוואָרן רומעניש.

# קלויסטער־טורעמס, יידישע הערבן, לעגענדע

יאַס, די הויפּט־שטאָט פון מאָלדאַוויע און די כאַראַקטעריסטישע, רו־מענישע שטאָט, שיקט נאָך פון ווייטנס אירע גרוסן.

די אָן אַ שיעור קלויסטער־טורעמס, קופּאָלן און גאָטישע שפּיז־שפּיצן פון געריכט־בנין און רעגירונגס־הויז, זאָגן אָן, אַז דאָ פּאָרט מען אַריין אין עפּעס אַ שטאָט, וואָס איז געבליבן קאָנסערווירט לויט איר כאַראַקטער און אויסזען פון מיטלאַלטער. גייסט אַרויס און וואַרפּסט אַ בליק צוריק אויפן באַנהויף־בנין און עס דאַכט זיך דיר, אַז דאָס איז פאַרוואַנדלט גע־וואָרן פון אַ קירכע. און אַזוי פירן דיך די שמאָלע גאַסן ניט נאָר צום צענטער־סקווער, וואו אונטער קאָלומנעס געפינען זיך די קאַפעען, נאָר פירן דיך צו פאַרנעפּלטע בלעטלעך געשיכטע און ספּעציעל צו בלעטלעך יידישער געשיכטע. יאַס, די שטאָט פון קלויסטערס, פירשטן און קעניגן, האָט אויף אירע אַלטע מויערן איינגעקריצט דאַטעס פון וויכטיקע עפּאָכעס אין יידישן לעבן. אַנהויבנדיק פון די צייטן, ווען עס איז געבויט געוואָרן די אָפיציעלע געטאָ, וואו די דיקע מויער און דער הויכער טורעם שטייען נאָך, ווי עדות ביז צום היינטיקן טאָג; ביז דעם יאָר 1866, ווען דאָס ערשטע יידישע טעאַ־טער, אויף אַ גאָר פּרימיטיוון אופן, איז געשאַפן געוואָרן.

איך גיי איבער גאַס און געסל, איבער שטאָט־טייל און דאָרפישע וועגן אַרום דער שטאָט. יעדעס הויז שווימט אַקעגן מיט אַ הערלעכן יידישן „מערב". ניין, מען זעט גאָרניט. נאָר די לעגענדע דרייט זיך אַליין אַרום פאַר טיר און טויער און דערציילט: „געווען אַ יידישער יונגערמאַן, אָן עלוי, אַ גרויסער מח. זיך געשמדט, געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער איז געוואָרן דער מעטראָפּאָליט. זיין מאַכט איז געשטיגן — ער איז דאָך עפּעס געווען גאָטס פאַרטרעטער אויף דער הייליקער, יאָסער ערד!... מאַכט זיך אַ פּאָגראָם, מען קוילעט יידן... מען רייסט זיך אַריין אין די יידישע הייזער... הפקר! יידן לויפן זיך באַהאַלטן... ניטאָ וואו... די רוצחישע הענט שטרעקן זיך נאָך. נאָך אַ רגע און יאָסער יידן קומען אום, גייען אָפּ אין בלוט. און דאָ געשעט אַ נס! דער מעטראָפּאָליט יוסף, דער געוועזענער ישיבה־בחור, עפנט די טויערן פון דער מעטראָפּאָליטע. ער רופט אַריין אַלע יידן זיך דאָרט צו באַהאַלטן. דער גרויסער הויף ווערט אָנגעפּילט מיט יידן, ער אַליין שטייט מיט אַ צלם אין האַנט נעבען טויער. די רוצחים קומען אָן, נאָר זיי וואַגן ניט אַריינצורייסן זיך".

פֿון יענער לעגענדע ביז צו דער איצטיקער ווירקלעכקייט איז אַ מהלך.
איצט וועבן זיך דאָ נייע לעגענדעס, וואָס זענען דערווייל ווירקלעכקייט, וואָס וועט אפֿשר פֿאַר די קומענדיקע דורות זיין אַזוי אומגלויבלעך, ווי דאָס שיינע, אויסגעטראַכטע, און אפֿשר אַ ניצוץ־אמתדיקע מעשהלע, וועגן מעטראָפּאָליט יוסף און די יידן.

די נייע לעגענדע הויבט זיך אָן אין סאַמע לעצטער צייט, בימי קוזע אין תרפ״צ, אצל דער „רויטער בריק״...

די „רויטע בריק״ — די יידישע געטאָ אין יאַס

די „רויטע בריק״ — דאָסאיז דער נאָמען פֿון איינער פֿון די צוויי יידישע געטאָס אין יאַס.

פֿאַראַן צוויי געטאָס: די „רויטע בריק״ און דער „שול־הויף״. די גאַס, אין וועלכער עס געפֿינען זיך עטלעכע צענדליק שולן, צווישן זיי — די גרויסע, געמויערטע שול, וואָס זעט אויס ווי אַ פֿעסטונג, און איז טאַקע געבויט געוואָרן מיטן צוועק זיך אויסצובאַהאַלטן פֿאַר די אָפֿטע אַנפֿאַלן מצד דער ניט־יידישער באַפֿעלקערונג.

אַנפֿאַלן אויף יידן און פּאָגראָמען, ראַבירן, שלאָגן, מאָרדן — דאָס איז שוין אַן אַלט לידל אין יאַס. יעדער שטיין און יעדע מויער דערציילט מעשיות וועגן שחיטות אויף יידן. אַפֿילו דער הויף פֿון דער קאָטעדראַלע — די באַרימטע מעטראָפּאָליטע — שמט אין דער לעגענדע, אַז דאָרט איז געווען אַ באַהעלטעניש פֿאַר די יידן בשעת פּאָגראָמען.

נאָר די היינטיקע יידן, וואָס וואוינען אין אַ צאָל פֿון עטלעכע צענדליק טויזנט אין דער שטאָט יאַס, באַהאַלטן זיך ניט מער אין די „הייף״ אונטער די ווענט פֿון קלויסטערס, דערבאַרעמט פֿון גוטע גלחים, און פֿאַרשליסן זיך ניט אין די דיקע מויערן פֿון די שול־פֿעסטונגען...

דאָס יאַסער יידנטום, וואָס האָט זיך הויפּטזעכלעך קאָנצענטרירט אין די צוויי געטאָס, איז תמיד גרייט צו אַ פֿאַרטיידיקונג. די יידן ווייסן פֿון דער סכנה, וואָס שוועבט איבער זייערע קעפּ. זיי ווייסן, אַז דער בלוטיקער אַנטיסעמיטיזם פֿון איצטיקן רומעניע שטאַמט פֿון זייער שטאָט — פֿון יאַס. יאַס איז די שטאָט פֿון דעם צורר קוזאַ, און קוזאַ איז ניט סתם עפּעס אַ פּאָליטיקער, אָדער פּאָגראָמשטשיק, ער איז אַ פּראָפֿעסאָר פֿון יאַסער אוניווערסיטעט. ער האָט אַ לייכטע אַרבעט — אויסצולערנען זיינע תלמידים די גרויסע לערע פֿון שלאָגן יידן. און די קוזיסטן, די סטודענטן, צעטראָגן דערפֿאָלגרייך זיין „תורה״: אין בוקאַרעשט און אין טשערנאָוויץ, אין קע־

שענעוו און אין אַלע אַנדערע שטעט פון רומעניע. אומעטום זענען זיי דאָ, די קוזיסטן, אומעטום נאָר ניט אין יאַס, אין זייער שטאָט.

אמת טאַקע, אַז יידן אין יאַס לעקן ניט קיין האָניק ביי די רומענער; אמת טאַקע, אַז קיין ייד וועט זיך ניט דערוועגן פאַרבייצוגיין די אוניווער־סיטעט; קיין יידיש עפנטלעך לעבן קאָן ניט זיין; יידישע פלאַקאַטן האָט מען מורא אַרויסצוהענגען. דאָך, אין קיין שטאָט אין רומעניע זעט מען ניט אַזאַ זיכערקייט אין די אייגענע כוחות, ווי מען זעט דאָס ביי די יידן אין יאַס.

און וועלכע יידן? פאַרשטייט זיך, אַז די — אָרעמע, וואָרעם די רייכע וואוינען דאָך ניט אין „שול־הויף", ניט אויף דער „רויטער בריק" — זיי וואוינען אין שטאָט־צענטער, אין די אַלייען און אויף די בולוואַרן. נאַ־טירלעך, טרעפט דער אויסברוך פון „קוזיסטישן צאָרן" אויך זיי.

די יידן פון דער „רויטער בריק", דאָס זענען די אמתע פאָלקס־מאַסן. דאָרט וואוינט די געדיכטעניש פון יידישן האָרעפּאַשניק. מערסטנ־טיילס — דראָזשקאַזשעס, בעלי־עגלות, טרעגערס און בעלי־מלאכות. קליינ־הענדלער וואוינען שוין אויפן „שול־הויף", און כאָטש דער „שול־הויף" איז טיפיש יידיש, רעכנט זיך אָבער די געגנט פון דער „רויטער בריק" פאַר דער יידישער פעסטונג.

די „רויטע בריק" איז תמיד גרייט. זי האָט אַן אייגענעם, פעסט־אָר־גאַניזירטן זעלבסט־שוץ. די זעלבסט־שוץ באַשטייט פון . . . אינסטינקט. אַ קינד פון אַכט יאָר, צי אַ זקן פון ניינציק יאָר וועט זיך קעגנשטעלן די קוזיסטישע מחנות, וועט פאַרטיידיקן זיין פּאָזיציע און אָפּשלאָגן די פּאָ־גראָם־אַטאַקע.

די קוזיסטן און די „אייזערנע גוואַרדיע" ווייסן דאָס, און די אַלע אַנטי־יידישע דעמאָנסטראַציעס, וואָס זיי אָרדנען איין, יעדן מאַנטיק און דאָ־נערשטיק, פירן זיי דורך נאָר אינעם צענטער פון דער שטאָט, דאָרט, וואו עס וואוינען די רומענער. קומט זיי אָבער אויס דורכצוגיין די „רויטע בריק", מיידן זיי זי אויס און מאַכן אַן אומוועג . . .

די יידן פון יאַס האָבן ניט איין נצחון צו פאַרצייכענען איבער צעממית־טע און צעשלאָגענע קוזיסטישע סטודענטן.

אָט איז געווען אַזאַ פאַל:

די קוזיסטישע סטודענטן האָבן באַשלאָסן צו „דעמאָנסטרירן" — און אַ ריזיקע מחנה, באַוואָפנט מיט שטעקנס און אַייזנס, האָט זיך אַ לאָז געטאָן מיט „שטורעם" אַיינצונעמען די „רויטע בריק". . . די „רויטע בריק" האָט

זיך גלייך וועגן דעם דערוואוסט. מען האָט אָבער אויך געוואוסט, אַז די סטודענטן וועלן צוקומען טאַקע נאָר ביז — דער בריק, די גרענעץ צווישן יאַס און דער אידישער געטאָ. עס איז באַשלאָסן געוואָרן אַריינצונאַרן די קוזיסטן אין געטאָ אריין. מען האָט ארויסגעשיקט צו דער בריק עלטערע יידן און זיי אָנגעזאָגט, אַז ווי נאָר זיי וועלן זען אָנקומען די קוזיסטן, זאָלן זיי אָנהויבן צוריקלויפן צו דער „רויטער בריק" און אַזוי אַרום צוגעבן „מוט" די כוליגאַנעס, אַז זיי זאָלן די אַנטלויפנדיקע, אַלטע יידן נאָכיאָגן.

אַזוי איז טאַקע געווען. קוים האָט זיך די כוליגאַנישע דעמאָנסטראַציע אַריינגעריסן אויף דער „טעריטאָריע" פון געטאָ, האָט פון אַלע זייטן זיך געגעבן אַ שאָט מיט יידן — דראָזשקאָזשעס, טרעגערס, שוסטערס, און בכלל עמך. אַפילו פרויען זענען אַרויסגעלאָפן פון די נידעריקע הייזקעס מיט טעפּ קאָכעדיק וואַסער און מען האָט „מכבד" געווען די אומגעבעטענע „געסט"...

בעתן שטורעם־מאַרש אויף די יאַסער יידן, האָט זיך זיי אויך ניט איינגעגעבן בייצוקומען די „רויטע בריק", וואָס שטעקט ווי אַ ביין אין האַלדז די קוזיסטן. אויב זיי האָבן געראַבעוועט אין יידישע הייזער, איז עס געווען אַ ביסל אין „שול־הויף" און אַ ביסל אין די זייטיקע געסלעך, וואו עס וואוינען שוין יידן, געמישט מיט רומענער.

די „רויטע בריק" האָט זיך איר פירונג, איר טראַדיציע — אַ רעפּובליק, אָדער אַ מאָנאַרכיע.

ווער איז דער מאָנאַרך? ניט וויכטיק. קיינער ניט. כמעט יעדער. פאַראַן מענטשן וואָס זענען נאָך די גרענעץ פון דער „רויטער בריק" ניט אַריבערגעטראָטן.

„וואו וועלן מיר גיין", פרעגט אַ זקנה, „צו די קוזיסטן?"

ביי דער זקנה איז גאַנץ יאַס קוזיסטיש. ביי איר איז איינגערעדט, אַז נאָר דאָ, אויף דעם שטח, אין די שמאָלע, האַלב־צעקרימטע און צעדרייטע געסלעך, איז זי זיכער — און אַז דאָרט, איבער דעם יוסטיץ־פּאַלאַץ, אין די אַספאַלטירטע גאַסן, וועגן וואָס זי האָט געהערט דערציילן, דאָרט איז מאָרד, איז טויט, איז פאַרניכטונג.

עס איז אַ מנהג אין יאַס: ווען עס קומט אַ פרעמדער דאַרף מען אים פירן צו דער „רויטער בריק" אַכט אַ זייגער אינדערפרי.

פאַרוואָס אַכט אַ זייגער אינדערפרי? ווייל דעמאָלט פּראַוועט מען אַ מאַלצייט. אַ מאָלצייט מיט געבראָטנס און מיט וויין. איך האָב זיך גערן געלאָזט פירן צו די „רויטע בריק" בירגער, אָדער ווי זיי אַליין רופן זיך אָן:

„אונטערטאָנער". עטלעכע מינוט נאָך אַכט, און דאָס פֿרישע פֿלייש איז שוין געלעגן אויף די בראָט־פֿאַנען, אויף פֿייער־שטאַנגען, און דאָס בלוט האָט אַראָפּגעטריפֿט אין די הייסע קוילן אַריין. און עס איז אָנגענעם געווען אין דער געזעלשאַפֿט פֿון איינפֿאַכע, פֿרעמדע און פֿאַר מיר נאָענט־געוואָרענע יידן. איך לייג אויף זיי קיין שום האָפֿענונג ניט, אַז זיי וועלן ווען אַמאָל מיינס אַ ביכל דורכלייענען, פּשוט, ווייל זיי קאָנען ניט. דאָס איינציקע, וואָס זיי קאָנען יאָ, איז מיך „עקספּלואַטירן" ווען כ'וועל פֿאַר זיי אָנשרייבן עפּעס אַ „גוט שטיקעלע" אין עטלעכע אַקטעלעך...

אין אַ דערבייאיק צימערל זיצן זעקס מענטשן, זעקס יונגע לייט. ביי זיי איז שוין נאָך אָנבייסן, דאָס הייסט, נאָכן „געבראָטנס". זיי האָבן שוין אויסגעטרונקען עטלעכע קילאָס „רויטן" און „ווייסן". איצט שווייגן זיי, הערן זיך צו צום שמועס פֿון די געסט, צו אונדז, און שיילן באַניע־קערן. וואָס הייסט זיי שיילן? זיי קנאַקן — און אַזוי שנעל, אַזוי פֿלינק, אַזוי גע־שיקט, גלייך ווי עס וואָלטן מאַשינדלעך אַזעלכע געזעסן ביי זיי אין מויל.

פֿאַרשיידענע מענטשן זיצן מיט אונדז. די עלטערע געדענקען נאָך גוט וועלוול זבאַרזשערן און ניט נאָר אים, נאָר אויך זיינע לידלעך. עס זיצט אַ שוסטער, דאָס איז דער באַרימטער שוסטער פֿון דער „רויטער בריק", וואָס מוז יעדן טאָג „אָפּזאָגן" אַ לידל מיטן ניגון און תנועה, ווי אברהמל עליו השלום האָט געזאָגט נאָך דעמאָלט אין „פּאמול ווערדי", אינעם גערטנדל, אונטער דעם גרינעם בוים, וואו ער, אברהם גאָלדפֿאַדן, האָט דאָס ערשטע מאָל ברעטלעך אויפֿגעשלאָגן פֿאַר דעם גרויסן, יידישן קולטור־בנין, וואָס הייסט — יידיש טעאַטער...

# „אַ קאַפּיטל יידישע געשיכטע"
# פון איצטיקן שפּאַניע

אין מאַדריד דערשיינען צוויי טאָג־צייטונגען: איינע הייסט „אינפאָר־מאַסיאָן" און די אַנדערע „יאַ" (איצט). ביידע צייטונגען זענען מאָנאַר־כיסטיש־פאַשיסטישע און ביידע שטייגען איבער איינס דאָס אַנדערע מיט... זלזולים אויף יידן. ביידע זענען ווי פּיליאַלן פון „שטירמער".

די „יאַ" האָט אַ גוטן צושטעלער פון „יידישן מאַטעריאַל", אַ געווי־סער משומד בראַכפעלד, וואָס האָט ערשט נישט לאַנג, שוין זייענדיק גע־שמדט, נאָך געגאָלטן אַלס שפּאַנישער קאָרעספּאָנדענט פאַר יידישע צײ־טונגען אין אייראָפּע און אַמעריקע. דער דאָזיקער „מאַראַן" ברענגט אַ צעטל פון יידן, וועלכע שפּילן די ערשטע פידל אין דער פאָלקס־פראָנט־באַוועגונג; ער ווייסט צו דערציילן פון יידישע פינאַנסיסטן, וואָס שטיצן די לינקע רעגירונג. די צייטונג האָט אויך אָפּגעדרוקט אַ פּאַשקוויל קעגן דער פאַרהערלעכטער פירערין פון דער אַסטורישער אַרבעטערשאַפט, מאַרגאַריט נעלקען, די איצטיקע דעפּוטאַטין אין קאָרטעז (פּאַרלאַמענט). די צייטונג שרייבט, אַז די נעלקען איז אַ „כודיאַ" און פירט אַ פרום יידיש הויז, עסט כשר, בענטשט ליכט און דערציט אירע קינדער אין יידישן, רעליגיעזן גייסט.

די מאַרגאַריט נעלקען איז געווען געצוואונגען צו געבן אַ דערקלערונג, אַז — זי איז טאַקע אַ „כודיאַ", דאָס הייסט, אַ יידישקע, זי לייקענט עס נישט, איר מאַן איז נישט קיין ייד. אַז די מעשה מיט כשר עסן, ליכט־בענטשן און רעליגיעזער דערציאונג, איז נישט מער ווי אַ בייזוויליקע אויס־טראַכטונג פון דעמאַגאָגען.

די „יאַ" ברענגט „ידיעות פון יידן אין דער שפּאַנישער פּאָליטיק, און די „אינפאָרמאַסיאָן" ברענגט „טעאָרעטישע" אָפּהאַנדלונגען וועגן יידן. אַז מען עפנט אויף אַ נומער „אינפאָרמאַסיאָן", גיט אַ שלאָג אין אויג אַן אָפּדרוק אויף יידיש: „יידן געדענקט, אַז דער קאַמף קעגן..." צוזאַמען מיט אַ „קאָפּ" פון אַ וואַרשעווער יידישער צייטונג, און אַ פאָטאָגראַפיע, ווי אַזוי די דאָזיקע צייטונג ווערט פאַרקויפט אין די מאַדרידער קיאָסקן און אַן אונטערשריפט: „אַ פויליש־העברייאישע צייטשריפט, וואָס ווערט טעגלעך פאַרקויפט אין מאַדריד". די שריפט דערפון איז אַ פאַרדייטשטער זשאַרגאָן.

די דאָזיקע קלישע־פאָטאָגראַפיע דינט אַלס אַנאָנס צו אַ סעריע אַר־

טיקלען „די יידן אין מאַדריד, ווי אַזוי עס לעבן אין דער שפּאַנישער הויפּט־שטאָט די זין פֿון ציון" א. אז. וו. געשריבן פֿון אַ געוויסן פֿעראַרי בילאָש, אָדער בילאָך.

מילא, די סעריע אַרטיקלען ציען זיך, און וואָס פֿאַר אַ „לומדות" דאָרט איז פֿאַראַן, קאָן מען זיך אויך פֿאָרשטעלן. פֿון די דאָזיקע מאָנאַרכיסטישע צייטונגען און פֿון זייערע אַנטיסעמיטישע דרשות אויפֿן „שטירמער"־שטייגער, וואָלט מען געקענט מיינען, אַז מאַדריד איז כאָטש וואַרשע, און יידן זענען דאָ פֿאַראַן אין די מיליאָנען און...

וואו זעט מען פֿאָרט אַ ייד?

אין מאַדריד זענען פֿאַראַן יידן ממש אויף די פֿינגער צו ציילן. אמת, בעת דער מלחמה האָט מאַדריד געהאַט אַ גרויסן יידישן צענטער, וואָס האָט געפֿירט אַ געזעלשאַפֿטלעך קולטור־לעבן. דאָס זענען געווען יענע יידן, וואָס האָבן נישט געוואוסט, צו וועלכן „פֿאָטערלאַנד" זיי געהערן. ס'רוב יידישע עמיגראַנטן פֿון פֿאַרשיידענע קריגס־פֿירנדיקע לענדער. מיטן פֿאַרענדיקן די מלחמה זענען זיך די דאָזיקע ציטווייליקע יידן צעפֿאָרן. פֿיל פֿון זיי קיין אַמעריקע, און אַנדערע קיין פֿראַנקרייך (כדאי צו דערמאָנען, אַז אויך מאַקס נאָרדוי איז אין מלחמה־צייט געווען אין מאַדריד). איצט איז פֿון דעם אַלעם געבליבן עפּעס אַ שולעכל אויף אַ דריטן שטאָק, וואָס האָט זעלטן אַ מנין, עטלעכע יידן, וואָס זענען פֿאַרטרעטער פֿון אויסלענדישע פֿירמעס, אַ ביסל ספֿרדישע און מאַראָקאָנער יידן, אַ פּרעזידענט פֿון אַ געמיינדע אָן אַ געמיינדע, און צום סוף — אַ ביסל דייטשע פּליטים, און דאָס איז די גאַנצע יידישע „געפֿאַר" אין מאַדריד...

געניי וויפֿל יידן עס וואוינען אין שפּאַניע, ספֿרדישע און אַשכנזישע, איז אוממעגלעך פֿעסטצושטעלן. טייל זענען זיך משער, אַז צען טויזנט, אַנדערע האַלטן, אַז מער, און רעדנדיק מיט רייזנדע פֿאַרטרעטער פֿון פֿירמעס, זאָגן זיי, אַז העכסטנס — אַרום פֿינף־זעקס טויזנט.

די נייע „געשיכטע פֿון די יידן אין שפּאַניע" הויבט זיך אייגנטלעך אָן אין די אַכציקער יאָרן פֿון פֿאָריקן יאָרהונדערט. די ערשטע „פּיאָנערן", וואָס האָבן זיך צוריקגעקערט נאָך גירוש־שפּאַניע זענען געווען די... יעקל שאַפּשאָוויטשעס. צוזאַמען מיט זייערע נישט־יידישע „פֿאַרבינדעטע" האָבן זיי זיך „דערשלאָגן" מיטן וויסטן מסחר צו די שפּאַנישע ברעגן, אַמערסטן אין קאַטאַלאָניע, אין דער הויפּט־שטאָט באַרצעלאָנע.

אין „באַריאָ טשינאָ", אין כינעזישן קוואַרטאַל, וואו עס איז איצט די באַרצעלאָנער אונטערוועלט, האָבן זיי זיך באַזעצט. גרויס אין צאָל זענען

זיי נישט געווען, און קיין ספּעציעל „יידישקייט״ האָבן זיי נישט געפּראַ־ווועט.

דאַן זיינען געקומען איינצעלנע יידן, פאַרטרעטער פון פאַרשיידענע אויסלענדישע פירמעס, הויפּטזעכלעך פון דייטשע פירמעס. זיי האָבן זיך באַזעצט אין פאַרשיידענע שטעט פון לאַנד. אויך זיי האָבן נישט געלייגט קיין גרונטשטיין פאַר אַ קבוץ לעבן. ערשט אין די יאָרן 1903־1905 קומען עטלעכע פאַמיליעס פון דער שווייץ, פראַנקרייך, אייניקע פון רוסיש־פּוילן און גאַליציע. דאָס זענען מערסטענס אַזעלכע, וואָס האָבן זיך געלאָזט זוכן נייע מקומות צו פאַרלייגן פאַרשיידענע פאַבריקאַציעס — סוחרים און האַנטווערקער.

שפּאַניע איז נאָך אינדוסטריעל אָפּגעשטאַנען. מעגלעכקייטן זענען פאַראַן, ענערגיע איז נויטיג. עס אַנטשטייען קליינע געמיינדעס, מנינים. אַנדערע גיסן זיך צונויף מיט די ספרדישע קהלות, וועלכע קומען מחנות־וויז פון ביאָן. אין מלחמה־צייט איז געוואָרן אַ צופלוס פון די טערקישע אונטערטאַנער, דאָס זענען אַפילו פּוילישע יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין קאָנסטאַנטינאָפּאָל, און ספרדישע פון סמירנאַ. עס ווערט דאָ דער אמתער „קבוץ גלות״. אין 1918 האָט זיך אויסקריסטאַליזירט אַ פעסטגעשטעלטער ישוב. דאָס זיינען די וואָס זענען אָפּגעפאַלען פון אַנדערע עמיגראַציעס און וואָס בלייבן שוין אויף פעסט וואוינען אין שפּאַניע. אַ שטיקל קהלה ווערט דאַן געגרינדעט אין באַרצעלאָנע, אַ פּרואוו פון אַ געמיינדע־לעבן, אַ שול צום דאַווענען און אַ ביסל סאָציאַלע הילף צו געבען איינער דעם אַנדערן. שפּעטער מיט עטלעכע יאָר ווערט געגרינדעט אַ שולע; מען שרייבט אויס לערער, אַ סימן, אַז וואַרצלען פאַר אַ היים ווערן דאָ גע־שלאָגן. די שולע קאָן זיך אָבער נישט אויסהאַלטן. עס וואַקסן ווידער אויס חברות. יידן קומען און ווערן נעלם. אַנדערע באַזעצן זיך אין פאַרשיידענע פּראָווינצן און לאָזן פון זיך נישט הערן; טויכן אויף און ווערן אויפּסניי פאַר־שוואונדן.

די געמיינדע איז געבליבן, אָבער דאָס איז אייגנטלעך נישט מער ווי אַ חברה. דער עולם איז „פאַרנומען״ ביי פּרנסה. יידן אַנטוויקלען דאָ גע־וויסע אינדוסטריעס. פאַרשטייט זיך, אַז פּוילישע יידן כאַפּן זיך צו „שער און אייזן״, צו שניידעריי. אין באַרצעלאָנע ווערט אַפילו „פאַרנומען״ אַ גאַס אַ גאַנצע פאַר די פּוילישע יידן, — די שמאָלע און קאָכעדיקסטע סאַן פּאַבלאָ־גאַס. ביים היינטיקן טאָג זעט מען געדיכט איינס לעבן ס׳אַנדערע יידישע שניידעריי־געשעפטן און שניידער־וואַרשטאַטן. דאָס איז נישט בלויז

פֿון נייע זאַכן, נאָר אויך פֿון אַלטע, איבערגעניצעוועטע, און ווי אַ צווייג צו דעם, קומט בכלל צו דער האַנדל מיט אַלטוואַרג, מיט שמאַטעס. און כאָטש עס איז „שמאַטעס״, מאַכט מען דערפֿון אַ לעבן.

אָבער נישט בלויז ביי „שער און אייזן״ בלייבט עס. פֿאַרקערט, יידן רוקן זיך אַרויס מיט איניציאַטיוו. פֿון איבערנייען אַ מלבוש, ווערט מען גרויסע קאָנפֿעקציאָנערן, מען באַשעפֿטיקט שוין הונדערטער שפּאַנישע אַרבעטער, מען ווערט שוין דאָ פּרנסה־געבער אויך. אַנדערע כאַפּן זיך נאָך העכער. איינער אַ ייד, פּאַסאַד, מאַכט גאָר אַ פֿאַבריק פֿון ראַזיר־מעסער־לעך, דאָס איז שוין גרויס־אינדוסטריע. און אַנדערער שטעלט איין אַ פֿאַ־בריק פֿון כעמישע אויסאַרבעטונגען, — צינקווייס און פּודער־פֿאַרב. נאָך אַן אַנדערער — באַרשטן און אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צו האָר־אויסאַר־בעטונגען. איינער, אַ קירזשנער פֿון גאַליציע, אַ געוויסער פּרוכטמאַן, איז אַפֿילו געוואָרן (וואָס אַ ייד טוט נישט צוליב פּרנסה...) דער ליפֿעראַנט פֿון פּעלצן פֿאַר דעם קעניגלעכן הויף, פֿאַר דער קייסערינע און אירע הויף־דאַ־מען; און דערפֿאַר האָט ער געקראָגן אַ סך אויסצייכענונגען און איז געוואָרן אַ פֿיל־פֿאַכיקער מיליאָנער. (פּרוכטמאַן איז געקומען קיין שפּאַניע אין יאָר 1914.) נאָר אַזוי ווי צושטעלן זאַכן פֿאַר אַ קעניגלעכן הויף איז היינט נישט קיין זיכערע פּרנסה, איז ער טאַקע, דער גאַליציאַנער ליפֿעראַנט, נאָכן פֿאַלן פֿון דער מאָנאַרכיע, שטאַרק אַראָפּ און אַפֿילו פֿאַראָרעמט געוואָרן.

די לעצטע „עליה״ קיין שפּאַניע הויבט זיך אָן מיט די דייטשע פּליטים. דאָ ווערט שוין אַ גאַנצע איבערקערעניש. דער שטראָם ברענגט מיט נישט נאָר נייע פּנימער און יידישע נעמען (אַ סך פֿון די פּליטים זענען דאָך פּוי־לישע, גאַליציאַנער יידן, וואָס האָבן געוואוינט אין דייטשלאַנד.) נאָר אויך יידיש־געזעלשאַפֿטלעכע איניציאַטיוו און זאָרג וועגן דער עקזיסטענץ.

די איינגעזעסענע יידן פֿון סאַן באַפּלאָ אָדער פֿון ערגעץ אַנדערש, זע־נען שוין געווען „אַנטוויינט״ פֿון יידישער געזעלשאַפֿטלעכקייט. צווישן די נייע אימיגראַנטן זענען דאָ אַ סך יונגעלייט מיט ענערגיע, מען וויל אָנהייבן עפּעס צו טאָן. די דייטשע יידן, אַלטע איינוואוינער, וועלכע זענען דאָ, אָדער פֿאַרטרעטער פֿון פֿירמעס, אָדער אַליין פֿירמע־אייגנטימער, וואַרפֿן זיך אַריין אין דער הילפֿס־אַרבעט לטובת די פּליטים. עס ווערט געגרינ־דעט ביי דער געמיינדע אַ הילפֿס־קאָמיטעט. דער „היצעס״ אין פּאַריז שטיצט די פּליטים מיט גרעסערע סומעס. ליידער רוקן זיך שוין אַרויס אַזעלכע פּאַרשוינען פֿון צווישן די איינגעזעסענע, וועלכע ווערן „געזעל־שאַפֿטלעך פֿאַראינטערעסירט״ אין דער הילפֿס־אַרבעט. זיי באַשטימען

קודם־כל פֿאַר זיך אַ געהאַלט, וואָס באַטרעפֿט אַ פֿערטל פֿון די אַריינגע־קומענע געלטער. עס אַנטשטייען קאָנפֿליקטן. די פּליטים שלאָפֿן אין „האָ־טעל קאַטאַלאַניא״, דאָס הייסט, אויף די בענק פֿון פּלאַזא קאַטאַלאַניע. די פֿריערדיקע געבער און אונטערשטיצער ציען זיך צוריק. דער „היצעס״ באַגרענעצט אויך די שטיצע· די לאַגע פֿון די יידישע פּליכטלינגע פֿון דייטשלאַנד אין שפּאַניע איז ממש אַ פֿאַרצווייפֿלטע.

פֿונדעסטוועגן איז זיי איצטער בעסער ווי פֿריער, ווייל מיטן ענדערן דעם רעזשים האָט זיך אויך די באַציאונג צו זיי געבעסערט. מען דאַרף נישט פֿאַרגעסן, אַז פֿאַרן „16טן פֿעברואַר״ זענען די פּליכטלינגע אויסגע־שטאַנען פֿון דער רעגירונג געברענטע צרות. די מאַכט, וועלכע האָט זיך געלאָזט פּראָוואָצירן פֿון די נאַצי־אַגענטן און היטלעריסטיש־איבערגעקויפֿ־טע זשורנאַליסטן, האָט געהאַלטן אין אַרויסגעבן איין גזירה נאָך דער אַנ־דערער. איצט האָט זיך עס אינגאַנצן געביטן. אומגעקערט, די רעגירונג ווייזט אַרויס נישט נאָר טאָלעראַנץ צו זיי, נאָר אַ באַשטימטע פֿאַראינטע־רעסירונג. קודם־כל זענען אַלע „אומלעגאַלע״ לעגאַליזירט געוואָרן און האָבן געקראָגן וואוין־רעכט. צווייטנס, ווערן איצט בקשות וועגן רעכט אויף אַן אַרבעט־קאַרטע, (וואָס פֿריער איז אוממעגלעך געווען) שנעל דער־ליידיקט און צום גונסטן.

בלויז אין באַרצעלאָנע געפֿינען זיך אַן ערך פֿופֿצן הונדערט יידישע פּליטים פֿון דייטשלאַנד.

נאַטירלעך, מיטן בייטן די באַציאונג צו זיי, האָט זיך אויך זייער לאַגע געביטן צום בעסערן, הגם ס׳איז נאָך ווייט פֿון גוט. דאָך, אָרדענען זיי זיך איין ביי פֿאַרשיידענע פֿאַכן.

און ווי נאָר מען האָט זיך אָנגעהויבן פֿילן זיכערער, האָט מען אויך אָנגעהויבן קלערן וועגן „תכלית־זאַכען״, וועגן גרינדן אַ קולטור־פֿאַראיין. זיי האָבן עס אָנגעהויבן קליין, מיט עטלעכע מיטגלידער. און איצטער איז שוין פֿאַראַן אין באַרצעלאָנע דער ערשטער יידישער קולטור־פֿאַראיין, וואָס פֿירט אַ קולטור־טעטיקייט אויף צוויי שפּראַכן — דייטש און יידיש. קומט מען אַרויף אין זייער לאָקאַל און מען זעט, ווי די עטלעכע הונדערט מיט־גלידער פֿאַרנעמען זיך מיט געזעלשאַפֿטלעכער אַרבעט, מיט דיסקוסיעס, ספּאָרט, דראַמאַטישע סעקציעס, ביבליאָטעק און לייען־זאַל (דערווייל אַן ביכער און אַן אויסלענדישע יידישע צייטונגען, ווייל זיי האָבן נישט קיין געלט דאָס איינצוקויפֿן), קאָן מען מיינען, אַז מען געפֿינט זיך נישט אין שפּאַניע, נאָר אין אַ שטאָט הינטער ווילנע אָדער לעבן וואַרשע.

דער יידישער קולטור־פֿאַראיין אין באַרצעלאָנע באַגנוגנט זיך אָבער נישט בלויז מיט געזעלשאַפֿטלעכער פֿאַרוויילונג, דיסקוסיעס און ליטעראַרישע אָוונטן (ווי עס איז געווען די זייער אימפּאָזאַנטע מענדעלע־פֿייערונג), נאָר ער שטעלט זיך אויך אויף דער וואָך קעגן דער נאַצישער פּראָפּאַגאַנדע דאָ אין לאַנד אונטער פֿאַרשיידענע מאַסקעס.

די נאַצי־אַגענטן (מען דערציילט אַז צווישן זיי איז אַפֿילו פֿאַראַן אַ ייד, אַ זשורנאַליסט, אַ קאָרעספּאָנדענט פֿון אַן אַמטסערדאַמער פּראָ־היטלעריסטישער צייטונג) באַדראָען דירעקט און פּראָוואָצירן קעגן די פּליכטלינגע. אין אַ סך גלויבט דער נאַאיווער שפּאַניער. האָט דער קולטור־פֿאַראיין געשיקט אַ דעלעגאַציע צו קאָמפּאַנאַס, דעם פּרעזידענט פֿון דער קאַטאַלאָנישער רעפּובליק. דער פּרעזידענט האָט די דעלעגאַציע אויפֿגענומען און מיט זיי אויספֿירלעך קאָנפֿערירט, זיך אינטערעסירט אין אַלע פּרטים וועגן לעבן פֿון דייטשע און יידישע פּליטים אין קאַטאַלאָניע. דער מעמאָראַנדום איז אָפּגעדרוקט געוואָרען פֿון דער ליבעראַלער פּרעסע און געמאַכט אַ גוטן איינדרוק.

פֿאַרשטייט זיך, אַז מען „פֿאַרשט״ דאָס יידישע לעבן אין שפּאַניע, מוז מען אָנטרעפֿן אין די אַרכיוון נאָך אַ פּאָר פֿאַראיינען, אַ שטייגער, אַזאַ פֿאַראיין, וואָס טראָגט דעם נאָמען „יוגנט־בונט״ און „אוניאָן־קלוב״. ביידע פֿאַראיינען, וואָס האָבן זיך פֿאַראייניקט, עקזיסטירן נישט, הגם זיי האָבן אַ פֿיינע איינריכטונג. דאָס זענען געווען קלובן פֿון די רייכע, אַלט באַזעסענע דייטשע יידן, פֿאַר זייער יוגנט. ערגעץ איז פֿאַראַן אַ ציוניסטישער פֿאַראיין, אַ „החלוץ״, אָבער זיי גייען נישט אין ברייטן שפּאַן און מען איז טעטיק אין אַ שמאָלן פֿאַרמאַט.

---

י ע ד ן פֿרעמדן אינטערעסירט די פֿראַגע, וואָס האָט מיט יאָרן צוריק אַזוי שטאַרק אָפּגעקלונגען, אַז שפּאַניע איז פֿאַראינטערעסירט אין דעם צוריקקער פֿון יידן. אויף דער פֿראַגע ביים ערשטן בעסטן פּאָליטיש־געזעלשאַפֿטלעכן טוער, וואָס ער האָט וועגן דעם צו זאָגן, ענטפֿערט ער: אַז ערשטנס, וואָס דאַרף מען נאָך יידן אין שפּאַניע? אַז כמעט אַלע שפּאַניער זענען יידן, דאָס איז אַן אָנצוהערעניש אויף די „טשוועטאַס״, די אור־אייניקלעך פֿון די „ניי־קריסטן״, די געצוואונגענע צו שמד אין דער אינקוויזיציע. (עס איז אַ באַזונדער קאַפּיטל וועגן זייער אַרט לעבן אויף דעם אינזל פּאַלמאַ דע מאַיאָרקאָ, נישט ווייט פֿון באַרצעלאָנע). צווייטנס, זאָגט

ער, אַז די קונץ פֿון האַנדל און אינדוסטריע קענען שוין די שפּאַניער אַזוי גוט ווי די יידן.

פֿונדעסטוועגן איז פֿאַראַן אַן אינטערעס אין די העכערע קרייזן, און דאָס איז נישט צוליב ווירטשאַפֿטלעכע טעמים, נאָר דווקא גייסטיקע.

דאָס שטאַמט נאָך פֿון דער פֿאַרמלחמהדיקער באַוועגונג פֿון אַ גרופּע קולטור־מענטשן, פּראָפֿעסאָרן און שריפֿטשטעלער, וועלכע האַלטן, אַז שפּאַניע מוז זיך „אייראָפּעאיזירן". ספּעציעל איז מען אויפֿמערקזאַם געוואָרן, אויף די שפּאַניאָלישע יידן, וועלכע וואוינען אין די באַלקאַנישע לענדער, און האָבן קאָנסערווירט צווישן זיך די אַלטע, פֿאַרגעסענע שפּאַנישע קולטור.

צו יענער צייט האָט דער שריפֿטשטעלער אַנכעל פּולידאָ אָנגעשריבן אַ בוך „שפּאַניער אָן אַ פֿאָטערלאַנד" וועגן אָט די יידן. אַן עקספּעדיציע איז ארויסגעפֿאָרן צו זיי, נישט זיי „צוריקצובעטן", נאָר ביי זיי צונויפֿזאַמלען דעם אייגנאַרטיקן, שוין פֿאַרגעסענעם אַלט־שפּאַנישן פֿאָלקלאָר, וואָס איז ביי זיי, ביי די „שפּאַניער אָן אַ פֿאָטערלאַנד" אין משך פֿון דורות אַזוי פֿריש אויפֿגעהאַלטן געוואָרן.

די עקספּעדיציע האָט צוריקגעבראַכט קיין שפּאַניע אַ גאַנצן אוצר רעדנסאַרטן און לידער. עטלעכע בענדער פֿון די געזאַמלטע לידער, אַלטע שוין פֿאַרגעסענע, זענען דערשינען.

דער בילדונגס־מיניסטער פֿון דער נייער שפּאַנישער רעפּובליק, האָט אויף אַ באַנקעט ביי די יידן אין שפּאַניש־מאַראָקאָ געזאָגט:

„מיר האָבן אויפֿן געוויסן, וואָס מיר האָבן אייך אַרויסגעטריבן, אָבער מיר האָבן זיך דערפֿאַר אונדזער אייגן פֿלייש געשניטן. אונדזער וואונטש איז צוריק צו זען די אייניקלעך פֿון די פֿאַרטריבענע און אנטלאָפֿענע אין שפּאַניע".

## ביי די אנוסים אין פּאָרטוגאַל

אין דעם שטעטל בעלמאָנטע, פּאָרטוגאַל, לעבט נאָך ביזן היינטיקן טאָג אַ מערקווירדיקע יידישע געמיינדע, דאָס זענען די אַנוסים (אַזוי רופֿן זיי זיך טאַקע), די אור־אייניקלעך פֿון יענע מאַראַנען, וואָס זענען געצוואונגען געווען, לפּנים, זיך צו שמדן בעת דער אינקוויזיציע, אָבער אין געהיים זענען זיי פֿאַרבליבן יידן.

דאָס אויסערלעכע לעבן, די סביבה פֿון די „ניי־קריסטן", ווי זיי האָבן זיך אָנגערופֿן, האָט, ביסלעכווייז, אָפּגעמעקט די יידישע מנהגים און אייגנ־

אַרטיקייטן. פֿון דור צו דור איז דאָס געהיימע ייִדישקייט געוואָרן שוואַכער און שוואַכער, און מיט דער צייט איז עס אינגאַנצן א ו י ס געוואָרן. די ווייטערדיקע דורות זענען שוין, צוגלייך מיט די פּאָרטוגעזער, געוואָרן גוטע און פֿרומע קריסטן, געטרייע קאַטאָליקן.

עטלעכע מנהגים אָבער זענען געבליבן איינגעוואָרצלט, וואָס זיי אַליין, די אייניקלעך פֿון די ניי־קריסטן, ווייסן נישט, פֿון וואַנען עס נעמט זיך. זיכער מיינען זיי, אַז דאָס איז אַן עכט־קאַטוילישער מנהג, אַ שטייגער — דאָס ליכט־צינדן פֿרייטיק־צונאַכטס ביי פֿרויען.

דער דאָזיקער מנהג איז אין פּאָרטוגאַל זייער פֿאַרשפּרייט, און אויב מען זאָל מעסטן לויט די הייזער, וואָס מען צינדט ליכט פֿרייטיק־צונאַכטס, קאָן מען לייכט קומען צום אויספֿיר, אַז די מערסטע פֿון די פּאָרטוגעזער האָבן אין זיך ייִדיש בלוט. ווען מען זאָל אָנווענדן אין פּאָרטוגאַל דעם נאַצישן „געדאַנק" וועגן „ייִדישע באָבעס", וואָלט עס געהאַלטן שמאָל...

עס איז קיין ספֿק נישט, אַז שוין לאַנג נאָך דעם געצוואונגענעם שמד בעת דער אינקוויזיציע, האָבן זיך די פֿרויען נישט געוואָלט אָפּזאָגן פֿון דעם פֿייערלעכן מנהג צו בענטשן ליכט. דאָס איז איבערגעגעבן געוואָרן צו די טעכטער, און די טעכטער צו זייערע טעכטער, אַזוי ביזן היינטיקן טאָג.

אָבער חוץ די, וואָס ווייסן שוין נישט, זינט דורות, זייער אָפּשטאַם, זענען נאָך געבליבן קליינע געמיינדעס, וואָס האַלטן זיך פֿאַר האַלבע אָדער פֿערטל ייִדן, הגם אויסערלעך מאַכן זיי מיט אַלע קריסטלעכע צערעמאָניעס. איי, וואָס זיי האָבן עפּעס באַזונדערע מנהגים, גייט עס קיינעם נישט אָן, — עלעהיי אַ פֿאַמיליע־טראַדיציע.

די דאָזיקע „פֿאַמיליע־טראַדיציע" האָבן די אַנוסים אויפֿגעהאַלטן און אָפּגעהיטן. קיינער האָט פֿון זיי נישט געוואוסט, ביז עס האָט זיי „אַנט־דעקט" דער לאָדזשער אינזשעניער שוואַרץ, וואָס וואוינט שוין באַלד צוויי צענדליק יאָר אין פּאָרטוגאַל. ער האָט מיט זיי עסקים אין בעלמאָנטע, און דערוויסנדיק זיך, אַז ער איז אַ ייִד, האָט מען אים מגלה סוד געווען, אַז אויך זיי זענען געהיימע ייִדן. עס איז ביי זיי געבליבן די איינבילדונג, אַז ייִדישקייט מוז מען האַלטן געהיים. ערשט נאָך אַ גענויערער באַקענונג וועגן ייִדן, האָבן זיי אַלץ אָפֿענער גענומען זיך דערנענטערן צו די ייִדן, צו די ווינציקע אין צאָל, וואָס וואוינען אין זייער געגנט.

די מנהגים און די „דינים" זענען דורך דער צייט פֿון „אונטערערדישער טעטיקייט" שטאַרק פֿאַרקריפּלט און צעדרייט געוואָרן. אַזוי, אַז דער יום־טוב פּסח (זיי האַלטן אויך פֿון יום־כּפּור.) קומט אויס לויט זייער רעכענונג

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער. (ביי די שומרונים אין ארץ־ישראל קומט אויך אויס פּסח נישט אין דער זעלבער צייט, וואָס ביי אונדז.) דער הייַנטיקער פּסח ביי די אַנוסים קומט אויס אין די ערשטע טעג פון מאַי...

צום היינטיקן סדר זענען איינגעלאַדן קיין בעלמאָנטע אַ ריי פּער־זאָנען, טאַקע זייער „אַנטדעקער" אינזשעניער שוואַרץ, און אויך דער שרייבער פון די שורות.

ביי דער געלעגנהייט איז כדאי איבערצוגעבן, לויט די שילדערונגען פון ה' שוואַרץ, די צערעמאָניעס, וואָס די אַנוסים פּראַווען ביים סדר.

אַלע אַנוסים, פרויען, קינדער און געסט קומען זיך צונויף אויף איין אָרט. אַלע גייען אָנגעטאָן אין ווייסן, און דאָס זענען עפּעס אַזעלכע מלבושים ווי די „וויקלשנורן", מיט וועלכע מען וויקלט זיך אַרום פאַרן סדר. עס ווערן געבאַקן די מצות אין איילעניש, אויף אָנגעגליטע קאַכ־לעס, אונטער דעם פלאַם פון האָלץ, און גלייכצייטיק ווערט דורכגעפירט אַ גרויסע צערעמאָניע פון חלה־נעמען. די שטיקער טייג פון דער חלה ווערן געוואָרפן אויפן פייער און ביי יעדן וואָרף מוז דאָס האָלץ אַ קנאַק טאָן. אויב דאָס האָלץ קנאַקט, איז עס אַ „גוטער סימן", און די שמחה איז גאָר גרויס, דאַן זינגט מען און מען טאַנצט ביז צום מיד ווערן. אויב פאַר־קערט, דאָס האָלץ קנאַקט נישט (מערסטנטייל „קנאַקט" עס יאָ, ווייל, ערש־טנס, זוכט מען אויס אַזאַ האָלץ, וואָס זאָל קנאַקן, צווייטנס, טוט מען עפּעס אריין אין טייג...), איז אַ שלעכטער סימן, דאַן קאָן עס אַפילו ארויסרופן אַ תענית אויך.

בעתן באַקן מצות דאַוונט מען מעריב, און מען גרייט זיך צו דער יום־טובדיקער סעודה און צום פלייש־עסן, ווייל אַ גאַנצן חודש פריער עסן זיי נישט קיין פלייש. (דאָס איז שוין אַ קריסטלעכער מנהג.)

חול־המועד פּסח קומען זיך ווידער אַלע צונויף אויף אַ געמיינזאַמען „פּיקניק" אין פרייען פעלד. דאָרט פירט מען דורך אַ באַזונדערע צערע־מאָניע פון „שלאָגן ס'וואַסער".

דער יום־טוב ענדיקט זיך מיט אַ באַזונדערער פייערלעכקייט.

דער דאָזיקער יום־טוב ווערט איינגעאָרדנט פאַר לערך פופציק משפחות, אַזוי גרויס איז די צאָל „אַנוסים" אין דער געגענט פון בעל־מאָנטע.

# דער קאַמף צווישן אָקס און מענטש

איך האָב געוואָלט זיין „אָריגינעל״ אין מיינע שפּאַנישע רעפּאָרטאַזשן און — וועגן אָקסן־קאַמף ניש ט שרייבן.

ווער שרייבט עס נישט און ווער באַזינגט עס נישט; ווער באַדויערט עס נישט און ווער לויבט עס נישט? וועלכער לעזער, וועלכער קינאָ־גייער האָט עס נישט געליי־ענט און געזען אַן אָקסן־קאַמף?

די שפּאַנישע טאָראָס! איך האָב עס טאַקע געוואָלט אַרויסלאָזן.

נאָכמער: איך האָב אַפּילו לכתחילה נישט געוואָלט גיין זען די „טאָ־ראָס״, ווייל אויך דערמיט האָב איך געוואָלט אונטערשטרייכן מיין „אָריגי־נעלקייט״. ווייל וועלעכער גאַסט, מעג ער אַפּילו זיין אַ צער־בעל־החיימניק, מעג ער אַפּילו זיין אַ וועגעטאַריער, וועט ער זיך נישט אָפּזאָגן כאָטש איינמאָל צו זען אַן אָקסן־געפּעכט, צו זען די „ווילדקייט פון אַ פאָלק״.

איך וואָלט נישט געגאַנגען, הגם, אַזוי לאַנג ווי מען האָט נאָך נישט אָפּגעשאַפט די שחיטות צווישן פעלקער און אויף פעלקער, דאַרף מען זיך נאָך נישט פאַרנעמען מיט אָקסישן יושר. דאָך, איך בין געגאַנגען, ווייל, נו יאָ, ווייל אין שפּאַניע געשעען איצטער זאַכן, וואָס ענדערן דעם גרונט־געזעץ פון איר פּסיכיק. דאָס קירך־געפּיל איז טיפער געוואָרצלט ווי דער אָקסן־קאַמף, און דאָך נייגט זיך אָפּ די מאַסע, אַפּילו די אָפּגעשטאַנענע און פאַרפינצטערטע, פון דער קירך און גלח. אויך דער ענין קעניג און מאָ־נאַרכיע איז געווען פעסט־איינגעוואָרצלט און דאָך בענקט נאָך דעם קיינער נישט, אויסער די מאָנאַרכיסטן, צוליב פאַרלוירענע טיטולן און פאַרמע־געגס.

און, נישט צו פאַרגלייכן, די אַנאַרכיסטישע אידעאָלאָגיע, וואָס איז גע־פעסטיקט צווישן די שפּאַנישע אַרבעטער־מאַסן, הויבט אויך אָן נאָכלאָזן אונטער דעם דרוק פון דער צייט. קאָן דאָך זיין, אַז אַ סך מנהגים וועלן ווערן אָפּגעווישט, באַגריפן און אידעאָלאָגיעס וועלן ווערן צונויפגעשמאָלצן מיט נייע, מיט מער רעאַלע.

קאָן דאָך אויך זיין, אַז די רעגירונג פון פאָלקס־פראָנט וועט דורך אַ דעקרעט, אָדער דורך אַן אָפּשטימונג אין פּאַרלאַמענט, אָפּשאַפן אָט דעם דאָזיקן נאַריש בלוטיקן שפּיל, דעם קאַמף צווישן מענטש און אָקס, און איך וועל פאַרלירן די געלעגנהייט, כאָטש א י י ן מ אָ ל אַזאַ מין גע־פעכט ביי־צו־זיין.

צי וואָלט זיך עמיצער אויף מיין אָרט דען אָפּגעזאָגט, לאָמיר זאָגן,

כאָטש איינמאָל צו זען אַ גלאַדיאַטאָרן קאַמף, אַ גוראַנגל צווישן מענטש און לייב?

כ׳בין זיך מודה איך האָב אָקסן־קאַמפן געזען גאַנצע דריי מאָל, און ביי יעדן קאַמף האָט מען אַוועקגעלייגט פינף אָקסן. אַלזאָ, מיינע אויגן האָבן געטרונקען דאָס בלוט פון פופצן אָקסן.

איך בין געגאַנגען דריי מאָל דאָס זען, נישט דערפאַר, ווי שלום אַש שרייבט, אַז נאָך יעדן „קאַמף" איז ער געוואָרן אַזוי בלוטדורשטיק ווי יע־דער שפּאַניער. ניין, איך האָב נאָך יעדן „קאַמף" געמוזט אויסטרינקען אַ האַלבע פלאַש קאָניאַק און ס׳איז אַ סברה, אַז איך וועל זיך אינגאַנצן אָפּזאָגן פון עסן פליש... איך בין געגאַנגען זען דאָס צווייטע מאָל „טאָראָס" דער־פאַר, ווייל נאָכן ערשטן מאָל האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָס זענען נישט די „ריכטיקע" קאַמפן. נישט קיין שטאַרקע אָקסן און נישט קיין געניטע שטעכער... דאָס אייגענע האָט מען מיר געזאָגט נאָכן צווייטן אָקסן־קאַמף, און דער איינציקער „אונטערשייד" ביי מיר צווישן ערשטן מאָל און דריטן מאָל איז, וואָסביים ערשטן מאָל האָב איך באַצאָלט צוויי פעזעס פאַר אַ בילעט און ביים דריטן מאָל — גאַנצע צען פעזעטעס.

ווייטער איז אַלצאיינס געווען: אומעטום איז דער זיגער געווען דער טאָרעדאָ, און ווי אין די אַנדערע „קאַמפן" איז דער אָקס, מיט אַ טיפער שווערד אין זיין רוקן, געפאַלן אין זיין אייגענעם בלוט־טייך, און דאָס „פאָלק" האָט ביי אַלע קאַמפן געיובלט, געשריגן, פאַרשריגן די לעצטע אָקסישע מרוטשען, געפּאָכעט מיט די ווייסע טיכלעך און באַגריסט דעם זיגער!...

אפשר איז דער דריטער „קאַמף" געווען אַנדערש ווי דער ערשטער אין דער „טעכניק", איך בין דערויף קיין מבין נישט. איך בין מודה, אַז איך האָב זיך נישט אַזוי שטאַרק איינגעסן מיט די אויגן אין „קאַמף" ווי די אַלע מענטשן. איך האָב געוואָלט פאַרשטיין דעם מאַסן־פּסיכאָז. אין איצטיקן מאָ־מענט ווילט זיך נישט זיין קיין ווידערשפּעניקער קעגן אָט דער מאַיעסטעט, — פאָלק.

יאָ, דאָס איז די פינצטערע דערציאונג פון דורות סאָטראַפּן.

נישטאָ קיין שטאָט, קיין שטעטל, וואו עס זאָל זיך נישט געפינען אַ „פּלאַזאַ דע טאָראָס", אַרענע פאַר אַ געפעכט צווישן מענטש און אָקס.

אין אייניקע שטעט זענען אַפילו פאַראַן צוויי. און די „קאַמפן" קומען פאָר גלייכצייטיק. יעדן זונטיק און יום־טוב.

אַזוי ציט עס זיך שוין זינט דורות: אינדערפרי אין דער קירכע, ביי־

טאָג אין די „אַרענעס” און אין אָוונט... יעדער קלאַס לויט זיין מעגלעכ־קייט.

איך קוק אויף שפּאַניע נישט מיט אויגן פון נעכטן, אפילו נישט מיט אויגן פון היינט, — נאָר פון מאָרגן.

די „אָפּגעשטאַנענע” שפּאַניע און דאָס „קולטורעלע” ענגלאַנד האָבן זיך נאָך נישט אונטערגענומען צו רייניקן די אַטמאָספערע.

אַוודאי איז דער הינט געיעג אין ענגלאַנד מיאוסער ווי דער אָקסנ־קאַמף אין שפּאַניע.

דער הינט־געיעג שמעקט נישט מיט קיין בלוט, אָבער מיט גיריקייט, איינשטעלן אַ פּעני און וועלן געווינען אַ פונט. ס׳איז קרעמעריש און כיטרע, אייגן־נוציק.

אין שפּאַניע, — דאָס „אָקסן־געפעכט” איז... ריטערלעך. קיינער וויל נישט ציען קיין אייגן נוצן (אויסער, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער „טאָ־רעראָ”, וואָס נעמט „שחיטה־געלט” ביז דריי־פיר טויזנט פּעזעטעס, און די אָרדנונג, וואָס „פאַרשפּילט” דאָס פאָלק מיט אַזעלכע שפּילן...) עס איז אַ ספּאָרט אַזאַ.

אין די זונטיק נאָכמיטאָג־שעהן זעט איר, ווי עס ציט זיך אַ מענגע פון טויזנטער און טויזנטער פאָלקס־מענטשן. איר דערקענט זיי אין די איינ־פאַכע טיכלעך, אין די „לאַפּטשעס”, מיט די קינדער אויף די הענט, אין אופן פון עסן די געטרוקנטע ניסלעך, אין שטופּן זיך צו די אַריינגענג, די „אַרענעס”, וואָס נעמען אין זיך אריין טויזנטער און טויזנטער, אָפּט צו אָנ־דערטהאַלבן צענדליק טויזנט מענטשן. זיי זענען תמיד געפּאַקט, פון דער לאָזשע ביז דער העכסטער גאַלעריע. עס איז נישט בלויז אַ קאַמפּס־פּלאַץ, נאָר אויך אַ פאַרוויילונגס־בינע. מיטלאַלטערלעכע צערעמאָניעס און רעלי־גיעזער טשאַד. פאָלק קומט פאַרביק אָנגעטאָן, וואָס מער פאַרבן; קוקסט זיך אַרום, און דיר דאַכט זיך, אַז נישט מענטשן זענען דאָ, נאָר אַן אויסשטעל פון פאַרשיידענע בלומען...

און גלייכצייטיק איז עס אַ פּראָצעסיע. אונטן, אויף דער קיילעכדיקער ערד־אַרענע, דאַרף אויפטרעטן אַ יונגער „כהן גדול”, ער וועט אָפּריכטן די עבודה... ברענגען דעם בראַנד־אָפּפער פאַר די אויגן פון דער עדה. אויבנ־אָן, אין אַ לאָזשע, זיצט דער הויפּט, דער פאַרטרעטער פון קעניג. דער קעניג אַליין, וואַנדערט אין גלות, נאָר זיין פאַרטרעטער אויף די „טאָראָס” איז נאָך פאַראַן און ער „קיניגט”. אַ ספּעציעלער מאַרש, דער „טאָראָס־מאַרש”, ווערט אויפגעשפּילט; די ריטער־טאָרעדאָס קומען צו רייטן אויף

פּערד; זיי רייטן צו צו דער „קעניגליכער לאָזשע״, בוקן זיך, צלמן זיך, נעמען די ברכה פֿון טאָראָס־קעניג, און דער קאַמף הויבט זיך אָן.

עס „טרעט אויף״ דער אָקס. ער קאָן זיין ראָלע· עטלעכע טעג האָט מען אים אין פֿינצטערניש געהאַלטן, מיטאַמאָל פּראַלט אויף דאָס טויער, און די זון, די העלע זון, געבאָדן אין די „פּוטערפּאַס״־שטראַלן, גיט אים אַ שלאָג אין די מוטנע אויגן. אַן אָקס, דאָך לאָזט ער זיך צום ליכט, אַ טרינק טאָן אַ שטראַל. נאָר דער חכם, דער „טאָרעראָ״, שטייט אים קעגן אויג מיט אַן אַמאַראַנט צונטער שאַרפֿער פּאָלע, אַ שטיק פֿלאַקער. דער אָקס זעט שוין גאָרנישט, בלויז אָט די בלענדנדיקע פּאָלע, בלוט־ווייַן, פֿייער־רויט. דער אָקס פֿאַרליידט דאָס נישט און לאָזט זיך דערויף, נישט צו דעם מענטש, נאָר צו דער רויטער פּלאַכטע. נאָר דער מענטש איז כיטרע און כאַפּט אַוועק דאָס טוך... און דער אָקס לאָזט זיך נאָכאַמאָל צום רויטן. אפֿשר געפֿעלט עס אים, דער שפּיל. אָבער דער מענטש איז כיט־רע, דער אָקס פֿירט אַן אָפֿענעם קאַמף, ער ווייסט נישט פֿון מענטשנס „געהיימע פּלענער״... דער מענטש צערייצט אים, אין דעם באַשטייט די „קונסט״. דער מענטש פּראָוואָצירט, ער ציט צו דעם אָקס מיט רויטער פֿאַרב און „שטעכט אָן״ אין אָקס פּלייצע צוויי שפּיזלעך. דער אָקס דער־פֿילט דעם ערשטן ווייטיק, ער דערפֿילט זיין אייגן הייס בלוט איבער דער פֿעל. די אָנגעשטאָכענע שפּיזלעך זענען אָבער נישט קיין „געפֿערלעכע״, בלויז ווייטיק דערפֿילט דער אָקס און ער ווערט ערשט רעכט צערייצט. ער וויל אַרויסוואַרפֿן פֿון זיין פֿעל אָט די שפּיזלעך, ווערט ער ווילד. קעגנ־איבער אים שטייט אָבער נאָך אַ מענטש. יענער שמייכלט. דעם אָקס טוט וויי און יענער לאַכט. ווער קאָן וויסן דאָס געפֿיל פֿון אָקס, און ווער באַ־רעכטיקט דען נישט דאָס לאָזן זיך פֿון אָקס אויפֿן מענטשן? נאָר דער מענטש איז כיטרע. איידער דער אָקס דערנעטערט זיך, האָט ער שוין „צוגעשפּילעוועט״ אויף זיין קאַרג נאָך צוויי שפּיזלעך. איצט איז די וואונד שוין פֿאַרפֿירפֿאַכט. און אין צווייטן ווינקל „ווינקט״ אַ מענטש מיט נאָך אַ רויטער שמאַטע. דער אָקס זעט נישט זיין בלוט, ער פֿילט אָבער, אַז דאָס איז דער זעלבער קאָליר פֿון יענער פּאָלע, און ער לאָזט זיך דערצו. און ווידער „קריגט ער״ צוויי שפּיזלעך. אַכט שפּיזלעך „באַקומט ער״, דער אָקס, אַכט וואונדן און די נערוון אין זיין גרויסן קאָפּ זענען צעשפּילט. דאָ הויבט זיך אָן דער „ריכטיקער״ קאַמף. דער אָקס איז סיי־ווי דער העלד, ווייל ער אַנטלויפֿט נישט, ווייל ער איז קיין פּחדן נישט, ווי דער מענטש. איבעריקנס, דער אָקס איז איינער און די טאָרעדאָרן זענען דריי און פֿיר.

פֿאַר דעם מענטשן איז געמאַכט געוואָרן באַהעלטעניש־ווינקלען אויף דער אַרענע, דער אָקס קעמפֿט אומדערשראָקן, דער „טאָרעדאָר" איז אַ גנבֿ: ער האַלט אונטער דער רויטער פֿאַטשיילע אַ שווערד. דעם אָקס רייצט די רויטע פֿאַרב און ער ווייסט נישט, אַז אונטער איר איז שוין פֿאַראַן די בלאַנקע שווערד.

און דער סוף איז, ווי אַלע אַזעלכע סופֿן. די שווערד פֿון טאָרעדאָר טונקט זיך איין אין אָקסישן פֿלייש, טיף־טיף. אַ רויטער פֿאָנטאַן פֿון אָקסיש געזונט בלוט, און נאָך דערצו פֿון אַזאַ בלוט, וואָס איז אַ האַלבע שעה אויפֿגעקאָכט געוואָרן, זודיק ממש, גיט אַ שפּריץ אין דער זון אַריין.ביים שפּראָץ פֿון בלוט — אַ יובל פֿון פֿאָלק! דער העלד נייגט זיך פֿאַר דער „קעניגלעכער" לאָזשע. אין דער זעלבער צייט שלעפּט אַ געשפּאַן פֿון פֿערד אַרויס דעם אָקס פֿון דער אַרענע. אַ רויטער פּאַס פֿירט צו דער יאַטקע הינטער דעם „קאַמפּס־פֿעלד". מוזיק שפּילט. דער עולם איז באַפֿרידיקט.

איך פֿרעג זיך ביי מיינע שכנים פֿון ביידע זייטן, בעת דער פּויזע, צווישן איין „קאַמף" און אַנדערן:

— און ווי וועט זיין, אַז אין דעם לאַנד וועט קומען יענע גרינטלעכע איבערקערעניש, וואָס איז זייער מעגלעך אין דער נאָענטסטער צייט, וועלן דאַן אויך זיין „טאָראָס"?

דער ענטפֿער:

— איר זענט אַ פֿרעמדער, און איר קאָנט נישט אַריינדרינגען אין דער טיפֿעניש פֿון דער שפּאַנישער נשמה. די נייע אָרדנונג וועט זיך מיט דעם פֿאָלקס־סענטימענט מוזן רעכענען, און דאָס איבערלאָזן!

מיין צווייטער שכן:

— דער אָקסן־קאַמף איז נישט מער, ווי אַ מיטל ביי די הערשער פֿון גרונט־ און געלט־באַזיצערישן קלאַס צו פֿאַרטויבן דאָס פֿאָלק. מען גיסט אין זיין מאַרך אַט דעם סאַדיסטישן רייץ, כדי זיינע אויפֿגעקאָכטע בלוטן אויף דעם אופֿן אָפּצואַווענדן. מיטן ענדערן די אָרדנונג וועט דאָס מוזן אויפֿהערן, נייע שפּילן, נייע פֿאַרוויילונגען וועלן פֿאַרטרעטן דאָס אָרט פֿון אָט די אומגעלומפּערטע קאַמפֿן. אגבֿ, די ראַדיקאַלע פּרעסע שעמט זיך שוין צו ברענגען ידיעות און באַריכטן פֿון די „טאָראָס".

# אַמסטערדאַם

אַמסטערדאַם אַנטפּלעקט זיך פֿאַרן אויג, ווי אַ גרופּע כּישוף־אינזלען. דער חן פֿון װענעציע און אַמעריקאַנער פּראַקטישקייט אין געבוי. די ווענט אָן ספּעציעלע אָרנאַמענטן. גאַנץ זעלטן זעט מען אַ קופּאָל, אַ געזימס, און כּמעט גאָרנישט קיין געטינקטער מויער.

רויטע ציגל, שוואַרצע ציגל; שמאָלע פֿענצטער מיט ווייסע שויבן־רעמלעך; טורעמס נישט קיין הויכע, פּירקאַנטיקע, שטאַרקע.

נישט אויף איין גאַס האָב איך זיך דערמאָנט אָן...אַמעריקע. אַלט־אַמסטערדאַם האָט איר אַרכיטעקטור, די גלייכע און פּראַקטישע, איבערגע־פּלאַנצט נאָך מיט הונדערטער יאָרן אין . . . ניי־אַמסטערדאַם — דאָס היינ־טיקע ניויאָרק.

אַמסטערדאַם צויבערט מיט אירע שפּיגלען — מיט די לויפֿנדיקע וואַ־סער בולוואַרן. נישט בלויז דער ברייטער אַמסטל טייך, נאָר די צענדלי־קער אַנדערע קאַנאַלן, און איבער זיי די בריקן: בריקן פֿון פֿאַרשיידענעם אויסזען, כאַראַקטער און פֿאָרם, בריקן לויט די לעצטע נייקייטן פֿון טעכ־ניק און בריקן פּרימיטיווע פֿון מיטלאַלטער, הילצערנע און שאָקלנדיקע, וועלכע זענען געבליבן אין זייער צושטאַנד ווי אַנטיק שטיקער, ווי איינע פֿון די פֿילע מוזעאומס אין דער שטאָט.

און איבער די טייך־גאַסן פֿליען טשאַטעסווייז די מעוועס; לאָזן זיך אַראָפּ און הויבן זיך אויף; ציען נאָך די פֿאַרנדיקע שיפֿלעך — די שיפֿלעך־טאַקסעס און לאָדונגס־שיפֿן; שטעלן זיך אויף די דעכער פֿון די וואַסער־קראָמען און וואוינונגען, וואָס זענען צוגעאַנקערט צום ברעג. און דער ברעג איז נישט פֿאַרצוימט, נישטאָ קיין גרענעץ צווישן וואַסער־גאַס און יבשה־גאַס. עס זעט אויס, ווי ריזיקע מילטערס וואָלטן אַזוי געלעגן איבער דער שטאָט און געוואַרט אויף רעגן־וואַסער. און דער הימל טוט זיך דאָס זייניקע: רעגענען, רעגנט תּמיד. די זון איז אַ זעלטענער גאַסט, און דער שטראָל קושט זעלטן די איינוואוינער פֿון נידערלאַנד. און אפֿשר דערפֿאַר זענען די נידערלענדער אַזוי קאַלט און פּראַקטיש, און די פֿרויען אַזוי גרויס און מענעריש.

דער האָלענדער אונטערשיידט זיך נישט שטאַרק פֿון ענגלענדער און אַמעריקאַנער, סיי אין זיין אויסזען און סיי אין זיין וואוקס: הויכע און קרעפּטיקע, בלאָנדע און געזונטע. ער איז נאָר נישט אַזוי אָנגעצויגן און

שטייף, ער איז מער צוגעלאָזן און פּשוט. די גוטמוטיקייט זיינע, איז ווי ביים דייטש, ביי אַ קריגל ביר. די אַרבעטזאַמקייט פון אַן אַמעריקאַנער און די גייציקייט פון הערשן און באַהערשן, ווי ביים ענגלענדער.

אַ פאָלק פון אַכט מיליאָן און הערשט איבער 50 מיליאָן. נאָך ענגלאַנד איז האָלאַנד די צווייטע, וואָס האָט אריינגעדרונגען אין ווייטן אינדיע און געוועלטיקט מיט מאַכט און פויסט. אַ פאָלק, וואָס האָט ביי זיך אין היימ־לאַנד אלע פרייהייטן, קאָן אזוי אונטערדריקן און עקספּלואַטירן. אָן ליאַרם דערדריקט זי און מאַכט אונטערטעניק די 50 מיליאָן איינוואוינער פון ווייטן, ווייטן מזרח — אינדאָנעזיע.

אַמסטערדאַם, די שטאָט, צירט זיך באַשיידן, נאָר פון דער באַיישדנקייט שרייט ארויס די מעטראָפּאָליע און דער פאַרנעם. אַסמטערדאַם פאַרמעסט זיך מיט וועלט־שטעט; אירע אַכט־הונדערט־טויזנט איינוואוינער פילן אָן די גאַסן; דער אויטאָמאָביל־פאַרקער איז דאָ נישט אַזוי שטאַרק, ווי ערגעץ אַנדערש, דערפאַר דער ביסיקלעט, דאָס רייט־וועגעלע פאַרנעמט גאָר, גאָר אַן אַנגעזען אָרט. יונג און אַלט, מאַן און פרוי פאָרן אויף די רייט־וועגע־לעך, טשאַטעסוויז, מחנותוויז· אויף אַכט מיליאָן איינוואוינער, איז דאָ דריי מיליאָן ביסיקלעט־פאָרער. דער האָלענדער איז שפּאָרזאַם און ר׳וועט נישט אָוועקגעבן עטלעכע מאָל אין טאָג צו 12 סענט דער טראַמוויי קאָמ־פּאַני, נישט דער באַן און נישט דעם אויטאָבאָס. מיט זיין רייט־וועגעלע שטופּט ער זיך דורך די ענגע, די שמאָלע געסלעך פון אַלט־אַמטסערדאַם, ער לויפט מיט געשיקטקייט און גאַלאָפּ האַרט ביים ברעג, אַ פּאָר סענטי־מעטער אָפּגערוקט פו וואַסער. ער יאָגט זיך איבער די וועגן פון איין שטאָט אין דער אַנדערער, ער איז געניט אויף די צוויי רעדלעך, ווי דער מעקסי־קאַנער אויפן פערד. גאַראַזשן פאַר אויטאָמאָבילן איז פאַראַן ווינציק, אָבער גאַראַזשן פאַר די רייט־וועגעלך — פיל, אויף יעדער גאַס, אויף יעדן פּלאַץ און דורכגאַנג.

אמסטערדאם מאַכט אַן איינדרוק פון אַ שטילער שטאָט, אָבער מען פילט דעם אָטעם פון אַ מעטראָפּאָליע. אַ טאָג־לעבן, אַ נאַכט־לעבן, גע־שעפטן אויפן גרויסן אופן, מאַגאַזינען פון ערשטקלאַסיקן לוקסוס, פאַבריקן און וואַרשטאַטן. די ברילליאַנטן־בערזע איז שוין לאַנג נישט דאָס, וואָס געווען, כאָטש אַמסטערדאַם איז דאָך אין אַלע צייטן געוועזן די הויפּט־צושטעלערין פון דיאַמאַנטן־שטיינער פאַר דער וועלט. אין בוידעם־שטיב־לעך, אין קעלערס, אין וואַרשטאַטן זענען טויזנטער, טויזנטער אַרבעטער געזעסן ביי די שלייף־רעדער און געשליפן דעם דיאַמאַנט און ווי דורך כשוף

אַרויסגעקראָגן פֿון געלן, פֿאַראיילטן, פֿאַרפֿלעקטן שטיינדל, די לעבעדיק־סטע פֿייערן. אין דער רויטער ציגל־געביידע, אין דער בריליאַנטן־בערזע, שמײַען אַרום די פֿאַרקויפֿער און זייערע מעקלער. מען קומט פֿון אַלע עקן וועלט, מען קויפֿט און מעקלערט, און ווייל דער מסחר איז כמעט אַ יידישער, פֿון אַלע צייטן אָן געווען, איז דער האַנדל אויך אַ יידישלעכער. בפֿרט נאָך, ווען די יידן פֿון פוילן, פֿון גאַליציע, וועלכע האָבן דעם האַנדל אַנטוויקלט אין אַנטווערפּן פֿאַר דער מלחמה, און האָבן דעם אַנטווערפּענער מאַרק אַריבערגעטראָגן קיין אַמסטערדאַם אין צייט פֿון מלחמה, האָבן דאָ, ווי אין אַנטווערפּן, דעם האַנדל געפֿירט יידישלעך. עס האָט זיך צונויפֿגעפּאָרט די האָלענדיש־יידישע, שטרענגע פֿרומקייט און אויסערלעכע אַסימילאַציע, מיט דער מזרח־אייראָפּעאישער יידישער באַוועגלעכקייט און ספּעציפֿיש יידישער אייגנאַרטיקייט. עס איז געשאַפֿן געוואָרן אַ שיכט, אַ טיפּ פֿון דעם נייעם דיאַמאַנטן־האַנדל, מיט אַ יידישער האַנדלס־שפּראַך, מיט אייגנאַרטיקע יידישע מנהגים, מיט ספּעציפֿיש־יידישע תנועות און העוויות.

די האָלענדישע יידן, דהינו, די פּאָרטוגעזער און אויך דייטשן, וואָס קוקן קרום אויף זייערע „אָסט־ברידער", האָבן פֿונדעסטוועגן איבערגענומען די תנועות אין האַנדל. מען האָט זיך אויסגעלערנט דאָס ביסל יידישע ווער־טער, וואָס זענען געוואָרן, ווי אַ קאָדעקס אינם מסחר; די באַזונדערע האַנ־דלס־עטיק, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער יידישער פֿאַקסטימלעכקייט. ווי למשל: דאָס גאַנצע געשעפֿט, די טראַנזאַקציע, וואָס ווערט געשלאָסן אין די טויזנטער, טויזנטער גילדנס, באַשטייט נישט אויף פּאַפּירן, אונטערשריפֿטן, וועקסלען אָדער טשעקן. — בלויז איין וואָרט: „מזל ברכה" און דאָס גע־שעפֿט איז געשלאָסן און קיין חרטה איז נישט גילטיק. טאָמער אַ סיכסוך, און מען גייט אין געריכט, פֿרעגט דער ריכטער, צי מען האָט געזאָגט „מזל ברכה" בשעת דעם קנין? און אויב עס איז דאָ עדות, אַז איין צד האָט עס געזאָגט, און דער צווייטער האָט געהערט דאָס וואָרט, איז עס נאָך בעסער, ווי אַן אונטערשריפֿט און ס׳איז געזעצלעך...

דאָס ביסל גויים, וואָס זענען אַריינגעטאָן אין דאָזיקן מסחר, האָבן אי־בערגענומען די ווערטער, די יידישע און יידישלעכע. מען האָט מיר אין דער בערזע פֿאָרגעשטעלט עטלעכע סוחרים, עכטע האָלענדער, זיי האָבן מיט מיר גערעדט אַ פֿיינעם יידיש, קאָרעקט און אַקצענטירט, פֿיל בעסער, ווי די גאַליציאַנער, וואָס צעקוועטשן יעדעס וואָרט, און אוודאי און אוודאי

פֿיל בעסער ווי די האָלענדישע יידן, וואָס פֿאַרשטייען בכלל נישט קיין יידיש וואָרט.

דער ענין פֿון איבערנעמען יידיש אין דער האָלענדישער שפּראַך איז שוין נישט פֿון איצט, פֿון דער בריליאַנטן־בערזע. יידיש, אָדער די פֿאַר־יידישטע העברעאיזמען זענען גאַנץ שטאַרק פֿאַרטראָטן אין דער האָלענ־דישער שפּראַך. רעדנדיק מיט האָלענדער, סיי אין דער הויפּט־שטאָט סיי אין די קליינע שטעטלעך, אָדער צווישן די פּאַרמער, דאַכט זיך, אַז עפּעס האָט מען דאָ צו טאָן מיט אַ נאָענטן שפּראַך־שבט צו יידיש. שוין אויף דער באַן, האָב איך זיך אָנגעשטויסן אויף דעם. מיין באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ הינטער־שטאָטישער סטאַנציע אין אַמסטערדאַם. איך פֿרעג זיך ביי אַ שכן, וואָס זיצט לעבן מיר, צי דאָס איז שוין אַמסטערדאַם? איך ווייז אים דעם אַדרעס, זאָגט ער מיר:

— דאָ איז צו פֿרי אַראָפּצוגיין, איר מוזט פֿאָרן אין... מקום־אַלף. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס ער מיינט מיט דעם העברעאישן אויסדרוק „מקום אלף״, און ער האָט מיר דערקלערט: מקום אַלף, מיינט מען אַמ־סטערדאַם צענטראַל, דעם צענטער פֿון שטאָט. איך האָב אים געפֿרעגט, צי ער איז אַ ייד, עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיינע אבות אבותינו זענען קיין יידן נישט געווען. איך האָב שפּעטער אין שמועס צווישן מענטשן גאַנץ אָפֿט געהערט פֿאַרשיידענע יידיש־העברעאישע אויסדרוקן, ווי אַ טייל פֿון זייער לשון, און אַז אַמסטערדאַם ווערט אָנגערופֿן „מקום״, און דער פּאָסט־טרעגער ווייסט עס אין אַמסטערדאַם.

עס איז קיין ספק נישט, אַז דער גרויסער יידישער צענטער, וואָס האָט זיך געפֿונען אין אַמסטערדאַם, ספּעציעל אין 16טן יאָרהונדערט, האָט אַוועקגעלייגט אַ באַזונדערן אייגנאַרטיקן שטעמפּל אויף דער שטאָט, און עס האָט געהאַט אַ ווירקונג אויף אירע איינוואוינער. דאָס ביסל יידישע ווערטער איז אַ טייל פֿון דער ווירקונג. דעם איינפֿלוס זעט מען היינט אין טעגלעכן, אין פּראַקטישן לעבן. צען פּראָצענט פֿון אַלע שטאָט־איינוואוינער זענען יידן, האָלענדישע פֿון פּאָרטוגעזישער און דייטשער אָפּשטאַמונג. און אפֿשר צוליב די צען פּראָצענט יידן, איז אַמסטערדאַם, די מעטראָפּאָליע פֿון נידערלאַנד, דער שטאָלץ פֿון האָלאַנד, די שטאָט, וואָס איז ווי אַ קינדער־מעשהלע פֿון אַן אַלטן, אַלטן ספֿר אַרויס.

אַמסטערדאַם, די שטאָט פֿון רעמבראַנדט און שפּינאָזע, הייסט גאָר: מקום אַלף!...

## „יאָדנשטאָט"

מען דאַרף נישט לאַנג זוכן אין אַמסטערדאַם דעם זכר פֿון אַמאָליקן און פולס פֿון איצטיקן יידישן לעבן.

מען זעט עס גלייך: די געטאָ שווימט אַנטקעגן, דאָס בילד אַנטפּלעקט זיך. ס'איז דער זעלבער ייד, ווי אין וואַרשע, נאָר מיט אַן אַנדער לשון, און במילא מיט אַנדערע באַגריפֿן. די אַסימילאַציע פאַרט זיך דאָ נישט, ס'איז די גלות־געשטאַלט, אָן אינערלעכן שטאָלץ. ער, דער ייד, איז נישט אַסימילירט, נישט אויסגעמישט, ער איז אין דער מיט — נישט אַהין און נישט אַהער.

די יידישע געטאָ האָט נישט געביטן איר פּנים פֿון אַמאָל, אין מיטל־אַלטער. די זעלבע יאָדענהאַם און יאָדענסטראָט, די ברייטע יאָדענגראַכט, און צענדליקער אַנדערע גאַסן און געסלעך, וואָס טראָגן אויף זיך אויפֿ־שריפֿטן, וואָס הויבן זיך אָן מיטן וואָרט „יאָדען", וואו עס האָבן געלעבט און לעבן נאָך טיילוויז היינט אין זעלבן מצב די איינגעוואַנדערטע פֿון שפּאַניע און פּאָרטוגאַל, און... די איינגעוואַנדערטע פֿון פוילן, פֿון זעכ־צנטן און צוואַנציקסטן יאָרהונדערט.

אַרום נײַנציק טויזנט זענען זיי אין צאָל, די האָלענדישע יידן, די איינ־געבירגערטע און פֿאַרפֿונדעוועטע. אָבער נישט פֿאַר יעדן איז דער פֿונ־דאַמענט גלייך. אין מלחמה־צייט האָבן די גאַליצישע יידן פֿון אַנטווערפּען אומגעקערט אַמסטערדאַם איר הויכן אָנזען אויף דעם וועלט־מאַרק פֿון ברי־ליאַנטן־האַנדל, איז אַנטווערפּען געבליבן ווי אָפּגעשטאָרבן. האָט די בעל־גישע רעגירונג געשיקט שליחים צו די יידן אין אַמסטערדאַם און זיך געבעטן:

„קומט צוריק קיין אַנטווערפּען, די בערזע איז ליידיק און דער מאַרק איז וויסט!" און ווײַבאַלד, אַז די מלוכה בעט צוריק, איז מען געגאַנגען. די וואַלוטע אין בעלגיע איז אַ קליינע. פֿאַר איין האָלענדישן גילדן, קריגט מען שיר נישט 15 בעלגישע פֿראַנק. האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז מען קאָן דאָרט, אין בעלגיע, קריגן ביליקערע אַרבעטס־הענט און טייערערע פּרייזן פֿאַר דער סחורה—האָט מען זיך צוריקגעפּעקלט. איצט זענען דאָ אין אַמסטערדאַם איינצלנע דימענט־שלייפֿערייען. די, וואָס אַרבעטן ביי דעם טייערסטן שטיין, די, וואָס שלייפֿן אוצרות צווישן זייערע פֿינגער, לעבן אין דער גרעסטער אָרעמקייט — אַזוי דאָ און אַזוי אין אַנטווערפּען.

די אַלטע יידישע גאַסן שטעלן מיט זיך פֿאַר נעסטן פֿון אָרעמקייט

און שמוץ, אָפּגעריסנקייט און חושך. די הייזקעס האַלטן זיך קוים, ווי גע־קלאַמערט מיט די לעצטע כוחות איינס אָנם אַנדערן. שולן און שולן, יעדער לאָדן האָט עפּעס וואָס צו דערציילן, און יעדע שוועל האָט עפּעס וואָס צו זאָגן. דער האַנדל גייט מיט אַלט אייזן און הערינג, בלומען און פֿישלעך. שבת איז שטיל, פֿאַרהאַמערט, פֿאַרקלאַפּט. די מלכה שבת שפּאַ־צירט איבער די ברודיקע גאַסן און איז זיך טובל אין די דורכלויפֿנדיקע אָפּענע קאַנאַלן, וואָס זענען גראָד נישט אַזוי ציכטיק און קרישטאָל־ריין...

די אַלטע הייזקעס וואָשן זייערע פֿונדאַמענטן אין אָט די קאַנאַלן. שטייען דאָרט ווי „ביז איבער די קני״ אין וואַסער. דאָרט שווימען אַרום העלצער, פֿעסלעך, און שלאָגן זיך אָן ביי די פֿאַרקלאַמערטע טירן.

אַ גאַנצע וואָך זיצן די באַלמעלאָכעס ביי זייערע וואַרשטאַטן אין אַזעל־כע מיני אינקוויזיציע־קעלערן, עפּעס אַ צוגעבוי צו זייערע הייזלעך, נידע־ריק, אַז מען קאָן דאָרט נישט שטיין, נאָר זיצן. ביי דעם קליינעם שוסטער־טישל, אויף דעם קיילעכדיקן בענקעלע, קלאַפּט מען אויס אויף דער פּאָ־דעשווע די וואָך־פּרנסה — אָט אַזוי ווי דער הענדלער אויפֿן מאַרק שרייט אויס מיט אַ הייזעריקן קול דעם טאָג חיונה·

איבער די פֿענצטער פֿון די יידישע קרעמלעך מערקט זיך דער אויפֿ־שריפֿט „אָרט״. דאָס איז דער טייטש „אונטער ראַבינאַט־אויפֿזיכט״, דאָס וואָרט „כשר״ איז נישט געענוג און נישט מאָסגעבנדיק. און דער ראַבינאַט איז אַ מאַכט, איז אויטאָריטעט און הערשט איבער די ניינציק טויזנט יידישע נפֿשות.

און די ניינציק טויזנט יידישע אײַנוואוינער האָבן אויך אַ מאַכט און אַ דעה איבער דער שטאָט. — פֿון די פֿיר שטאָט־באַלעבאַטים זענען דריי — יידן — זאָגט עס די באַפֿעלקערונג אין אַ גוטמוטיקן טאָן.

און די דריי פֿון די פֿיר שטאָט־באַלעבאַטים האָבן זיך דאָס גענומען מאָדיפֿיצירן די געטאָ. אַ ביסל אויסלופֿטערן דעם דלות, עטוואָס ליכטיקער מאַכן דעם חושך. אַ נייע געטאָ איז אויפֿגעשטעלט געוואָרן, מיט מאָדערנע הייזער, מיט ברייטערע גאַסן, מיט נייע און שיינע וואַסער־טעראַסעס, מיט ברייטע פֿענצטער און הויכע טירן, און דאָרט אַהין האָט מען אַריבערגע־טראָגן דעם יאָדנשטאָט.

וואוינט דער יאָדנשטאָט איצט אין נייע, אין מאָדערנע, אין באַקוועמע גאַסן און לאָקאַלן, נאָר דער האַנדל גייט אָן דאָ, אויף אַלט יאָדענהאַם.

זונטיק, ווען איבער גאַנץ „מקום״ — אַמסטערדאַם, זענען די געשעפֿטן צו, איז דאָ אָפֿן. און דער האַנדל גייט אָן אין פֿולן ברען. קומען די האָלענ־

דער אַהער, קומען קויפן פרישע איינקויפעכצן. מען קומט אויפן רייט־וועגעלע און אויף דעם אויטאָמאָביל. מען קומט צופוס, מען האַנדלט און מען דינגט זיך, און מען קויפט מציאות אונטער דער אויפזיכט פון ראַבינאַט.

## קאָנסערוואַטיווע יידישקייט

די גרויסע פּאָרטוגעזישע שול איז נאָך ביז היינטיקן טאָג דער שטאָלץ פון דער פּאָרטוגעזיש־יידישער קהילה. אַ הויכער בנין, שוואַרץ־רויטע ציגל, אָן באַזונדערע באַפּוצונגען אָדער אָרנאַמענטן. נישטאָ דער פּאָלקס־טימלעכער חן און די אייגנאַרטיקייט פון די אַלטע שולן. עס קאָן אויס־זען ווי אַ שפּייכלער, אָדער — אַ קאַזאַרמע. די שול, געבויט אין דער צווייטער העלפט פון זעכצענטן יאָרהונדערט, איז נאָך פעסט און שטאַרק און היבשלעך פריש אין איר אויסזען.

אינעווייניק שטעלט זיך שוין דאָס בילד אַנדערש פאָר. אויך דאָ איז נישט פאַראַן קיין ספּעציפישעס, וואָס מען איז געוואוינט צו זען אין שולן — ווי, בכלל, אין בנינים מיט אַ האַלבן טויזנט יאָר צוריק. אַזוי בויט מען אַ שול היינט, פּראַקטיש און באַקוועם. נאָר, וואָס די שאָטנס פונם מיטל־אַלטער האָט מען איבערגעלאָזט די הענגלייכטער, די רערן, דריי־הונ־דערט און עטלעכע און זעכציק ליכט ברענען דאָרט בעת אַ שבתדיקן דאַווע־נען. נישט קיין נאַפט־לאָמפּן, נישט קיין גאַז און עלעקטרע, בלויז ליכט פון חלב, געלע פלעמלעך ברענגען גרוסן פון דעם ווייטן אַמאָל.

אין מיטן דער שול, איז פאַראַן אַ פּלאַץ, וואָס חוץ אַ ספרדישער ייד, טאָר זיך דאָרט קיינער נישט געפינען· קיין אשכנזי טאָר דאָרט נישט דאַווענען, אויב ער קומט בכלל אין דער שול אַריין. די שול איז אַרומ־גענומען מיט אַ דיקער מויער ווי אַ פעסטונג. עס האָט, נאַטירלעך, געדינט פאַר אַ שוץ־וואַנט, אַ פעסטונג אין די צייטן פון די קרייץ־צוגן און אַנדערע אָנפאַלן. די פעסטונג־מויער האָט אין זיך אַ גאַנצע ריי בנינים, וואוינונ־גען פאַר די כלי־קודש און באַדינער. דאָרט געפינט זיך אויך אַ גרויסע „יידישע״ ביבליאָטעק און סעמינאַר.

צוויי גאַנץ ענגע צימערן פון ברוינעם האָלץ מיט אַ פענצטער, די ווענט באַשטייען פון בלויז ספרים, אין אַ גאַנץ גוטער אָרדנונג, צעשטעלט און אָפּגעהיט. אַ גאַלעריע עין־יעקבס, משניותן, שולחן־ערוכס, פון פאַר־שיידענע דרוקן און לויט פאַרשיידענע נוסחאות. לויט השערות — האָט אין דער ביבליאָטעק ברוך שפּינאָזאַ געזאָלט מאַכן זיינע שטודיעס.

און עס קאָן זיין, אַז דאָ ביי די טישן, הגם, די ביבליאָטעק איז אין די לעצטע צענדליק יאָר איבערגעפּירט געוואָרן, האָט ער געשריבן אַ טייל פון זיין טראַקטאַט. מען דערציילט, אַז נישט ווייט פון דער שול, אַ פינף מינוט גאַנג, האָט שפינאָזאַ געוואוינט. מען האָט מיר טאַקע אָנגעוויזן אויף אַן איינשטאָקיק, געמויערט הויז, מיט אַ טויער־אַריינגאַנג, ווי צו אַ הייל, אָט אָ דאָ, אויף דער היינטיקער וואַטערלאָ־פּליין, האָט ער געוואוינט. דער ביבליאָטעקאַר לייקנט עס קאַטעגאָריש אָפּ. ברוך שפינאָזאַ, וועלכער איז געבליבן אַזאַ ליכטיקער סימבאָל פאַר דער וועלט, ליגט נאָך אַלץ אין... חרם ביי דער פּאָרטוגעזישער, יידישער קהלה. דער שאָטן פון שוואַרצע ליכט איז נאָך נישט אָפּגעטאָן פון שפינאָזאָס אָנדענק, ביי אָט די יידן. און עס וואָלט געווען אַ „חרפה" פאַר זיי, זיי זאָלן צוגעבן, אַז דער גרויסער אַפּיקורס איז געווען אַן אַריינגייער אין זייער ביבליאָטעק.

ווען דאָס וואָלט זיך אַפילו אַרויסגעוויזן פאַר אמת, וואָלט מען אויך יעדן שפור דערפון פאַרווישט.

אָט אַזוי זענען אויך פאַרווישט געוואָרן די שפּורן פון דער באַזונדע־רער, וויכטיקער ראָל, וואָס יידן האָבן געשפּילט אין דער נידערלענדישער מלוכה. פאַר דעם ביסל פּערזענלעכער פרייהייט, האָבן זיי טייער באַ־צאָלט. נישט איינמאָל האָבן די פּאָרטוגעזיש־שפּאַנישע יידן אַרויסגענומען די רעגירונג פון אַ פאַרלעגנהייט... איצט, קיין אַנטיסעמיטיזם איז נישטאָ, נאָר אין די גרויסע געשעפטן, האַנדלס־הייזער, אונטערנעמונגען, לאָזט מען קיין יידן נישט אַריין, קיין יידישע אָנגעשטעלטע נעמט מען נישט צו.

דער קאַטאָליציזם איז דער הערשער פון לאַנד. הגם, אָפיציעל איז די הערשנדיקע רעליגיע די פּראָטעסטאַנטישע, און די קעניגין איז אַ פּראָ־טעסטאַנטין, דאָך ווערט נישט נאָר דאָס פּאָליטישע, נאָר אויך דאָס עקאָ־נאָמישע לעבן אין לאַנד, קאָנטראָלירט פון די קאַטאָליקן.

דאָס קאָנסערווירטע יידישקייט ווערט ביסלעכווייז אויסגערונען. די געמישטע חתונות זאָגן עדות דערויף.

מיך האָט אינטערעסירט דער דאָזיקער איבערלייב אין יידישן לעבן, די אייניקלעך פון די קדושים. איך האָב געוואָלט דערגיין זייער איצטיקע אָנגעהעריקייט צום פולסירנדיקן יידישן לעבן, און עס נישט דערגאַנגען.

איך בין געווען ביי זייערס אַן אונטערנעמונג פון אַ קולטור־אינסטיטו־ציע — אַ כאָר. בלויז מענער זינגען דאָרט. די לידער: קאַפּיטלעך תהילים, שיר השירים און אויסצוגן פון תנ"ך. דער בשמים־ריח פון מיטל־אַלטער גייט זיי נאָך.

דער פּאָרטוגעזישער ייד איז אינגאַנצן אַ קעגנזאַץ צו דעם „האָך־דייטשן יודע״. דער „האָך־דייטשער״ איז דער אַריסטאָקראַט, דער יחסן, דער רייכער, גרויסער געשעפֿטס־מאַן און דער איינפֿלוסרייכער מענטש. דער פּאָרטוגעזער איז די מאַסע — דער „נידעריקער״ קלאַס. די הענדלער אויף די מערק, די שטעלן־שטייער, די אויפֿקויפֿער און פֿאַרקויפֿער פֿון אַלט־אַייזן און שמאַטעס, דאָס זענען פּאָרטוגעזער. זייערע טעכטער פֿילן אָן די וואַרשטאַטן און זייערע זין — די פֿאַבריקן. נאָר צום באַדויערן, ווי אָפּ־געשטאַנען און צוריקגעשטאַנען. דאָס אַרבעטס־קינד פֿונעם פּאָרטוגעזישן אָפּשטאַם ווייסט נישט פֿון קיין אָרגאַניזאַציעס און פֿאַראיינען, עס זענען אים פֿרעמד די גרויסע אידעאַלן, וואָס העלן אויף אין די אַרבעטער־רייען. דאָס פּאָרטוגעזיש־יידישע קינד איז פֿרום און צרויקגעהאַלטן, באַגנוגנט זיך מיט וואָס עס לאָזט זיך און איז געטריי, פּאַטריאָטיש. זיי זענען אַנטציקט פֿון זייער פֿאָטערלאַנד און באַגייסטערט פֿאַר זייער קעניגין ווילהעלמינא.

---

אין אַ קיילעכדיקן געבוי, וואָס טראָגט דעם נאָמען וואַג־בינין, וואָס אַמאָל איז עס געווען דאָס צעך־הויז פֿאַר האַנטווערקער און איז איצט אַ קליינער מוזיי, געפֿינט זיך אין צוויי קליינע חדרימלעך דער יידישער, היס־טאָרישער מוזיי.

דאָס, וואָס עס איז געבליבן פֿון דער גרויסער עפּאָכע, פֿון די „גאָל־דענע״ צייטן, זענען: פּרוכתן און מענטעלעך, עץ־חיימס, בשמים־ביקסן און אָן אַ שיעור רבנישע טאַבאַק־פּושקעס, אתרוגים־האַלטערס, לולבים און פֿינגערלעך פֿון רבנים. עס זענען דאָ גאַנץ אינטערעסאַנטע עקספּאָנאַטן: מעדאַלן און קמיעות, פֿאַרשיידענע מגילות, געשריבענע און געצייכנטע, די מערסטע פֿון זעכצנטן יאָרהונדערט.

אין אַ באַזונדערער אָרדנונג זענען אויסגעלייגט די מילה־מכשירים, וואָס פֿאַרנעמען אַ וויכטיקן אָרט. אַ חוץ דעם כסא־של־אליהו ביי ברית־מילה, מיט אויסגראַווירונגען פֿון די מילה־ברכות אין בראָנז, געפֿינען זיך אויך די קינדער־מלבושימלעך, וואָס מ׳האָט מיט זיי אויסגעשלייערט די קינדער צו ברית־מילה. דאַן קומען אַלערליי מעסערס און טעלערס.

עס קומען פֿאַרשיידענע מאָדעלן פֿון שולן און סוכות, ספֿירה־ציילערס און אַ שבת־אויוון, ווי אויך אַ שאַך־ברעט, אויף וועלכן מ׳האָט געמעגט שבת שפּילן אין שאַך. וואו מען קערט זיך, אַלץ אַלטע רעליגיעזע אַנטיקן, און צו די אַלטע קומען צו נייע פֿון זעלבן מין.

ווען אַ פֿרעמדער באַזוכט דעם יידישן היסטאָרישן מוזיי, דאַכט זיך

אים, אַז עפּעס אַנדערש איז אין יידישן לעבן נישט געוועזן און איז נישטאָ.

די רעגירונג זאַמלט אַלץ, וואָס האָט אַ שייכות צום יידישן לעבן פון אַמאָל. אָבער פּאַרלויפיק איז נישטאָ, ווער עס זאָל אַנווייזן אויף אַ יידיש לעבן פון היינט. אַזוי אַרום שאַפט זיך אַ שטיק יידישער גליוועור, דער גלי־וועור, וואָס ליגט ערגעץ אויף שול־בוידעמס צווישן שמות, האָט דאָ גע־קראָגן אַ וועלטלעכן אַנזען.

אַמסטערדאַם — די שטאָט, וואָס האָט ווייט און ברייט געקלונגען אין דער יידישער וועלט, די ערשטע יידישע דרוקעריי, דער גייסטיקער צענ־טער פון אַנטריינענע, דער נייער לעבנס־שטייגער און עקאָנאָמישער אויפ־בלי פון זעכצנטן, זיבעצנטן און אַכצנטן יאָרהונדערט, איז איצט צו וואָס דערפירט געוואָרן?

## נ י י ־ י י ד י ש

דער גורל האָט אַ זעץ געטאָן מיט אַ האַמער אין האַרץ פון יידישן לעבן און עס צעשפּריצלט, און די פונקען זענען זיך צעפלויגן אויף אַרבע פינות העולם. די יידישע עמיגראַציע, באַלד נאָך דער מלחמה, איז נישט נאָר געגאַנגען אין די ווייטע לענדער, איבערן ים, נאָר האָט זיך אויך אָפּ־געשטעלט דאָ, אין מיטל און אין מערב־אייראָפּע.

באַלד נאָכן אויסברוך פון... שלום, ווען די פייער־קנויטן האָבן זיך ערשט אין פוילן אָנגעהויבן צו צעברענען, זענען אין צווישן־צייט אַ סך אַרויסגעפאָרן. געפאָרן איז מען מיט דער דעה אַריבערצוכאַפּן זיך איבער דעם ים. האָלאַנד האָט געהאַט איינע פון די פּאָפּולערסטע פּאָרטן, דורך וואַנען מען האָט געזאָלט אָפּשווימען, ווער קיין אַרגענטינע און ווער קיין קאַנאַדע און נאָך ווער אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

פונם גרויסן שטראָם האָבן זיך איינצלנע אָפּגעשטעלט. סיבות — פון נישט קאָנען ווייטער פאָרן. האָט מען זיך אַרומגעזען, אַז אויך דאָ, אין נידערלאַנד, קאָן מען מאַכן אַמעריקע. דער עיקר — חשק צו דער אַר־בעט איז דאָ, און ביי וואָס צו פאַרדינען לאָזט זיך אויך געפינען. האָלאַנד איז נישט אריינגעטרעטן אין דער וועלט־מלחמה, פאַרקערט: דאָס קליינע לאַנד האָט נישט צוגעלייגט, מ'האָט פאַרדינט פון אַלע מלחמה־פירנדיקע צדדים. די שפע האָט דאָ געזונגען פון די גאַסן אַראָפּ, איז מען שוין דאָ גע־בליבן און זיך איינגעהויזט. דערצו נאָך, באַלד נאָך דער מלחמה, האָבן די יידישע קריגס־געפאַנגענע אין דייטשלאַנד נישט געקאָנט מער בלייבן. צוריקפאָרן איז נישט געוועזן נאָך וואָס, די צוקונפט פון מזרח־אייראָפּע האָט

אַנטקעגנגעשפּילט אויף אַ פֿידל אַן סטרונעס, איז אַ טייל פֿון זיי געגאַנגען קיין האָלאַנד.

פֿון דעמאָלט אָן הויבט זיך אָן דאָס קאַפּיטל פֿון נייעם ישוב. אָבער דאָס פּאַקטישע פּנים פֿון אַ יידישן צענטער, קריגט עס ערשט אין משך פֿון די לעצטע עטלעכע יאָר, דעמאָלט, ווען די שוין פֿון לאַנג איינגעוואָנדערטע האָבן גענומען „אַראָפּנעמען" זייערע קרובים, און מיט די קרובים זענען מיטגעקומען פֿריינט, און נאָך דעם איינצלנע מענטשן, און אַזוי האָט עס זיך „געצויגן", ביז די ציפֿער האָט אונטערגעצויגן דעם סך־הכל פֿון פֿיר טויזנט נפֿשות. און עד כאן.

און פּונקט ווי ערגעץ אַנדערש, אַזוי האָט אויך האָלאַנד אויפֿגעהאַנגען אַ שלאָס אויף דער טיר: „פֿאַר פֿרעמדע איז דער איינגאַנג פֿאַרבאָטן"! פֿאַר פֿרעמדע, מיינט מען פֿאַר אַרבעטער, וואָרעם פֿאַר סוחרים און טוריסטן זע־נען אָנגעגרייט די אַלע דריי און אַ האַלב הונדערט בריקן, וואָס שניידן דורך די שטאָט, זיי זאָלן קאָנען שפּאַנען און פֿריי זיך באַוועגן פֿון איין שטאָט־אָדער לאַנד־טייל אין אַנדערן.

די פֿיר טויזנט מזרח־יידן זענען האַרעפּאַשניקעס, אין דעם אָדער אַנ־דערן זין; מען אַרבעט שווער און מען מאַכט קוים אַ לעבן. בפֿרט נאָך די, וועלכע זענען אָנגעוויזן צו אַרבעטן ביי יענעם, און דער „יענער", וואָס איז אַליין אַן אימיגראַנט, האָט נישט צו געבן, איז טאַקע שלעכט, איז טאַקע ביטער אויך. און די אימיגראַנטן זאָגן:

— נאָך גוט, וואָס מען קריגט אַביסל פֿון דער אַרבעטס־פֿאַרזיכערונגס־קאַסע, די אַזוי־גערופֿענע אַרבעטסלאָזע־אונטערשטיצונג. דערווייל האָט נאָך האָלאַנד ביז איצט נישט געמאַכט קיין אונטערשייד צווישן אַ פֿרעמדן, אַן אַריינגעקומענעם, און אַן אייגענעם. דאָס אָרעמע שטיקל ברויט באַ־קומען אַלע, וואָס האָבן קיין אַרבעט נישט — גלייך. אָבער קעגן דעם קעמפֿט שוין איצט דער... האָלענדישער אַרבעטער, די סינדיקאַטן פֿון די סאָציאַל־דעמאָקראַטן, און וועלן עס מסתמא אויסקעמפֿן אויך.

די אָסט־יידן פֿון אַ גאַנץ יאָר — די סוחרים, די אַרויפֿגעאַרבעטע, די בעלי בתים, האָבן זיך זייער פֿאַראיין: „אָסט יידישער פֿאַראיין", און די אַרבעטער — איינע פֿון די שענסטע אינסטיטוציעס אין מיטן דעם וואָנדער־וועג — דאָס איז דער אַרבעטער קולטור־פֿאַראיין ש. אַנ־סקי.

אין אַ פֿאַרוואָרפֿענער גאָס, אין יידישן געגנט, איין, גאַנץ־ענגער צי־מער — דאָס איז די נעסט פֿון יונגן, פֿרישן און קעמפֿעריש־יידישן וואָרט.

אַכציק מיטגלידער, נאַטירלעך, צעטיילט אין פֿראַקציעס. דער גייסט פֿון דער אינסטיטוציע איז אַ פּראָגרעסיווער. דער כאַראַקטער — אַ דורכ־אויס אַרבעטער־אינסטיטוציע.

אַ שאַנק ביכער, פֿאַרלעזונגען, לעקציעס, אָוונטן. די אַרבעטער־יוגנט קומט אַהין, אין ש. אַנ־סקי פֿאַראיין, ווי צו זיך אַהיים, אין אַן אייגן ווינקל אַריין. — נייע צייטן, נייע קלאַנגען!

## די טויבן הונגערן אין װענעציע

ביים צוגאַנג צום סאַנט־מאַרקאָ־פּלאַץ שטייט אויף אַ הויכער קאָלומנע אַ געפֿליגעלטער לייב. דאָס איז דער סימבאָל פֿון דער שטאָט.

שוין דער סימבאָל איז אַ פּראָדוקט פֿון פֿאַנטאַזיע, פֿון קינסטלערישן איינפֿאַל. װענעציע בכלל, איז אַ פּראָדוקט פֿון געפֿליגעלטער פֿאַנטאַזיע, פֿון טראַציקייט און שטיפֿערישקייט. עס קומט דיר פֿאָר, אַז שוין מיט הונדערטער יאָרן צוריק, האָבן די בויער פֿון דער שטאָט פֿאַרויסגעזען, אַז די װענעצישע גאַסן װעלן נישט װיסן פֿון קיין ראָד, פֿון קיין פֿור, קיין אויטאָ, קיין טראַמוויי.

װענעציע איז די קרוין־שטאָט פֿון װאַסער־גאָט נעפּטון: װאַסער־גאַסן און װאַסער־בולוואַרן. דער טראַמוויי איז די שיף, דער עקיפּאַזש — די יאַכט. עס איז אוודאי ראָמאַנטיש און פֿאַנטאַסטיש אַ װענעציאַנישער פֿאַר־נאַכט, װען דער הימל און די „ערד", דאָס הייסט, ס'װאַסער, באַקומען איין פֿאַרב: בלוילעך־גרוי. די קופּאָלן פֿון די קירכן און פּאַלאַצן נידערן דאַן אַראָפּ מיט זייערע שאָטנס צו זייער אייגענעם צופֿוסנס. עס צעקלינגען זיך די גלעקער און עס צעזינגען זיך דאַן די גאָנדאָלע־רודערער. דערצו זענען נאָך די איטאַליענער מוזיקאַליש, און סתם זיך אונטערברומען אַ ניגון — הייסט ביי זיי נעמען אַ טאָן, אָנהויבן אַן אַריע פֿון „קאַוואַלעריאַ רוסטי־קאַנאַ". טראָגן זיך אַרום די גאָנדאָלעס גאַס־אַיין, גאַס־אויס, גליטשן זיך אַרויס פֿון הינטער די בריקן, שאַרן זיך ביי די פֿונדאַמענטן און פֿאַרשטאַרקן דאָס פּליעסקען פֿון די קליינע, צעבלוזעלטע כוואַליעס.

װענעציע איז אַ מעשהלע. אַ שטאָט — אַ מעשהלע, זייער שיין פֿאַר קינדער, נישט װייניקער שיין פֿאַר עלטערע. בפֿרט ביינאַכט, װען איבער דער גאַנצער שטאָט לאָזט זיך אַראָפּ אַזאַ צאַרטער שאָטן. די דאָזיקע פֿאַר־נאַכטן, װאָס הענגען אין די ראָד־טויערן, לאָזן זיך אַראָפּ איבער דער שטאָט, װי מיט גרין־גאָלדענע שפּינעך־פּיס. די רויטע סיגנאַלן װאַרפֿן דאַן בלו־טיקע שטערן איבערן װאַסער, עס צעשווימען די אָפּשיינען פֿון די רעקלאַ־

מע־שילדן, און אַ פֿאַרביקע סימפֿאָניע מישט זיך צונויף מיט די סערענאַדעס פֿון די גאָנדאָלע־רודערער. די נאַכט, דאָס וואַסער, די שאָטנס — דאָס אַלץ מאַכט זיי, די איטאַליענער, עפּעס דינער און אויסגעצויגענער. דו טראַכסט דאַן פֿון וואַסער־נימפֿן, וואָס קומען קאַפּויר פֿון דער בלויער טיפֿעניש, צי גאָר פֿון דעם געפֿליגעלטן לייב, וואָס וואַכט ביים דיקאַלאַ־טויער, דעם פּאַ־ראַדנעם צוגאַנג צו דער שטאָט.

גרויסע קאַפֿעען, הונדערטער טישלעך, אינמיטן דער „פּיאַצאָ" — קאַ־פֿע־אָרקעסטערס, סערענאַדעס, און אין די גאָנדאָלעס — אַריעס. שמאָלע געסלעך, וואָס זעען־אויס ווי שמאָלע טראָטואַרן, און דערצו דער געשטאַנק פֿון די קאַנאַלן. עס איז שוין פֿיל אָנגענעמער דער צעפּאַרעטער ריח פֿון צעשמאָלצענעם אַספֿאַלט, איידער דער ריח פֿון שטייענדיקע וואַסערן. אָבער ווענעציע האָט מען נישט געבויט פֿאַר אייגענער באַקוועמלעכקייט, נאָר פֿאַר אויסלענדישן גענוס. ווענעציע איז דאָס שעלמישע אויג, וואָס ווינקט צו דער עמאָציע־זוכנדיקער וועלט. מענטשן זענען גרייט אַ קורצע צייט אויס־צושמעקן דעם ריח פֿון די קאַנאַלן, אַבי זיי האָבן פֿאַרגעניגן. עס האָט זיך דאָ, אַ דאַנק די טוריסטן, געשאַפֿן דער טיפּ פֿון דעם „סוחר פֿון ווענעדיק". יאָ, דער סוחר פֿון ווענעדיק איז געביפֿט. ער מעסט אייך דורך און דורך, ער שאַצט אייך לויט דעם בערזע־ווערט פֿון אייער וואַלוטע. פֿאַר דעם ביסל באַוואונדערונג, פֿאַר דעם אייגנאַרטיקן געבוי און ספּעציעלן סטיל פֿון די הייזער, געסלעך און ברוקן, פֿאַר דעם שלל מיט טאַלאַנט, וואָס דורות קינסטלער האָבן דאָ אַריינגעלייגט, פֿאָדערט ער, דער „סוחר פֿון ווענעדיק" — צי דאָס איז דער רעסטאָראַטאָר, צי דער האָטעל־אייגנטימער, צי דער פֿירער און וועגווייזער — זיין שכר, זיין „טאַנטיעמע", און — דו מוזט עס באַצאָלן. ווייל — דו קומסט דאָך עפּעס קיין ווענעדיק. קומסט זען אַ פֿאַר־שטעלונג, באַוואונדערן אַ דעקאָראַציע.

ווענעציע, די שטאָט פֿון לוסט און פֿאַרגעניגן, בעטלט, גייט־איבער פֿון נויט און אָרעמקייט. אַ שטאָט, וואָס עקספּאָרטירט „שטימונג" אויפֿן וועלט־מאַרק, קאָן איצט, ביי דער היינטיקער שווערער לאַגע, ווייניק־וואָס האָפֿן אויף אַ גוטן מקח, בפֿרט, ווען די שווערד בלאַנקט איצט אין די הענט פֿון די פֿאַשיסטן, און דער ריח פֿון בלוט דעקט אַפֿילו דעם געשטאַנק פֿון די קאַנאַלן. די טוריסטן־וועלט האָט פֿיינט דעם ריח פֿון בלוט. האָט מען, קודם־כל, אויפֿגעהערט צו קומען קיין ווענעציע, און דערפֿאַר — וואו מ׳גייט און וואו מ׳שטייט, זעט מען דאָרט איצט בעטלער־קינדער. און די „סוחר־טעס" פֿון ווענעדיק, פּונקט, ווי זייערע פֿאַך־שוועסטער אין רוים, לויערן

נישט בלויז אַרום די טעראַסן פֿון ערשטקלאַסיקע קאַפֿעען, נאָר אויך אין די טונקעלע דורכגאַנג־געסלעך, אין די ווינקלען און הינטער די פֿליגל־ווענט פֿון אַלטע קירכעס.

אַפֿילו די טויבן, די טויזנטער און טויזנטער ווייסע און גרויע טויבן פֿון דעם קעניגלעכן „באַל־זאַל" — דעם סאַנט־מאַרקאָ־פּלאַץ, אויך זיי, די טויבן, וואָס זענען אַזוי צוגעוואוינט צו די טוריסטן, זענען פֿאַר עטלעכע קאָרן־קערנדלעך גרייט זיך צו לאָזן פֿאָטאָגראַפֿירן מיט די אויסלענדער — די דאָזיקע טויבן פֿלאַטערן איצט אַרום פֿאַרוואונדערט... מען קאָרמעט זיי נישט מער... די מיידלעך, וואָס שטייען מיט שקאַרמיצן עסנוואַרג פֿאַר די טויבן, חידושן זיך נישט: נישטאָ ווער עס זאָל געבן צו לייזן. און די טויבן פֿליען־צו מיט געבעט און חידוש, זיי פֿרעגן זיך אוודאי אויף זייער וואָרקענדיקן טויבן־לשון:

— וואָס איז עפּעס אַזוי פֿויל אין ווענעדיק?

און די סוחרים ענטפֿערן אויף זייער שטום־לשון:

— יאָ, עפּעס איז פֿויל אין ווענעדיק...

---

## לייבעלע ווערט אַ פֿאַשיסט

לייבעלע, דער העלד, וואָס איך באַשרייב דאָ, איז געבוירן אין איטאַליע, אין דער שטאָט פֿירענצאָ. זיינע זיידע־באָבעס פֿון דער מאַמעס צד זענען עכטע, פֿון דור־דורות איטאַליענער. זיין מאַמע איז אויך אַן איטאַליענערין. בלויז דער פֿאָטער זיינער איז אַ ייד פֿון קאָוונע און דערפֿאַר אפֿשר הייסט לייבעלע — לייבעלע.

לייבעלעס טאַטע, דער קאָוונער יונגערמאַן, איז געקומען קיין איטאַליע דאַן, ווען דער פֿאַשיזם איז נאָך נישט געווען, ווען מענטשן האָבן געקאָנט פֿריי און אומגעשטערט אַרויסזאָגן זיך וועגן אַלץ, וואָס זיי האָט געקוועלט; מען האָט געקאָנט לייענען צייטונגען און ביכער, וועלכע מען האָט געוואָלט. די שטייף־קריצער פֿון טורין, אָט פּונקט ווי די טעקסטיל־וועבער, צוגלייך מיט די שיפֿס־בויער און מאַרמאָר־האַקער, האָבן פֿריי און אָפֿן געזונגען די לידער פֿון זייער נויט און האָפֿענונג, פֿון זייער קנעכטשאַפֿט און קאַמף.

לייבעלעס פֿאָטער, דער יונגערמאַן פֿון קאָוונע, איז געקומען דאָ אַהער, אונטער די הימלען פֿון איטאַליע צו שטודירן, זיך לערנען. ער האָט געהערט צו דער גרופּע סטודענטן, וואָס האָבן געמוזט, צוליב נויט און פֿרייהייטס־באַגרענעצונג, אויסוואַנדערן פֿון זייער היימלאַנד. דאָ, אין איטאַליע, צווערשט אין רוים, דערנאָך אין פֿלאָרענץ, האָט לייבעלעס טאַטע, דאַן נאָך

גאָר יונג, געענדיקט זיין שטודיום און זיך געגרייט צו גיין אין דער וויטער וועלט אַריין.

ווי עס טרעפֿט מיט סטודענטן, וואָס לערנען אין דער פֿרעמד, וואויבען זיי אין געדונגענע צימערן ביי פֿרעמדע מענטשן, אַמאָל גוטע און אַמאָל נישט קיין גוטע. לייבעלעס פֿאָטער, וואָס האָט דאַן אַלס סטודענט, ווי היינט אַלס מאַטעמאַטיקער, זיך גערופֿן איזראַעל, האָט אויך געוואוינט אַלס סוב־לאָקאַטאָר ביי אַ פֿאַמיליע פֿון דור־דורות איטאַליענער.

אַזוי שטייט געשריבן אין די ראָמאַנען, אָבער אַזוי טרעפֿט זיך אויך אין לעבן. ביי דעם סטודענטס באַלעבאַטים איז געווען אַ טאָכטער, — אַן עכטע שוואַרץ־אויגיקע, ראָמאַנישע טאָכטער, מיט האָר, וואָס זענען אַזש בלוי פֿון שוואַרצקייט און אַ פּנים טונקל־געברוינט, געקושט פֿון דער זון. זי האָט אַזוי פֿיל געוואוסט וועגן יידן, ווי די היינטיקע איטאַליענישע יידן וועגן... יידישקייט. נאָר דער „עבראַ"־סטודענט, גראָד דער בלאָנדער יונ־גערמאַן פֿון ליטע — זייער סובלאָקאַטאָר — איז איר געפֿעלן. דאָס זעל־ביקע האָט געמוזט זיין פֿאַרקערט אויך. איזראַעלן האָט זיך שוין נישט געגלוסט אַוועקצופֿאָרן, און ס'איז געקומען די צייט, ווען דער פֿאָטער פֿונם מיידל, סעניאָר אומבערטאָ פּ., האָט אַרויפֿגעלייגט זיין האַנט אויף איזראַעלס אַקסל און אַזוי געזאָגט:

— האָסט דאָ, אין טייערן איטאַליע, דיינע שענסטע עטלעכע יאָר פֿאַר־בראַכט. ס'איז אמת, אַז דו האָסט ווי, אַלע אייערע, געהונגערט אונטער אונדזערע בלויע הימלען, אָבער אויך אונדזערע אייגענע זין הונגערן. איך ווייס נישט, וואָס דיך דערוואַרט דאָרט, אין דיין פֿאָטערלאַנד, נאָר דאָ לאָזסטו מסתמא איבער אַ שטיק האַרץ. און אויב דו וועסט עס לייכט פֿאַר־געסן, ווי די טבע איז פֿון אַ מאַנסביל, וועט עס אָבער מיין טאָכטער, ראָ־זאַלינאַ, נישט פֿאַרגעסן. אַזוי זענען זיי, די איטאַליענישע מיידלעך. דע־ריבער, אויב דו האָסט דאָרט נישט געלאָזט קיין ווייב אָדער קיין כלה, פֿאַר־בלייב דאָ. צווישן העכער פֿערציק מיליאָן וועסטו אויך נישט פֿאַרהונגערן. און פֿרייהייט האָסטו דאָ מער ווי דאָרט, סערענאַדעס און בלויע נעכט, פֿאַרב פֿון אָנגעצונדענע בערג זענען דאָ מער ווי אומעטום!...

האָט איזראַעל אויסגעהערט די רייד פֿון דעם, פֿון דור־דורות איטאַ־ליענער, און כאָטש יענער האָט שוין מער גאָרנישט געזאָגט, נאָר געוואָרט מיט אַ שמייכל אונטער די דיקע וואָנסן, האָט ער פֿאַרשטאַנען, אַז די רייד זענען פֿון וועגן דער שיינער ראָזאַלינע, דאָס צאַרטע מיידל מיט די פֿלאַמען אין די אויגן און מיט חלומות אַרום די ליפּן. האָט איזראַעל נאָך מער

אַראָפּגעזונקען דעם קאָפּ, און דאַן האָט דער פֿאָטער, סעניאָר אומבערטאָ פֿון פּירענזאָ, פֿאַרקנסט זיין טאָכטער, סינאָרינאַ ראָזאַלינאַ, מיט ישראל ג., רב נחומטשעס פֿון קאָוונע. און אַזוי ווי דאָס יונגע פּאָר זענען מאָדערנע מענטשן, איז מען נישט געגאַנגען נישט צום ראַבינער און נישט צום גלח, בלויז נאָר אַ ציוויל־שריפֿט פֿון אַמט, וואָרעם דעמאָלט איז נאָך נישט געווען דאָס געזעץ, וואָס מוסאָליני האָט אַרויסגעגעבן אין הסכם מיט זיין אָפּמאַך מיטן פּויפּסט, אַז חתונות קאָנען נאָר געמאַכט ווערן אויפֿן גרונט פֿון קירכ־לעכער דורכפֿירונג.

און שפּעטער מיט יאָרן איז לייבעלע געקומען אויף דער וועלט, גע־בוירן געוואָרן טאַקע אין פּירענזאָ. דער זיידע פֿון דער מאַמעס צד, דער איטאַליענער פֿון דורות, סעניאָר אומבערטאָ, האָט זיך גאָרנישט קעגנגע־שטעלט דעם פֿאַרלאַנג פֿון יונגן טאַטן, אַז דאָס קינד זאָל מען רופֿן ל י י־ב ע ל ע, כאָטש ער האָט נאָך, זינט ער לעבט, אַזאַ ענלעכן נאָמען נישט געהערט, און נאָך שווערער ווי אָנשרייבן, איז דאָס אַרויסרעדן. עס וואונ־דערט אים נאָר, דעם איטאַליענישן זיידן, וואָס זיין טאָכטער, די קימפּע־טאָרין, די הערלעכע ראָזאַלינאַ, רעדט אַרויס דעם נאָמען מיט אַזאַ לייכט־קייט און גרינגקייט.

נאָר צוזאַמען מיט דעם נאָמען, איז אויך אַריינגעטראָטן אין הויז אַ באַשטימטער סיסטעם פֿון דערציִען דאָס קינד. ראָזאַלינאַ האָט שטאַרק ליב איר מאַן און במילא זיין אָפּשטאַם, און דעריבער די קולטור פֿון זיין פֿאָלק. ער לערנט זי יידיש, כדי ... לייבעלעס מוטער־שפּראַך זאָל זיין די יידישע. ראָזאַלינע קריגט ליב יידישע ביכער, וואָס ער שרייבט אויס פֿאַר זיין ביבלי־אָטעק. זי זעצט איבער משה לייב האַלפּערין און לייוויקן אויף איטאַליע־ניש. ווען אירע אַמאָליקע פֿריינט קומען צו איר צוגאַסט, שטעלט זי אויף גראַמאַפֿאָן־פּליטן מיט יידישע פֿאָלקס־לידער.

ראָזאַלינע איז אַ מאָלערין. זי מאָלט דעם ייד, דעם אייביקן וואַנדע־רער. דאָס פֿון דור־דורות קריסטלעכקייט אין איר רייסט זיך אַרויס, נישט באַוואוסטזיניק מאָלט זי דעם אייביקן ייד, וואָס טראָגט אויף זיינע פּליי־צעס אַ ... צלם. זי קאָן זיך נאָך נישט פֿונאַנדערקלייבן אין די לעצטע געשעענישן. אירע עלטערן זענען שטאַרק צופֿרידן פֿון שידוך און ברענגען זיך שיר ניט אום פֿאַר לייבעלען. בלויז נאָר איין שטיקל ענדערונג, אייגנט־לעך אַן אידייאישע איז פֿאָרגעקומען. דער פֿאַשיזם איז אַריינגעדרונגען אין שטוב און אין גאַס. סעניאָר אומבערטאָ קאָן נאָך פֿאַרשטיין, וואָס דער איידעם, אַלס אויסלענדער, איז נישט מחויב צו געהערן צו דער פֿאַשיסטי־

שער פּאַרטיי, אָבער זי, די טאָכטער? אַן איטאַליענערין פֿון דור־דורות, פֿאַרוואָס געהערט זי נישט צו דער פּאַרטיי, אָדער ווייניקסטנס, פֿאַרוואָס סימפּאַטיזירט זי נישט מיט די פֿאַשיסטן?

נאָר ראָזאַלינע איז אַן אַנטיפֿאַשיסטין. זי קריגט נישט קיין שום אויס־לענדישע ליטעראַטור, ווי אַזוי דעם פֿאַשיזם צו באַקעמפֿן, אָבער זי טוט עס אויף איר שטייגער. זי איז אפֿשר די איינציקע אין זייער שטאָט, וואָס באַמיט זיך איר קינד, לייבעלען, אָפּצורייסן פֿון די פֿאַשיסטישע קינדער־אָרגאַניזאַציעס. זי דערציילט אים מעשהלעך וועגן גרויסע מענטשן און נישט דוקא פֿון דוטשעס גרויסע אויפֿטואונגען. אין אירע לידלעך צו אים איז נישטאָ קיין אָנדייט פֿון דעם, וואָס מ׳לערנט און מ׳זאָגט צו אַלע קינדער פֿון גאַנץ איטאַליע.

און לייבעלע וואַקסט אַזוי אַנדערש ווי אַנדערע קינדער. ער קען די איטאַליענישע לידער וועגן מאַטעאָטי, וואָס מ׳זינגט אין געהיים. לייבעלע שפּילט זיך נישט אין בלייערנע זעלנערלעך, נאַרישע שווערדלעך. לייבעלע פֿון פּירענזאַ, האָט קלעצלעך פֿון יידישן אַלף־בית און בויט פֿון זיי הייזעלעך.

דער פֿאַשיזם געדויערט. לייבעלע וואַקסט אונטער. אין קינדער־גאָרטן האָט אים די מוטער נישט געוואָלט שיקן, זי ווייסט אין וואָס פֿאַר אַ גייסט מען דערציט דאָרט אַפֿילו די גאָר פּיצעלעך קינדערלעך. אָבער אַז עס קומט די צייט פֿון אָנפֿאַנגס־שול, קאָן מען עס נישט אויסמיידן. מען פֿירט לייבעלען אין דער שטאָטישער שול. ער איז אַ גוטער, פֿלייסיקער שילער, די קינדער האָבן גערן לייבעלען. ער איז אָבער איינער, און זיי — אַ סך, חוץ דעם זענען די לערער מיט זיי. לייבעלע הויבט אָן אַהיימצו־ברענגען פֿון שול פֿאַשיסטישע קינדער־לידער. אין זיין מוחל קומט פֿאַר אַ געראַנגל. די צווייערליי לידער — די פֿון זיין טאַטן און די פֿון דער שול פּאָרן זיך נישט. נאָך גוט, וואָס דאָס זענען יידישע לידער און מען פֿאַרשטייט נישט זייער מיין. זייער זין קען נאָר דער טאַטע לייבעלעס, און אַמאָל, די מאַמע, הגם, זי לערנט אים די דאָזיקע לידער. אָבער די לידער אַליין זענען דאָך נישט דער עיקר — דער עיקר איז די תורה, וואָס מ׳לערנט אים דאָרטן, וועגן „דוטשע", פֿאַרשטייט זיך. די מאַמע זוכט אָפּצואווענדן, נאָר האָט קיין מיטלען נישט דערצו. די שול, די גאָס איז שטאַרקער. אַפֿילו דעם זיידנס שטוב, דעם איטאַליענער פֿון דור־דורות איז מיט זיי. און לייבעלע הויבט אָן בענקען נאָך יענעם מאָמענט, ווען מ׳וועט אויף זיין אָרעם אָנהענגען אַ ביקס, פּונקט ווי אויף די אָרעמס פֿון אַנדערע קינדער פֿון די העכערע קלאַסן...

האָט זיך די מאַמע געטרייסט: ביז ער, לייבעלע, וועט דאַרפֿן אַרייג־גיין אין די העכערע קלאַסן, וועט דער פֿאַשיזם דערווייל פֿאַלן. אַלע סימנים זאָגן דאָס אָן. אַרבעטסלאָזיקייט, אונטערערדישע אַרבעטער־באַוועגונג, אומצופֿרידנקייט, און אויף יענער זייט גרענעץ, אין פֿראַנקרייך, מאַרשירן הונדערטער טויזנטער קעגן פֿאַשיזם.

נאָר אויף די האָפֿענונגען האָט זיך ראָזאַלינאַ נישט דערוואַרט. דער־ווייל איז אויסגעבראָכן די מלחמה. לייבעלעס חלום האָט זיך דערנענטערט. מען האָט פֿון די פֿריסטע קלאַסן גענומען אויסטיילן קינדער פֿאַר דעם דירעקטן פֿאַשיסטישן דינסט. די העכער געוואַקסענע און די קרעפֿטיקערע האָט מען אַפֿילו גענומען צו מיליטערישע איבונגען.

און איינמאָל איז עס געשען. לייבעלע איז פּלוצלינג אַהיימגעקומען פֿון שול, זיין פּנימל האָט געפֿלאַמט, ער איז געווען אין שטיק באַגייסטערונג. — ער האָט געטראָגן אויף זיינע פּלייצעס אַ ביקס.

נישט קיין קינדערישע שפּילצייג, נישט קיין סתם ביקסל, נאָר אַזאַ, וואָס שיסט מיט אמתע קוילן, אַזאַ, וואָס שפּייט אַרויס טויט און אומקום.

די איטאַליענישע מאַמע איז בלייך געוואָרן, ווי קרייד:

— לייבעלע?

לייבעלע האָט פֿאַרשטאַנען די פֿראַגע. ער איז נישט געווען טראָציק ער האָט זיך פֿאַרענטפֿערט:

— דער גאַנצער קלאַס גייט אויף איבונגען. מיר לערנען זיך שיסן, אַז די מלחמה וועט זיך פֿאַרציען, ביז איך וועל אַביסל אונטערוואַקסן, וועל איך גיין קיין אַביסיניע.

לייבעלע האָט שוין מער נישט גערעדט. ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט פֿון שטוב, בעת דער „קלאַס" איז פֿאַרבייגעגאַנגען זייער הויז. ער איז אַראָפּ זיך שטעלן אין דער ריי. די מוטער איז צוגעלאָפֿן צום פֿענצטער. זי האָט נאָר געזען אַ לאַנגע מענגע מיט קינדער. אייגנטלעך שוין נישט די קינדער, נאָר די ביקסן־רערן. זי האָט געוואָלט אַליין שאַפֿן זיך די אי־לוזיע, אַז דאָס זענען באָי־סקאַוט שטעקנס, אָבער זי האָט די אילוזיע נישט געקאָנט אַרויסרופֿן...

איר קינד איז געשטאַנען פֿאַר איר מיט אַן אמתער ביקס אויף די פּלייצעס.

# בלומען אויף היינעס קבר

אַכציק יאָר איז דער קבר פֿון היינריך היינע אויפֿן בית־עולם פֿון מאָנ־מאַרט אין פּאַריז געווען דער סימבאָל פֿון פֿאַרלאַזנקייט.

עס איז שוין געוואָרן אַ מין סינאָנים: „פֿאַרגעסן ווי היינעס קבר".

היינע, דער גרויסער דיכטער אויף דייטש, איז געשטאָרבן אין דער פֿרעמד. אמת טאָקע, יענע „פֿרעמד" האָט ער אַזוי ליב געהאַט, ווי היים ער האָט געהאַסט זיין „היים". דאָך, האָט דאָס געליבטע פֿראַנקרייך אים, דעם „אויסלענדישן" דיכטער, דערצו נאָך אַ „דייטש", נישט גאָר שטאַרק צוגעטיילט קיין אויפֿמערקזאַמקייט. זיין קבר, — צווייט־ראַנגיק, נישט אין פֿראָנט פֿון דער אַלייע, מינדערווערטיקער פֿון גרויס און בכבודיקער פֿון קליין. אַ באַשיידענע מצבה. — אַ שמאָלער שטיין, אַ געשניצטער ביוסט. היינע מיטן בערדל זעט מער אויס „פֿראַנצויז" ווי „דייטש". אַ קליינער, באַגילדעטער שמעטערלינג און אַ גרויסע האַרפֿע, — שאַבלאָנע סימבאָלן. אַ געשניצטער בלומען־קראַנץ פֿון שטיין, ווי מען וואָלט זיך געוואָלט פֿון פֿאָראויס באַוואָרענען, זאָל כאָטש אַזאַ קראַנץ — אַ טויטער בלומען־קראַנץ, ליגן אויפֿן דיכטערס קבר. דעם מאַרמאָרנעם קראַנץ האָבן געלייגט זיינע שפּראַך־לאַנדסלייט, די ווינער. אַן אויפֿשריפֿט: „היינעס אָנדענק פֿון פֿרייזיניקן־ווין". מען האָט, אַפּנים, געמוזט זיין פֿרייזיניק, אַפּיקורסיש, כדי צו לייגן, זאָל זיין אַפֿילו פֿון שטיין, אַ קראַנץ אויף היינעס קבר.

אונטער דער „האַרפֿע" אַן אויפֿשריפֿט: (מען דערקענט די האַנט פֿון אַ פּשוטן מצבה־קריצער), „היינריך היינע" און דאַן, מיט קלענערער שריפֿט „פֿרוי היינע". אויפֿן פּעדעסטאַל דריי פֿערזן, נישט טיף געשניצטע, דערפֿאַר שוין אָפּגעמעקטע, פֿון היינעס לידער. און דערביי אַזוי פֿרעגנדיק, ווי היינעס שטים וואָלט יעדן פֿאַרבייגייער געפֿרעגט:

וואו וועט אַמאָל פֿאַרן וואַנדערער
דער לעצטער רו־פּלאַץ זיין?
צי אונטער דער פּאַלמע אין דרום,
צי אונטער דען לינדן ביים רהיין?

אוודאי, ווען היינע וואָלט זיך נישט געווען „פֿאַרזינדיקט", וואָלט זיין רו־פּלאַץ נישט געווען אין דרום, נאָר ביים רהיין. וואָלט זיין קבר נישט געווען פֿאַרגעסן און פֿאַרלאָזט (ווער ווייסט, מ׳וואָלט אים אפֿשר היינט פֿון דאָרט אַרויסגעוואָרפֿן...).

נאָר אויף אַלץ קומט זיין צייט. אַמאָל פֿלעגט צו היינעס קבר קומען אַ פֿאַרבענקט יידיש אָדער רוסיש מיידל, מיטברענגען אַ קליין בינטל בלו־מען, און דאָס איז אויך נישט געווען פֿון גרויס פֿאַרערונג צום גרויסן דיכטער, נאָר ווי אַ קרובהשאָפֿט פֿון היינעס ליבעס־ליידן, מיט די זעלבע ליידן, וואָס איר אייגן האַרץ איז אַזוי איבערפֿילט... די בית־עולם־היטער האָבן שוין געוואוסט, וועלכע געסט וועלן זיך פֿרעגן צום קבר פֿון „אַנרי העין״.

היינט שטוינען טאַקע די זעלבע בית־עולם־וועכטער: ווי דער קבר איז אויפֿגעריכט געוואָרן! דאָס איז נישט בלויז די לעצטע וואָכן צוליב דעם 80־טן יאָרצייט, נאָר עס איז שוין אַזוי אַ געשיכטע פֿון קנאַפּע דריי יאָר. אַ געגיי אויף דעם בית־עולם, ווי מען וואָלט אַנטדעקט עפּעס אַ פֿון לאַנג־פֿאַרגעסענעם הייליקן, אַ העלד. און אָפֿטמאָל ווערן אַוועקגעלייגט פֿיל עכטע, לעבעדיקע בלומען־קרענץ, רויטע פֿייערדיקע רויזן, און צאַרטע, בלויע „פֿיילכען״, ווייסע ליליען.

וואָס האָט עס פּלוצלינג פּאַסירט, וואָס מען האָט זיך דערמאָנט אינם פֿאַרגעסענעם קבר? איינפֿאַך: די דייטשן. נישט די דייטשן פֿון האַרסט וועסעל, נאָר די דייטשע עמיגראַציע. די דייטשע פֿאַרטריבענע און אַנט־לאָפֿענע אינטעלעקטואַלן, אין דער ערשטער ריי — די דייטשע שריפֿט־שטעלער, דייטשע קינסטלער, וואָס מאַכן איצטער דורך היינעס גורל. די, וואָס זענען אין גלות ביי דער וועלט, זיי האָבן עס די ערשטע אָפּגעצאָלט דעם נאַציאָנאַלן און מענטשלעכן חוב זייער פֿאַרערטן באַגייסטערער — היינריך היינע, ווי פֿאַרוואָגלטע ברידער און שוועסטער, ווען זיי דערזעען אַ הייליק בערגל ערד, אונטער וועלכן עס רוט דאָס געביין פֿון זייערע נאָענטסטע.

און נישט נאָר צו היינעס געביין, נאָר צו היינעס גייסט האָט מען זיך געווענדט. וואָלטן די קינסטלער און שריפֿטשטעלער, וואָס זענען איצטער אין גלות, אין פֿראַנקרייך, געווען ביי זיך, אונטער דעם „לינדן־בוים פֿון רהיין״, וואָלטן זיי אפֿשר נישט געהאַט די מעגלעכקייטן עפֿנטלעך צו פֿיי־ערן היינעס 80־יאָריקן געדענק־טאָג; אפֿשר וואָלטן זיי מיט צער געקוקט, ווי מען וואַרפֿט פֿון ערגעץ, פֿון אַ פּריוואַטן שלאָס, אַראָפּ די איינציקע קליינע, בראָנזענע סטאַטוע, כמו מאָנומענט פֿון היינריך היינע. איצטער זענען זיי, די דייטשע שרייבער, צווישן פֿרייע, און אומגעשטערט, אויף זייער אופֿן, פֿייערן זיי היינעס אָנדענק.

אין זייער קלוב, נישט ווייט פֿון לאַטיינישן קוואַרטאַל, אין זייער

„אָוונט פֿון דער וואָך" — מאָנטיק, קומען זיך צונויף די באַרימטסטע און די נאָך אומבאַקאַנטע, מענטשן מיט וועלט־נעמען און אַזעלכע, וואָס האָבן ערשט די ערשטע טריט געשטעלט, געלערנטע און פּאָליטיקער, שטיקער פֿון צעשפּריצלטן דייטשן גייסט, קומען זיך דאָ צונויף אין דעם נישט־גרויסן זאַל. עס איז אָבער געווען אַ גייסט, וואָס האָט דאָ אַרומגעשוועבט ליכטיק און יום־טובדיק און האָט איבערגעבעטן היינטן פֿאַר דעם פֿאַרשוועכטן אָרט זיינעם אין זיין פֿאָטערלאַנד. ס'האָט זיך געפֿילט אין די רייד פֿון יעדן פֿון די רעדנער, אַז נישט זיי און זייערס גלייכן זענען שולדיק, נאָר די, וואָס האָבן פֿאַרקריפּלט די געשיכטע — צום ערשט די יונקערס און איצטער די הענקערס. ס'האָט אויסגעזען, ווי אַ רעהאַביליטאַציע־אָוונט. אָבער נישט היינטן האָט מען רעהאַביליטירט, נאָר זיך. אַכציק יאָר פֿאַרשווייגן היינען, האָט געהייסן פֿאַרשווייגן די אייגענע חשיבות. פֿרייע קינסטלער האָבן דאָס פֿאַרשטאַנען און אין זיך געדריקט. איצטער האָט מען עס דערפֿילט, נישט נאָר אין די רייד פֿון די רעדנער און קינסטלער, וואָס האָבן באַשיינט דעם אָוונט, נאָר אינם שווייגן פֿונם פּובליקום. דאָס פּובליקום איז מערסטנטייל פּען־מענטשן, גייסטיקע זין און אייניקלעך פֿון היינען. דערפֿאַר אפֿשר, האָט אויך די פֿייערונג געטראָגן אַזאַ אינטימען, פֿאַמיליאַרן כאַראַקטער.

די דייטשע שריפֿטשטעלער זיצן נישט ליידיק אין זייער גלות. אַ קולטור־טעטיקייט אין ברייטסטן זין האָבן זיי אויפֿגענומען. זיי האָבן מיט־גענומען אַ „תורה" אין אָט דעם גלות אַריין און דאָ, ווי די יידן אַמאָל, אין בבל, געגרינדעט ישיבות, אַקאַדעמיעס פֿאַר דייטשער ליטעראַטור און קונסט. די מאָנטיקדיקע אווידיטאַריעס, דאָס זענען וויכטיקע אויפֿטוען. זיי האַלטן, און מיט רעכט, אַז דאָס ליטעראַריש־קינסטלערישע דייטשלאַנד רעפּרעזענטירן זיי, און נישט די גראַפֿאָמאַנען אין „דריטן רייך". דעריבער פֿילן זיי די אחריות און פֿאַרשטייען זייער אויפֿגאַבע.

פּערזענלעך ליידט יעדער, מען הונגערט. פֿראַנקרייך איז זייער „גאַסט־פֿריינטלעך" צו אָט די פּען־ריטער, נאָר פֿאַרדינען לאָזט מען זיי נישט. אַרבעטן — חלילה וחס. דאָס לעבן זייערס איז שווער. אויפֿן פֿאָן פֿון אָט דער דעקאָראַציע צייכענען זיך הונגעריקע טעג. נאָר קוים קריגט מען ערגעץ אַ פּאָר פֿראַנק, איז דאָס ערשטע אַ בינטל בלומען פֿאַר היינעס קבר. היינע איז אַ טייל פֿון זיי. ער איז זייער פֿאַראויסגייער, דער ערשטער דייטשער פֿליכטלינג אין פֿראַנקרייך...

# אַ פּאָר געזעגנונג ווערטער

פּיר איז נישט קיין יובל ציפֿער, פּיר איז אָבער פּונדאַמענטאל, איז אַ שטיין־ציפֿער און האָט אין זיך יסודותדיקס.

אַ בנין האַלט זיך אויף פּיר הויפּט זיילן, אַ תקופה — אויף פּיר טיילן.

פֿאַר אַ יידישן שרייבער צו זיין פּיר יאָר אין אַרגענטינע איז אַ גרויסע תקופה און די תקופה איז נישט פֿאַר קיינעם אַזוי וויכטיק געווען ווי פֿאַר מיר אליין.

ס'איז באַשערט געווען, אַז אין דעם יונגן לאַנד, וואו איך האָב געטובלט מיין בליק אין צעשמאָלצענעם גאָלד פֿון שטראַליקע זונען, זאָל איך מיין איבערגאַנג־צייט דורכמאַכן. קאָן זיין, אַז די גרויסע פֿרייד וואָס פֿון מיר, פֿון מיין נשמה, האָט אַרויסגעזונגען, פֿרייד פֿון אויסברייטערן זיך, פֿון נוצ־לעך זיין, האָט איבערגעוואויגן, האָט פֿאַרהעלט אַלע יסורים, וואָס זיינען מיר, אין משך פֿון פּיר יאָר, אַזוי בייזווילִיק פֿאַרשאַפֿט געוואָרן.

נישט באַוואוסט פֿאַר זיך אליין האָב איך אַלע נגישות אַריבערגעשפּאַנט און וועל אודאי אויך ווייטער אַריבערשפּאַנען.

אַז מען איז אַפּ פּיר יאָר אין אַ לאַנד, אַ לאַנד, צו וועלכן מען ווערט אינערלעך צוגעבונדן, קאָן מען נישט אַוועק אַזוי לייכט, מיט אַ גרינגן גע־מיט. כאָטש נישט איינמאָל, אין מינוטן פֿון פֿאַרביטערונג, האָב איך די רגע אויסגעקוקט, די רגע, ווען כ'וועל זיך זעצן אויפֿן שיף און אַוועקשווימען. אָבער אין די לעצטע טעג פֿיל איך, און דוקא גאָר שטאַרק, אַז עפּעס אַ שטיק פֿון מיין חלום לאָז איך איבער דאָ שוועבן אונטער די טיף בלויע הימלען פֿון אַרגענטינע.

איך האָב ליב אַלץ, וואָס איז יונג, וואָס האַלט אין וואַקסן און וואָס בויט זיך. אַרגענטינע, דאָס לאַנד פֿון אומצאָליקע חסרונות. די בלוי־זיל־בערנע נעכט פֿון בוענאָס איירעס, וואָס כשופֿן ווי מיט טויזנטער ציידענע

---

באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע:

די דאָזיקע „פֿאָר געזעגנונג־ווערטער" האָט לייב מלאך געשריבן נאָך אין 1926, בעת ער האָט פֿאַרלאָזט אַרגענטינע. מיר ברענגען דעם אַרטיקל דאָ ווי אַ כאַראַקטעריסטיק פֿון מלאך'ס צוגעבונדנקייט, ממש פֿאַרליבטקייט אין אַרגענטינע.

צוויבער־פּעדים, זענען דאָך קאַלטער שטאָל אַריינגעדרייט אין די וואַרעמע ברוסטן פֿון עלנדע, וואַנדערנדיקע מענער־מחנות.

דער ציניזם וואָס קרימט זיך שמייכלדיק אַראָפּ פֿון טויזנטער ליפּן, איז דאָך אַנגעזאַמעלטע טראָפּנס גיפֿט, אין גרויסע בעכערס, וואָס עס טרינקט דאָ אונדזער איינס יעדן טאָג, יעדע שעה, יעדע מינוט, און ווען אַפֿילו אַ מינוט צעטיילט זיך אין זעכציק חלקים.

און דאָך האָב איך ליב דאָס לאַנד, וואָס האַלט זיך אין בויען און אין איבערבויען. יעדער טאָג דאָ זינגט אַ ניי ליד.

איך פּרוּוו אונטערציען אַ סך הכל פֿון די פֿיר יאָר מיינע אין אַר־גענטינע, און דער סך הכל איז אי אַ טרויעריקער, אי אַ פֿריילעכער. טרויעריק אפֿשר פֿאַר מיר פּערזענלעך. איך שטעל זיך אָבער אויף קיין שום פֿאַל נישט אין קיין אַנדערער לאַגע ווי די טויזנטער אַרבעטער, וועל־כע גייען אַרום מיט איינגעפֿאַלענע ברוסט־קאַסטנס, און מיט יאוש געריבע־לעך אַרום די ליפּן. מיט וואָס ווערן זיי דאָ באַלוינט פֿאַר זייער שווערער האָרעוואַניע? אַפֿילו דאָס עלעמענטאַרסטע — אַ מענטשלעכע וואוינונג איז אַ חלום וועגן וואָס מען דערוועגט זיך קוים צו טראַכטן.

קולטורעל בין איך אודאי נישט מער באַפֿרידיקט געוואָרן ווי די גרויסע צאָל אימיגראַנטן, וואָס עסן אין ביליקע רעסטאָראַנען און קומען נאָך שווערע אַרבעטס־טעג אין די ענגע צימערלעך פֿון די ביבליאָטעקן, און אנשטאָט צו עפֿענען די לונגען פֿאַר פֿרישער לופֿט אין „ראָסעדאַל", אָטעמט מען איין אין זיך די זאָרג פֿאַר די אָרעמע שאַפֿעס מיט ביכער, וואָס קאָנען מאָרגן אַרויסגעשטעלט ווערן אויף דער גאַס דורכן „ענקאַרגאַדאָ". ס'איז אָבער דאָך פֿאַראַן דאָ עפּעס אַזוינס, וואָס פֿאַרשאַפֿט תענוג, דאָס איז די פֿרייד פֿונם גערטנער וואָס זעט ווי די שפּראָצונגען גייען אויף.

פֿאַראַן צייטן, ווען מען מוז אַליין זיין דער שעפֿער און אַליין פֿאַר־גרייטן דעם מאַרק דאָס געשאַפֿענע צו פֿאַרשפּרייטן. די געשיכטע פֿון דער יידישער קולטור אין אַרגענטינע פֿאָדערט נאָך דאָס ביי דעם שרייבער. (דאָס וואָס אַנדערע ישובים זענען אים שוין מוחל). זי פֿאָדערט, אַז נישט נאָר שעפֿער פֿון אַ ליטעראַטור זאָל דער שרייבער זיין, נאָר אויך אַ שאַפֿער פֿון אַ קולטור קלאַס. און דאָס צווייטע איז אַמאָל פֿיינלעך פֿאַרן שריי־בער. דאָס איז שוין נישט בלויז די פֿרייד פֿון שאַפֿן, נאָר אויך — די מי פֿון בויען.

מיט מיין איצטיקן קומען אין דער גרויסער וועלט אריין, פֿיל איך אויף זיך אַ גרויסע מיסיע: איך קום איצט אַלס אַרגענטינער יידישער שרייבער

דערציילן וועגן אונדזער לאַנד, וועגן אונדזער יידישן קיבוץ, וועמענס קאַמף און שטרעבונג עס איז אַזוי ווייט פאַר דער וועלטס וויסן, ווי ווייט עס איז אַרגענטינע בכלל.

אונדזערע טייערע געסט, וועלכע זענען דאָ געווען, זענען אין בעסטן פאַל טאָקע נאָר געסט געווען, און האָבן אונדז געזען אין דער מאָמענטאַלער באַלויכטונג פון אַ בליץ. אגב, די גרעסטע יידישע קהילה אין דער וועלט— נאָרד אַמעריקע, האָט ווייניק וואָס געהערט פון אונדז. חוץ איינעם, וואָס האָט מיט פינצטערע כוונות דאָס אַרגענטינער יידנטום אין די שוואַרצסטע פאַרבן געמאָלט. איינער, פאַר וועמען עס איז פרעמד געווען דער גאַנצער קאַמף פאַר דער ריינקייט פונם יידישן ישוב דאָ, די גאַנצע דערהויבנקייט, דער מסירת נפש מצד אונדזער יוגנט פאַרן יידישן לעבן, פאַר דער יידישער קולטור.

איך קום איצט דער ברייטער וועלט דערציילן פון אונדזער צער, וואָס מיר האָבן איבערגעלעבט און פון אונדזער פרייד, וואָס גייט דאָ אויף.

וואָלט איצט שלום עליכם געלעבט, וואָלט איך אפשר געווען זיין צווייטער „ייד פון בוענאָס איירעס". איך וואָלט אים נישט דערציילט דאָס, וואָס זיין ערשטער ייד האָט אים דערציילט. איך וואָלט אים דערציילט פון טויזנטער קאָלאָניסטן, וואָס וויקן זייערע ביינער אין ווינטערדיקע, איינגעגעסענע רעגנס, און וואָס בראָטן זיך זומער אין גליענדיקע היצן און האַלטן אויף שולן, ביבליאָטעקן און אַנשטאַלטן פון זייער שווערער פראַצע, אויף אייגענע, האַלב אייגענע און גאָרנישט קיין אייגענע פעלדער. און אויב אונדזער שלום עליכם לעבט נישט מער, וועל איך עס דערציילן זיינע טויזנטער יידישע לייענער, וועלכע האָבן זיין בוענאָס איירעסער יידס מעשיות געלייענט. איך וועל זיי דערציילן וועגן אַ יוגנט, וואָס איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן אונטער אַרגענטינעס ברייטע הימלען און נאָך ברייטערע און ווילדע סטעפּעס. פרעמד צו יעדער קולטור, זענען עס דאָך די שענסטע יידישע יוגנטלעכע וואָס איך האָב ווען עס איז באַגעגנט. דאָס יידישע וואָרט גליטשט זיך אַזוי זאַפטיק אַראָפּ פון זייערע ליפּן; זייערע ביכער שטייען זאָרגפעלטיק אויססאָרטירט אין אַליין צונויפגעשלאָגענע שאַפעס; זייערע ביבליאָטעקן — אין וויס געקאַלכטע, אַליין אויפגעשטעלטע שטיבעלעך; און זייערע קינדער, פיר, פינף יעריקע, גאַלאָפּירן אויף ווילדע פערד, קילאָמעטערס ווייט, אין דער יידישער שול אריין.

איך וועל דערציילן וועגן יידישע מיידלעך, פון יידישע דערפער, מיט אָן אַ שיעור טרויער און פרומקייט אין די אויגן, וועלכע פאָרן, נאָך אַ טאָג

שווערער אַרבעט ביי דער לאַנדווירטשאַפֿט, דורך די נעכט, צוואַנציק און דרייסיק קילאָמעטער אין שטעטל אַריין, אַ בוך אויסבייטן, אָדער רעפּעטיציעס מאַכן. און דערציילן וועל איך וועגן יונגע מאַמעס, ווייבער פֿון קאָלאָניסטישע זין, וועלכע גייען אין רעגנדיקע טעג, אויף בלאָטיקע וועגן, מיט זייערע פּיצעלעך אויף די הענט, אַ רעפּעראַט הערן, אַ יידישן שרייבער אָנצוקוקן.

כ׳האָב צו דערציילן וועגן אַן עקאָנאָמישער, אָרגאַניזאַציאָנעלער דערשיינונג: — אַ גאַנצע נעץ קאָלאָניסטישע קאָאָפּעראַטיוון און בכלל פֿונם קאָלאָניסטישן לעבן. און צו דערציילן איז דאָ וועגן אונדזערע שטעט און שטעטלעך וואו דער אָנהויב פֿון דער יידישער קולטור, דאָ אין די ווייטע לענדער, קלאַפּט אָן אין דער טיר פֿון יעדער יידישער שטוב, פֿון יעדער יידישער משפּחה. און דער אָנהויב איז דאָך אַן עיקר. און וועגן אונדזער גרויסער שטאָט בוענאָס איירעס, וועל איך דערציילן, וועגן אַלץ וואָס מען טראַכט דאָ און מיט וואָס מען לעבט. וועגן אידעאַלן וואָס גייען אויף און וועגן האָפֿנונגען וואָס לעשן זיך אויס. וועגן אַ פֿאַרצווייגטער יידיש פּראָלעטאַרישער מאַסע, וואָס אַרבעט אין די פֿאַבריקן, אין וואַרשטאַטן און ביים פּאָרט. וועגן זייער קאַמף און זייערע דערגרייכונגען, וועגן זייער אויפֿשוואונג און זייערע ירידות. איך בין פֿיר יאָר אָפּגעווען אין דעם לאַנד און פֿיל זיך ווי אַ שוואָם וואָס זאַפּט אין זיך איין די גאַנצע פֿייכטקייט, אַזוי האָב איך דעם גאַנצן פּיין, דעם עלנד און די פֿרייד, פֿון דעם יונגן קיבוץ אין זיך איינגעזאַפּט.

איך בין אַ סך דאַנק שולדיק די, וואָס זענען מיר בייגעשטאַנען אין מיין גייסטיקער נויט. די אַרגענטינער שרייבער — מיינע חברים, וועלכע האָבן נישט נאָר מיך פּערזענלעך באַשיצט און פֿאַרטיידיקט קעגן די ברוטאַלע אַטאַקע מצד די, וואָס זעען אַ שפּיז אין די אויגן ביי יעדן איינעם, וואָס וויל דאָס בויענדיקע, יונגע אַרגענטינע ריין האַלטן און עס פֿאַרוואַנדלען אין אַ צענטער פֿון קולטור און קינסטלערישע דערגרייכונגען.

מיינע חברים האָבן געהאַט דעם באַוואוסטזיין און די אחריות פֿאַרן גורל פֿון אונדזער יונגן ישוב און האָבן די אַטאַקעס, מיט גרויס ווערדע, אָפּגעשלאָגן.

איך בין שולדיק אַ דאַנק „די פּרעסע״, וועלכע האָט פֿיר יאָר צייט געהאַלטן אָפֿן אירע ציַיטונגס שפּאַלטן פֿאַר מיין אויסדרוק, מיך נישט באַגרעניצט, ווי עס טרעפֿט אָפֿט אין אַ רעדאַקציע, צוליב מיינונגס פֿאַרשיידנקייט. איך האָב אויף די זייטן פֿון „די פּרעסע״ פֿאַרעפֿנטלעכט דאָס מיינ־

סטע וואָס איך האָב געשאַפֿן און דורך דעם באַרייכערט מיין ליטעראַרישן באַגאַזש.

איך דערמאָן די קולטור טאַט פֿון א. בערמאַן, נ. שטאַמלער און מ. אַפּנאַסאָף, די אַרויסגעבער פֿון „איבערגוס״. ס׳איז דאָך אַזוי שיין פֿאַר אַזאַ יונג לאַנד וואָס האָט אַזעלכע מעצענאַטן.

אַ דאַנק דעם פּויליש־יידישן פֿאַרבאַנד און אַלע מיינע נאָענטע, פּער־זענלעכע פֿריינט, וואָס האָבן זיך אָפּט מיט מיין מזל געטיילט און גיבן מיר איצט מיט אַזוי פֿיל האַרציקייט, אַזוי פֿיל מוט אין וויטן וועג אַריין.

איך פֿאָר אין דער ברייטער וועלט אַלס אַרגענטינער יידישער שריי־בער און וועל פֿאַר אָט דער ברייטער וועלט איבערגעבן דעם הייסן גרוס, וואָס איך נעם מיט מיט זיך און טראָג אים ביי זיך אין האַרצן.

איך וועל דערציילן און באַקענען די וועלט מיט אונדזער יונגער יידי־שער ליטעראַטור, וואָס גייט אויף, ווי גאָלדענע זאַנגען אויף דער הייסער אַרגענטינער ערד.

# אַ טאָג אין עליס איילאַנד

טריב זענען די טעג פֿון אָנהויב פֿרילינג, אַזוי טריב ווי עס זענען ערגעץ אַנדערש די האַרבסט־טעג. דאָ קומט דער פֿרילינג שפּעט, לאָזט אַדורך דורך זיך דעם שטיקעדיקן זומער און דערנאָך ווערט ער מגלגול אין האַרבסט, וואָס איז באַקאַנט אַלס „דער אינדישער זומער". אין דער אמתן איז עס אַ פֿאָרזעצונג פֿון פֿרילינג, אַ פֿרילינג, וואָס ענדיקט זיך ניט מיט אויפֿקום, מיט זומער, מיט רייפֿן זיך, נאָר מיט טויט, מיט ווינטער.

אָבער הילכיק און רוישיק זענען די פֿרימאָרגנס אין ניו־יאָרק. אַפֿילו אין טריבע וועטערן, דורך נעפּלען, קלינגט אַרויס דער טאָג. דער ריז ניו־יאָרק גייט אויף רעדלעך. דער ריז אָטעמט איין קראַפֿט און שפּייט אַרויס רויך און פּאַרע. דער ריז ברעכט שטאָל און צעשיט דעם רעש ווייט און ברייט אַרום זיך.

דער „בעטערי פּלאַץ" איז דער שלאָס, ניט בלויז צו דער שטאָט, נאָר צום לאַנד. בעטערי פּלאַץ איז די ליפּ, איבער וועלכער עס שוימט דער ים. די ערשטע טריט, וואָס דער אימיגראַנט שטעלט אויף דער „געבענטשטער" ערד, איז בעטערי פּלאַץ.

פֿון אַלע שטאָט־טיילן לויפֿן דאָ אָן די אונטערערד־ און הויך־באַנען. אַלע טונעלן און עלעווייטערס טרעפֿן זיך דאָ צוזאַמען. פֿון דאַנען גייט מען ווייטער אַרויס איבער דער ליכטיקייט און איבער דער פֿינצטערניש פֿון ניו־יאָרק.

בעטערי פּלאַץ איז דער שלאָס צום מאַנהעטן אינדזל. דער אָנהויב און דער אויסלאָז. דער פּלאַץ איז שוואַרץ, אָפּגעלאָזט. אויסגעלאָשענע שטיקער שטיין־קוילן טראָגן זיך אַרום אונטערן הימל. שוואַרצער שטויב הויבט זיך אַרויף און געדיכטער רויך לאָזט זיך אַראָפּ. און דער מענטש איילט זיך, פֿליט, לויפֿט, אָטעמט איין דאָס אַלץ, שלינגט איין אין זיינע לונגען דעם בענזין פֿון די אויטאָמאָבילן און אַליין ווערט ער אויך פֿאַרשלונגען אין די אַרומיקע גאַסן, אין די הויך־מאַסיווע ווענט פֿון די בנינים און בראָנזענע טירן. בעטערי פּלאַץ איז אין שכנות פֿון וואָל־סטריט, און אין שכנות פֿון וואָל־סטריט וואַקסט אויס דער געלט־גאָט אין דער פֿאָרם פֿון ריזיקע געביידעס, שטיין. מויער און אײַזן, ביוראָס און אָפּיסעס. די לאָמפּן, וואָס קוקן אַרויס אָנגעצונדענע פֿון טונקעלע פֿענצטער אין דעם כמאַרנעם פֿרימאָרגן, דאַכט זיך, אַז דאָס זענען נישט קיין לאָמפּן, נאָר שאָטנס פֿון טויטע ליכט.

און די פֿינגער פֿון יונגע מיידלעך, וואָס קלאַפּן גאַנצענע טעג אויף די שרייב־ און רעכן־מאַשינקעס, דאַכט זיך, אַז דאָס זענען עפּעס יענוועלטיקע פֿינגער. זיי טוען מיט זייער כסדרדיקן, איינטאָניקן קלאַפּן עפּעס מתקן זיין; עפּעס מוזן זיי דערגרייכן, יאָגנדיק זיך נאָך דעם מיסטעריעזן „$“. דאָס איז אַזאַ מין געשטאַלט, וואָס גליטשט זיך פֿון איינעם צום צווייטן, וואָס איז אַזוי אומזיכער, אַז מען מוז עס האַלטן אונטער שלאָס און ריגל, ווארעם דאָס שפּאַנט אַדורך אייזערנע ווענט, שווימט אַדורך דורך שטאָל, ווערט אויסגערונען, נעלם.

אַרום בעטערי פּלאַץ שוויבלט מיט ענערגיע. דאָ דערקענט מען דעם וואונק פֿון אויסלאַנד: אַלערליי שיפֿסקאַנטאָרן, עקספּאָרט־הייזער, קאָנסו־לאַטן, פֿאַרטרעטונגען פֿון אויסלענדישע פֿירמעס און רייזע־ביוראָס געפֿי־נען זיך דאָ. דאָ קומט אויך דער „גרינער“, וואָס האָט דעם ערשטן טראָט געשטעלט אין זיין נייעם לאַנד. עפּעס פֿאַרבענקט ער זיך, דער גרינער, נאָכן ים, נאָכן ווינט, וואָס קומט פֿון יענער זייט אַטלאַנטיק, פֿון זעלבן וועג, פֿון וואַנען ער איז אַליין געקומען.

און דער ים ליגט דאָ, ווי אויף אַ באַרג. איבער דעם בעטערי פּלאַץ הענגט אַן איינגעשוואַרצטער טאָג, און איבערן ים — אַזאַ לויטערער פֿרי־מאָרגן. דער ווייסער בנין פֿון „קעסל־גאַרדן“, וואָס איז געווען אַמאָל, מיט העכער דרייסיק יאָר צוריק, דער עקזאַמען־פּלאַץ פֿאַר אימיגראַנטן, וואַשט איצט זיינע פֿיס אין ים. קייַלעכדיק איז דער דאָזיקער בנין, ווי אַ טעמפּל. היינט איז דאָרט דער אַקוואַריום, אַן אויסשטעלונג פֿון אַלערליי פֿיש. און אַמאָל, איידער מען האָט נאָך אין אַמעריקע עקזאַמינירט אימיגראַנטן, איז דאָרט געווען די שטאָטישע אָפּערא. ווער ווייסט אין וויפֿיל גלגולים נאָך דער געבוי אין רוימישן סטיל וועט אַריינפֿאַלן. נאָר איינס איז זיכער: קיין פּלאַץ פֿאַר אימיגראַנטן וועט דאָס שוין מער ניט זיין. דער פּלאַץ איז פּשוט צו קליין אַריינצונעמען אַזויפֿיל טרערן, אַזויפֿיל זיפֿצן און אַזויפֿיל פֿאַר־צווייפֿלונג, ווי עס נעמט אין זיך אַריין דאָס קליינע אינדזעלע „עליס איילאנד“.

דער טויער, דורך וועלכן מען דאַרף אַרויסגיין צום שיפֿל, וואָס פֿירט קיין עליס איילאנד, דערמאָנט שוין אָן עפּעס אומהיימלעכס: דאָס איז אַ שוואַרצע מויער פֿון פֿינצטערע ציגל, קאָלומס, שלעסער און שטאַכעטן. צוגערוקט צום ים, טונקלט זיך די געביידע, זי זעט אויס, ווי אַן אַלטע וואַסער־מיל, וואָס איז פֿאַרלאָזט צוליב דעם, וואָס שדים האָבן זיך אין איר זייער נעסט געמאַכט.

אַ קליין שילדל: „עליס אײַלאַנד פּעררי". דאָס הייסט, אַז פֿון דאַנען גייען אָפּ די שיפֿלעך קיין עליס אײַלאַנד. ווײַטער דערקענט מען שוין, אַז דער דאָזיקער טויער איז אַ מיוחס, ער געהערט ניט צו דער שטאָט און ניט צום שטאַט. דער טויער, דאָס שיפֿל, די באַאַמטע, וואָס פֿאָרן זיך דאָרט און אין גאַנץ עליס אײַלאַנד גופֿא, געהערן צו דער פֿעדעראַלער רעגירונג. דאָס איז דאָס אייגנטום פֿון דער רײַכסטער נאַציע אין דער וועלט.

אַזאַ אָרעם רײַכטום!

פֿאָרן קיין עליס אײַלאַנד איז ניט פֿון די לײַכטע זאַכן. ניט יעדער האָט די זכיה דערצו. קרובים צו פֿאַרהאַלטענע לאָזט מען יאָ צו. נאָר עס איז פֿון אַן אַנדער מין צולאָזן: מען קען זיך ניט אויסטענהן מיט די נאָענטע, מען מוז שטיין פֿון דער ווײַטנס, ווי קרובים פֿון אַרעסטאַנטן אין תּפֿיסה. מען לאָזט אויך צו טוריסטן, וועלכע קומען פֿון דעם גאַנצן לאַנד. זיי לאָזט מען צו, מען ווײַזט זיי, ווי די שומרים פֿון געזעץ היטן דעם שוואַרצן שטויב פֿון „גאָלדענעם" לאַנד. נאָר דאָס צולאָזן פֿון טוריסטן איז זייער אויבנ־אויפֿיק און אויבערפֿלעכלעך: מען ווײַזט זיי די ריינקייט פֿון די געלעגערס, דעם זאַל פֿון אונטערהאַלטונג, די אָפּגעבלאַנקטע קיך־קעסלען. וועגן דעם זאָרגט שוין דער באַאַמטער, וואָס פֿירט אַרום די „געסט". אַלטע דאַמען, וועלכע קומען צום ערשטן מאָל קיין ניו־יאָרק פֿון די ווײַטסטע טיילן פֿון אַמעריקע, באַזוכן עליס אײַלאַנד. פֿאַר זיי איז דאָס אַ... „פּלעזשור" — אַ פֿאַרגעניגן.

דאָס קליינע רעגירונגס־שיפֿל „לינקאָלן", וואָס איז איצט אָפּגע־שוואומען פֿון בעטערי פּלאַץ קיין עליס אײַלאַנד, איז אַרײַנגעזעצט אין וואַסער טיפֿער מיט צען אינטשעס ווי געוויינלעך. די שווערקייט האָט זיך גענומען פֿון די איבעריקע צוויי הונדערט און אַכט און דרײַסיק מענטשן און איין הונט, אַחוץ באַגאַזש, וואָס אַ טייל פֿון די פּאַסאַזשירן האָט מיט זיך געפֿירט.

די קנאַפּע דריטהאַלבן הונדערט מענטשן זענען שוין איצט געווען „בומערן" אין די אויגן פֿון די אימיגראַציע אינספּעקטאָרן. אין די אויגן פֿון דער פּאָליצײַ זענען דאָס געווען פּעקלעך מיט אַדרעסן ערגעצוואו אָפּ־צושיקן, צו „דעליווערן". די „פּעקלעך" זענען געווען צוגעטוליעט צו די אײַזערנע, פֿאַרזשאַווערטע שטאַנגען, אַ גאַנץ בכבודיק אָרט אין מיטן פֿון שיפֿל. דאָס איז די „ליעק", דורך וועלכער מען גיסט אַרײַן די פֿאַר־האַלטענע פֿון זעקס און צוואַנציק תּפֿיסות אין דער עמיגראַנטן־טורמע.

דאָס שיפֿל איז באמת אַזאַ, ווי מען פֿירט אַרעסטאַנטן: אָפּגעריסן און

פֿאַרלאָזט. איך דריי זיך אַרום אויפֿן דעק, קוק אין דער ווײַטקייט — שווער. דער נעפּל איז געדיכט. קוק איך זיך איין אין מײַנע מיטפֿאָרער, די, וואָס גייען אַרום פֿרײַ אויפֿן שיפֿל. זע איך, ווי חשכות טונקט זיך אין זייערע אויגן. ניט פֿאַר נחת פֿאָרט מען דאָס, מן הסתם צו פֿאַרהאַלטענע קרובים. און אפֿשר ניט בלויז צו פֿאַרהאַלטענע. אַזעלכע האָבן האָפֿנונגען, מען זאָל זיי אַרויסלאָזן. ערגער איז מיט די צוריקגעשיקטע, אַזעלכע, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן און פֿאַרמשפּט צום אַרויסגעשיקט ווערן פֿון לאַנד; זיי האַלט מען אין די תּפֿיסות פֿון טרערן־אינדזל ניט בעסער, ווי געוויינלעכע פֿאַרברעכער.

און אַרויסשיקן, שיקט מען אַרויס. כאָטש מען איז אַרײַנגעקומען לעגאַל אין לאַנד, איבערגעלאָזט אַ נישקשהדיק ביסל טרערן און זיפֿצן איז עליס איילאַנד, אַרײַנגעוויינט אין ים אַרײַן, אין דעם זעלבן ים, וואָס פֿליסט אַזוי שטיל, אַזוי מילד, ביים ברעג פֿון יענעם קליינעם טורמע אינדזעלע.

אַרויסגעשיקט קאָן מען ווערן פֿאַר . . . קראַנק ווערן און דאַרפֿן אָנקומען נאָך הילף אין אַ שטאָטישן שפּיטאָל. מען קאָן אַרויסגעשיקט ווערן פֿאַר אַרבעטלאָזיקייט און דאַרפֿן אָנקומען צו דער וו. פּ. א. נאָך אַ דזשאַב. פֿינף יאָר צײַט מוז דער צוקונפֿטיקער בירגער פֿון דער רײַכער אַמעריקע לעבן מיטן שאָטן פֿון עליס איילאַנד פֿאַר די אויגן. איך קוק זיך איין אין די אויגן פֿון מײַנע אַרעסטירטע מיטפֿאָרער און ס׳ווערט מיר קלאָר זייער אומרו מיט יעדער רגע, וואָס דאָס שיפֿל דערנענטערט זיך צו עליס איילאַנד. אָבער מען שוויַגט. יעדער שוויַגט אין זיך. יעדער טראָגט אין זיך די שרעק, ווי אַ ביס פֿון אַ שלאַנג. אָט פֿאָרט אַ כינעזישע משפּחה, צונויפֿגעטוליעט, צונויפֿגעקוועטשט אין אַ ווינקל. ביי זייערע פֿיס — קלימקעלעך, פֿילפֿאַרביקע קעסטעלעך און אַ צופֿרידענער „בודאַ". איך זע אַן אימיגראַציע באַאַמטן, ניט ווייט פֿון זיי, זיצט און דרימלט, נאָר די אַפּלען פֿון זײַנע אויגן קוקן אַרויס דורך די וויעס, ווי דורך שפּאַלטן; ער היט. די פֿאַמיליע פֿון דעם גרויסן לאַנד—כינע, איז געקומען אַהער וועש וואַשן, קאַרטאָפֿל שיילן און „שאַפּסואי" קאָכן. נאָר דער אַמעריקאַנער האָט מורא, זײַנע קינדער זאָלן ניט אַמאָל חתונה האָבן מיט זייערע קינדער און עס זאָל ניט אַמאָל אַרויסקומען אַ געלע ראַסע. באַזאָרגט ער זיך באַצײַטנס און שיקט צוריק אַהיים די כינעזישע משפּחה, אין לאַנד פֿון גרויסן הונגער און . . . צופֿרידענעם בודאַ.

אַרום מיר ווימלט אויך מיט „פֿיר־אויגיקע". מען קוקט, מען פֿאָרשט יעדן קער און ריר, נאָר אָט פֿאָרט מען פֿאַרביי די סטאַטוע פֿון פֿרייהייט.

די ריזיקע פיגור שטאַרט אַרויס אין מיטן ים. דער קאָפּ מיט אַ קרוין פון שטראַלן. די רעכטע האַנט אויפגעהויבן הויך, העכער, ווי איר קאָפּ און ווי אירע שטראַלן. אין דער האַנט — אַ פאַקל, וואָס באַלויכט און באַגריסט די אַריינקומענדיקע שיפן. ביינאַכט ברענט אַ גרויס ליכט אין פאַקל, און די גרויסע סטאַטוע איז באַלויכטן מיט ריזיקע פּראָזשעקטאָרן, כדי מען זאָל גוט אָנזען דעם סימבאָל פון אַמעריקעס פרייהייט, אַ פרייהייט פון שטיין און עלעקטריש ליכט. די נאַאיווע פראַנצויזן האָבן דאָס זיכער גע־מיינט אויפריכטיק, ווען זיי האָבן זייער שוועסטער — דער רעפּובליק פון יענער זייט ים, געשענקט אָט די דאָזיקע סטאַטוע אַלס מתנה. איצט שטייט די דאָזיקע מתנה, ווי אַן אָפּבילד פון דער פרייהייט. יעדער איינער פון די פאַרצאָרנטע, וואָס פאָרט דאָ פאַרביי, שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. עס איז ניט שווער זיך אָנצושטויסן, וואָס זיי מיינען!...

איצט זעען מיר מער ניט די סטאַטוע, כאָטש מיר פאָרן אַדורך האַרט נעבן איר. זי איז איינגעהילט אין גרויע גאַזן פון נעפּל.

נאָר אָט איז עליס איילאַנד: רויטע מויערן, גרינע דעכער און גרינע פענצטער גריסן אַנטקעגן. אויף די דעכער קופּאָלן, ווי גריכישע קלויס־טערס. טיף־גרינע טעראַסעס אַרום די פענצטער פון די בנינים. נאָר שטיל איז, ווי אין אַ טורמע־הויף. אין אַלע פיר זייטן שווענקט דער ים די גע־מויערטע פונדאַמענטן פון דעם אינדזלס טירן, טויערן, דורכגענג. און אַלץ איז אַזוי מאַסיוו און . . . דאַכט זיך, אַזוי פריי און געמיטלעך. אָט מאַכט עס דעם איינדרוק פון אַ סאַנאַטאָריום און אָט גאָר ווי אַן אָפּגעזונדערטער מאָנאַסטיר . . .

דאָס שיפל שפּאַרט זיך אַריין אין עליס איילאַנד, דורכן וואַסער, צווישן צוויי ווענט. אַן אַלט הילצערנער טויער האַלט אָפן דאָס מויל, פון וואַנען ס'שלאָגט אַרויס אַ פינצטערניש. באַאַמטע פירן דעם עולם, יעדן צו דעם, נאָך וואָס און צו וועמען ער איז געקומען. מיך פירט מען אַריין אין דעם אָפיס פון „האיאס", און איך פאַל אַריין אין אַ זאַל פון זיבעציק אומות. אין אַ זאַל, וואו יעדעס פאָלק האָט דאָרט זיינע פאָרשטייער, כדי צו לינדערן די ליידן, כדי צו העלפן זייערע לאַנדסלייט מיט אַן עצה, מיט אַ גוט וואָרט, מיט טרייסט און אָפטמאָל — אויך מיט טאַט.

---

אַ טאָג פאַרבראַכט אין עליס איילאַנד. זיך אָנגעזאַפּט מיט זאָרג און אַנגסט אויף אַלערליי לשונות און שטום־לשון. און ווען פון די הויכע ווענט אויף יענער זייט מויער האָט זיך גענומען אַרויסשפּאַרן די נאַכט, איז דאָס

שיפּל צוריק אַרויסגעפּאָרן פֿון זיין קלעם. דער טאָג האָט זיך געבלייכט אויף דעם ים־אויסגוס. דער גאַנצער הימל איז איצט געווען צעשמירט אין ברייטע רויטע שטרייפֿן, צווישן שטריך און שטריך — אַ כמורנער גרויער פּאַס. און ווען אַ וואָלקנדל האָט זיך אָפּגערוקט, און אויפֿן בלויען שטיקל הימל האָבן אויפֿגעפֿינקלט די שטערן, האָט מסתמא ניט איינער געטראַכט, אַז איבער די קעפּ פֿון די פֿאַרנדיקע וויקלט זיך „נאַטירלעכערווייז" פֿונאַנדער די אַמעריקאַנער פֿאָן . . .



# שיקאַגאָ

## אין דער „שחיטה־שטאָט"

אין קיין שטאָט קאָן מען ניט באַמערקן אַזעלכע ברודיקע טראַמווייען ווי אין שיקאַגאָ. ממש — קריכנדיקע חורבות.

בלאָטע פֿון פֿאַראַיאָריקן ערב־פֿרילינג קלעפּן אויף די שויבן...

די גאַסן, וואו עס וואוינט די אָרעמקייט, די האַלב־אָרעמקייט, דער אימיגראַנט און דער אַרבעטער, שווימען פּשוט אין שמוץ, אין קויט. דערצו מאַכן די וואוין־הייזער אַזאַ פּלאַטשיקן איינדרוק, אַזוי חושכדיק, ווי עס וואָלט דאָרט געקעניגט די מיזעריע...

שיקאַגאָ איז אַן אימיגראַנטן־שטאָט, אַ שטאָט וואָס האַלט אויף די מראה פֿון אימיגראַנט. ניו־יאָרק פֿאַרשלינגט און וואַשט אָפּ דאָס „גרינע" פּנים. אַן אימיגראַנט אין ניו־יאָרק באַמיט זיך אויפֿן דריטן טאָג, בעת ער איז דאָ, זאָל ער שוין קאָנען אויסקוקן ווי אַ „געלער". אין שיקאַגאָ אַרט עס אים ניט. דער אימיגראַנט, דער סלאַוו אין שיקאַגאָ, איז שיר ניט ווי דער ייד: שאַפֿט זיך דאָ זיין נאַציאָנאַל־קולטורעלע „אויטאָנאָמיע". די פּאָליאַקן זענען דאָ אין מאַסן, ניט ווינציקער ווי יידן. זייער צאָל דערגרייכט אויך ביז פֿיר הונדערט טויזנט. זייער קאָמפּאַקטע צאָל אין שיקאַגאָ לאָזט זיך זען און מערקן. די דריי לשונות: ענגליש, יידיש און פּויליש, הערט מען גאַנץ אָפֿט זיך צונויפֿמישן אין גאַס, אין טראַמווי, אין געזעלשאַפֿט. די פּאָליאַקן זענען ניט צופֿעליק דאָרט און ניט ערשט פֿון נעכטן. זיי האָבן שוין דאָרט זייערע איינגעוואָרצלטע אינסטיטוציעס און האָבן אַליין געשאַפֿן אַן אייגנאַרטיקן לעבנס־שטייגער. דאָס פּראָבלעם פֿון ענגליש ריידן צווישן די פּוילישע קינדער, אין שיקאַגאָ־געבוירענע, איז דאָס זעלביקע ווי דאָס יידישע. פּוילישע עלטערן באַקלאָגן זיך, אַז די קינדער ווילן ניט רעדן קיין פּויליש, מען רעדט צו זיי פּויליש און זיי ענטפֿערן אויף ענגליש.

אַזוי ווי די יידישע, האָבן זיך די פּוילישע אימיגראַנטן געשאַפן באַזונדערע געגנטן און געטאָס. נאָר דער אויבערשטער שיכט טיילט זיך כסדר אָפּ און אַנטלויפט. די ערשטע צייטן לעבט מען נאָך בשכנות, אַ גאַס נעבן אַ גאַס. אָבער אַז מען אַרבעט זיך אַרויף, שטייט ניט אָן דער יחוס, מען געפינט אויס „בעסערע" געגענטן, דאָרט וואו עס וואוינען אַמעריקאַנער־געבוירענע. מען קויפט אָפּ די הייזער, מען באַבויט די פּלעצער, מען נעמט איין נייע טיילן. די אַמעריקאַנער קאָנען ניט פאַרטראָגן די „פרעמדע געוואוינהייטן" און ... מען אַנטלויפט.

ס'ערשטע ציען זיך אַרויס די יידן, לאָזן איבער די געגנט פאַר די פּאָליאַקן. דערנאָך קומען די שוואַרצע, די נעגער, און שטויסן אַרויס די פּאָליאַקן. אָט אזוי באַוועגט זיך עס כסדר. דערווייל שפּרייט זיך אויס די שטאָט. אייגנטלעך קומט דאָס פאָר אין גאַנץ אַמעריקע אַזוי, נאָר אין שיקאַגאָ זעט מען דאָס בולטער אָן צוליב דער קאָמפּאַקטקייט פון די גרופּירונגען.

די פּאָליאַקן פאַרנעמען זיך אַממייסטנס מיט שווערער, מיט פיזישער און ניט קוואַליפיצירטער אַרבעט.

צוגלייך מיט שוואַרצע, זענען זיי באַשעפטיקט אין די אַזוי־גערופענע „סטאָק־יאַרדס", דאָס זענען די באַרימטע שעכט־הייזער, מיט וואָס שיקאַגאָ שטאָלצירט באַזונדערס. די שעכט־הייזער, דאָס איז דאָס אייגנאַרטיקע פון שיקאַגער אינדוסטריע. שיקאַגאָ נעמט זיך דערמיט איבער און גרויסט זיך דערמיט, ווי דעטראָיט מיט פאָרדס אויטאָמאָביל־פאַבריקן.

עס באַמערקט זיך, אַז איידער די באַן קומט אָן קיין שיקאַגאָ, ציט דער פּאַסאַזשירן־עולם די לופט אין זיך אַריין מיט התמדה, מען וויל אָנטאַפּן אין האַלדז דעם ריח פון בלוט . . .

די שעכט־הייזער פאַרוואַנדלען שיקאַגאָ אין אַ . . . „שחיטה־שטאָט". מיליאָנען לעבעדיקע „שטיקלעך" ווערן דורך ספּעציעלע פאַרמאַכטע בריקקאַמערן אַריינגעפירט. טאָג און נאַכט האַלט עס אַזוי אין „גיין", אָקסן און שעפּסן, חזירים און קעלבער. נאָך מיט מיילן ווייט דערפילן די שטומע באַשעפענישן דעם ריח פון בלוט, פון זייער בלוט, און אַ געשריי קומט אַרויס פון די וואַגאָנען, און דאָס געשריי שטייגט ביז אונטערן הימל און פאַרהילכט די פעלדער, די פאַבריקן, די שטאָט. צוזאַמען מיטן שנעלן קאַלערן זיך פון די רעדער פונם עלעווייטאָר, פון די טראַמווייען, אויטאָמאָבילן, צוזאַמען מיט די סירענעס פון די פאַבריקן און שיף־קוימענס, מיט אַלערליי רייסנדיקע אַדווערטייזמענטס — צי עס איז האַמבורגערס, וואורשטלעך אָדער אַ מוזיקאַלישע קאָמעדיע ערגעץ אין אַ טעאַטער —

טראָגט זיך אויך דער מוראדיקער ברום פֿון די מאַסן אָקסן, וואָס ווערן גע־טריבן פֿון באַן־וואַגאָנען אַרויס צום עלקטעטרישן האַמער ביי דער שוועל פֿון שעכט־הויז.

די, וואָס קומען צום ערשטן מאָל אין שיקאַגאָ, דערציילן, אַז זיי קאָנען ניט שלאָפֿן, אַז דער געשריי, דער פֿאַרלוירענער צער־געשריי פֿון די שטומע באַשעפֿענישן, פֿאַרהילכט די לופֿט און רייסט זיך דורך דורך שטייג און מויער.

נאָר די, וואָס קומען צום ערשטן מאָל קיין שיקאַגאָ, מיידן ניט אויס צו זען, ווי דאָס מעסער אין דעם נעגערס האַנט גליטשט זיך, מיט אויגן־בליקלעכער פֿלינקייט, איבער טויזנטער, טויזנטער לעבעדיקע העלדזער און דאָס בלוט גיסט זיך איבער זיינע הענט ווי מיט צעבערס.

די ערשטע פֿראַגע, וואָס מען פֿרעגט אייך אין שיקאַגאָ, איז צי האָט איר שוין געזען די „סטאָק־יאַרדס"? און גוטע מענטשן נעמען זיך אונטער אייך אַהין צו פֿירן, כאָטש אַליין דערציילן זיי, אַז זיי זענען שוין דאָרט געווען צו עטלעכע מאָל און נאָך יעדן מאָל באַזוכן די „שחיטה־שטאָט" עסן זיי עטלעכע טעג קיין פֿלייש נישט . . .

---

די שחיטה־שטאָט, „אַרמאָרס סטאָק־יאַרדס", געפֿינט זיך אין מיטן שטאָט. עס פֿאַרנעמט אָבער אַ היפּשע צייט ביז מען דערגרייכט דעם אַריינ־גאַנג. עס ציט זיך אויף אַ ריזיקער לענג, ווי מיט אַ פֿעסטונג אַרומגענומען, אַ לאַנגער מויער. פֿון אינעווייניק שטאַרן אַרויס פֿאַבריק־קוימענס, פֿון די קוימענס שפּאַרט אַ רויך און פֿון רויך טראָגט זיך דער ריח פֿון געבראָטנס.

און אָט איז מען אינעווייניק. אַ שטאָט, אַ וועלט, גאַסן, געסלעך, פּלע־צער, אַ טראַפֿיק, מיט רעגולאַציעס, רויטע און גרינע סיגנאַלליכט, פּאָליציי און באַאַמטע.

דער ריח פֿון פֿלייש, בלוט, חלב קיצלט אין דער נאָז, און דער עקל שטעלט זיך אַוועק אין האַלדז. צום ערשט מוז מען פֿעסט פֿאַרשליסן די ליפּן, ווי מען וואָלט ניט וועלן, אַז דער טעם פֿון פֿריש בלוט און פֿלייש זאָל צוקומען באַענגט צו דעם גומען. און אַז מען זעט אַרום און אַרום ווימלט פֿון טויזנטער מענטשן, וואָס שאַרן זיך אויף די טראָטואַרן, שטייען אין די קראָמען, אָדער זיצן אין די רעסטאָראַנען, ווערט מען אַליין אויך צוגע־וואוינט און עס דאַכט זיך, אַז אייגנטלעך איז דאָס ניט מער ווי אַ פּשוטע פֿאַבריק און דער שווידערלעכער איינדרוק נעמט זיך אָפּרוקן.

די באַאַמטע, וואָס האָבן די אויפֿזיכט איבער די טוריסטן, די באַ־

זוכער, ווייזן וואו און דורך וועלכן וועג זיך צו ריכטן ביז מען וועט צו־קומען צום ריכטיקן געדיכטן...

אינעווייניק. מען פֿאָרט איבער בריקן, הענג־בריקן, ווי אין דער לופֿט. מען קוקט אַראָפּ: טויזנטער, טויזנטער שטעלעכלעך שפּרייטן זיך פֿאַרן אויג. שטעלעכלעך אָן דעכער, בלויז נאָר מיט שטאַכעטלעך; די שטעלעכלעך זענען אָנגעפּילט מיט „לעבן״; יונגע קעלבלעך, וואָס זענען שוין צוגע־וואוינט צום ריח פֿון בלוט. אָט, דאָרט, ווייסע אָפּגעשוירענע שעפּסעלעך, זיי שווייגן גלאַט, טוליען זיך איינס צום אַנדערן, ווי זיי וואָלטן באַשלאָסן צוזאַמען אומצוקומען, צו שטאַרבן אינאיינעם אויף קידוש השם. זיי עסן שוין ניט, וואַרטן אונטערטעניק אויף דער לעצטער מינוט...

און אָט אַ שטייג מיט מילך־קי. זיי ווערן נאָך צום לעצטן מאָל גע־מאָלקן. זיי זענען געררייצט, טופּן, קאָפּן, נאָר גיבן זיך אונטער. אַנדערע וויינען אַריבער צו זייערע קעלבעלעך, רייסן זיך איבער די שטאַ־כעטלעך, אפֿשר, די שטומע באַשעפֿענישן ריידן אַזוי צו זיך, גיבן עפּעס איבער, ווי איינער וואָלט זאָגן: מילא, איך בין שוין אַלט, האָב שוין קינדער געבראַכט אויף דער וועלט, האָב שוין מילך געגעבן, איצט דאַרף מען מיין פֿלייש, מיין פֿעל, מיין מאַרך, מיין חלב . . . אָבער וואָס האָט מען צו דיר, קעלבעלע מיינס? אַז מער ווי דינע, בויגיקע ביינדלעך האָסטו גאָר ניט?...

נאָר מען לאָזט אונדז ניט לאַנג זיין פֿאַרטראַכט אין די בהמהשע מחשבות. אָט איז אַן אָפֿיס. אַ באַאַמטער דערקלערט פֿאַר די טוריסטן די אַנטוויקלונג פֿון דער פֿלייש־אינדוסטריע. ספּעציעלע ביכלעך דערקלערן וואָס פֿאַר אַן עשירות די אָרעמע בהמה האָט אין זיך . . . אַז ניט בלויז דאָס פֿלייש איז דער עיקר, נאָר אומגעהויערע רייכטימער פֿון אַ סך אַנדערע מאַטעריאַלן, אָנהויבנדיק מיט אַ געוויינלעכע פּאָר שיך און ענדיקנדיק מיט אַ סטרונע, אַ סטרונע צו אַ פֿידל. די סטרונע וואָס ברענגט אונדז אַריין אין אָט די זיסע וועלטן פֿון ליבשאַפֿט, פֿון דערהויבנקייט. ערשט איצט דאָ, באַמערקט מען, אַז די אומשולדיקע דינע סטרונע איז ניט מער ווי אַ „פֿאָדים״ פֿון אַ לעבעדיק באַשעפֿעניש.

דער באַאַמטער פֿירט אונדז פֿון אָפּטיילונג צו אָפּטיילונג. אין דער טוריסטן־גרופּע געפֿינען זיך מערסטנטיילס דאַמען, וואָרעם מענער גיבן זיך ניט אָפּ מיט אַזעלכע „סענטימענטאַלע״ זאַכן. מ׳ווייזט אונדז, ווי אַזוי דאָס „שטיקל״ ווערט געבראַכט: פֿון דער באַן ווערט עס געפֿירט דורך אַ פֿאַר־מאַכטער פּלאַטפֿאָרמע ביז צום ערשטן אַריינגאַנג אַהער. דאָס „שטיקל״ מוז גיין, ווייל צוריק אומדרייען קאָן עס זיך ניט, הינטער דעם ציען זיך נאָך

הונדערטער און טויזנטער. גייענדיק ווערט עס אי געוואויגן, אי געחתמעט. אַז עס קומט צו דער שוועל, וואו עס שטייט דער מלאך המות, מיט אַ ני־דעריק פּנים, אָן אַ העמד, מיט אַ האַנטוך אַרומגענומען אויפֿן האַלדז, שטייט ער אַזוי מיט אַן אייזערנעם האַמער, און ווי דאָס „שטיקל" דערזעט אים, וויל עס זיך שנעל טאָן אַ דריי־אויס צוריק און אַנטלויפֿן. אָבער הינטער דעם כוואַליעט אַ גרויסע מחנה פֿון דעמזעלבן מין און לאָזט ניט צוריקגיין. און איידער וואָס און איידער ווען, קריגט שוין די קו, אָדער דער אָקס, אַ „גלעט" מיטן אייזערנעם האַמער איבערן קאָפּ. דער אָקס פֿאַלט. ער פֿאַלט אָבער אויף אַזאַ פּלאַטפֿאָרמע וואָס רוקט זיך אַוועק און לאָזט איבער פּלאַץ פֿאַר די וואָס קומען נאָך. די אָקסן שרייען מער ניט. דער האַמער איז עלעקטריזירט און עס צעמישט זיי. די פּלאַטפֿאָרמע קערט זיך איבער און וואַרפֿט פֿון זיך אַראָפּ צו עטלעכע פֿאַרטויבטע אָקסן, און באַלד שווימט צו אַ ריזיקער הענגער, לאָזט אַראָפּ אַ קייט מיט אַ האַק, כאַפּט אָן דעם אָקס ביי די הינטערשטע פֿיס, ציט אים אַרויף און שווימט מיט אים צו צו אַ צווייטן ווינקל און דאָרט שטייט שוין אַן אַנדערער מיט אַ ברייט מעסער און . . . אַ צעבער מיט בלוט גיט זיך אַ גאָס און מאַכט פֿולער דעם רויטן, גייענדיקן טייך . . .

---

זעענדיק, ווי עס ווערן געקוילעט די שעפּעלעך, באַשליסט מען, אַז מער וועט מען זייער פֿלייש ניט עסן. וואָרעם וואָס קאָן נאָך זיין שוידער־לעכער, ווי די דאָזיקע אומבאַהאָלפֿענע באַשעפֿענישן, וואָס זעען אויס ווי הייליקע רבילעך, גייען זיך אַזוי מיט אויסגעשטרעקטע העלדזער צו דער שחיטה, גלייך דאָס וואָלט געווען זייער אויסלייזונג. זיי שרייען ניט, וואַרפֿן זיך ניט, ווערן ניט צעמישט. ווען דער „הענגער" כאַפּט זיי אַרויף ביי די הינטערשטע פֿיס, פֿאַרגלייזן זיי די אויגן, ווי גרייט צו זיין אָפּצוגעבן די נשמה צום באַשעפֿער און דעם גוף פֿאַר דעם מיסטער אַרמור. ווייל, ווי זיי וואָלטן געוואוסט, אַז נאָר כדי רייכער צו מאַכן אָט דעם מיסטער אַרמור, האָט מען דאָס צונויפֿגעפּירט זייערע טאַטע־מאַמע, כדי מען זאָל אָט דאָס שעפּסעלע צום ערשט גוט אַרומשערן און איצט „צורעכט מאַכן" . . .

נאָר דער וואָס שטייט מיטן מעסער טראַכט זיך גאָרניט אַריין אין די געדאַנקען. ער טוט ס'זייניקע. און ווען דער „הענגער" האָט זיך עפּעס פֿאַרהאַלטן אויף אַ רגע, האָט דער „שוחט" אויסגעזונגען גוטמוטיק אַמע־ריקאַניש „קאַם אָן בייבי", געצערטלט הייסט עס: קום אַהער, מיין קינד . . . צום ערגסטן איז מיט די חזירים. אָ ווי זיי פּראָטעסטירן! ווי זיי שרייען!

די הענגערס ברענגען זיי אין די הונדערטער, איינעם נאָכן אַנדערן מיטן גאַנצן, הילכיקן גוואַלד. זיי ווערן אויך ניט „איינגעשלעפּערט“ דורכן עלעק־טרישן האַמער. זיי מאַכן דורך אַ לאַנגע פּראָצעדור, ביז זיי קומען צו צום „שניט“. זיי וואַרפּן זיך, און די קולות שפּאַלטן ממש דורך די ווענט.

אַ גאַנצער מבול פֿון הייס וואַסער און פּאַרע שווענקט זיי און דיזענ־פֿעקטירט זיי. די באַאַמטע ווייזן אַ חריפֿות; מען לאָזט די טוריסטן מיטגיין פֿון דעם לעבעדיקן חזיר אָן ביז . . . ביז מען דערלאַנגט זיי אַ שטיקל וואורשט צו פֿאַרזוכן פֿון דעם . . .

---

עס איז אויסגערעכנט, אַז קיין שום גליד פֿון דער חיה זאָל ניט פֿאַר־לוירן גיין. אַלץ גייט דורך אין דעם אָפּשיין פֿון געלט. נאָך דעם ווי די חיה ווערט אַרויסגענומען פֿון דער גרענעץ פֿון לעבן, נעמט שוין יעדער דע־פּאַרטאַמענט זיין טייל: איינער דאָס פֿעטס און מאַכט דערפֿון אי ליכט, אי פּאַרפֿום, אי זייף, און דער אַנדערער — וואָס איז גוט פֿאַר אים.

אַוועקגייענדיק, זעט מען די יונגע מיידלעך מיט ווייסע פֿאַרטוכער פּאַקן דאָס פֿלייש שוין אין שיינע קעסטעלעך. יעדעס פּעניצל פֿלייש ווערט געציילט און געוואויגן. פֿאַרגעסט מען, אַז דאָ, אין דרויסן, דורכן פֿענצטער שפּרייטן זיך פֿאַרן אויג טויזנטער, טויזנטער לעבעדיקע פֿי־וואַרג. עס דאַכט זיך, אַז איינס מיטן אַנדערן האָט ניט קיין שייכות. דאָס איז דער כוח פֿון צוגעוואוינטקייט.

---

אַרום די „סטאָק־יאַרדס“ דרייען זיך טויזנטער, טויזנטער פּאָליאַקן, רומענער, ווייס־רוסן, קינדער פֿון די סלאַווישע פֿעלקער, וואָס האָבן אין די אַלטע היימען קיין אַרבעט ניט געהאַט, קיין ברויט און קיין פֿעלדער — צו־זאַמען מיט זיי — די נעגערס. זיי שאַפֿן דאָס אַ ספּעציעלע בראַנזשע, אַ פֿאַך, וואָס איז שוואַך אָרגאַניזירט, וואָס אַרבעט אין די ערגסטע אומשטענדן, ווערט עקספּלואַטירט און אויסגעריסן, און דאָך שטייען טויזנטער און טויזנטער אין דער רייע, אפֿשר וועלן זיי אויך קריגן אַרבעט.

# יידיש שיקאַגאָ

שיקאַגאָ האָט תמיד געשמט פאַר אַ קולטור־צענטער. דאָס יידישע שיקאגאָ איז ניט אָפּגעשטאַנען און באַמיט זיך אַראָפּצוּוואַרפן פון זיך דעם „פּראָווינציאַליזם”. נאָר אַזוי, ווי פון דער אייגענער הויט קאָן מען ניט אַרויס, וויל מען כאַטש דעם פּראָווינציאַליזם אָנמאַנטלען אין אַ קלייד פון אידעאַליזם, פון ערנסטקייט און אַרבעט.

דאָס ליטעראַרישע שיקאַגאָ לייגט זיך ממש אין דער לענג און אין דער ברייט, אַז ניו יאָרק זאָל זי „אנערקענען”. אָבער ניו יאָרק האָט אַ ביטול צו קלענערע צענטערס. הגם, זי אליין זיצט מיט פאַרלייגטע הענט און „קיבעצט” אין דער קיבעצאַרניע.

און כדי אַפילו פון דעם ניט אָפּצושטיין, האָט זיך שיקאַגאָ אויך גע־שאַפן איר „קיבעצאַרניע”, אַ קאַפע־הויז אין געשטאַלט פון אַן אייגענער „קאַפּיי ראָיאַל”, און אויפן ניו־יאָרקער „שניט”, זיצט מען דאָרט אָפּ גאַנצע נעכט און מען „טרייבערט” סיי „יונגע” און סיי „אַלטע”, און מען חקרנט זיך איבער אַ ליד, און אַ קוצו של יוד, איבער אַ וואָרט און אַן אויסדרוק.

יידיש שיקאַגאָ האָט זיך ליב צו פאַרמעסטן, און אַז זי פאַרמעסט זיך איז עס מיט אַ תוך, מיט אַ יש. מיט יאָרן צוריק האָט דער דיכטער ל. מילער אַרויסגעגעבן אַ וואָכנשריפט „קולטור”, איז דאָס בשום אופן נישט געווען קיין לאָקאַלער ענין. עס איז געווען אַן ערנסטע, יידישע אויסגאַבע אויף אַ גאַנץ ברייטן פאַרנעם. עס זענען געקומען צום אויסדרוק אי די שוין אנערקענטע, באַקאַנטע יידישע שרייבער, אי עס האָבן געקראָגן אַ טריבונע די יונגע און אָנפאַנגער, וואָס האָבן אַרויסגעוויזן סימנים פון טאַלאַנט, זיי זענען געשטעלט געוואָרן צו דער שוועל פון אַנטוויקלען זיך. אַ דאַנק „קולטור” האָט זיך די „וועלט” אָנגעהויבן פאַראינטערעסירן מיט שיקאַגאָ. פון אומעטום, פון אַלע לענדער, האָט מען גענומען אַריינקוקן אין יענער שטאָט ווי דורך אַ קרישטאָל פענצטער און דערזען, אַז שיקאַגאָ איז איינער פון די וויכטיקע, יידישע, ליטעראַרישע קולטור־צענטערן.

ניו־יאָרק האָט אַפילו „קולטור” ניט אנערקענט און זי מבטל געמאַכט, ווייל אויף אַרויסגעבן קומט איר די בכורה. דאָס ליטעראַרישע און קול־טורעלע, יידישע שיקאַגאָ האָט אָבער דורך דעם זשורנאַל געקראָגן אַן אויסדרוק.

נאָכן אונטערגאַנג פון „קולטור” (צוליב געלט־טעמים), האָט שיקאַגאָ געמאַכט נאָך עטלעכע פּרוּוון. צווישן זיי — „אינאיינעם”. עטלעכע נומערן „אינאיינעם” האָבן געגעבן דער יונגער חברותא שרייבער אַן אָנלען, און

פֿאַר די גאָר יונגע, אַ „בענקעלע" אויף צו לערנען זיך גיין.ליידער איז דאָס „בענקעלע" שטיין געבליבן.

דערנאָך האָט מען זיך אָרגאַניזירט אַרום אַ נייעם חודש־זשורנאַל מיטן נאָמען „שיקאַגאָ". און כאָטש דער זשורנאַל האָט געהאַט די בפּירושע טענ־דענץ צו זיין זעלבסטשטענדיק, דאָס הייסט, „שיקאַגיש", מיט דער כוונה אַרויסצוזאָגן דאָס אייגענע וואָרט, אויסצודריקן אַן אייגענע מיינונג, האָט מען זיך אָבער ניט באַפֿרייט פֿון איבערוואונקען מיט אַן אייגל קיין ניו־יאָרק. און כאָטש קיינער האָט ניט אויסגעזאָגט, האָט מען דאָך געוואָלט נושא חן זיין ביי די „בערן" — אָט אזוי איז אַנגעגאַנגען אַ קאָקעטעווען, די שיקאַגער „ראָיאַל" האָט דוקא געוואָלט געפֿעלן קאָפּע „איראָפּע".

אין שיקאַגאָ איז פֿאַראַן, אָן ספֿק, פֿייאיקע און טאַלאַנטירטע שרייבער, באַגאַבטע שריפֿטשטעלער, נאָוועליסטן און עסייאיסטן. ווען שיקאַגאָ וואָלט ניט געווען די צווייטע, גרעסערע שטאָט אין אַמעריקע, נאָר וואָלט זיין אַ הויפּט־שטאָט, ערגעץ־וואו, אין אַן אַנדער לאַנד, וואָלט שיקאַגאָ מיט אירע יידישע דיכטער און שרייבער געצויגן אויף זיך אויפֿמערקזאַמקייט און צו איר וואָרט וואָלט מען זיך צוגעהערט.

שיקאַגאָ האָט זיך אירע יידישע צייטונגען. קודם־כל, די דאָרטיקע לאָקאַלע טאָג־צייטונג „דער יידישער קוריער". דער כאַראַקטער פֿון דער צייטונג, איז ווי אַלע פּראָווינציעלע אַמעריקאַנער יידישע צייטונגען, אָריענ־טירט אויפֿן „שול־יידן", דעם פֿרומען יידן, וואָס האַלט שבת אָפּן זיין קראָם, און לערנט אין זיין „פּייפּער" אַ פּירוש אויף דער סדרה. (דאָס לערנט ער שבת, זיצנדיק אין קראָם, און אויסקוקנדיק אויף אַ קונה...)

די צווייטע „שיקאַגער" צייטונג איז . . . דער ניו־יאָרקער „פֿאָר־ווערטס". דאָס איז אַ גאַנצע קאָמפּליקאַציע. עס איז אייגנטלעך איינע פֿון די אַמעריקאַנער קאָמבינאַציעס.

אָפֿיציעל, הייסט עס, אַז דער שיקאַגער „פֿאָרווערטס" איז אַ באַזונ־דערע אינסטיטוציע. אַפֿילו אַ „פֿאָרווערטס אַסאָסיאיישאַן" איז אויך דאָ אין שיקאַגאָ אַ באַזונדערע, וואָס דאָס הייסט, אַז די פֿאַרוואַלטונג איז אַפֿילו ניט די אייגענע וואָס אין ניו־יאָרק. אָבער עס איז גענוג אַ קוק צו טאָן אויף די אינעווייניקסטע אַרטיקלען און מען קען גלייך זען, עס איז די זעלביקע צייטונג.

איבריקנס, קיינער לייקנט עס ניט אויך. דער גאַנצער ליטעראַרישער און פּובליציסטישער טייל פֿון „פֿאָרווערטס" ווערט צוגעשיקט פֿון ניו־יאָרק, פֿון דער הויפּט־רעדאַקציע, אין „פּלאַטן", דאָס הייסט, אויסגעזעצט שוין,

נאָר דרוקן דרוקט מען אַ נייע אויסגאַבע אין שיקאַגאָ, אי פֿאַר דער שטאָט, אי פֿאַר די מערבדיקע טיילן פֿון לאַנד.

אין שיקאַגאָ זעצט מען נאָר אויס די לאָקאַלע נייס, וואָס פֿאַרנעמט די ערשטע זייט, אַ לייט־אַרטיקל און — אַנאָנסן. בכלל ווערט אין אַמעריקע פּראַקטיצירט, אַז אַנאָנסן פֿון איין שטאָט זעט מען ניט אין דער אַנדערער שטאָט. די אַנאָנסן פֿון ניו־יאָרק נעמט מען אַרויס בשעתן דרוק, ווען די צאָל ניו־יאָרקער צייטונגען איז שוין פֿול, און מען דרוקט די פּילאַדעלפֿיער, אָדער דעטראָיטער אַנאָנסן.

אָבער שיקאַגאָ איז אַן אויסנאַם. אין שיקאַגאָ „מאַכט" מען אַן אייגענע צייטונג. אַזוי האָט געפּסקנט די שריפֿטזעצער יוניאָן. שיקאַגאָ איז אַ שטאָט פֿאַר זיך, האָט אַן אייגענע זעצער יוניאָן און דאַרף ניט „אימפּאָרטירן" צײַ־טונגען פֿון עגעץ אַנדערש. וואָס זשע טוט מען? איז דאָ אַן עצה. וואָס וויל דען די שריפֿטזעצער יוניאָן? מ׳זאָל באַשעפֿטיקן אירע מיטגלידער. וואָס זשע זאָגט דער „פֿאָרווערטס"? אַזוי ווי קיין זעצער דאַרף מען ניט, די צייטונג קומט שוין אויסגעזעצטערהייט פֿון ניו־יאָרק, אַז בלויז צוויי אָדער דריי זייטן, איז ניט גענוג מען זאָל געבן אַרבעט פֿאַר די צאָל זעצערס, וואָס די יוניאָן וויל, לכן, וויל דער „פֿאָרווערטס" צאָלן שכירות צו אַ צאָל זעצערס און . . . זאָלן זיי אַרומגיין ליידיק.

זאָגט די יוניאָן: ניין. אומזיסט וועלן אירע מיטגלידער ניט נעמען קיין געלט. פֿאַר געלט מוז מען אַרבעטן. איז מען געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן (ממש געניאַל!...) זאָלן די זעצערס אויפֿזעצן די אַרטיקלען, וואָס... זיינען שוין אָפּגעדרוקט און . . . דערנאָך וועט מען צעוואַרפֿן צוריק דעם זאַץ, ווייל סיי־ווי דאַרף מען דאָך דאָס ניט.

איז די עצה וואויל געפֿעלן אי דער יוניאָן, אי די זעצערס און אַפֿילו דעם „פֿאָרווערטס", וואָס מען וועט ניט נעמען „אומזיסט" קיין געלט . . . אַי וואָס מען אַרבעט סתם אין דער וועלט אַריין, וואָרעם קיינער דאַרף דאָך ניט די אַרטיקלען, וואָס מען זעצט דינסטיק, ווען זיי זיינען געווען געדרוקט מאָנטיק, איז דער תירוץ, ווען מען אַרט עס, אַבי מען נעמט ניט קיין געלט אומזיסט . . .

און עס איז אינטערעסאַנט צו זען, ווי אין שיקאַגער „פֿאָרווערטס" (אַן אייגענער, גרויסער, פּראַכטפֿולער בנין מיט דער גאַנצער איינאָרדענונג פֿון אַ גרויסער צייטונג) שטייען ע ל ף לינאָטיפּן, און ביי זיי זיצן די זע־צערס, מיט די גרינגע דאַשעקעס איבער די אויגן, זעצן פֿלינק, איילן זיך און פֿלייסן זיך. און נאָך שענער איז, וואָס עס זיצן נאָך אויך קאָרעקטאָרס

און מאַכן די קאָרעקטורן פֿון די אויסגעזעצטע אַרטיקלען (ווייל אויך קאָ־רעקטאָרס מוזן זיין אָנגעשטעלט). און אַז די קאָרעקטורן זיינען שוין אונ־טערגעשריבן און די גרייזן פֿאַרריכט, אַ סימן, אַז דער זאַץ איז שוין ראוי ער זאָל געדרוקט ווערן, קומט ערשט דאָס יינגל, וואָס שמעלצט דעם בליי, און — וואַרפֿט עס תיכף אַריין אין די שמעלץ־קעסלען און די נאַר־וואָס אויסגעזעצטע אותיות ווערן צוריק פֿאַרוואַנדלט אין „גאָס״ . . .

צוליב דעם טעם האָבן די איבעריקע ניו־יאָרקער יידישע צייטונגען ניט קיין „עדישאַנס״, דאָס הייסט, קיין אויפֿלאַגעס, אין שיקאַגאָ, אַזוי ווי זיי האָבן אין אַלע אַנדערע גרעסערע שטעט (וואָס מען דרוקט אין ניו־יאָרק). די שיקאַגער יוניאָן זאָגט: ווילסטו האָבן אַ שיקאַגער אויפֿלאַגע פֿון דער צייטונג, מוזסטו זי „דאָ״ זעצן, ווי מען טוט עס מיטן „פֿאָרווערטס״.

אָבער דאָס איז נאָך גאָרניט קעגן דעם אַבסורד פֿון אַ געוויסער יידי־שער צייטונג, וואָס „דערשיינט״ שוין אין שיקאַגאָ עטלעכע און דרייסיק יאָר און... מען האָט זי נאָך ניט געזען אין גאָס. און אויב עמיץ זעט יאָ אַמאָל אַ נומער, איז עס דער אַנאָנסן־געבער (ניט קיין יידישער), און ווען ער זאָל קענען לייענען (חוץ זיין אַנאָנס), וואָלט ער געזען, אַז שוין העכער 35 יאָר דרוקט זיך אין דער צייטונג אַלץ דער זעלביקער אַרטיקל וועגן . . . דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה...

ניט קיין געלעכטער. אַזוי איז עס. ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? — מען וואָלט געקענט ענטפֿערן, ווי יענער חסיד, וואָס דערציילט גוזמאות פֿון זיין רבין: „דו זעסט דאָך!״ אָבער דאָ איז די זאַך אַ פּשוטע:

מיט עטלעכע און דרייסיק יאָר צוריק, אין דער צייט פֿון דער רוסיש־יאַפּאַנעזישער מלחמה, האָט אַ ייד געגרינדעט אַ יידישע צייטונג אונטערן נאָמען „די יידישע פּרעסס״, און ווי עס איז שכיח אין אַמעריקע, נוצן די „פּאָליטישענס״ אויס יעדע צייטונג, וואָס לאָזט זיך אויסנוצן, דהיינו די, וואָס לאָזן זיך באַצאָלן פֿאַר פּראָפּאַגאַנדירן דעם אָדער יענעם צד בעת וואַלן.

און אַזוי ווי דער אַרויסגעבער פֿון „די אידישע פּרעסס״ האָט זיך באַלד אָנגעכאַפּט אין אָט דער מעגלעכקייט און איז אַריין אינעווייניק, אין די קרייזן פֿון דער פּאָליטישער פּאַרטיי, האָט ער געקראָגן אַ סך גוויישע פּריינט, וואָס האָבן אים אָנגעבאָטן אַריינצוגעבן זייערע פּאָליטישע און פּערזענלעכע אַנאָנסן אין זיין צייטונג. די אַלע „פּאָליטישענס״ זיינען גע־וואָרן דעם אַרויסגעבערס „פּערזענלעכע״ פֿריינט, און ער האָלט די פֿריינט־שאַפֿט זייער שטאַרק אָן ביזן היינטיקן טאָג . . .

מיט אַמאָל איז זיך מיישב דער אַרויסגעבער, אַז אייגנטלעך, וואָס

דאַרף ער אַ צייטונג? כדי ער זאָל קריגן אַנאָנסן. און ווי באַלד ער האָט שוין אַנאָנסן (און דוקא שווערע, פֿאַר צענדליקער טויזנטער דאָלאר אַ יאָר) טאָ, וואָס ווייסן די גויים? (ווי באַלד זיי זיינען פּריינט), צי ער גיט יאָ אַרויס אַ צייטונג צי ניט. וואָס דאַרף ער זיך נאָך „באַדערן״ מיט אַ רעדאַקטאָר, מיט שרייבער, מיט זעצער, מיט נייעס און אַנדערע זאַכן, וואָס זענען ניט פֿאַר זיין קאָפּ? ער האָט איינמאָל איבערגעלאָזט דעם זאַץ פֿון אַ גאַנצער צייטונג שטיין אויפֿן טיש, אָפּגעזאָגט אי דעם רעדאַקטאָר, אי די שרייבער, אי די זעצער, איבערגעלאָזט נאָר איין דרוקער, וואָס זאָל יעדן טאָג איבער־טוישן די דאַטע — אַריינשטעלן די נייע אַנאָנסן, וואָס ער קריגט און . . . דער עיקר איז דאָך דער אַנאָנסן־געבער זאָל יעדן טאָג דערהאַלטן אַ „אידישע פּרעסס״ מיט דער לעצטער דאַטע און זיין אַנאָנס.

אָט אַזוי עקזיסטירט אַ צייטונג אין שיקאַגאָ, וואָס קיינער זעט זי ניט (חוץ דער גוישער אַנאָנסן־געבער) און דער אַרטיקל (בלויז דער „קאָפּ״ ווערט פֿאַר זיכערקייט וועגן געביטן). איז שוין עטלעכע און דרייסיק יאָר דער זעלביקער...

אָבער די „אידישע פּרעסס״ איז ניט די איינציקע. אין שיקאַגאָ „דער־שיינען״ נאָך צוויי אַנדערע צייטונגען, וואָס דרוקן אַפֿילו קיין אַלטע אַר־טיקלען אויך ניט. פּשוט, מען דרוקט גאָרניט. מען שיקט נאָר בלויז צו צום אַנאָנסן־געבער אַ . . . קאָרעקטור פֿון דער אַנאָנס, וואָס דער „גוטער פּריינט״ האָט געגעבן. די נעמען פֿון די אַנדערע צוויי „צייטונגען״ זענען: „דער אידישער קול״ און איינע מיט אַן ענגלישן נאָמען, וואָס דאַרף זיך רופֿן „דזשואיש טיימס״ . . .

דער ענין צייטונגען ווערט אין שיקאַגאָ ניט גענומען ערנסט פֿון די בעסערע טיילן צווישן דער יידישער באַפֿעלקערונג.

אין שיקאַגאָ האַלט מען אין מאַכן עקספּערימענטן. אַזוי איז מיט זשורנאַלן און אַזוי איז מיט טעאַטער. און פּונקט ווי מען נעמט ניט ערנסט די צייטונגען, אַזוי נעמט מען נאָך ווינציקער ערנסט דאָס „יידישע טעאַ־טער״, וואָס קומט אַהין, ווי אין יעדער פּראָווינץ־שטאָט, פֿאַר אַ סעזאָן. דער פֿאַקט גופֿא, אַז אין אַזאַ שטאָט מיט פֿיר הונדערט טויזנט יידן קאָן קיין טעאַטער ניט אויסשטיין אַ סעזאָן, באַווייזט, ווי נעגאַטיוו מען איז דערצו.

אַ גרופּע אינטעליגענטע יונגעלייט, די מערסטע, שווערע אַרבעטער, האָבן, מיט יאָרן צוריק, געגרינדעט די „שיקאַגער טעאַטער געזעלשאַפֿט״. דאָס איז אייגנטלעך געווען אַ דראַמאַטישע סטודיע פֿון דילעטאַנטן. אָבער דער פֿאַרנעם זייערער און די השגה האָט ווייט איבערגעשטיגן זייער דילע־

טאַנטישקייט. זיי האָבן געמאַכט די גרעסטע אָנשטרענגונגען, ממש זיך מוסר נפש געווען פֿאַר דער זאַך. זיי האָבן געהאַט אַלס לערער און די־רעקטאָר: יוסף בולאָװ, ליובע קאַדיסאָן און אַנדערע. זיי האָבן זיך אָפּגע־זאָגט פֿון צו זיין אַרבעטער און זיך איינגעשפּאַנט אין אַ שווערן פּרנסה־וואָגן, אַלס . . . מילך־פֿאַרקויפֿער. זיי פֿלעגן אין די פֿאַרטאָגן אַרומטראָגן מילך איבער די הייזער, כדי זיי זאָלן קאָנען בייטאָג שטודירן און ביינאַכט שפּילן טעאַטער. זיי האָבן זיך ניט אָפּגעשראָקן און גענומען אַ טעאַטער־זאַל מיט זיבן הונדערט פּלעצער און געשפּילט, ווי אַ רעגולערער טעאַטער — יעדן זונטיק. דער עולם איז געקומען און מען האָט זיי אָפּגעשאַצט. זיי האָבן אויפֿגעפֿירט אַ רייע פּיעסן, וואָס האָבן זיי געשטעלט אין דער ריי פֿון ערנסטע טעאַטער פּרואוון. זיי האָבן צוויי סעזאָנען אויסגעהאַלטן בולאָװן און קאַדיסאָנען און איין סעזאָן — מאָרעווסקין. זיי האָבן מיט רעכט זיך קונה שם געווען, אָנרופֿנדיק זיך „שיקאַגער דראַמאַטיש טעאַטער״. זיי וואָלטן געקאָנט זיך ווייטער אַנטוויקלען, ווען . . . ווען די קללה פֿון פּראָ־ווינציעלקייט זאָל ניט הענגען איבער די קעפּ פֿון אַלע שיקאַגער אינסטי־טוציעס. מען האָט ניט קיין מורה דרך און . . . מען באַציט זיך מיט ביטול.

אין שיקאַגאָ האַלטן אין איין דערשיינען ביכער פֿון יידישע מחברים. אַ גאַנצע ריי טאַלאַנטן זענען פֿון דאָרט אַרויסגעקומען. אין שיקאַגאָ איז דאָ פּולס, לעבעדיקע נערוון, נאָר זיי ווייסן ניט, ווי עס אויסצונוצן. אין שיקאַגאָ בענקט מען. עס זיצן די „יונגע״, אָט די, וואָס זענען שוין גרויס געוואָרן אין יענער שטאָט; די וואָס האָבן זיך איינגעלעבט און מיטגעמאַכט אי די אויפֿשטייגונג, אי די אַנטוויקלונג פֿון דער שטאָט. זיי דערציילן אייך פֿון זייער גרויס ליבשאַפֿט, וואָס זיי האָבן צו שיקאַגע, דער שטאָט, וואָס איז אַזוי אייגנאַרטיק, הייס־בלוטיק און אַפֿילו עקזאָטיש. די שטאָט, וואָס האָט זיי אַרויסגערופֿן צו שאַפֿן און צו באַגייסטערונג. און דאָך, דאָך זיצט מען אין דער „ראַיאָל״, מען שפּאַצירט איבער די געצירטע בולוואַרן, מען שטרעקט אויס די בליקן אַהין, אַהין צום ווייטן „איסט״, צו ניו־יאָרק. פֿון די אויגן רייסט זיך אַ בענקעניש. אַ שטאָט בענקט, אַ שטאָט חלומט פֿון ווערן אויס און זיך באַהעפֿטן מיט יענעם, מיטן ווייטן ניו־יאָרק.

# מיינע לאַנדסלייט אין טאָראָנטאָ, קאַנאַדע

איך וועל ווידמענען אַ סך האַרציקע שורות מיינע לאַנדסלייט אין טאָ־ראָנטאָ.

מיין היים, וואָס האָט פאַרמאָגט אַזעלכע ברייטע הימלען איבער זיך, האָט אָבער געהאַט אַזעלכע שמאָלינקע שטיבעלעך, מיט קליינע פענצטער־לעך, וועלכע זיינען אייביק ברוגז געווען מיט דער זון און מיט די ברייטע פעלדער; איינס דאָס אַנדערע האָט קיינמאָל ניט אָנגעקוקט. און אַ פּיצל ערד איז אין מיין היימשטעטל טייערער געווען ווי אין ניו־יאָרק. טייערער געווען באַזונדערס פאַר מיר, ווייל מיינע זעקס־יאָריקעביינער האָבן ניט געהאַט וואו צו רוען. די פעטערס און די מומעס האָבן ניט פאַרגינען דאָס שטיקל הינטערן אויוון. און אין בית המדרש איז אַזוי אומהיימלעך געווען, אַז מיינע זעקס יאָר זענען ציטערדיק אַרומגעשוואומען צווישן די שאָטנס פון די ווענט אין אימהדיקער גרויליקייט.

האָב איך קיינמאָל ניט געבענקט נאָך מיין שטעטל און ניט נאָך דעם אַלעמען, וואָס האָט מיך דערמאָנט אָן מיין שטעטל.

איך געדענק: ווען איך בין שוין געווען אַ גרויסער בחור און בין געקומען אין מיין שטעטל זוואַלין אַרויסצונעמען אַ פּאַספּאָרט, כדי צו פאָרן אין דער ווייטער וועלט אַריין, איז מען געלאָפן ווי אויף אַ בייז וואונדער מיך אָנצוקוקן, ווי אַ וויסטער יתום איז דאָס אויסגעוואַקסן אַ לייט.

איך בין דעמאָלט געוואָרן דאָס שיינדל פון מיין שטעטל און דער יחוס פון מיינע מומעס. זעקס ווייבער האָבן זיך אַוועקגעשטעלט פאַר מיין פּנים, אַרויסגענומען דעם וואונדער פון זייערע אויגן און אַרויפגעלייגט אויף די ליפּן: אָט דאָס איז ער? מיר זיינען דאָך זיינע מאַמעס געווען...

זעקס מאַמעס האָב איך געהאַט אין מיין שטעטל. און ווען ס'איז אויס־געבראָכן די מוראדיקע שׂרפה, ווען דער גאַנצער הימל איז געווען באַדעקט מיט פלאַמיקע וואָלקנס און די ערד מיט רויטע שאָטנס, דעמאָלט ווען אַלע ווייבער פון מיין שטעטל זיינען שוין געזעסן העט ווייט אויף די פעלדער, מיט די פעקלעך בעטגעוואַנט אונטער זיך און די צעשראָקענע קינדער ביי דער זייט, האָב איך, אַן אַכט־יאָריקער פאַרשויץ, זיך אַרומגעשלייכט ביי די פעקלעך און געזוכט עפּעס אַ שטיקל מאַמע, וואָס זאָל צולייגן אַ קאָפּ שלאָף צו מיינע צעשראָקענע אויגן...

יאָ, איך דערמאָן זיך: אַמאָל ווען איך בין געגאַנגען אין מאַרק, זיינען מיך באַפֿאַלן די זעקס מאַמעס מיט שערלעך אין די הענט, האָבן מיך געיאָגט דורך געסלעך און „שציאָנקעס" ביז זיי האָבן מיך געפּאַקט, אַריינגעכאַפּט אין אַ שטוב און אַלע זעקס מאַמעס האָבן גענומען גראַבלען מיט די שערלעך איבער מיינע האָר, וואָס זענען, זאָגט מען, דעמאָלט בלאָנד געווען און פֿון זיך אַליין געקרייזלט. זיי האָבן געפּליקט די לאָקן מיט די שאַרפֿן פֿון זייערע שערן, ווי מען פּליקט איבערגעצייטיקטע טרויבן.

וואָס האָבן זיי געוואָלט? אַ מצוה פֿאַרדינען, אַ שטיקל עולם הבא אָנשערן, אַ קליינינקייט אַ יתום...

אין עטלעכע טעג אַרום נאָך דער שׂרפֿה, ווען דאָס שטעטל איז איינגעזונקען געוואָרן אין דער ערד אריין דערמיט, וואָס די טאַטעס האָבן אויסגעגראָבן גריבער, געמאַכט אַזעלכע קעלערן צו וואוינען און יעדער טאַטע, האָט ווי אַ פֿויגל פֿאָטער, געברענגט עסן אַהין צו זיינע פֿייגעלעך אונטער דער וואַרעמקייט פֿון ליים און פֿעדערן, האָב איך ניט דערקענט אין וועלכן גרוב עס וואוינט „מיין משפּחה" און האָב זיך אַוועקגעלאָזט צופֿוס קיין ראַדאָם. אַכט און צוואַנציק וויאָרסט האָבן זיך אויסגעשפּרייט פֿאַר מיר און אַ טריבער חשון טאָג האָט מיך באַגלייט אויף מיין היימלאָזן וועג.

אָט די שטיקער זכרונות, וואָס קאָנען קיינמאָל ניט ווערן אָפּגעמעקט פֿון מיין געמיט זענען איצט אויסגעוואַקסן אַזוי בולט מיט זייער גאַנצער, גרויער פּיין. גראָד איצט, ווען איך בין דער גאַסט פֿון מיינע לאַנדסלייט. דער פּרעזידענט שטעלט מיך פֿאָר. מען אַפּלאָדירט און איך דערהער די קלעפּ וואָס האָבן זיך געשאָטן אויף מיר. ניין, איך וויל דאָס אַלץ פֿאַרטרייבן. איך זע דאָך קלאָר, ווי אַלעמענס אויגן לייכטן מיט גוטפֿריינטלעכקייט...

---

פֿאַראַן דאָ, צווישן מיינע לאַנדסלייט, אַזעלכע וואָס זיינען מיט מיר אין חדר געגאַנגען, אַנדערע, וואָס האָבן בלויז געהערט פֿון מיר. נאָר די זעקס ווייבער מיט די שערלעך טרעטן פֿאָרט ניט אָפּ פֿון מיר, און די גרוביקע וואוינונגען, ווי מילוואָרם לעכער, גראָבן זיך אַפֿיר פֿון מיין זכרון. די פּלאַמיקע וואָלקנס זיינען אַזוי פֿייערדיק פֿריש און די פֿונקען וואָס שלאָגן זיך אָן אָן מיינע צעפּלאַמטע באַקן — בריען...

איך בין נאָך מער ווי דאַנקבאַר מיינע לאַנדסלייט פֿאַר דער וואַרעמער אויפֿנאַמע, וואָס זיי האָבן מיר געגעבן, מיר, דעם שרייבער און לאַנדסמאַן. איך האָב דורך זיי צוריק באַקומען די העלע געשטאַלט פֿון מיין שטעטל

און די שטעטלעך, וואָס זיינען שפּעטער מיין געוואָרן. איך האָב דער־פילט אַן אָדער, וואָס איז געווען איבערגעריסן, האָט זיך צוריק פאַרקניפּט. ס׳איז דאָך אַזוי טרויעריק ווען מען וויל דאָס שטיקל ערד, אויף וועלכן מען איז געבוירן געוואָרן, אויסרייסן פון זכרון. האָב איך זיך פון גאַנצן האַרצן משמח געווען מיט מיינע לאַנדסלייט, די פּשוטע, היימישע יידן. אין זייער באַנעמונג איז ניט געווען קיין שום פאַרענטפערונג צו מיר. זיי האָבן גע־וויס קיין אַנונג ניט געהאַט פון דעם, וואָס איך האָב זיך אָנגעליטן. וואָרעם די נויט פון יענע טעג איז דאָך אַלעמענס נויט געווען. דער דלות האָט אַזוי ברייט אַרומגעשפּרייזט איבער מיינע אָרעמע שטעטלעך, און דאָס דחקות האָט זיך געשפּאַרט, אינאיינעם מיט דער קעלט, דורך די מיט שמאַ־טעס פאַרשטעקטע שויבן און פענצטער.

---

דאָ, אין דעם וויטן קאַנאַדע, אין דער מרה־שחורהדיקער, גרויסער שטאָט טאָראָנטאָ, האָט זיך ערשט דאָס שטעטל באַפרייט פון דער גרויסער אָרעמקייט, האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די צעאָדערטע בגדים און אַראָפּגע־שאָקעלט דעם דלות. דאָ, מיינע לאַנדסלייט אין קאַנאַדע — אַרבעטער, פאַ־ריער, שניידער, קאַמאַשן־שטעפּער, נאָר מען האָט זיך איינגענעסט, איינגע־פונדעוועט מיט אַ געמיטלעכער באַזעסנקייט. קוקנדיק אויף זיי האָב איך זיך דערפרייט מיט זיך אַליין, — האָרעפּאַשניקעס מיינע לאַנדסלייט.

ווען איך בין געזעסן, ווי אַ חתן בחור, אויבן אָן ביי אַ באַנקעט פון די דאָזיקע שטעטלדיקע פריינט מיינע און האָב געהערט, אַ חוץ שבחים, אויך פּשוטע און היימישע רייד, האָבן מיינע פעטערס און מומעס געקראָגן גאָר אַן אַנדער פּנים.

מיין שטעטל איז אין מיר ניי געבוירן געוואָרן. — אויפגעלויכטן דורך פּיין, דורך פינצטערניש און צער. ס׳האָט אויפגעהעלט אין מיין געמיט. „ראַדעמער און אומגעגנט סאָסייעטי״ הייסט איצט דאָ מיין שטעטל. מיינע לאַנדסלייט זענען פאַראַן אַ סך, פון זוואָלין, פון ראַדאָם, פון סוכאַטשאוו און פון אַנדערע שטעטלעך מיינע, וועלכע האָבן זיך איינס ס׳אַנדערע אַרויסגע־נומען, אַריבערגעבראַכט און איינגעפלאַנצט אָט דאָ אויף קאַנאַדעס ברייט־טער ערד. און ס׳ווילט זיך זאָגן: משנה מקום, משנה מזל! שטעטל דו מיין.



**לייב מלאַך**

צייכנונג פֿון י. מאַזשניק

# מיסיסיפּי

## פּיעסע אין דריי אַקטן.

באַטייליקטע:

נעגער:

דזשאָן
אוירווינג
ביל
פּיטער
נאָרמאַן
טאָם
דזשאָרדזש
קעטי, טאָמיס מאַמע
מאַרגאַריט, טאָמיס שוועסטער
מערי, מאַרגאַריטס מאַמע
מיקי, מאַרגאַריטס פֿריינט
רעווערענד
שוך־פּוצער, 10־יעריק יינגל
קאַבאַרעט זינגער און זינגערין

ווייסע:

באַן־קאָנדוקטער
עז } צווייפּלהאַפּטע מיידלעך
גרעיס } צווייפּלהאַפּטע מיידלעך
פּאָל
קאָלווין
שעריף
דאַמע 1
דאַמע 2
דאָקטער
יוז, אַדוואָקאַט
ברוין, אַדוואָקאַט
וועב, פּראָקוראָר
שורלי סילווערסטאָן
הערעלד
סמיטה

---

צייטונגס פֿאַרקויפֿער, קיך־אַרבעטער, קעלנער, תּפֿיסה אויפֿזעער, רעפּאָר־טער, המון. די אַקציע קומט פֿאָר אין די דרום־שטאַטן פֿון צפֿון־אַמעריקע.

# ערשטער אַקט

בינע: אַ ליידיקער פּראַכט־וואַגאָן אין מיטן גאַנג. אין אַ ווינקל אַן אַראָפּגעדרייטער לאַמטערן. די גרונט־טיר ווערט אויפגערוקט. אויפן פּאָן: וואָלקנס יאָגן זיך, טעלעגראַפן־סלופּעס שווינדלען דורך, וואַלד, פעלד, שטיקערווייז דורך דער אָפענער טיר. אַ גרופּע נעגער, ווי אין געראַנגל מיטן ווינט, כאַפּן זיך אַרויף. זיי זיינען: דזשאָן, ביל, אוירווינג, נאָרמאַן און פּיטער. איינער דערלאַנגט דעם אַנדערן די האַנט און ווערן אַזוי אַריינגעצויגן אין וואַגאָן אַריין.

**דזשאָן:** אַלע? ווער פעלט?

**ביל:** ווער ס׳פעלט? (קוקט זיך אַרום) צייל.

**פּיטער:** און דו האָסט קיין פינגער נישט? (ציילט) איינס . . . צוויי . . . דריי . . . (צו ביל, וואָס קוקט אַרויס דורך אַ שפּאַרע) שטעקסט אַרויס דיין אָקסישן פּנים, און אַז דער קאָנדוקטער וועט דערזען? . . .

**ביל:** פּאַרמאַך ס׳מויל. ער רעדט. מ׳דאַרף דאָך זען וואו מ׳איז, ניט? אַלע פּאָר מינוט אַ סטאַנציע. ווייסט איר וויפיל סטאַנציעס מיר האָבן שוין געהאַט?

**דזשאָן:** און וויפיל מיר׳ן נאָך האָבן? (דרייט אַרויס דאָס פלעמל פונם לאַמטערן) מיט פּראַכט־צוג פּאָרן . . . ביי יעדער וועקסלונג שטעלט זי זיך אָפּ, די שלעפּעריין, לאָזט דורך די עקספּרעס באַנען. די שיינע פּאַסאַזשירן, וואָס פּאָרן קיין פלאָרידא זיך באָדן, האָבן קיין צייט ניט.

**נאָרמאַן:** אַז מ׳פּאָרט בחינם האַלט מען ס׳פּיסק!

**ביל:** און אַז נישט?

**נאָרמאַן:** וועל איך דיר ווייזן (גרייט מיט אַ פויסט, נאָר מען דערלאָזט נישט).

**דזשאָן:** דאַכט זיך, אַז עמיצער פעלט.

**נאָרמאַן:** פעלט?

**פּיטער:** (ציילט) איינס, צוויי, דריי, טאָם!

**אַלע:** (אין שרעק) טאָם?

**דזשאָן:** און איך האָב באַלד געזאָגט אַז עמיצער פעלט. (רוקט אויף די טיר און שפּרינגט אַראָפּ).

**אוירווינג:** אומזיסט, וואו וועט ער אים איצט געפינען? (אַלע קוקן אַרויס מיט שפּאַנונג) אַ געוואַגטער דער דזשאָן, ניט?

דזשאָן: (באַווייזט זיך אין דער טיר, נאָכלויפנדיק דעם צוג, גיט אַ וואָרף אַריין אַ זעקל און דאָס איז טאָס. אַלע העלפּן צו, שטעקן אַרויס די הענט און כאַפּן אָן דזשאָנען).

אַלע: וואו איז ער געווען?

דזשאָן: שוין כמעט אויף די שינעס.

ביל: און איך האָב באַלד געזאָגט, אַז מען דאַרף ציילן.

דזשאָן: (קוקט אים אָן איראָניש) געזאָגט, העי? (טוט אויס פון זיך דאָס רעקל און מאַכט דערפון אַ קישעלע פאַר טאָמין) נאָך איין רגע און ס'איז נאָך אים. וואָס האָט איר זיך אַלע אַרומגעשטעלט? לאָזט אים כאַפּן דעם אָטעם. (צו טאָמין) ווילסטו עפּעס?

טאָמי: וואָסער.

דזשאָן: וואָסער? באַלד וועט זיין אַ סטאַנציע, דערווייל שלאָף. ווען מען שיקט עס אין דער וועלט אַריין זוכן אַרבעט? אַ מאָן... נאָך קיין פערצן יאָר נישט אַלט.

נאָרמאַן: קענסט אים?

דזשאָן: כ'קען די מאַמע זיינע, פון מיין שטעטל. אַ וועשערין איז זי. (פויזע) איך קען אַפילו זיין שוועסטער, מאַרגאַריט, זייער אַ שיינע איז זי, אַ זינגערין אין האַרלעם.

עטלעכע: האַרלעם?

פּיטער: (נאָך אַ ווייל) אַז זי זינגט אין האַרלעם, די שוועסטער זיינע, פאַרדינט זי דאָך, קאָן זי ניט אַרויסהעלפן?

דזשאָן: פאַרדינט. ווערט אויסגענוצט צוגלייך מיט אַנדערע. און אפשר נאָך ערגער, דאָ — איז די נשמה אויך ניט אירע. און ווען זי וואָלט אַפילו געוואָלט שטיצן, וואָלט די מאַמע אירע ניט אָנגענומען אַזאַ געלט...

פּיטער: האַרלעם. אַך מוז דאָס זיין אַ שטאָט... (פויזע. שטיל־קייט. אַלע הויבן אָן אונטערצוברומען):

האַרלעם, האַרלעם.
די נעגער־שטאָט אין מיטן פון מאַנהעטן —
האַרלעם... דער דורשט פון ברוינעם דרום.
די זיבעטע עווענו, לענאָקס און קאַבאַרעטן,
דזשאַז, סאַקסאָפאָן און... קעלער־קברים.
האַרלעם, האַרלעם —
די נעגער־שטאָט ביים זייט פון בראָדוויי־כישוף,
די הונדערט צענטע גאַס ביז הונדערט זעכצן;

**רעקלאַמע־ליכט, שאַמפּאַן אויף טישן,**
**דזשאַז, סאַקסאָפאָן און הונגער־קרעכצן.**

(אין מיטן זינגען הערט זיך אַ קלאַפּ אויפן דאַך. דאָס זינגען ווערט איבערגעריסן. שרעק פון אַלע זייטן)

**א ו י ר ו ו י נ ג: „אַל בעטשו" דער קאָנדוקטער! . .**

**נ אָ ר מ אַ ן: פון וואַנען? פון דאַך?**

**ב י ל: איר הערט ניט?** (באַפעלט) **אַראָפּשפּרינגען!** (רייסט די טיר).

**ד ז ש אַ ן:** (שטעלט זיך ביי דער טיר, לאָזט ניט) **קיינער נישט! דאָ וועט מען בלייבן!** (אַלע פאַלגן אין שרעק, דורך דער אויפגערוקטער שפּאַרע באַווייזן זיך אַ פּאָר ברוינע, באָרוועסע פיס, אַראָפּהענגענדיק פון דאַך).

**א ו י ר ו ו י נ ג: אַ רוח!**

**פּ י ט ע ר:** (גיט אַ שמיר מיט זיין פּאַסיק איבער די אַראָפּהענגענדיקע פיס) **אין דיין רו אַריין!**

(דזשאָרדזש גיט זיך ווי אַ גליטש אַראָפּ פון דאַך גלייך אין וואַגאָן אַריין. ער איז אָנגעטאָן אין אַ צעריסענעם מיליטערישן מונדיר, אויף דער ברוסט — אַ מעדאַל. פּויזע. שטוינען. אַלע באַטראַכטן אים).

**ב י ל: האַלאָ, פון וואַנען?**

**ד ז ש אָ ר ד ז ש: האַלאָ, פון דאַך.**

**א ו י ר ו ו י נ ג: האַלאָ, פון דאַך ?...**

**ד ז ש אָ ר ד ז ש: פון דאַך. איך פאָר שוין אַזוי פון דזשעקסוויל אָן. וואָס קוקט איר מיך אַזוי אָן, איך לייקן? הלואי איז אַזוי גאָט מיט מיר, ווי פון דזשעקסוויל אָן. אַ טונעל האָט מיר שיר דעם קאָפּ ניט אַראָפּגעריסן. ווען איך בין מיט איין אינטש העכער, דריי איך זיך שוין אַרום אָן אַ קאָפּ.** (אַלע לאַכן) **אַזוי זאָל גאָט זיין מיט מיר, ווי אָן אַ קאָפּ.** (גיט אַ שאַר מיטן פוס אויף טאָמין) **וואָס איז דאָס?**

**פּ י ט ע ר: אַ יינגל. געפאָרן אויף די טעלער.**

**ב י ל: ווען ניט איך, וואָלט ער שוין געלעגן אַ צעשניטענער.**

**ד ז ש אַ ן:** (גיט אַ קוק איראָניש) **ער . . .**

**ב י ל: אַודאי איך, איך האָב ניט געהייסן ציילן? . .**

**ד ז ש אָ ר ד ז ש: איך האָב אייך געזען נאָכלויפן דעם וואַגאָן און עפּעס אַריינוואַרפן, האָב איך געמיינט גנבים.**

**ב י ל: שוין דאָס אויך געוועזן. מען האָט אונדז געכאַפּט אין אַ נאַפט־וואַגאָן, האָט מען אַרעסטירט און באַשולדיקט, אַז מיר גנבענען אַרויס דעם גאַנצן געשטאַנק.**

דזשאָרדזש: פֿון וואַנען פֿאָרט איר?

פּיטער: פֿאַרשיידן. ניטאָ וואָס צו טאָן, פֿאָרט מען.

נאָרמאַן: מיר פֿאָרן זוכן אַרבעט.

אוירווינג: וועט מען דען געפֿינען?

ביל: פּראַכט־צוגן גייען ליידיק, שמוגלט מען זיך.

אוירווינג: פֿונדעסטוועגן, אַז מען זאָל פּאַקן, איז צוויי יאָר זיצן.

דזשאָרדזש: צוויי יאָר? . .

אוירווינג: וואָס דען ניט? אין דרום, ביסט ניט קיין נעגער? ווייסט ניט, אַז מען משפּט פֿאַר ליידיקגייערײַ? איך בין שוין איינמאָל פֿאַר־אורטיילט געוואָרן דערפֿאַר, וואָס כ׳האָב ניט געקאָנט אויפֿווייזן מיט וואָס איך בין באַשעפֿטיקט. כאָטש כ׳האָב דערקלערט, אַז מיין באַשעפֿטיקונג איז צו זוכן אַרבעט . . . איך בין שוין דערביי באַשעפֿטיקט דריי יאָר. אַרבעטסט אויך ביי דעם פֿאַך? . .

דזשאָרדזש: (באַטראַכט זיין הולך און זיין מעדאַל) איך? . . (פּויזע) ווייסט עס דער טייוול!

דזשאָן: וואוהין פֿאָרסטו, באָי?

דזשאָרדזש: (שפּילט זיך מיטן מעדאַל) איך? (פּויזע) ווייסט עס דער טייוול!

דזשאָן: (נייגעריק) און פֿון וואַנען?

דזשאָרדזש: (מיט אַ זיפֿץ) פֿון ניקאַראַגואַ.

אַלע: (מיט שטוינען, ווי אין כאָר) פֿון ניקאַראַגואַ?

דזשאָרדזש: נו, יאָ. פֿון מלחמה.

אַלע: פֿון מלחמה?

דזשאָרדזש: נו זיכער, פֿון מלחמה. וואָס האָט איר אויסגעגלאָצט די אויגן? ניקאַראַגואַ. מלחמה. איך האָב זיך געשלאָגן מיט סאַנדינאָס באַנדיטן.

דזשאָן: (פֿאַרריכט אים) מיט סאַנדינאָס סאָלדאַטן.

דזשאָרדזש: נו כ׳מיין דאָך . . . סאַנדינאָס . . .

ביל: פֿאַרוואָס האָסטו זיך געשלאָגן?

דזשאָרדזש: (צעלאַכט זיך ברייט) פֿאַרוואָס? (פּויזע) ווייס איך פֿאַרוואָס? דער קאַפּיטאַן האָט געהייסן. אַ מאַטראָז פֿרעגט ניט. און אַז איך האָב יאָ געפֿרעגט . . .

אַלע: (נייגעריק) נו, נו?

דזשאָרדזש: איר זעט לויזע ציין? רירט זיי אָן. (הייסט אַלע אָנ־

רירן) זיי שאָקלען זיך, איאָ? דאָס איז פאַר פרעגן . . .

אַ ל ע : (אין געלעכטער) אַ וואוילער ענטפער . . .

ד ז ש אַ ן : און איך ווייס יאָ פּאַרוואָס.

דזשאָרדזש : ער ווייסט . . . איך, איינער אַליין, האָב אַ פּאַטרול פון פינף סאַנדינטשעקלעך שלאָפן געלייגט און ווייס נישט פאַרוואָס, קומט ער מיר זאָגן. דער אַ מעדאַל קאָן באַשטעטיקן. ווי גאָט איז מיט מיר, אַז איך זאָג אמת.

ד ז ש אַ ן : און דאָך ווייס איך . . . יאָ.

ד ז ש אָ ר ד ז ש : נו, זאָג־זשע, אַז דו ווייסט.

ד ז ש אַ ן : פאַר נאַפּט־גריבער, פאַר אויל־קוואַלן, פאַר קופּער־מינעס, פאַר טאַבאַק־פעלדער און פאַר קאַווע־פּלאַנטאַציעס . . .

ד ז ש אָ ר ד ז ש : (גרויס) האָב איך זיך געשלאָגן.

ד ז ש אַ ן : ניט פאַר זיך.

ד ז ש אָ ר ד ז ש : פאַר וועמען דען?

ד ז ש אַ ן : פאַר אים.

ד ז ש אָ ר ד ז ש : פאַר וועמען, פאַר אים?

ד ז ש אַ ן : ווייסט אים דער רוח, ווי ער הייסט עס דאָרט, ראַק־ראַקפעלער, צי מאָרגאַן. נעמסט זיך נאָך איבער מיט דיין העלדישקייט. אַ מעדאַל? וואָס איז ווערט דיין מעדאַל? (גיט עס אַ ריס אַראָפּ) אַ שטיקל בראָנז . . . פינף סאַנדינטשעקלעך שלאָפן געלייגט, אַן אייביקן שלאָף . . . זיי האָבן דיר שלעכטס געטאָן, די סאַנדינאָס?

ד ז ש אָ ר ד ז ש : פינף שלעפּערס. אָט אַזוי ווי דער גענעראַל זייערער, סאַנדינאָ. אַ גענעראַל (לאַכט ברייט) כאַ־כאַ־כאַ, אָפּגעריסן און הונגעריק נאָך מער ווי די זעלנער זיינע. נאָר בראַוו. די העלדזער שטרעקן זיי פאַר אים. וואָס אַן אמת, מיטן ביסן האָט ער זיך געטיילט מיט זיי. ביי אים איז גאָר קיין חלוק ניט: אַ ווייסער צי אַ נעגער. פון איין שיסל עסט מען, הלואי איז אַזוי גאָט מיט מיר. דערפאַר טאָקע טויג ניט. האָט ער פאַרשפּילט, דער סאַנדינאָ. וואָרעם, וואו איז ער אַהינגעקומען? ווער ווייסט? איבערגעלאָזן אַלץ אויף הפקר. אָי האָבן זיך דאָס די מאַטראָזן צוגעכאַפּט צו די מיידלעך. אַך, מיידלעך! סינאָריטאָס. יעדעס אויג זייערס איז אַ שטילעט גלייך אין האַרץ אַריין. (בסוד) האָבן זיך דאָס אונדזערע זעלנער אַ וואָרף געטאָן אויף זיי. איר הערט, זעקס שטיק אויף איין מיידל. און מיך, אַ נעגער, האָט מען ניט צוגעלאָזט. ביי זיי, ביי די ניקאַראַגואַר, איז גאָר קיין חלוק ניט:

אַ נעגער, אַ ווייסער, זיי וועלן דאָס אייגענע ווייב אַוועקגעבן פֿאַר אַ הונגע־ריקן מאַנסביל. אַזוי זאָל גאָט זיין מיט מיר . . .

דזשאַן: פֿונדעסטוועגן האָסטו זיי שלאָפֿן געלייגט, די סאַנדינ־טשעקלעך, האַ? באַרימסט זיך נאָך, דו ווילדער. טו כאַטש אויס דעם מעדאַל צווישן אנשטענדיקע מענטשן.

דזשאָרדזש: נו, עס איז דאָך מלחמה, אַ דזשאַב איז אַ דזשאַב. אַז דער באַלעבאָס צאָלט דרייסיק דאָלאַר אַ חודש, עסן און אָנטועכץ און דערצו נאָך אומזיסטע רייזע אויף אַ קריגס־שיף, מוז מען דאָך אַרבעטן.

דזשאַן: מ׳האָט דיך געצוויט צו גיין אין מלחמה?

דזשאָרדזש: געצוויט? און אַז מען האָט ניט געצוויט, דאַרף מען ניט עסן? איר זעט לויזע ציין (טראָגט אַרום די ציין מען זאָל זיי אָנרירן) אַיאָ זיי שאָקלען זיך? דאָס איז פֿון אַרבעטסלאָזיקייט. אַז מ׳קייעט ניט, ווערן זיי לויז. גיי איך זיך אַזוי אַמאָל אין אַטלאַנטאַ פֿאַר דער פּאָסט; זע איך — מען רופֿט זעלנער אין דער אַרמיי; פֿאַרשרייב איך זיך און שוין. — גיט אַ ציגאַרעטל.

אוירווינג: אין שטאָט, אַז דו וועסט פֿאַרזעצן דיין מעדאַל, וועט זיין אויף ציגאַרעטן.

פּיטער: ער וואָלט כאָטש געווען פֿון זילבער. (באַטראַכט דעם מעדאַל) דאָס קען ווערט זיין אפֿשר פֿינף און צוואַנציק סענט.

נאָרמאַן: אָט גיט מען דיר שוין. צען סענט וועט זיך יענער אויך האָבן אָפּגענאַרט . . .

דזשאָרדזש: איר חוזקט? . . (נעמט דעם מעדאַל אַראָפּ פֿון דער ברוסט־טאַש און שפּיליעט אים צו צו דער אונטערשטער הויזן־קעשענע.) נעמט איר מיך מיט?

פּיטער: מיטנעמען, וואוהין?

דזשאָרדזש: כ׳ווייס? איר פֿאָרט דאָך ערגעצוואו?

נאָרמאַן: ניט אַלע פֿאָרן צו איין אָרט. אין יאָנג־טאַון, ביים קליינעם טאָמיס מאַמע, וועט אפֿשר זיין פּלאַץ אויף איבערצונעכטיקן.

אוירווינג: טאָמי! יאָ, וואָס איז מיט אים?

פּיטער: זע נאָר, אינגאַנצן פֿאַרגעסן, מ׳דאַרף פּרוּוון, צי ער לעבט? (לויפֿן צו, בויגן זיך איין איבער טאָמין) טאָמי, טאָמי, ער איז פֿאַרחלשט!

נאָרמאַן: דער יאָט איז טויט!

דזשאָרדזש: (גיט אַלעמען אַ וואָרף אַוועק, נעמט טאָמין אויף די הענט) וואַסער, וואַסער גיט אַהער!

אוירוויִנג: גוט צו זאָגן. און וואו נעמען? . .

דזשאָרדזש: איז כאָטש לופֿט. עפֿנט אַ טיר. (ער באַנעצט טאָמיס ליפּן מיט זיין שפּייעכץ) טרינק, טרינק, מזיק, ס'איז ניכטער. (פֿריילעך) ער רירט מיט אַ ברעם. אָט עפֿנט ער אַן אויג. אַנו, לאָמיר זען, צי האָסטו צוויי אויגן. אָ, יאָ. ער עפֿנט ביידע. ער וועט באַלד לאַכן אויך . . . (קיצלט אים) אָט אַזוי. לאַך, לאַך. זעץ דיך אויף, וועל איך דיר זינגען אַ לידל. דו מיטן אינסטרומענט דאָרט, העלף צו.

ביל: מען וועט הערן.

דזשאָרדזש: (אויפֿגעלייגט) פֿייף איך אויף זיי. טאָפּ נאָר אָן מיינע מוסקלען, טאָמי, ריר אָן . . . ווי גאָט איז מיט דיר, מיט איין צי קער איך זיי אַלע איבער.

אוירוויִנג: (שפּילט־אויף אויף זיין פּרימיטיוון אינסטרומענט, דזשאָרדזש זינגט פֿאָר און אַלע באַגלייטן דעם רעפֿריין).

דזשאָרדזש: ווען איך וואָלט געהאַט צו שאַפֿן —

אַלע: הללויה.

וואָלט איך אַלע נעגער־שקלאַפֿן . . .
הללויה.
אויסגעשטעלט אין ריי, ווי זעלנער —
הללויה.
בלויע רעק און רויטע קעלנער
הללויה.
ביקסן, שווערדן, פּולמיאָטן,
הללויה.
הונדערט פֿאָלקן, טויזנט ראָטעס.
הללויה.
ווען איך וואָלט זיין דער נביא מאָזעס,
הללויה.
זיך אָפּ־פֿאָרטרעטלט אין דער פֿאָזע —
הללויה.
און איך וואָלט די פֿאָטאָגראַפֿן —
הללויה.

אַרויסגעשטעלט — ווען כ׳האָב צו שאַפֿן —
הללויה.
— — — — — —

(די באַן בלייבט פּלוצלינג שטיין, דאָס זינגען ווערט איבערגעריסן. אַלע דערשראָקן).

ב י ל : אַ סטאַנציע!

ט אָ ם : וואַסער

פּ י ט ע ר : אַראָפּ! (ווילן שפּרינגען, כאַפּן זיך צוריק) אַ רעזערוואואַר, דער לאָקאָמאָטיוו טרינקט.

ט א ם : איך וויל אויך טרינקען. אַ ביסעלע וואַסער. (בעט ער זיך)

ד ז ש אָ ר ד ז ש : (אַנטשלאָסן) איך וועל דיר ברענגען וואַסער.

(ער גיט אַ רוק אויף די טיר, גרייט אַראָפּצושפּרינגען, באַווייזט זיך אַ קאָנדוקטער, מען הערט אים ווי ער וואָלט צו עמיצן גערעדט).

ק אָ נ ד ו ק ט ע ר : . . . אָט אָ דאָ, מיידלעך, קריכט אַריין אין דעם וואַגאָן. ס׳איז ליידיק. עס וועט אייך גוט זיין דאָ, איך וועל שוין זאָרגן עס זאָל אייך גוט זיין . . .

(ע ן און ג ר ע י ס, צווי ווייסע מיידלעך, זומערדיק געקליידט. זיי ווערן דורכן קאָנדוקטער געהאָלפֿן אַרויפֿצוקריכן אין וואַגאָן אַריין.)

ע ן : אַ דאַנק.

ג ר ע י ס : און וואו וועלן מיר וויסן אַראָפּצוגייען?

ק אָ נ ד ו ק ט ע ר : וועגן דעם דערלויבט מיר צו זאָרגן. אין מאָנטגאָמערי, ע?

ע ן : (שאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ) אַהאַ. (קוקט זיך אַרום) פּולמאַן, ע? (לאַכט) לוקסוס . . .

ק אָ נ ד ו ק ט ע ר : דערפֿאַר קאָסט עס אייך גאָרניט.

ג ר ע י ס : ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע גייען מיר סיי־ווי אַראָפּ און וואַרטן אויף אַ רעגלמעסיקן צוג.

ק אָ נ ד ו ק ט ע ר : (קוקט אויף זיין טאַשן־זייגער) אַ שאָד, איר וועט דאַרפֿן לאַנג וואַרטן ביז אַ רעגלמעסיקער צוג וועט אַדורכלויפֿן. דער עקספּרעס שטעלט זיך דאָ ניט ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע. איר וועט שוין אַזוי דערפֿאָרן ביז . . .

ע ן : מאָנטגאָמערי.

ק אָ נ ד ו ק ט ע ר : און אָן אַ סענט.

גרעיס: אַ דאַנק. איר זענט זייער וואויל. ווען איר אַריינקומען אין וואַגאָן? עס וועט זיין הימלעכער.

קאָנדוקטער: כ׳וועל זוכן די געלעגנהייט. און אַז ניט דאָ, איז אין — מאָנטגאָמערי?

גרעיס: גוט, גיב איך אייך דעם אַדרעס. אַ בלייפעדער?

קאָנדוקטער: (דערלאַנגט איר זיין נאָטיץ־ביכל און בלייפעדער. זי פאַרשרייבט) אָט איז: 285 ספרינג סטריט . . . טעלעפאָן — צום ערשט זאָלט איר אָנקלינגען. פאַר דער פּאָליציי האָבן מיר קיין מורא ניט, נאָר דער לענדלאָרד . . .

קאָנדוקטער: אַ פרומער אַוודאי — צי גאָר אַ רעווערענד . . . (לאַכט).

גרעיס: ניין. ניט דאָס. נאָר ער וועט זיך הייסן געבן מער דירה־געלט . . . (לאַכן).

קאָנדוקטער: נו, איצט, שוין. אין דער זייט וועט איר געפינען אַ לאַמטערן, דרייט אַרויס. גוד באַי, מיידלעך, אויף ווידערזען. (ער פאַר־מאַכט די טיר).

ען: (טאַפּט אין דער פינצטער) אַ תּפיסה, ניט?

גרעיס: ניט ווייט האָבן מיר צו פאָרן. דריי אַרויס דעם לאַמטערן. ס׳דאָ ערגעץ אַ באַנק.

(ען דרייט אַרויס דעם לאַמטערן. עס ווערט עטוואָס ליכטיקער.ביידע מיידלעך דערזעען די נעגער, וועלכע שטייען צונויפגעדרענגט אין אַ ווינקל.)

ען: אָ, גרעיס!

גרעיס: ווער זענט איר?

דזשאָרדזש: פּאַסאַזשירן פון שלאָף־וואַגאָן צוגלייך מיט אייך. ווי גייט עס?

ען: (צעטומלט) אַ דאַנק, פיין.

גרעיס: (דרייסטער) פאָרן מיר הייסט עס צוזאַמען, וואוהין?

דזשאָרדזש: אַפילו אין גיהנם אַריין, מיט אייך, מיידלעך. (דער־נענטערט זיך.)

ען: (שטויסט אים אָפּ) נו, נו, נו, — ניט אַזוי נאָענט.

דזשאָן: (גיט אַ ברום) מיטן קאָנדוקטער איז עפּעס אַנדערש.

דזשאָרדזש: (שטעקט אַרויס די ברוסט) און איך געפעל אייך ניט?

גרעיס: געפעלסט מיר, ניגגער, נאָר שטיי פון ווייטן.

דזשאָרדזש: איך וועל דיך ניט איינריסן. האָב ניט קיין מורא. אַז דער קאָנדוקטער מעג, פֿאַרוואָס ניט מיר?

ען: דער קאָנדוקטער מעג? וואָס מעג ער?

דזשאַן: קוקט נאָר אָן די צנועה. זי ווייסט נעבעך ניט. נאָך וואָס האָט איר אים פֿאַרבעטן קיין מאָנטגאָמערי, צײַ לייענען מיט אייך די הייליקע ביבל?

ביל: (מאַכט נאָך) פֿאַר דער פּאָליציי האָבן מיר קיין מורא ניט . . . נאָר דער לענדלאָרד . . .

גרעיס: (גיט אַ טופּע מיטן פֿוס.) זאָלסט זיך ניט דערוועגן אַזוי צו רעדן, ניגגער!

ביל: איז ניט! . .

(אַלע, חוץ דזשאָרדזשן, זעצן זיך אין אַ ווינקל.)

דזשאַן: אפֿשר האָבן די מיידלעך עפּעס אַ נאַשוואַרג? דאָ ליגט אַ קראַנק ייִנגל, פֿאַרשמאַכט.

גרעיס: מיר הייסן אים שמאַכטן?

דזשאָרדזש: (אַרויספֿאָדערנדיק) דזשענטל־לײדיס, פֿאַר אַ פֿרייער רייזע אין פֿראַכט וואַגאָן מאַכט מען אַ ראַנדעוואו מיטן קאָנדוקטער. כאַ־כאַ־כאַ.

גרעיס: ס'איז אונדזער זאַך!

דזשאָרדזש: ווילט איר אפֿשר דאָ, אין וואַגאָן, טאָן ביזנעס?

גרעיס: (גלייכגילטיק) איר האָט דען געלט?

דזשאָרדזש: און אַשטייגער ווען מיר האָבן?

גרעיס: וואָלט געווען „אָקעי".

דזשאָרדזש: (דערנענטערט זיך) אַזוי, מיט געלט וואָלט געווען „אָקעי", און אָן געלט טויג ניט? (וויל זי אַרומנעמען.)

גרעיס: (שטופּט אים אָפּ) זאָלסט זיך אָפּרוקן, שמוציקער ניגגער! (דזשאָרדזש כאַפּט זי אַרום, דזשאַן מישט זיך אַריין.)

דזשאַן: וואָס ווילסטו טאָן, דו ווילדער, דו?

דזשאָרדזש: (מיט איינגעהאַלטענער אויפֿרעגונג) ווען זיי וואָלטן געווען דאַמען, אָט ווי מען רופֿט עס, מיט ערע, וואָלט איך, ווי איר, בלויז געגליט מיט די אויגן. אָבער אַז זיי זיינען „אַזעלכע", וואָס דאַרף מען זיך צערעמאָניעווען? . . .

גרעיס: זאָלסט פֿונדעסטוועגן ליגן איינגעלייגט, שוואַרצער ניגגער, וואָס מיינסטו דאָס זיינען מיר?

ד ז ש אָ ר ד ז ש: נו, וואָס? סוחרטעס, מ׳ווייסט ניט? — —

ג ר ע י ס: (כיטרע) **איר האָט פֿאַרגעסן, וואו איר זייט, מײַנע טײַערע, אין דרום. נאָר איין וואָרט און . . . (וויזט מיט אַ צי איברן האַלדז) איר פֿאַרשטייט?**

ען: **אַז מען וויל אַ ווייס מיידל, דאַרף מען כאָטש האָבן פֿינף דאָלאר ביי זיך, און זייט צופֿרידן פֿון אַזאַ געלעגנהייט . . . ס׳דאַרף אייך ניט קאָסטן קיין האָטעל־צימער . . .**

ג ר ע י ס: **יאָ, אַ האָטעל־צימער. וואו וואָלט מען דען אַריינגעלאָזט אַ ווייס מיידל מיט אַ שוואַרצן ניגגער? איך וואָלט זיך אַפֿילו געשעמט אַריבערצוגיין די גאַס מיט אַזאַ איינעם . . .**

א ו י ר ר ו ו י נ ג: **וואָס לאָזסטו זיך באַליידיקן פֿון אַזאַ איינער. אַ מציאה דיר, אַ ווייסע. דו הערסט דאָך: פֿאַר פֿינף דאָלאר וואָלט זי זיך שוין ניט געשעמט. ווייסטו וואָס מיר וואָלטן געטאָן, ווען מיר פֿאַרמאָגן פֿינף דאָלאר?**

ב י ל: **איך, ווען איך האָב פֿינף דאָלאר . . . לאָמיר אָנפֿאַנגען פֿון אַ פֿאַרביקן קראַוואַט, קאָסט 53 סענט, אַ ספּאָרט־העמד — 99.**

פ י ט ע ר: **מען קריגט פֿאַר 85 אויך.**

נ אָ ר מ אַ ן: **און פֿאַר 66 ניט?**

ב י ל: **איך רעכן 99. שטעל אַוועק. איצטער אַ פּאָר שיך מיט גומינע זוילן. אַ פֿאַסיק מיט אַ מאָנאָגראַם אויפֿן שנאָל. און אויספּרעסן דעם אנצוג.**

פ י ט ע ר: **דו האָסט דען אַן אנצוג?**

ב י ל: **דאָס איז ניט וויכטיק. אָבער אויספּרעסן דאַרף מען. רעכנשע איבער . . . בלייבט נאָך צו עסן אַ גוטן מאָלצייט, און אין די מואוויס צו גיין . . . אַפֿילו אויף אַן אייז־קרים — בלייבט נאָך אויך.**

פ י ט ע ר: (דערמאָנט זיך. אַלע העלפֿן אונטער)

**איך האָב אַ העמד —**
**דו האָסט אַ העמד.**
**אַ העמד איז צו דעם אייגן לייב ניט פֿרעמד.**
**ניט פֿרעמד —**
**און ווען מיר קומען אין הימל —**
**מיט העמדער אין הימל —**
**אַ יעדער טראָגן וועט אין לאַץ אַ בלימל.**
**אַ בלימל.**

**איך האָב אַ שניפּס —**

**דו האָסט אַ שניפּס.**
**אַ שניפּס קלעפּט צו דעם העמדל ווי מיט גיבס,**
**און ווען מיר קומען אין הימל —**
**מיט שניפּסן אין הימל —**
**אַ יעדער טראָגן וועט אין לאַץ אַ בלימל.**
**אַ בלימל.**

(פּלוצלינג גיט זיך די טיר אַ ריס אויף, עס כאַפּן זיך אַריין פּאָל און קאָלווין; זיי דערזעען דאָס ערשטע די מיידלעך.)

פּאָל: (איבעראַשט) **האַלאָ, גוט, מיר זיינען ניט אַליין.**

גרעיס: (דערפרייט זיך) **אָ, האַלאָ, וואָס מאַכן באָיעס?**

קאָלווין: (צופרידן) **אַ דאַנק. און — מיידלעך?**

ען: (אויפגעהייטערט) **מיר פאָרן אַהיים. און איר?**

פּאָל: **אויך אַהיים. ווייט?**

ען: **מאָנטגאָמערי. און איר וואו?**

פּאָל: **טריריוועדס. געוואָלט דערגיין ביז ספּרינג־טאָון, צו דער סטאַנציע, זעט מען אַ פראַכט־צוג סאָפּעט שווער און שלעפּט זיך באַרג־אַרויף, איז ניט געקלערט קיין סך און אַריין. פאָרן מיר הייסט עס צוזאַמען.**

גרעיס: (צופרידן) **צוזאַמען. ציגאַרעטן?**

קאָלווין: **אַך, יאָ.** (דערלאַנגט ציגאַרעטן).

פּאָל: **פייער?** (צינדט אָן).

קאָלווין: **פאַראַן ערגעץ זיך וואו אַנידערצוזעצן?**

(פּאָל כאַפּט אַרויס אַ טאַשן־ליכט, זוכט אַ באַנק, דערזעט די נעגערס).

פּאָל: (איבעראַשט) **אָ, ניט אַליין, געזעלשאַפט. אַז מען פירט ניט קיין פראַכט, פירט מען רוחות אין די וואַגאָנען. האַלאָ, קאָלירט פאָלק.**

ביל: **האַלאָ, באָס. איר טיילט ציגאַרעטן?...**

קאָלווין: **נאַט אייך און האַלט די פּיסקעס.** (גיט אַ שאָט עטלעכע ציגאַרעטן אויפן דיל, עטלעכע לויפן צו און כאַפּן).

דזשאָן: (שטעלט אַרויף דעם פוס אויף זיי) **מען נעמט ניט, אַז מען וואַרפט, ווי פאַר הינט!**

פּאָל: **האַלט ס'פּיסקי!**

גרעיס: **און איצטער וועלן מיר טאַקע זען, צי די שוואַרצע וועלן אונדז נאָך טשעפּען.**

קאָלווין: **געטשעפּעט, ווער און מיט וועמען?**

ען: (ווייזט צו די נעגערס) **איר זעט ניט, ווער?**

**פּאָל:** **אַזאַ געהינטעכץ!...** (גייט־צו צו די נעגערס.) **איר זאָלט זיך אָפּרוקן, איר הערט, אָפּרוקן זאָלט איר זיך!** (קאַפּעט טאָמין).

**טאָם:** **שלאָגט ניט, ס׳טוט ווײ.**

**פּיטער:** **וואָס קאַפּעט איר, ס׳איז אַ קראַנק ייִנגל.**

**פּאָל:** **פּגרט מען, אַז מען איז קראַנק . . .**

**קאָלווין:** **מיט ווייסע מיידלעך זיך טשעפּען?!!**

**דזשאָרדזש:** **ווייסע מיידלעך . . . פֿרעגט זיי נאָר, מיט וואָס זיי פֿאַרנעמען זיך?**

**גרעיס:** **שווייגט!**

**דזשאָרדזש:** **שווייג איך, נאָר פֿרעגט זיי, באָס...**

**ען:** **באָיעס, איר לאָזט אונדז באַליידיקן?**

**קאָלווין:** (וואַרפֿט אַראָפּ פֿון זיך דאָס רעקל) **אַנו, זאָג עס נאָכאַמאָל.**

**דזשאָרדזש:** (קאַלט, אָן מורא) **איך האָב עס שוין געזאָגט, איצט זאָג עס דו.**

**ביל:** **כי־כי־כי, איך האָב שוין אויך געזאָגט, זאָג עס דו, פּיטער.**

**פּיטער:** **. . . פּאָר פֿינף דאָלאַר . . .** (אַלע לאַכן).

**פּאָל:** (וואַרפֿט אויך אַראָפּ דאָס רעקל) **הינטישע פּנימער, אַנו, רירט זיך נאָר צו.**

**דזשאָרדזש:** **שרעק איך זיך.** (גייט צו) **זיי האָבן ניט געוואָלט קיין געלט? זאָלן זיי אָפּלייקענען.**

**פּאָל:** **געמיינע באַנדע, ווייסט איר ווער איר זייט?** (גיט דזשאָרדזשן אַ פּאַטש, אַז ס׳קלינגט אָפּ אין וואַגאָן).

**דזשאָרדזש:** (צעמישט, באַליידיקט, איינגעהאַלטן) **דאָס גאָר, אַ פּאַטש? ווען איך זאָל וועלן צוריקפּאַטשן, בלייבט דאָך פֿון אייך צעריבענער ביינער־שטויב. מאַכט נאָר פֿויסטן!** (ער מאַכט אַ פֿויסט גרייט צום באָקסקאַמף).

**קאָלווין:** (מיט חוזק) **ווילסטו הייסט עס ניט צוריקגעבן?**

**דזשאָרדזש:** **ווער, איך וויל ניט? הויבט נאָר אָן.**

**פּאָל:** (צו די ווייסע) **דאַכט זיך, אַז איך האָב שוין אָנגעהויבן.**

**דזשאָרדזש:** **וועל איך פֿאַרענדיקן.** (ער גיט זיך אַ וואָרף אויף זיי).

**גרעיס און ען:** (שרייען, צערייסן דאָס געשלעג) **הערט אויף, הערט אויף! זאָל זיך נאָר דער צוג שטעלן.**

**פּאָל:** (אָם מערסטן צעשלאָגן) **אַז איך וויל זיך ניט שלאָגן מיט זיי.**

קאַלווין: (מאַכט צורעכט ס׳צעריסענע העמד) **שלאָגן זיך, מיט וועמען? ס׳איז אונדזערס גלייכן? די ניגגער־הינט! מיר וועלן זיי שוין ווייזן, וואָס עס הייסט גנבענען זיך אין פּראַכט־וואַגאָנען.**

דזשאָן: **גנבענען מעגן נאָר די ווייסע.**

(די צוויי ווייסע פּאָרלעך זעצן זיך אַוועק באַזונדער. עס פֿאָרמירן זיך צוויי גרופּעס — ווייסע און נעגער. די ווייסע פּאָרלעך **נעמען זיך אַרום,** שטיפֿן. די נעגער נעמען זיך שפּילן אין קאָרטן. דזשאָרדזש גליעט אַהין מיט די אויגן, טאַשעט נערוועז די קאָרטן).

דזשאָרדזש: **ווער קאָן שפּילן פּויקער?** (טאַשעט די קאָרטן, זינגט אונטער) **העי, באָסעס, איר קאָנט אויך מיטשפּילן.**

קאָלווין: (אַרומגענומען מיט גרעיסן) **איך קאָן אייך געבן צו גע־ווינען דעם טויט.**

דזשאָן: **דאָס האַלט מען פֿאַר זיך.** (טיילט איבער די קאָרטן אויף העלפֿט. דזשאָרדזש זינגט).

דזשאָרדזש: **ווען איך וואָלט געהאַט צו שאַפֿן —**

אַלע: (ברומען) **הללויה...**

גרעיס: (טוליענדיק זיך צו קאָלווין) **אַז איר וועט זיין אין מאָנט־גאָמערי, קומט אַרויף צו אונדז, איר וועט אייך גוט ווײַלן... איר ווילט דעם אַדרעס?**

קאָלווין: **און דאָ קאָן מען ניט?**

גרעיס: (קוקט צו די נעגערס) **ניין. איר זעט דאָך.**

קאָלווין: (קוקט איר אין די אויגן אַריין) **שרעקסט זיך פֿאַר זיי?**

גרעיס: (חנדלט זיך) **ניט איך שרעק זיך, אָבער . . .**

קאָלווין: (צעהיצט) **פֿאַר זיי . . .** (מיט פּלאַם) **ווילסט? . . .**

גרעיס: **כ׳ווייס?... ניין...**

קאָלווין: (טוליעט זי צו זיך) **הייסט עס אַז יאָ?...**

גרעיס: (פֿאַרשנדיק) **איר . . . איר וועט דאָך באַצאָלן, ניט? . .**

ען: **אָ, וואָס רעדסטו, טייערע גרעיס, די באָיעס האָבן זיך אָנגע־נומען פֿאַר אונדז.**

גרעיס: **און דער לאַמטערן? . .**

קאָלווין: **אויסלעשן.**

גרעיס: **אָ, איך ווייס ניט. און דו ען?** (זיי באַראַטן זיך מיטן וואונק).

(קאָלווין גיט פּלוצלינג אַ לעש אויס דעם לאַמטערן.)

**טאָם: איך האָב מורא.**

**דזשאָרדזש: צוריק אָנצינדן, דאָס יינגל שרעקט זיך.**

**פּאָל: זאָל ער פּגרן.**

**דזשאַן:** (אויפֿגעבראַכט) **וואָס איז דאָ, אַ וואַגאָן צי וואָס? . . .**

**קאָלווין: האַלט דאָס מויל.** (מ׳הערט אין דער פֿינצטער באַוועגונגען, ס׳קלינגט אָפּ אַ פּאַטש. עס ווערט אַ געראַנגל, אַ מהומה, שאָטנס טאַנצן אויף די ווענט. אַ געפּלעפּכט פֿון יעדע מחנות, אַ געשלעג, די מיידלעך שרייען. עמיץ רוקט אויף די טיר. פּאָל און קאָלווין ווערן אַרויסגעשטופּט).

**ען: דערהרגעט!**

**דזשאָרדזש:** (קוקט אַרויס פֿון וואַגאָן) **דער טייוול וועט זיי ניט נעמען. אָט הויבן זיי זיך שוין אויף . . . לויפֿן נאָך דעם וואַגאָן. אָט, אָט, נאָר זיי בלייבן הינטערשטעליק. זאָלן זיי גיין צופּוס . . . אַזעלכע גענגסטערס!**

**גרעיס:** (רייסט זיך צו דער טיר) **איך וועל שרייען נאָכן קאָנדוקטער.**

**דזשאָרדזש:** (וואַרפֿט זי אָפּ) **די באַן שטייט נאָך ניט.** (כאַפּט זי אָן) **אָן געלט ווילסטו ניט, האַ? און פֿאַר פֿינף דאָלאַר וואָלט איך דען ניט געוועזן קיין שוואַרצער? . .** (דריקט זי צו זיך).

**דזשאַן:** (רייסט זיך אַרויס פֿון זיינע הענט) **די וועסט זי ניט טשעפּען, ווילדער דו. דאָ איז אַ וואַגאָן, פֿאַרשטייסט? מיר דאַרפֿן נאָך דערפֿאָרן ערגעץ. קאָנסט זיך מיט זיי אַראָפּשפּרינגען, אַז דו ווילסט. דאָ ניט!**

**דזשאָרדזש:** (געריצט) **ווער וועט מיך ניט לאָזן?**

**דזשאַן: איך, זיי, מיר אַלע.**

**דזשאָרדזש: דו?**

**דזשאַן: יאָ איך, מיר אַלע.**

**דזשאָרדזש:** (אויפֿגעקאָכט, גיט אים אַ שטויס) **צי אָפּ!** (פּויזע) **כ׳האָב דיך געוואָרנט.**

**פּיטער:** (מישט זיך אַריין) **צוליב אַ ווייסער, זיך שלאָגן מיט אייגענע . . .**

**דזשאָרדזש:** (באַהאַלט זיין חרטה) **איך שלאָג זיך? . . . אַז ער שטעלט זיך מיר אין פּנים אַריין, און נעמט זיך נאָך אָן פֿאַר זיי, פֿאַר די ווייסע. וואָס איז, אַז מיר זיינען נעגערס? דאַרפֿן מיר זיך די אויגן אויסרייסן? אַז דאָס שעפּל זרע שפּאַרט אין קאָפּ אַריין און די היץ זעצט אין די**

שלייפן. כ׳האָב זיך ניט געשלאָגן פֿאַר אַמעריקע? וואָס זיינען זיי אַרויפֿגע־קומען זיך דאָ רייצן מיט אונדז? פֿיש־בלוט האָב איך? ווען זיי זאָלן ניט זיין אַזעלכע, איז עפּעס אַנדערש, וואָלט איך אַ וואָרט געזאָגט? . .

**דזשאָן:** אַלץ איינס, דאָ ניט.

**דזשאָרדזש:** (לייכטער) איר מיינט, אַז מיר גייט עס אין לעבן... אָבער פֿאַרוואָס האָבן זיי זיך ניט גערעכנט, אַז ס׳זיינען נאָך דאָ מענטשן אין וואַגאָן?

**פּיטער:** און מ׳שעמט זיך ניט. ס׳ליגט דאָ אַ קליין יינגל. גאָרנישט, ווי הינט וואָלטן דאָ געזעסן. (צו דזשאָרדזשן און דו איך... (אַ פֿייף פֿון לאָקאָמאָטיוו).

**ען:** אַ סטאַנציע (כאַפּט גרעיס, גרייט אַראָפּצושפּרינגען).

**גרעיס:** און איצט וועלן מיר זיי שוין ווייזן.

**פּיטער:** חברה, אַראָפּ, איידער די באַן שטעלט זיך. (זיי כאַפּן טאָמין אויף די הענט, גרייט אַראָפּצושפּרינגען. די טיר ווערט אויפֿגערוקט. עס דערהערט זיך אַ טומל, המון, עס דרייען זיך שטריק, שטעקנס אין דער לופֿטן. אַלע נעגער דרענגען זיך צוריק אין אַ ווינקל).

(פּאָליציי, שעריף און דאָקטער שטופּן זיך דורך דער מענגע. שעריף כאַפּט זיך אַרויף אין וואַגאָן מיט געצויגענעם רעוואָלווער אין האַנט.)

**שעריף:** (צו די דערשראָקענע און פֿאַרוואונדערטע נעגער) די הענט אַרויף!

**פּיטער:** מיר זיינען ניט קיין גנבים.

(די נעגערס, אין אַ צונויפֿגעדריקטער פּאָזע, לאָזן אַראָז טאָמין אויפֿן דיל.)

**שעריף:** דאָס זעט מען, ניטאָ וואָס צו גנבענען. אָבער פֿאַרנאַרן ווייסע מיידלעך אין וואַגאָן אַריין?...

**המון:** (רייסט זיך) הענגען! לינטשן! אַ טויט די ניגגערס!

**דאָקטער:** שרעקט זיך ניט, מיידלעך, איר וועט נאָר מיטגיין מיט אונדז, דאָרט, אין מיין אָפֿיס, ביי דער סטאַנציע, צוויי טריט פֿון דאַנען, מעדיצינישע הילף איז גרייט פֿאַר אייך . . .

**ען:** (דערשראָקן) אָבער . . .

**דאָקטער:** איך בין אַ דאָקטער . . . אַזעלכע זאַכן פּאַסירן לײדער צו אָפֿט אין די דרום־שטאַטן. די פֿאַרשאָלטענע ניגגערס. (מען נעמט אַראָפּ די צוויי מיידלעך. דער המון יובלט פֿאַר זיי).

**אוירווינג:** עס איז אַ געמיינער בלבול. זיי זיינען אַליין אַרויפֿ־געקומען. דער קאָנדוקטער האָט זיי . . .

**שעריף:** (כאַפּט אים, טוט אים אָן קייטן) ווייסע מיידלעך גייען ניט אַליין אין אַ פֿאַרמאַכטן וואַגאָן, נאָך דערצו מיט ניגגער־רוחות. נאָך גוט וואָס מען האָט אונדז טעלעפֿאָנירט פֿון דער נאָענטסטער סטאַנציע. (צו דזשאָן) נו, און איצטער זאָג דו מיר דיין נאָמען.

**דזשאן:** דזשאָן ריטשמאָנד.

**שעריף:** (פֿאַרשרייבט) דזשאָן ריטשמאָנד. מיט וואָס פֿאַרנעמסטו זיך, סער ריטשמאָנד?

**דזשאן:** אָן איראָניע, מר. שעריף.

**שעריף:** אַזוי, אַן אויפֿגעקלערטער? נו, וויל דאָס געזעץ וויסן דיין באַשעפֿטיקונג.

**דזשאן:** אַרבעטסלאָז. גענוג?

**שעריף:** אַרבעטסלאָז. אַ תירוץ פֿאַר אַלע געמיינהייטן. אָבער ביסט דאָך ניט קיין טרעמפּ, אַז דו רעדסט אַזוי שיין, האָסטו דאָך אַ פֿאַך? . . .

**דזשאן:** אַ וועבער אין דער ניו־מעקסיקאַן טעקסטיל קאָמפּאַניע — דאָרט וואו מען סטרייקט...

**שעריף:** און לויט דיין חוצפּהדיקן ענטפֿער ביסטו מסתמא איינער פֿון די סטרייק־אָנפֿירער. אַזוי, ביסטו הייסט עס, אַ טעקסטיל־וועבער. וועל, דאָס דאַרף מען נאָך פֿעסטשטעלן. פֿון וואַנען־זשע פֿאָרסטו? און . . . וואוהין?

(המון דערנענטערט זיך, קלאַפּן אָן אין די וואַגאָנען, דראָענדיק. די טיר ווערט אויפֿגעריסן.)

**המון:** רייסט זיי אַרויס, די רוחות!
— לינטשט די טייוולאָנים!
— אַ טויט די ניגגערס!

**שעריף:** (פֿאַרהאַקט די טיר און רעדט אַרויס דורך אַ שפּאַרע) פֿאָלק, צי פֿאַרלאָזט איר זיך אויפֿן געזעץ, צי נייז? צו וואָס בין איך אייער שעריף? נאָך וואָס צאָלט איר שטייערן? נישט כדי אויפֿצוהאַלטן די אָרדנונג אין לאַנד? האָט איר ריכטער און פּראָקוראָרן, צי ניט? זיינען פֿאַראַן תּפֿיסות און עלעקטריק שטולן, צי ניט? פֿאָלק, פֿאַרלאָזט אייך אויפֿן געזעץ. „פּליז", פֿאָלק, לאָזט מיך דערפֿילן מיין פֿליכט! (פֿאַרהאַקט די טיר און נעמט זיך צו דזשאָרדזשן) און דו? (טוט אים אָן קייטלעך).

**דזשארדזש:** (לאָזט ניט) איך בין אַ מאַטראָז פֿון אַמעריקאַנעם

**פלאָט. איך קום פון דער ניקוואַראַגואַר מלחמה. זעט אַ מעדאַל** (ווייזט אויף דער אונטערשטער הויזן־קעשענע).

**שעריף:** (גיט אים אַ פליק און לאָזט אים אָפּ) **שווייג! און ענטפער אויף דעם וואָס מען פרעגט דיך.**

**דזשאָרדזש:** **נו, ענטפער איך ניט?**

**שעריף:** **ווי הייסטו?**

**דזשאָרדזש:** **דזשאָרדזש אייברעהעם לינקאָלן פּעטערסאָן.**

**שעריף:** (פאַרשרייבט) **אייברעהעם לינקאָלן הייסט עס נאָך, אַזאַ טרעמפּ . . . ווי זאָגסטו, לינקאָלן?**

**דזשאָרדזש:** (צופרידן) **דזשאָרדזש אייברעהעם לינקאָלן פּע־טערסאָן.**

**שעריף:** **וואו וואוינסטו?**

**דזשאָרדזש:** **אַטלאַנטא, שטאָט־פּאַרק, וואַשינגטאָן אַלעע, 28טע באַנק . . .**

(שעריף וויל אים דערלאַנגען אַ פּאַטש, ער בויגט זיך איין, מיידט אויס, פאַלט די האַנט מיט אַ קנאַק אין וואַנט אַריין.)

**שעריף:** **דו העזהניק, וועסט שוין ענטפערן, אַז מען וועט דיך פרעגן.**

(דער ליאַרם שטייגט. די טיר ווערט אויפגעריסן. דער דאָקטער קומט).

**דאָקטער:** **שעריף, די מעדיצינישע אונטערזוכונג שטעלט פעסט, אַז ביידע מיידלעך, וואָס מען האָט דאָ געפונען אין וואַגאָן, זיינען פאַר־גוואַלדיקט.**

(דער המון דרענגט צום וואַגאָן, וויל אַריין. דער שעריף קאָן זיך קיין עצה ניט געבן. בעט ער זיך מיטן רעוואָלווער אין האַנט.)

**שעריף:** (שוין דראָענדיק) **פאָלק, צוטרוי צו דער גערעכטיקייט. איך מוז ענדיקן דעם פּראָטאָקאָל.** (שרייט צו טאָמין) **שטעל זיך אויף!** (קאָפּעט אים) **שטעל זיך אויף, זאָגט מען דיר!**

(טאָמי שטעלט זיך אויף דערשראָקן.)

**שעריף:** **ווי הייסטו?**

**טאָמי:** (וויינענדיק) **איך האָב מורא.**

**שעריף:** (טרייסלט אים) **ענטפער, אַז מען פרעגט דיך!**

**טאָם:** (מיט ציטער) **טאָמי באָסטער.**

**שעריף:** (פאַרשרייבט) **ווי אַלט ביסטו?**

**טאָמי:** **פערצן יאָר.**

(המון שטורמט די גאַנצע צייט מיט אויסגעשרייען. די טיר ווערט אויפגעריסן. די נעגער שפּאַרן זיך צונויף אין אַ ווינקל. דער המון לאָזט זיך צו זיי. שעריף מיט געצויגענעם רעוואָלווער האַלט אָפּ.)

**פֿאָרהאַנג.**

# צווייטער אַקט

## בילד א און ב

די בינע האַלבירט, צוויי צימערן. איינס געהערט צו קעטי באָס־טער. אַ כאַראַקטעריסטיש נעגער־שטיבל, די פֿענצטער אָן שויבן, אַ שמאַטע אַלס פֿאָרהאַנג ביי דער טיר.

דאָס צווייטע — דער אַפּאַרטמענט פֿון ביידע מיידלעך, ען און גרעיס, אנגענעם מעבלירט. מען דערקענט נאָך דעם שוים פֿון נעכטיקער צעהוליעטער נאַכט: איבערגעדרייטע פֿלעשלעך, קאָר־קעס, רעשטן פֿון ציגאַרעטן און נאַשוואַרג. ביידע מיידלעך שלאָפֿן אין אַ ברייט בעט אונטער אַ זיידענעם צודעק.

אין נעגער־שטיבל שטייען קעיט און מערי ביי איין גרויסער באַליע וועש און וואַשן.

מאַרגאַריט באַוויזט זיך פלוצלינג אין דער טיר פֿון איר מוטערס הויז, שטאַטיש אָנגעטאָן. עפּעס איז פֿאַראַן מאַדאָנישעס אויף איר פנים, אין איר דערשיינונג. זי האַלט פֿאַרוויקלט אַ קינד אין איר אָרעמס. פויזע. קוקט זיך צו ווי ביידע פֿרויען וואַשן.

**מאַרגאַ:** **האַלאָ.**

**מערי:** (איבעראַשט) **טאָכטער!** (לויפֿט צו מיט אויסגעשטרעקטע נאַסע הענט, פֿאַרהאַלט זיך, פֿאַרענדערט, טאָן איבערגעבראָכן) . . . **טאָכטער?** . .

**קעיטי:** (ציט אָפּ פֿון די הענט דעם נאַסן שוים) **פֿון וואַנען און אַזוי פלוצלינג? אַ גאַסט!**

**מערי:** (שטאַמלט נאָך) **אַ גאַסט** . . .

**קעיטי:** **קום נענטער, מאַרגאַריט, זעץ זיך.** (נעמט אַפּיר אַ בענקל פֿון אונטער דער באַליע) **זעץ זיך, מאַרגאַ.**

**מאַרגאַ:** **אַ דאַנק, מומע קעיטי.**

**קעיטי:** (באַמערקט ס׳קינד) **אַ קינד, מאַרגאַריט?**

**מאַרגאַ: אַ קינד. מיין קינד.**

**מערי:** **פֿון ווען און פֿון וועמען?** (שאַרט זיך צו מיט ציטער, גיט אַ קוק.) **אַ ווייס?!**

**קעיטי:** (ניט מיט ווינציקער שרעק) **אַ . . . ווייס???**

**מאַרגאַ: פֿרעגט ניט, מומע.**

**קעיטי: אַ שעלכל קאַווע, אַ טראָפּן מילך, אפֿשר?** (פּאַרעט זיך ביים קיכל).

**מערי: ווי האָסטו געוואַגט, טאָכטער, אַהיימצוקומען?**

**מאַרגאַ: נאָך רו.**

**מערי: רו?.. אַז מיר ביידע, איך און דיין פֿאָטערס צווייטע ווייב, טאַנטע קעיטי, שלאָפֿן אויף איין שטיקל ברעט, זעסט?** (ווייזט אָן אויף אַ ברעט־בעטל).

**מאַרגאַ: מיין טאַטע האָט דעם דאַך איבער דעם הויז געדעקט.** (פֿויזע) **וואו איז טאַמי?**

**קעיטי: מיין טאָמי? וואו זאָל ער זיין? געגאַנגען זוכן אַרבעט. שוין אַכט טעג ווי ער איז אַוועק פֿון שטוב און כ׳ווייס ניט וואו זיין געבליין איז אַהינגעקומען.**

## בילד ב

(אין אַפּאַרטמענט ביי די מיידלעך. מען קלינגט אין טיר. ען וועקט זיך די ערשטע.)

**ען: ווער איז?**

**קאָנדוקטער:** (הינטער דער טיר) **ס׳איז איך, דער קאָנדוקטער.**

**ען:** „טו העל״... (**אין גיהנם אַריין) אַזוי פֿרי?**

**קאָנדוקטער: ס׳איז ניט פֿרי. ס׳איז איך, דער קאָנדוקטער פֿון נעכטן, פֿון פֿראַכט־וואַגאָן.**

**ען:** (וועקט גרעיסן) **גרעיס, העי, דו, ס׳איז דער קאָנדוקטער פֿון נעכטן. מ׳האָט אים געגעבן דעם אַדרעס. אַריינלאָזן?**

**גרעיס:** (דרייט זיך איבער, דעקט זיך איין) **איך וויל שלאָפֿן.** (מ׳קלינגט שטאַרקער).

**ען:** (שרייט) **מ׳שלאָפֿט נאָך!**

(מ׳קלינגט ווייטער.)

**גרעיס:** (אויפֿגערעגט) **לאָז אים אַריין און וואַרף אים אַרויס! . .**

(ען גייט אַראָפּ פֿון בעט אין זיידענע פּאַדזשאַמעס, שטעקט אָן זיידענע שיכלעך, פּוילט זיך, עפּנט און עס קומט אַריין דער קאָנדוקטער, פֿריילעך, אויפֿגעלייגט.)

קאָנדוקטער: האַלאָ, גוט מאָרגן. ווי שלאָפֿט מען עס אַזוי שפּעט אויפֿן טאָג?

ען: (גענעצט, שטרעקט די האַנט) שפּעט געלייגט. אַ ציגאַרעט?

קאָנדוקטער: (פֿאַרלייגן) איך... צום באַדויערן... איך רויכער ניט.

גרעיס: (הינטער דער קאָלדרע) דער דזשענטעלמען האָט עפּעס מיטגעבראַכט?

ען: (זאָגט נאָך) דער דזשענטעלמען האָט עפּעס מיטגעבראַכט? אין הויז איז גאָרנישטאָ. אַלץ אויפֿגעפֿרעסן. (פּרואווט אַ ליידיקע פֿלאַש) אַלץ...

גרעיס: (הינטער דער קאָלדרע) זאָל ער ברענגען צום רויכערן.

ען: (גיט צו פֿאַרשטיין) צו וואָס קומט מען צו מיידלעך, אַז מען ברענגט גאָרנישט מיט? אונטן, אויפֿן ראָג־גאַס איז פֿאַראַן אַ ציגאַרעטן־געשעפֿט, ברענגט טערקיש פֿאַרפֿומירטע, הונדערט שטיק אין אַ פּעקל.

קאָנדוקטער: (קווענקלט זיך) יאָ... אָבער איך האָב קיין צייט ניט. מיין באַן גייט אַוועק. איך... איך האָב געוואָלט עדות זאָגן אַז די עקלהאַפֿטע ניגגערס זיינען גאָרניט שולדיק, האָט מען נישט צוגעלאָזן. טראַכט איך מיר: צו וואָס זיך שטופּן, אַז מען בעט מיך נישט. אפֿשר איינ־שטעלן אין סכּנה דעם דזשאָב וואָס איך האָב?

גרעיס: (זעצט זיך אויף, פֿאַראינטערעסירט) ווער האָט געמסרט אַז מיר פֿאָרן אין פֿראַכט־וואַגאָן?

קאָנדוקטער: געמסרט? אויף אייך? צו אייך האָט עס גאָרנישט. פֿון אַ נאָענטער סטאַנציע האָט מען טעלעפֿאָנירט אַז אין אַ פֿראַכט־וואַגאָן פֿאָרן ניגגערס מיט ווייסע מיידלעך צוזאַמען.

ען: זיכער די צוויי באַיעס.

גרעיס: אַ מצווה, האָט מען זיי ניט געזאָלט אַראָפּוואַרפֿן. שיר ניט דערהרגעט. און די ניגגערס האָט מען אַרעסטירט?

קאָנדוקטער: אין קייטן געשמידט. אַ נס, אַ ניט וואָלט מען זיי צעריסן. געלינטשט וואָלט מען זיי.

## בילד א

(אין נעגער שטיבל. מיקי, אַ יונגער נעגער, אין אַ מונדיר פֿון פּולמאַן־וואַגאָן, קומט אַריין.)

מיקי: האַלאָ, אַלעמען. (דערזעט מאַרגאַ) האַלאָ, מאַרגאַ!

מאַרגאַ: (געבראָכן אָבער שטאָלץ) האַלאָ, מיקי. ווי גייט עס דיר?

מיקי: ביסט געקומען, מאַרגאַ, זיך זען מיט דיין מאַמען? זייער גוט. חוץ האַרלעם זיינען נאָך פאַראַן נעגער, האַ?

מאַרגאַ: שטעכסט, מיקי?

מיקי: (כאַפּט צוריק) כ׳מיין אויפריכטיק. כ׳בין זייער צופרידן מיט דיין צוריקקער אין מאַמעס הויז. ווילקאָמען דיר, מאַרגאַ.

מערי: (געדריקט) אַ קינד, מיקי, אַ קינד!

מיקי: (מיט שטוינען) אַ קינד? (גייט צו נעענטער) האָסט חתונה געהאַט?

מערי: (כליפּעט) אַ ווייס.

מיקי: (אויסער זיך) האָסט געוואַגט, מאַרגאַ?!

קעיטי: ביסט דאָך אַ גוטער פריינט איר תמיד געווען, מיקי, האָסט זי דאָך אַ מאָל ליב געהאַט . . . וואָלסט איצטער געדאַרפן . . . צונויפשלאָגן אַ וויגל פאַר איר. (מאַרגאַ גיט אַ רוק אַ שטיק האַלץ, ווי איר צו טרעפן).

מערי: (ברעכט זיך די הענט) אַ קינד, פון אַ ווייסן, אַזאַ חרפה!

מיקי: דאָס איז דאָך שוין באמת צופיל. ווען אונדזער איינס, אַ נעגער, וואַרפט אַמאָל אומגערן אַ בליק אויף אַ ווייסער פרוי — לינטשט מען דאָך! — — —

## בילד ב

(דער טעלעפאָן קלינגט. ען אין מיטן קרייזלען זיך די האָר נעמט דעם אַפּאַראַט אין האַנט.)

ען: האַלאָ! . . ריכטיק, צו וועמען? . . ריכטיק. ווער זענט איר? . .

גרעיס: (קומט אַרויס פון וואַש־צימער אין מיטן וואַשן זיך) צו מיר? . .

ען: (מאַכט מיט דער האַנט, זי זאָל ניט שטערן) אָבער ווער זענט איר? פאָל? . . וועלכער פאָל? . . האַ, קאַלווין? . . אָ, איך ווייס שוין. (פאַר־שטעלט דעם אַפּאַראַט. צו גרעיס) די באָיעס.

גרעיס: וועלכע באָיעס? . .

ען: פון נעכטן. פון פראַכט־וואַגאָן. זיי ווילן אַרויפקומען זיך ווילן. זאָלן זיי?

גרעיס: אפשר . . . שפּיאָנען, מען קען זיי דען?

ען: וואָס פאָלט דיר איין, גרעיס טייערע. זיי האָבן זיך דען ניט אָנגענומען פאַר אונדז? (אין טעלעפאָן) גוט, קומט אַרויף. איר וועט מיט־

ברענגען גוטע זאַכן? פֿיין. „קענדי״ אויך? זייער גוט, גוד ביי. (הענגט אויף. צו גרעיס) גרעיס, האָסט עמיצן היינט אויף באַשטעלונג?

גרעיס: (ווייזט איין פֿינגער) איינעם. דעם פּאַרוואַלטער פֿון דער זאָקן־פֿאַבריק. אַ חזיר, וויל ניט מיטברענגען קיין פּאָר זיידענע זאָקן. ער גנבעט ניט, זאָגט ער. וואָס האָב איך פֿון די פֿינף דאָלאַר וואָס ער לאָזט מיר איבער, אַז ער האַלט מיך אָפּ דריי שעה.

ען: אַז איינס איז געוואוינט צו עקספּלואַטירן... (קרייזלט זיך די האָר).

גרעיס: (פֿאַרטראַכט זיך) ווי מיינסטו, ען, מיר׳ן נאָך אַמאָל זיין צוריק לייט?

ען: וואָס מיינסטו?

גרעיס: כ׳מיין צוריקגיין אין שאַפּ אַריין, אין אָפּיס, סטענאָס, טייפּיסטס?... פּוצן דאָלאַר אַ וואָך?... און דער באַלעבאָס זאָל דיר קריכן אויפֿן קאָפּ...

ען: אויפֿן קאָפּ, וואָלט אפֿשר נאָך ניט אויסגעמאַכט... אָבער סיי־ווי קריכט מען דאָך... פֿאַרן קריזיס איז דען ניט אַזוי געווען? און ווען דער קריזיס זאָל זיך אַפֿילו ענדיקן, וואָלטן מיר דען צוריק געקראָגן אונדזערע דזשאָבס?

גרעיס: (רעזיגנירט) קריזיס, שמיזעס, אַלץ איינס... העלף אויפֿהויבן דאָס בעט.

(ביידע הויבן אויף ס׳בעט וואָס פֿאַרבאָרגט זיך אין דער וואַנט אַריין. אַ קלונג אין טיר. עס קומען אַריין פּאָל און קאָלווין, אָנגעטאָן העל, גאַלאַנט, פֿריילעך.)

ביידע: האַלאָ, האַלאָ, מיידלעך.

ביידע: האַלאָ, באָיעס.

## בילד א

(אין טיר ביי די באָסטערס באַווייזט זיך דער רעווערענד.)

קעיטי: האַלאָ, האַלאָ, רעווערענד.

רעווערענד: מיט גאָטס געגאָד. (דערזעט מאַרגאָן) האַלאָ, מאַרגאַ.

קעיטי: וועלכע גוטע בשורות האָט דער רעווערענד געבראַכט אין הויז פֿון געמיינע און דערשלאָגענע? זיצט. (טראָגט אונטער אַ בענקל.)

רעווערענד: אַ דאַנק, אַ דאַנק, מיסעס קעיטי. בשורות? קודם באַגריסן דעם גאַסט און צווייטנס, גלאַט אַזוי. (זעצט זיך) אַ דאַנק, איידעלע

פּרוי באָסטער. פאַרוואָס איז עפּעס די צווייטע מרס. באָסטער אַזוי פאַר־יאָמערט?

מ ע ר י : (מיט אַ זיפץ) ניט גוט, ניט גוט, פּאָטערל.

מ אַ ר ג אַ : איך בין זיך משער, אַז דער רעווערענד האָט עפּעס וואָס צו זאָגן, בין איך איבעריק דאָ?

ר ע וו ע ר ע נ ד : דאָס ערשטע וואָיל געטראָפן, דאָס צווייטע — ניט. אמת טאַקע, עס האָט אַ שייכות מיט דיין צוריקקער אין מאַמעס הויז, און ווי מען שמועסט, מיט אַ קינד . . . און אויף וויפיל מען רעדט איז עס ניט פון דעם, וואָס גאָט האָט אויסדערווילט ער זאָל זיין דיין באַשערטער, וואָרעם ווי מען הערט איז עס אַ ווייס...

מ אַ ר ג אַ : נו, און אַז אַ ווייס, איז וואָס? ווילט איר עס אפשר צו־נעמען, דערציען און דערנערן? . .

ק ע י ט י : אויפציען ביי אונדז אַ שלאַנג, וואָס וועט שפּעטער בייסן.

מ אַ ר ג אַ : פון מיינע געדערים איז נאָך דערווייל קיין שלאַנג ניט אַרויס.

ק ע י ט י : דאָס וועט מען שפּעטער זען.

ר ע וו ע ר ע נ ד : ס'רעדט זיך ניט וועגן דעם וואָס אָן חופה און אָן קדושין. מען דאַרף אַזאַ זאַך באַרעכענען. נו, שטעל דיר פאָר, טייערע מאַר־גאַריט, ס'וועט אויסוואַקסן, און לאָמיר אָננעמען, ס'וועט זיין געראָטן אָן פאָטער. אָבער ליידן וועט עס דאָך, וואָס די מוטער איז אַ נעגערין.

מ ע ר י : (מיט טרערן) זאָלן עס די ווייסע נעמען. ס'איז דאָך אַזוי גוט זייערס ווי אונדזערס.

ר ע וו ע ר ע נ ד : איך ווייס ניט וואָס צו ענטפערן אויף די רייד. נאָר מען האָט שוין וועגן דעם געלאָזט וויסן, אַז איך זאָל אויפמערקזאַם מאַכן אונדזערע נעגער־מיידלעך, זיי זאָלן אַראָפּנעמען די אויגן פון די ווייסע בחורים. וואָרעם עס טומלט זיך שוין ווידער מיט אַ פאַרגוואַלדיקונגס־געשיכטע. נאָט, לייענט. (ער דערלאַנגט אַ צייטונג. אַלע לייענען. קעיטי צעלאַכט זיך.)

## ב י ל ד ב

(ביידע יונגען, פּאָל און קאַלווין, זיצן אויף וויג־שטולן, די מייד־לעך — אויף זייערע שויסן. איינער לייענט די צייטונג. אַלע לאַכן.)

ג ר ע י ס : . . . לייענט נאָכאַמאָל. אַן אינטערעסאַנטע געשיכטע.

**קאַלווין:** (לייענט) **ניגגער־יונגען פֿאַרשלעפּן צוויי ווייסע מיידלעך אין אַ פּראַכט־וואַגאָן און פֿאַרגוואַלדיקן זיי.**

(אַלע לאַכן.)

**ען: איר האָט טעלעפֿאָנירט?**

**פּאָל: זיכער מיר. זאָלן זיי וויסן, די הינט, וואָס ס'הייסט אַראָפּ־וואַרפֿן פֿון אַ באַן אין מיטן גאַנג. איצט וועלן זיי זיך שוין בראָטן אויף דעם עלעקטריק־„טשער״** (שטול). **ס'טוט מיר נאָר לייד, וואָס מען האָט אייך געשלעפּט אין שפּיטאָל אַריין פֿאַר אַן אונטערזוכונג. נאָר קיינער וועט נישט וויסן אַז איר... אַ סוד, איז עס הייליק.** (קלונג אין טיר).

**גרעיס:** (דערשראָקן) **אַ פֿרעמדער קלונג!** (פֿאָרשט אין זייערע אויגן) **איר?**

**פּאָל: וואָס מיר? וואָס מיינט איר, „בייביס״? זאָל מיין מאַמע ניט וויסן פֿון מיר וואו איך בין אַהינגעקומען אויב...**

**גרעיס:** (באַפֿעלט) **באַהאַלטן זיך!** (זיי ווילן לויפֿן אין וואַש־צימער) **ניין, נישט דאָרט. אין בעט.**

(מען רוקט אַרויס ס'בעט פֿון וואַנט.ביידע יונגען באַהאַלטן זיך. ען עפֿנט, עס קומען אַריין צוויי געזעלשאַפֿטס־דאַמען און אַ רעפּאָרטער מיט אַ פֿאָטאָגראַף־אַפּאַראַט. שטוינען).

**1טע דאַמע: איך גלויב אַז ס'איז קיין טעות ניט. ווער פֿון אייך, קינדער, איז מיס ען און ווּעלכע — מיס גרעיס?**

**ען: איך, מאַדאַם, בין ען און זי — גרעיס. וועגן וואָס?**

**2טע דאַמע:** (באַטראַכט זיי דורך אַ לאָרנעט) **אָרעמע מיידלעך. אַזעלכע אומשולדיקע קינדער פֿאַרנאַרט מען, פֿאַרפֿירט מען. ניגגער־אויס־וואורפֿן!**

**1טע דאַמע: מיר זיינען דעלעגירט פֿון שוועסטער־פֿאַראיין, „ווייסע ליליע״, אייך אויסצודריקן אונדזער סימפּאַטיע.**

**2טע דאַמע: און גלייכצייטיק אייך פֿאָרצולייגן אַ באַשיידענעם טשעק פֿון טויזנט דאָלאַר, וואָס איז אַסיגנירט געוואָרן פֿאַר אייך אַלס די ערשטע הילף, זאָל דאָס זיין אַ קליינע טרייסט פֿאַר אייערע שווערע גע־מיטער.**

**1טע דאַמע: דער עיקר אין צייט, וואָס איר וועט זיך שעמען אַרויסצואווייזן אייערע פּנימער אין גאַס.**

**2טע דאַמע:** (בויגט זיך צו צו זייערע אויערן) **און ס'קאָן נאָך זיין, אַז איר וועט מוזן דורכמאַכן אַן אָפּעראַציע. ווי מיר זאָלן ניט זיין**

**קעגן געבורט־קאָנטראָל, קאָנען מיר דאָך אַזאַ זאַך ניט דערלאָזן. דער הימל זאָל אויסהיטן פון געבוירן נעגערלעך . . .**

1טע דאַמע: **מיר גרייטן ערשט אַ גאַנצע אַקציע, בעלער און באַזאָרן לטובת אייך. אייער שאַנד וועט זיך איצטער מוזן דעקן מיט אַ** גרויסן נדן . . . און איצט, דערלויבט אונדז איבערצולאָזן פאַר אייך די **עטלעכע קלייניקייטן, וואָס גרויסע געשעפטן האָבן געגעבן. אָט איז זאָקן . . .**

גרעיס: (דערפרייט זיך) **כ'דאַרף טאַקע זאָקן.** (כאַפּט צוריק).

1טע דאַמע: **און אָט זיינען אַנדערע קלייניקייטן.** (לייגט אַרויס בלוזעס, קליידער און אַנדערע זאַכן) **איר זאָלט נאָר ניט זיין געפאַלן ביי זיך.**

2טע דאַמע: (נייגעריק) **שעמט זיך ניט, קינדער, דערציילט אונדז, ווי פאַר שוועסטער, ווי אַזוי איז דאָס געשען? . . .**

(ען און גרעיס קוקן זיך איבער.)

גרעיס: (ראַפינירט) **און . . . דער דזשענטעלמאַן . . .**

1טע דאַמע: **אַך, יאָ, וואָלטן כאָטש די צייטונגען ניט אַזוי צע־שמירט די זאַך. עס האַנדלט זיך דאָך אין דער ערע פון צוויי מיידלעך . . .**

2טע דאַמע: (פּאָזירט מיטן טשעק אין דער האַנט) **אָט אַזוי, מר. מעקגריי, „סנעפּט" אויב איר מוזט פאָטאָגראַפירן.**

(פאָטאָ־אַפּאַראַט שיסט אויס. ביידע מיידלעך מיטן טשעק אין האַנט, **זאַכן אויפן טיש אין פּאָזע מיט די מיידלעך.)**

## בילד א

(גלייכצייטיק ווערט פאָטאָגראַפירט ביי פרוי באַסטער אין הויז.
ווען עס ווערט ליכטיק זעט מען דעם שעריף און רעפּאָרטער.)

שעריף: (צופרידנשטעלנדיק דעם פּראָטאָקאָל) **גוט אַזוי, זאָל מען זען פון וועלכן הויז עס שטאַמט דער פאַרברעכער. ווער איז אַלזאָ פרוי באַסטער?**

קעיטי־מערי: **איך, באָס.**

שעריף: (דערשטוינט) **ביידע? וואָס הייסט ביידע זיינען פרוי באַס־טער? קלערט אויף, רעוועריענד.**

רעווערענד: **ס'איז זייער איינפאַך: די פרוי** (ווייזט אויף מערין), **איז די ערשטע פרוי באַסטער, און די פרוי** (ווייזט אויף קעיטין), **איז די צווייטע פרוי באַסטער.**

שעריף: **כ'פאַרשטיי ניט.**

רעווערענד: **דער אַלטער מיסטער באַסטער האָט געהאַט אַ פרוי,**

יאָ, איז ער זיך צעגאַנגען מיט איר — הייסט זי מערי, אָט אָ די. האָט ער גענומען אַ צווייטע פרוי (ווייזט אָן אויף קעיטין) אָט אָ די.

שעריף: וואוינען זיי צוזאַמען? ביגאַמי!

רעווערענד: איצט וואוינען זיי צוזאַמען. נאָר אַמאָל, ווען דער אַלטער באָסטער האָט געלעבט — ניט. האָט יעדע געלעבט באַזונדער. די מערי דאָ, און קעיטי — ניט דאָ. נאָר אַז דער אַלטער איז אויפגעריסן געוואָרן צוזאַמען מיטן דאַמף־קעסל פון אַ לאָקאָמאָטיוו, האָט זיך די קעיטי ניט געהאַט וואו אַהינצוטאָן מיט איר קינד, דעם טאָמי, האָט מערי די ערשטע פרוי באָסטער זי אַריינגענומען צו זיך. נו, ס'איז ניט קיין עולה, סיי־ווי האָט דער אַלטער באָסטער דאָס דאָזיקע הייזל אויפגעבויט.

שעריף: אַזוי? אַ נישקשהדיקער פּלאָנטער. און ווער איז די יונגע פרוי דאָרט?

רעווערענד: מיס מאַרגאַריט, אַ טאָכטער. מעריס טאָכטער פון אַלטן באָסטער.

שעריף: עפּעס איז זי מיר צו רוישיק אָנגעטאָן. פאַרנעמט זי זיך ניט אַמאָל מיט פּראָסטיטוציע?

רעווערענד: גאָט באַהיט! ס'איז דען דערלויבט ביי אונדז אין שטאָט? . . נאָר אַן אומגליק האָט יאָ געטראָפן. אַ קינד, אַ ווייס, און מען ווייסט נישט פון וועמען.

שעריף: אַזוי, געהיימנישן אין דעם הויז...

מאַרגאַ: איר ווייסט ניט, איך ווייס יאָ.

שעריף: שווייגן! גוט. דער אָפּשטאַם שטימט. אַלזאָ, ווער איז עס די מוטער פון טאָמי באָסטער?

קעיטי: איך, באָס. וואָס איז געשען מיט מיין קינד?

שעריף: אַ קינד איז ער? שוין גאָרנישט קיין קינד! און וואו ער איז איצטער, ווייסט איר?

קעיטי: ניין, איך ווייס ניט. ער איז געגאַנגען זוכן אַרבעט. שוין אַכט טעג ווי איך הער ניט פון אים.

שעריף: געגאַנגען זוכן אַרבעט . . . ביי אַלעמען דערזעלביקער תירוץ.

קעיטי: איך באַקלאָג זיך ניט. אָט שטיי איך ביי אַ באַליע וועש. אָבער אַ יונג פון דרייצן יאָר, פאַרוואָס זאָל ער ניט אַרבעטן?

שעריף: וועל איך דיר זאָגן וואו ער איז: אין תּפיסה איז ער!

קעיטי: אין תּפיסה? מיין קינד איז נישט קיין גנבֿ!

שעריף: נאָך ערגער. ער האָט פאַרנאַרט צוויי ווייסע מיידלעך און זיי פאַרגוואַלדיקט.

### בילד ב

(עס שפּילט די ראַדיאָ. ביידע מיידלעך טאַנצן באַזונדער.)

גרעיס: און איצט, אַז איך האָב יאָ אַזויפיל געלט, קליידער און זאַכן, וועל איך ערשט וויסן ווי צו לעבן. אַך, לעבן! לעבן!!

### בילד א

(אין נעגער־שטיבל געדריקט שווייגן. אַלע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.)

מיקי: און דאָס שמעקט מיט טויט־שטראָף!

(קעיטי גיט אַ פאַל אַרויף מיטן קאָפּ אויפן ראַנד פון דער באַליע וועש, צעוויינט זיך הויך און ביטער.)

### בילד ב

(אין צימער פון די מיידלעך שפּילט די ראַדיאָ דזשאַז. ביידע מיידלעך מיט די יונגען טאַנצן, טאַנצן.)

### בילד ג

(די קאַפּליצע פון תּפיסה. גרוי, געוועלבט. אַ טיף וואַנט־פענצטער. אַ שוואַרצער צלם אויף די קראַטן. אין דער מיט פון צלם שטייט דער רעווערענד, ריכט אָפּ די זונטיקדיקע תּפילה. די נעגער צו־נויפגעפּרעסט מיט געשטיקטן צאָרן אין זיך.)

רעווערענד: (אין מיטן זיין פּריידיקן) . . . צאָרנדיק איז גאָט, ווייל די זינד פון דעם מענטשן איז גרויס. און פול מיט חסד איז גאָט, ווען דער מענטש איז באַרעכנט און מיט חרטה גייט איבער זיין האַרץ. דאַרום, מענטש, זיי נאָכגיביק און אונטערטעניק צו דעם, וואָס ברענגט ליכט צו דיינע אויגן בייטאָג און שלאָף צו דיינע אויגן ביינאַכט. דאַרום בענטש יענע קראַפט, וואָס דו באַנעמסט ניט מיט דיין שכל, נאָר דו פילסט זי מיט דיין האַרץ. די קראַפט וואָס גיט זון און רעגן צום גראָז און זאַנג, ברויט און רו דעם מענטש. גאָט, וואָס שפּייזט די פייגל אויפן בוים, דעם וואָרעם אונטער דער ערד, די פיש אין וואַסער, חיות אין וואַלד און בהמות אין פעלד, וועט דיך, בן־אדם, אויך ניט פאַרלאָזן. דאַרום זיי ניט ווידערשפּעניק צו דיין האַר, וואָס קליידט דיך און וואָס שיכט דיך, גיט ברויט אויף דיין טיש

**און וואַסער אין דיין קרוג. וואָרעם דורך דער האַנט פֿון דיין האַר גיט עס דיר גאָט. און אַז דו צאָרנסט אויף דיין האַר, צאָרנסטו אויף גאָט . . .**

**ד ז ש אָ ר ד ז ש :** (גיט אַ האַק איבער אין דער מיט) **אָבער פֿאַרוואָס האַלט מען אונדז דאָ?!**

### ב י ל ד ד א ו ן ה

(צוויי באַזונדערע קאַבינעטן. דער אָפּיס פֿון אַנקלאַגער, וויליאַם וועב, און דער — פֿון פֿאַרטיידיגער, ראַלף יוז. ביידע ווי גע־העריק איינגעאָרדנט, טיפּיש פֿאַר אַן אַמעריקאַנער אָפּיס. יוז דרייט זיך אַרום איבער זיין צימער, דיקטירט דער סטענאָגראַפּיסטקע. וועב זיצט אין אַ באַקוועמען אָפּיס־שטול, די פֿיס אויפֿן שרייב־טיש, דיקטירט זיין סעקרעטאַרשע.)

**בילד ד, אָפּיס פֿון פֿאַרטיידיקער**

**י ו ז :** (דיקטירט) **. . . אַ פּונקט. און איצט לייען מיר איבער דעם לעצטן פּאַראַגראַף.**

**מ י י ד ל :** (לייענט) **— מיר קאָנען פֿאַר קיין פֿאַל ניט באַטראַכטן די אַנקלאָגע אַלס — — —**

**בילד ה, אָפּיס פֿון פּראָקוראָר**

**וו ע ב : . . . פּשוטער פֿאַרברעכן. שרייב ווייטער. די פֿאַרטיידיקונג וויל האָבן, אַז דער פּראָצעס טראָגט אַ — — —**

### ב י ל ד ד

**י ו ז : ראַסן כאַראַקטער. די פֿאַרטיידיקונג באַווייזט אַז די אָרעמע נעגער־יינגלעך זיינען — — —**

### ב י ל ד ד

**וו ע ב : . . . געמיינע פֿאַרברעכער. דאָס אַרומשלעפּן זיך מאַסנווייז איבער די וועגן איז — — —**

### ב י ל ד ה

**י ו ז : . . . אַ רעזולטאַט פֿון גרויסן קריזיס. אַרבעטסלאָזע נעגער רייסן זיך אין אַנדערע שטעט און שטאָטן כּדי צו געפֿינען אַרבעט. בנוגע די נעגער אין — — —**

**וו ע ב : . . . פֿרייען אַמעריקע — — —**

ב י ל ד ד

י ו ז: . . . הערשט די גרעסטע דיסקרימינאַציע — — — —

ב י ל ד ה

וו ע ב: די אַמעריקאַנער גערעכטיקייט —

ב י ל ד ד

י ו ז: . . . איז בלינד. ווי האַלטסטו?
מ י י ד ל: די גערעכטיקייט איז בלינד.

ב י ל ד ה

וו ע ב: ריכטיק. שרייב ווייטער.

ב י ל ד ד

י ו ז: און מיט פאַרבונדענע אויגן משפּט זי.

ב י ל ד ה

וו ע ב: געשריבן? און איצט נעם עס אויף דער שרייב־מאַשין און מאַך קאָפּיעס פאַר דער פּרעסע. (סעקרעטאַרשע אָפּ. וועב קוקט דורך פּאַ־פּירן.)

ב י ל ד ד

(עס הערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. שוירלי, אַ ווייסע אַרבעטער־מיידל, קומט אַריין.)

ש ו י ר ל י: אַדוואָקאַט ראַלף יוז?
י ו ז: איך. מיט וועמען האָב איך דאָס פאַרגעניגן?
ש ו י ר ל י: מיין נאָמען איז שוירלי, שוירלי סילווערסטאָן, פון ניו־יאָרק. (קוקט צו דער סטענאָגראַפּיסטקע.) קאָן איך רעדן מיט אייך אומ־געשטערט?
י ו ז: זייט אַזוי פריינטלעך, מיס ווייט. (מיידל גייט אַרויס) אַלזאָ? . . .
ש ו י ר ל י: איך בין געקומען וועגן פּראָצעס פון די נעגער.
י ו ז: ווער זענט איר?
ש ו י ר ל י: אַ מיטגליד פון דעם ניי־געשאַפענעם פאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט.

יוז: נאָך איין פֿאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט?

שוירלי: יאָ. ווייל מיר זיינען אומצופֿרידן מיט דעם, ווי אַזוי די פֿאַרטיידיקונג גייט אָן.

יוז: ווער איז דער „מיר״?

שוירלי: די אַמעריקאַנער אַרבעטערשאַפֿט.

יוז: און דער ביז איצטיקער קאָמיטעט באַשטייט דאָך אויך פֿון אַרבעטער . . .

שוירלי: (פֿאַלט אַריין אין די רייד) אינטעליגענטן און סתם הומאַניסטן, צער־בעלי־חיימניקעס און בעלי־רחמנות אויף נעגער. די פֿאַרטיידיקונג דאַרף ניט גיין אין דער אָ ריכטונג ווי מען פֿירט זי. עס איז ניט קיין פֿראַגע פֿון יאָ שולדיק אָדער ניט שולדיק. ווען זיי זיינען אַפֿילו יאָ שולדיק, איז דאָס ניט קיין פֿאַרברעכן פֿאַר וועלכן עס זאָל געפֿאָדערט ווערן טויט־שטראָף. עס מוז קודם־כל געקעמפֿט ווערן פֿאַר דער אָפּשאַפֿונג פֿון אויסנאַמס־געזעצן קעגן נעגער. און דאַן מוזן אויפֿגעדעקט ווערן די אמתע כוונות פֿאַרוואָס אַזעלכע געזעצן זיינען צוגעגרייט קעגן דער גרויסער נעגער־מאַסע. דאָס איז כדי צו האַלטן די נעגער־אַרבעטער, די שקלאַפֿן אין אייביקער מורא, צו פֿאָכען איבער זיי מיט תליה־שטריק. כדי יעדער נישטיקער בעל־הביתל, זאָל, צו יעדער צייט, קאָנען פּראָוואָצירן קעגן זיי, און דורך אונטערגעשטעלטע עדות פֿון ווייסע, צו האַלטן מיליאָנען נעגער אין טויט־פּחד. איר, מר. יוז, אַז איר וועט פֿירן אייער קאַמף אין דער ליניע, וועלן זיי במילא באַפֿרייט ווערן.

יוז: הם, אין דער ליניע . . . אייך גייט, הייסט עס, ניט אָן צי די נעגער וועלן עלעקטריזירט ווערן. אייך גייט אין דעם אַז דער געדאַנק, די אידייע זאָל זיגן. און מיר — דער פֿאַרטיידיקונג, גייט אין דעם צו באַווייזן די אומשולד פֿון די אָנגעקלאָגטע און זיי אַרויסצורייסן פֿון טויטס אַרעמס.

שוירלי: הם, אַז עס זאָל אייך אַפֿילו געלינגען די עטלעכע נעגער צו באַפֿרייען, וועלן הונדערטער אַנדערע געטויט ווערן. דאָס איז דאָך בלויז איינער פֿון הונדערטער פֿאַלן וואָס מען ברענט נעגער פֿאַר כלומרשטער פֿאַרגוואַלדיגונג.

יוז: וועט מען ווייטער פֿאַרטיידיקן. פֿאַרפֿאַלן. פֿאַראַן אַזאַ געזעץ אין די דרום־שטאַטן. מיר קעמפֿן דאָ נישט פֿאַר דער אָפּשאַפֿונג פֿון די געזעצן. אונדז גייט בלויז אין דעם, צו באַווייזן די אומשולד פֿון די אָנגעקלאָגטע.

**ש ו י ר ל י:** (איראָניש) **גענעצן אין די דרום־שטאַטן. גערעכטיקייט אין דער „סאוט״, טויט־שטראָף פֿאַר נעגער, פֿאַר פֿאַרגוואַלדיקן ווייסע פּראָסטיטוטקעס . . .**

**י ו ז: אַנטשולדיקט, עס האַנדלט זיך דאָ וועגן פֿאַרגוואַלדיקן ווייסע פֿרויען.**

**ש ו י ר ל י:** (אויפֿגערעגט) **אָן אויסרייד. כדי לעגאַל צו ברענען נע־גער־אַרבעטער.** (טעלעפֿאָן).

**י ו ז: יאָ . . . פֿון פֿאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט? . . אַ רגע. אין צווייטן צימער. יאָ, איך קום באַלד** אַריין (הענגט אויף).

**ש ו י ר ל י: איך זע, איר זענט פֿאַרנומען. איך האָף אייך נאָך צו באַזוכן. צום ווידערזען.** (זי גייט אַרויס. ער נאָך איר).

## ב י ל ד ה

(וועב מאַכט קאָרעקציעס אין זיינע פּאַפּירן. מען קלינגט אָן און עס קומען אַריין צוויי געזעלשאַפֿט־דאַמען און אַ הער.)

**ו ע ב: ביטע, ביטע,** (הויבט זיך אויף, ווייזט אָן זיצן, לייגט פֿאַר ציגאַרעטן) **ביטע.**

**ה ע ר: אַ דאַנק, די דאַמען רויכערן ניט.**

**ד אַ מ ע ב: מיין טייערער הער וועב, מיר זיינען דעלעגירט צו אייך פֿון פֿרויען־פֿאַראיין „ווייסע לילי״, אין שייכות מיטן פּראָצעס.**

**ד אַ מ ע א: די שטימונג אין לאַנד איז אַ געפֿערלעכע קעגן דעם פּראָצעס. און נאָך מער, קעגן די געזעצן פֿאַר נעגער. די סאָציאַליסטן ווילן מאַכן מאַרטירער פֿון קרימינאַליסטן, שטרייקער, און אונטערגעהעצטע נעגער.**

**ה ע ר: און איך קום פֿון אויטאָמאָביל אייגנטימער קלוב. די פֿראַגע איז ביי אונדז אויף אַ מיטינג און אַפֿילו ביי אַ באַנקעט פֿאַרהאַנדלט גע־וואָרן. אונדזער רעזאָלוציע איז, אַז דער פּראָצעס דאַרף צוגעאיילט ווערן. נישט אַזוי ווי מען האָט געצויגן דעם ענין פֿון די אַנאַרכיסטישע פֿאַרברע־כער אין באָסטאָן, גאַנצע זיבן יאָר . . . די אַרבעטער הויבן אויף די קעפּ, קריגן חוצפּה און פֿאַרשוואַרצן אונדז ס׳פּנים. מען דאַרף וואָס גיכער אַראָפּ פֿונם מאַרק מיט דעם פּראָצעס. פֿאַר די ניגגערס אַליין וועט אויך זיין בעסער צו קריגן זייער גערעכטיקייט וואָס פֿריער.**

(סעקרעטאַרין ברענגט אַריין וועבן אַ פּאַק מיט פּאַפּירן אויף אונטער־צושרייבן.)

**ו ע ב: אַנטשולדיקט, איין רגע, יאָ?** (ער קוקט דורך די פּאַפּירן).

## ב י ל ד ד

(אין אָפּיס פון פאַרטיידיקער, הערעלד, סמיטה אין אַן אונטער־האַנדלונג.)

יוז: . . . נו, ווי קאָן מען פירן אַ פּראָצעס אָן געלט?

סמיטה: „קאָנסלער," מיר פאַרזיכערן אייך, עס וועט זיין געלט.

יוז: פון בלויזער פאַרזיכערונג קאָן מען קיין אָפּיס ניט אויסהאַלטן, אָנגעשטעלטע ניט צאָלן. איר ווייסט גאַנץ גוט וואָס עס הייסט פאַר אַן אַדוואָקאַט אין דער „סאוט" צו פאַרטיידיקן נעגער . . . און אייער קאָמיטעט אַליין, שטייט אויך ניט אויף דער געהעריקער מדרגה. פּאָליטיק פירט מען, מיינע הערן, פּאָליטיק. דאָ דאַרף מען האָבן געלט, ווינציקער רייד און מער געלט.

הערעלד: אַן אויפרוף איז אַרויסגעלאָזט געוואָרן. די גרעסטע מענער פון דער וועלט זיינען מיט אונדז. (דערלאַנגט אים אַ צייטונג) זעט. — — —

## ב י ל ד ה

דאַמע א: (האָט אַריינגעקוקט אין דער צייטונג, רופט אויס) אַ, זעט נאָר, ווער עס נעמט זיך אַלץ אָן פאַר די אויסוואורפן: אַלבערט איינשטיין! דער דאָזיקער ייד שטופּט איבעראַל אַריין זיין נאָז. ביי סאַקאָ און וואַנזעטי האָט ער אויך פּראָטעסטירט . . .

דאַמע ב: מיר האָבן דעריבער, הער „אַטאָרני", געמאַכט אַ געזעלשאַפטלעכע אַקציע. אַלע גרויסע אינדוסטריעלער, סוחרים און באַנקירן האָבן געגעבן געלט. שטעלן מיר דאָס געלט צו אייער דיספּאָזיציע.

וועב: אַ דאַנק, אַ דאַנק, די אָנקלאָגע נויטיקט זיך ניט. דער שטאַט דעקט אַלע הוצאות.

הער: (ציניש) איך מיין אַז דעם שטאַט וועט עס אָפּקאָסטן אַ היפּש ביסל, בלויז עלעקטרישער שטראָם פאַר אַזויפיל ניגגערס, דערצו נעמט דער תליון פון שטיק.

דאַמע ב: אַ, איך בעט אייך, איך קאָן ניט הערן אַזוי רעדן . . .

הער: מיר פאַרשטייען ניט, ווי וואָגט עס אַזאַ יונגער אַדוואָקאַט ווי ראַלף יוז, אָנצונעמען אַזאַ פאַרטיידיקונג. וואָס קאָן ער מ'שטיינס געזאָגט, נעמען פאַר אַזאַ פּראָצעס? צונויפגעשנאָרעטע סענטן פון אַרבעטער־קבצנים. דאָס הייסט דאָך ממש אויפגעבן זיין קאַריערע. (מיט אַ סוד) מיר וואָלטן אַפילו געווען גרייט צו דעקן זיינע אַלע פאַרלוסטן . . .

דאַמע א: דאָס וואָלט געווען אַ טאַט פֿון אַ הונדערט־פּראָצענטיקן פּאַטריאָט.

וועב: יאָ, איך האָב שוין אַליין אויך געטראַכט וועגן דעם. אַ פֿייאיקער אַדוואָקאַט, דער יוז... (זוכט אין טעלעפֿאָן־בוך).

## בילד ד

יוז: (צוריקגעבנדיק די צייטונג)... איך וועל קיין פּאָליטישע און קיין סאָציאַלע מאָמענטן ניט באַרירן. פֿאַר מיר קאָן עס העכסטנס זיין אַ ראַסן־פּראָצעס און ניט קיין קלאַסן־פּראָצעס. איך פֿאַרטיידיק זיי, ווייל איך בין פֿון באַרוף אַן אַדוואָקאַט. דעריבער מוז מיר די סומע, וואָס איז באַדונגען געוואָרן צוגעשטעלט ווערן. איך בין אַ פֿאַרטיידיקער און ניט קיין סאָציאַליסט. קלאָרע דבורים.

## בילד ד און ה

יוז: (וועב פֿאַרבינדט זיך אויפֿן טעלעפֿאָן מיט יוז) האַלאָ?

וועב: אַדוואָקאַט ראלף יוז?

יוז: יאָ, יוז פערזענלעך.

וועב: דאָ רעדט אַטאָרני וויליאַם וועב.

יוז: (דערשטוינט) וויליאַם וועב?.. (דערשראָקן.)

וועב: (שמייכלט) מר. יוז, איך האָב צו אייך אַ פֿאָרשלאָג וועגן ביזנעס.

יוז: (נאָך מער צעטומלט) ביזנעס?

## בילד ו

(אין קאַמער פֿון תּפֿיסה. די נעגער זיצן אַלע צונויפֿגעדרענגט, פֿאַראינטערעסירט אין עפּעס. דזשאָרדזש כאַפּט זיך.)

דזשאָרדזש: ... איך גיי אויפֿעסן די דאָמינאָ. שרעטל, וואו איז די דאָמינאָ? (ער נישטערט, זוכט, צעוואַרפֿט אַלץ).

אוירווינג: (לאָזט נישט) דו, בופֿל־אָקס, די דאָמינאָ אויפֿעסן? מיט וואָס וועלן מיר זיך פֿאַרשפּילן?

דזשאָרדזש: וואָס האָט איר מורא? אַז מען וועט געבן ברויט, וועל איך מאַכן אַן אַנדערע, אַ בעסערע. אַפֿילו טשעקערס וועל איך אויסקנעטן פֿון ברויט, פֿון מיין פּאָרציע ברויט.

ביל: ער איז גערעכט, דזשאָרדזש, אַז קיין עסן גיט מען ניט, וואָס האַלט מען דאָ מענטשן פֿאַרשפּאַרט, האַ?

**פּיטער:** אפשר וועט איר אויפהערן און נישט שטערן, אַז אַ קינד דערציילט. (דערמאָנט זיך) . . . און פּרענטש טאָוסט. איר ווייסט וואָס ס׳איז פּרענטש טאָוסט? ברויט פון בעסטן סאָרט, דין געשניטן און געבראָטן אין פּוטער און אין אייער, אַז מען נעמט עס אין מויל אַריין צעגייט עס אַליין, דאַרפסט אַפּילו ניט צעקייען.

**נאָרמאַן:** אַז פון בלויזן דערציילן וואַסערט דאָס מויל (ווייזט די צונג) נאַ, אַ טייך מיט שפּייעכץ.

**פּיטער:** קאָם אָן, טאָמי, דערצייל ווייטער.

**טאָמי:** און אַ פּרוכט־סאַלאַד פון אָראַנזשן, באַנאַנעס, פּיין־עפּל און „טשעריס״ (קאַרשן), פון אויבן ווייסער שמאַנט ווי שוים, דערנאָך אויסגע־מישט, אויפגעגעסן (ווייזט מיט די הענט אויפן מויל) און שוין.

**נאָרמאַן:** פון בלויזן הערן קאָן מען זיך קוויקן. קאם אן.

**טאָמי:** דערנאָך געבראָטענע חזירימלעך מיט געשניטענע קאַר־טאָפּל־פּעניצן — אַ פולע פאַן פון גאָלדענע רענדלעך.

**דזשאָרדזש:** (ציט מיט דער נאָז) אַזאַ שמעקעניש. איר פּילט ניט ווי ס׳שמעקט?

**טאָם:** און נאָכדעם קומען ערשט „ווהיט קייקס״ (ווייץ־פּלעצלעך) ווײַ־כע, אַז מען באַגיסט זיי מיט האָניק, צעשווימען זיי זיך אין מויל (ווייזט אַ געעפנט מויל). איר זעט, גאָרנישט פאַראַן, אַליין זיך צעגאַנגען . . . און אויפן טיש שטייט קעז און דזשעם (איינגעמאַכץ) און מען טרינקט צו קאַווע מיט „קרים״ (שמאַנט) און מען פאַרבייסט מיט עפּל־קוכן.

**ביל:** (אויפגערעגט) די גאַנצע מעשה איז אויסגעטראַכט פון קאָפּ אַרויס.

**דזשאַן:** (פון דער זייט) נו, יאָ, אַז ער איז הונגעריק, מאָלט ער, זאָל ער מאָלן . . .

**נאָרמאַן:** און דיר האָט מען גאָרנישט געגעבן?

**טאָם:** (מאַכט נאָך) און צו מיר זאָגט ער: „ס׳טויג נישט. ס׳טויג נישט אַז אַ קינד וואַקסט אויף הפקר״. — יעס סיר, ס׳טויג נישט! — „וועל, מאַך אויף די ביבל, קוק אַריין וואָס דאָרטן שטייט״. עפן איך די ביבל און קוק אַריין. קוק איך — עסט ער. ער עסט און איך קוק. גיב איך אַזוי אַ שאַר אַראָפּ די ביבל אונטערן טיש און — שוין. בויגט ער זיך איין אויפ־צוהויבן די ביבל, גיב איך אַ כאַפּ אַריין דאָס אַלץ פון טיש אין מויל אַריין...

**נאָרמאַן:** (שלאָגט אים איבער) אָט גלויב איך דיר שוין.

**טאָם:** (פֿאַרטראַכט זיך) **אָנקל דזשאָן, מעג מען גנבענען ביי אַ רעווערענד?**

**ביל: אַז ס'הונגערט! אַז ס'הונגערט, אַז ס'הונגערט, אָבער פֿאַרוואָס גיט מען אונדז נישט קיין עסן?!**

**אַנדערע:** (כאַפּן אונטער) **ע־ס־ן! ע־ס־ן!**

**דזשאָרדזש:** (קלאַפּט אין די ווענט מיט די פֿויסטן) **אַריינגעכאַפּט אין אַ פֿאַסטקע און קיין עסן גיט מען ניט. עסן!**

(דאָס געשריי ווערט העכער און שטאַרקער. דאָס קלאַפּן מיט די פֿויסטן ריטמישער און דראָענדיקער. פֿון אַנדערע צעלן ענטפֿערט מען אָפּ מיט קלאַפּן. אַ טומל, אַ פֿייפֿעריי אין תפֿיסה.)

## בילד ז

(אַ סקוועיר אין שטאָט ביי אַ קאַפֿע־טעראַסע. לעבן אַ טישל זיצט אַן עלטערע פֿרוי, האַלט אַ הינטל אויפֿן שויס און גיט אים צו טרינקען פֿון אַ שטרוי. יוז שטייט ביי אַ שוך־פּוצער, אַ נעגער־יינגל פֿון אַ יאָר 10, נעבן אים שטייט וועב אין מיטן אַ געשפּרעך.)

**וועב: . . . איך וואַרט אויף אַן ענטפֿער, ראַלף, איך מוז נאָך היינט זאָגן באַשייד. ניט תמיד טרעפֿט זיך אַזאַ געלעגנהייט. אַ גרויסער געהאַלט און אַ טייל פֿון די אַקציעס.**

**יוז: איך וועל אייך געבן אַן ענטפֿער, מר. וועב.**

**וועב: ניין, ראַלף, ענטפֿער מיר גלייך. מיר טרעפֿן זיך היינט מיט די פֿאַראינטערעסירטע אין „בלעק באָטאָם".**

**יוז: אין „בלעק באָטאָם"?...**

**וועב: יאָ, אין „בלעק באָטאָם". דאָרט טרעט אַרויס זייער אַ באַחנטע נעגער־טענצערין. אגב וועסטו האָבן די געלעגנהייט זיך צו איבערציגן, אַז מיר זיינען נישט קיין שונאים פֿון דער נעגער־ראַסע. אמת, אַז די איניציאַטאָרן פֿון דער פֿירמע האָבן קאָנסערוואַטיווע נייגונגען, ווי געווינלעך. וועסט זיך מוזן צוגיגן . . .**

**יוז: כ'פֿאַרשטיי, דער פּראָצעס . . .**

**וועב: דער פּראָצעס גופֿא גייט זיי ניט אָן. נאָר דאָס, וואָס די ראַדיקאַלן מאַכן דערפֿון סאָציאַליסטישע פּראָפּאַגאַנדע. אַנאַרכיסטן און פֿאַרברעכער נוצן דאָס אויס.**

**ציטונגס־יינגלעך:** (שרייען אויס) **„וויכטיקע נייעס! אַדוואָקאַט ראַלף יוז ציט זיך צוריק פֿון דעם נעגער־פּראָצעס!"**

**יוז:** (דערשטוינט) **וואָס מיינט דאָס?** (קויפֿט אַ צייטונג, לייענט) **— — — „צוליב דער סאָציאַליסטישער פּראָפּאַגאַנדע אַרום די באַשולדיקטע נעגער, ציט זיך דער אַדוואָקאַט ראַלף יוז צוריק פֿון דער פֿאַרטיידיקונג".** (פֿויזע, שטוינען) **פּראָקוראָר, ווי האָט איר זיך דערלויבט?...**

**וועב:** (נעמט אָן יוז אונטערן אָרעם) **אַזוי האַנדלט אַ הונדערט־פּראָצענטיקער פּאַטריאָט . . .** (וואַרפֿט צו אַ מטבע דעם שוך־פּוצער, גייט אַוועק מיט יוזן) . .

**אַלטע דאַמע: העי, דו שוך־פּוצער, קום אַהער!** (שטרעקט אויס אירע פֿיס) **ניגגער, הערסט ניט, איך רוף דיך?** (דאָס יינגל רירט זיך ניט) **קום אַהער און גיב אַ גלאַנץ אויף מיינע שיך. נו, וואָס גלאָצסטו מיט די אויגן?**

**יינגל: איך האָב מורא צוצוגיין צו אײַך, מאַדאַם, מען וועט נאָך זאָגן אַז איך וויל אײַך פֿאַרגוואַלדיקן . . .**

## בילד ח און ט

די בינע געטיילט אין צווי שטאָק. אויבן אַ לוקסוסדיקער רעסטאָראַן קאַבאַרעט. די ווענט מיט פֿוטוריסטישע געמעלן, הימלעכע ליכט־שטראַלונגען, אָריענט־אַטמאָספֿערע. אין אַ ווינקל בליצט אַ סאַקסאָפֿאָן, אַן אָנדייט אַז דאָרטן זיצט דער דזשאַז־אָרקעסטער. אַרום און אַרום ווייס־געדעקטע טישלעך. אין דער מיט — אַ פּלאַץ צום טאַנצן. ביי איינעם פֿון די טישלעך, סערווירט, זיצן וועב, צוויי דאַמען, אַ הער. בעת זיי ריידן צווישן זיך הערט מען דעם אָרקעסטער שפּילן אַ וואַלץ. די געסט טאַנצן.

אונטן אין קעלער איז די קיך. די רעסטאָראַן־אַרבעטער, עטלעכע נעגער און עטלעכע ווייסע, צווישן זיי מיקי, סמיטה, העראַלד און נאָך עטלעכע לייט, וואָס זעען אויס ווי אינטעליגענטן. מען זיצט אַזוי ווי ס׳וואָלט געווען עפּעס אַ מיטינג און ניט קיין מיטינג. די רעסטאָראַן־אַרבעטער טוען זייער אַרבעט: שיילן קאַרטאָפֿל, וואַשן טעלער, ווישן, רוימען און דערלאַנגען די באַשטעלונגען.

**סמיטה: . . . אָט דאָס, וואָס די אָוונט־צייטונגען האָבן געשריבן, אַז ראַלף יוז האָט זיך אָפּגעזאָגט פֿון דער פֿאַרטיידיקונג און אָנגעגעבן מאָטיוון— סאָציאַליסטישע אידייען און ראַדיקאַלע פּראָפּאַגאַנדע פֿונם פֿאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט — האָט אַ סך געשאַדט. דערצו קאָנען מיר זיך פּשוט ניט צונויפֿריידן. מיר קאָנען זיך ניט צונויפֿקומען — ווייסע און שוואַרצע — אין איין**

**צימער. און די גאַנצע שטימונג לגבי דער אומשולדיקייט פֿון די אָנגע־קלאָגטע בייט זיך, ניט זיי לטובה.**

**בילד ח**

אויבן אין רעסטאָראַן קומען אַריין ען און גרייס, פֿייערלעך אָנ־געטאָן אין דער באַגלייטונג פֿון פּאָל און קאָלווין.

דאַמע א: **זאָל איך גלויבן מיינע אויגן? מיר דאַכט זיך, אַז די אָרעמע, פֿאַרפייניקטע קינדער זיינען דאָ אַריינגעקומען.**

דאַמע ב: **ווירקלעך? איך מיין, אַז זיי האָבן עס ניט באַדאַרפֿט טאָן, עס קאָן שאטן דער שטימונג לגבי זייער אומשולד. מיר דאַרפֿן זיי נעמען אונטער אונדזערע פֿליגל . . .**

באַלעבאָס: (אַ כיטרער גריך, רעדט מיט אַ שטאַרקן אַקצענט, רופֿט אויס) **לײדיס און דזשענטעלמען! מיר האָבן דאָס פֿאַרגעניגן דאָ צו האָבן זייער חשובע געסט היינטיקן אָוונט. דאָס זיינען די צוויי קרבנות פֿונם גרויזאַמען איבערפֿאַל אין פֿראַכט־וואַגאָן דורך די ניגגערס. איך האָב דאָס פֿאַרגעניגן דאָ פֿאַרצושטעלן מיס ען גילבערט און מיס גרייס טאָטל.**

(רוישיקער אַפּלויז פֿון עולם. מען כאַפּט די בלומען פֿון די וואַזאָנען אַרויס און מען באַוואַרפֿט די מיידלעך ווי צו דער חופּה. דער אָרקעסטער שפּילט אויף, מען טאַנצט, דערנאָך אַן אַטראַקציע.)

נעגער־זינגערין: (זינגענדיק האַלב סענטימענטאַל, האַלב דזשאַז, גייט צו די טישלעך) —

**איך בין די ברוינע ווענוס פֿון אַטלאַנטאַ,**
**איך צינד און רייץ! (2)**
**אַהער, אַהער, איר מענער אומבאַקאַנטע,**
**צום טונקלען רייץ!**

**מיין הויט איז ווי די קופּער־פּעל פֿון שלאַנגען,**
**די ליניעס פֿון מיין קערפּער — פּיקאַנטע.**
**ווער וועט ניט וועלן דען זיין האַרץ דערלאַנגען**
**צו מיר, דער ברוינער, ווענוס פֿון אַטלאַנטאַ?**

**איך בין די ברוינע ווענוס פֿון אַטלאַנטאַ**
**איך גיס און פֿלייץ — (2)**
**אין אַנדערע אויגן ליידנשאַפֿט פֿאַרסמטע**
**מיט טונקלען רייץ!**

**אויף מיינע ציין איז ווייסער בליץ — דער תאווה־צייכן,**
**איך בין דאָס וואָרט אויף ליפּן טויזנטער דערמאָנטע —**
**ווער וועט ניט וועלן דען מיט שוים דערגרייכן**
**צו מיר, דער ברוינער ווענוס, פון אַטלאַנטאַ?!**

**איך בין די ברוינע ווענוס פון אַטלאַנטאַ,**
**איך העגג אויף קרייץ! (2)**
**טאָ בוקט זיך פאַר אַ געטין אַ שאַרמאַנטע**
**פון טונקלען רייץ!**

## ב י ל ד ח

בעתן זינגען קומען אַריין, אונטן אין קיך, שוירלי, זי פירט ביי דער האַנט קעיטי. זיי ווערן פון קיינעם ניט באַמערקט. אויבן הערט זיך שטאַרק אַפּלאָדירן.

מ י ק: **הערט נאָר וואָס עס טוט זיך אויבן, ווי זיי שטורמען. אַ נייע זינגערין אַראָפּגעבראַכט פון האַרלעם. אונדז האָט מען פיינט ווי די שפּינען, אָבער זיי, די נעגער מיידלעך, די זינגערינס...**

ש ו י ר ל י: **אַ טעות האָט איר חבר. איר מיינט, אַז דאָס איז בלויז שנאה צו דער נעגער־ראַסע? דאָ שטייט קלאַס קעגן קלאַס. און ווייל דער נעגער איז אַ קאָמפּאַקטע מאַסע, אַן אָרעמע — אַן אַרבעטנדיקע, האַלט מען אַ בייטש איבער זיי. דאָ איז אַ פראַגע פון בעלי־בתים און קנעכט, פון הער־שער און שקלאַפן!** (אַלע אין גרויס שטוינען).

ס מ י ט ה: **ווער זיינט איר און וואָס טוט איר דאָ, מיס?**

ש ו י ר ל י: **מיין נאָמען איז שוירלי סילווערסטאָן, פון ניו־יאָרק.**

מ י ק י: (דערשטוינט) **פרוי באַסטער, וואָס טוט איר דאָ? און...**

ש ו י ר ל י: **דאָס האָב איך זי געבראַכט. מיר האָבן אויף זיך גענומען דעם איניציאַטיוו זי אַרויסצושיקן אויף אַ רייזע איבער דער וועלט.**

ס מ י ט ה: **מיר? ווער איז „מיר"? און דער קאָמיטעט האָט שוין גאָר־נישט, וואָס צו זאָגן?**

ש ו י ר ל י: **דערפאַר בין איך דאָך געקומען בעטן אייער הסכמה.**

מ י ק י: **וועגן וואָס פאָרן אין דער וועלט אַריין, בעטן רחמנות?..**

ש ו י ר ל י: **ניין, כדי צו וועקן צאָרן אַנטקעגן די, וואָס האָבן צוגע־גרייט אַ טויט־ספּעקטאַקל פאַר נעגער־קינדער.**

ס מ י ט ה: **די וועלט איז שוין אויפגעוועקט. דאָס געוויסן פון די**

בעסטע מענער איז מיט אונדז. אַנרי באַרביס, ראָמעין ראָלאַן און...

ש ו י ר ל י: זיך צוהערן צו שרייבער, בטלנים און אינטעליגענטן... מיר מוזן קומען דירעקט צו די אַרבעטער פֿון דאָ און דאָרט, אין גאָר דער וועלט.

ה ע ר אָ ל ד: און געלט, ביי וועמען נעמען? ביי מיר, אָדער מיינס גלייכן? חדשים האָבן מיר געסטרייקט און איצט אינגאַנצן אַרויסגעפֿאַלן פֿונם דזשאָב. צי גאָר אפֿשר ביי די נעגערס? זיי זיינען אַזוי אָנגעשראָקן, אַז זיי האָבן אַפֿילו מורא אַרויסצוטרעטן אַלס עדות קעגן דער באַשולדי־קונג. און ווי די אָוונט־צייטונגען מעלדן, האָבן מיר שוין קיין אַדוואָקאַט אויך ניט. און דאָ ווידער הוצאות.

ש ו י ר ל י: אַן אַדוואָקאַט וועט מען שיקן. אַ בעסערן. עס איז דאָך גאָר גלייכער, וואָס אייער ראַלף יוז האָט זיך אָפּגעזאָגט. איידער אַזאַ פֿאַר־טיידיקונג איז בעסער . . .

ה ע ר אָ ל ד: וואָס האָט עס צו איידך?

ש ו י ר ל י: וואָס מאַכט איר זיך נאַריש, טייערער חבר, ווייסט איר דען ניט, אַז אַחוץ אייער אָפֿיציעלן פֿאַרטיידיקונגס־קאָמיטעט איז פֿאַראַן נאָך איינער — די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטערשאַפֿט. דאָ האַנדלט זיך ניט בלויז אין די עטלעכע קרבנות. דאָ האַנדלט זיך וועגן אויפֿקלערן די מי־ליאָנען נעגער און אַרבעטער פֿון גאָר דער וועלט, אויפֿדעקן די בלוטיקע כוונות פֿון הערשנדיקן קלאַס, אונדז אַלעמען צו דערשטיקן.

מ י ק י: ס'איז אומזין. איר נוצט עס אויס פֿאַר אייער פּאַרטיי־קראָם! (גיט אַ צי קעיטין צו זיך) דרך־ארץ פֿאַר די וואונדן וואָס טריפֿן פֿון אַ מאַמעס האַרץ. שפּילט זיך ניט מיט די לעבנס פֿון די באַשולדיקטע נעגער. איר, איר האָט עס גורם געווען, אַז יוז זאָל זיך אָפּזאָגן פֿון דער פֿאַרטיידי־קונג. אַדוואָקאַט ראַלף יוז איז דאָך גערעכט געווען...

## ב י ל ד ט

(אין רעסטאָראַן אויבן זינגט אַ נעגער־זינגער.)

פֿון קאָנגאָ איז געווען מיין זיידע —
דע דע דע.
פֿון ווירדזשיניא קומט מיין טאַטע —
טע טע טע.
פֿון קאָנגאָ און ווירדזשיניא —
יעס סיר,

און איך
פּוץ שיך
אויף מעדיסאָן סקווער.

מיין זיידע האָט געזונגען פֿרייִע לידער —
דע דע דע.
מיין טאַטע האָט געיאָמערט ביי די קראַטן —
טע טע טע.
געיאָמערט ביי די קראַטן —
יעס סיר,
און איך
פּוץ שיך
אויף מעדיסאָן סקווער.

אין אַלאַבאַמאַ וואוינען מיינע ברידער —
דע דע דע.
זיי ווינען אויס דעם פּיין און זינגען לידער —
טע טע טע.
פֿרייהייטס־לידער —
זינגען
יעס סיר,
און איך
פּוץ שיך
אויף מעדיסאָן סקווער.

(דאָס פּובליקום אַפּלאָדירט און ס׳הערן זיך אויסרופֿן)

— דאָס וויג־ליד!
— דאָס וויג־ליד!

(עס דערשיינעןביידע נעגער, האַלטנדיק די הענט האַלב ווי אין טאַנץ. האַלב ווי מען האַלט אַ קינד.)

ער: צוקאָפּנס ביי דיין וויגל —
איז מילך פֿאַראַן אין קריגל.
טאָ, טרינק די מילך פֿון קריגל
און גיב אַ קוק אין שפּיגל . . .

ביידע: אַ — לאַ לאַ לאַ, אַ —
ער: וואָס זעסטו, מיין קינד, אין שפּיגל?
זי: גאָטס קינדער, זיי האָבן אַלע פֿליגל —
ער: טאַ, פֿאַר וועמען איז שלאָס און ריגל?
זי: פֿאַר אים, וואָס ליגט נאָך אין וויגל . . .
ביידע: אַ — לאַ לאַ לאַ, אַ —
זי: פֿאַר דיר, וואָס דו ליגסט נאָך אין וויגל —
איז שוין סם פֿאַראַן אין קריגל.
פֿאַר דיר, וואָס דו ליגסט נאָך אין וויגל —
וואַרט שוין אַ שלאָס און אַ ריגל . . .
ביידע: אַ — ליו ליו ליו, אַ —

(ביים סוף פֿון זינגען קומט אַריין ראַלף יוז. ער זעצט זיך ביים טישל פֿון פּראָקוראָר.)

קעלנער: (פֿאַרשטעלט זיך דאָס מויל, רעדט אַראָפּ דורכן רערל פֿון וואַנען מען גיט די באַשטעלונגען) העי, באָיעס, איר ווייסט ווער ס׳איז דאָ דאָ אויבן? דער אַדוואָקאַט ראַלף יוז. ער זיצט צוזאַמען מיטן אַטוירני וועב. און די מיידן . . . די . . . ביי איין טישל . . .

## בילד ט

העראָלד: פֿאַררעטער!

שוירלי: (שמייכלט איראָניש) ער איז דאָך גערעכט, דער אַדוואָקאַט יוז. העי, שוטים, וואָס איר זענט, איר גלויבט נאָך אַלץ אין פּשרות. ראַלף יוז, ווי אַלע פֿון זיינס גלייכן, וועלן גיין דאָרט, וואו מען גיט מער געלט. ער איז איינער פֿון דעם קלאַס וואָס משפּט!

(קעיטי גיט זיך פּלוצלינג אַ ריס פֿון אָרט, לויפֿט מיט די טרעפּ אַרויף אין רעסטאָראַן אַריין און גיט אַ פֿאַל צו צום טישל וואו יוז זיצט.)

## בילד ח

קעיט: פֿאַרטיידיקער אונדזערער, וואָס וועט זיין מיט מיין קינד? מיט מיין אומשולדיק קינד! ווייסער דו, פֿאַררעטער. איך גיס אויס אויף דיר מיין אויסגערונענע גאַל! איך שפּיי דיר אין פּנים אַריין! פֿאַר אונדזערע טעכטערס שאַנד, פֿאַר אונדזערע זינס קעפּ! דער צאָרן פֿון אומרעכט זאָל

ברענען אויף דיין וועג. אָפּגעזאָגט זיך אומשולדיקע קינדער צו פֿאַר־טיידיקן . . .

(אַ טומל, אַ געפּילדער, מען כאַפּט קעיטין, מען שלאָגט זי און מען וואַרפֿט זי אַראָפּ פֿון אַלע טרעפּ.)

**פֿ אָ ר ה אַ נ ג.**

# ד ר י ט ע ר  אַ ק ט

## ב י ל ד  א

(בינע: תּפֿיסה־קאָרידאָר. הינטער־גרונט פֿאָרנט: קראַטן איבער דער גאַנצער וואַנט־לענג. אַ גרויסע צעל. גרין געדעמפּט ליכט. מען זעט דזשאָרדזש, אוירווינג, פּיטער, נאָרמאַן, דזשאַן, ביל און טאָמי.)

**ד ז ש אָ ר ד ז ש:** (זינגט. אַלע ברומען אונטער.)
אָ, וועלכער טייך שוימט ברעג אַריבער?

**אַ ל ע:** אָ, מיסיסיפּי.

**ד ז ש אָ ר ד ז ש:** און שווענקט אַראָפּ די בלעכן־שטיבער.
אָ, מיסיסיפּי.
אָ, וועלכער טייך טראָגט אָן אַ שטורם?
אָ, מיסיסיפּי.
און גראָבט אין זאַמדן טיפֿע קברים.
אָ, מיסיסיפּי.
פֿאַר וועמענס וועגן?
פֿאַר די נעגער.
ביי די ברעגן,
פֿון מיסיסיפּי.

וואָס שלאָגן זיי אין זומפּן קלעצער?
אָ, מיסיסיפּי,
די ביינער זאָל זיך ניט פֿאַרנעצן.
אָ, מיסיסיפּי,
עס זאָל די פֿעלדער ניט פֿאַרשאָטן.

אָ, מיסיסיפּי,
פֿון שוואַרצן שוויס וואַקסט ווייסע וואַטע.
ביים מיסיסיפּי.

(דאָס געזאַנג ווערט פֿאַרקלונגען פֿון שליסלען און דערפֿאַר איבערגע־ריסן. שליסלער גייט דורך, נאָך אים — שאָטנס פֿון ציוויל־מענטשן.)

ביל: אַ געגיי, ווי אויף אַ חתונה . . .

נאָרמאַן: נו, וויזיטן־טאָג . . .

דזשאָרדזש: וואָלטן כאָטש די מיידן אַמאָל געקומען.

דזשאַן: שוין ווידער? דו ווילדער, דו!

דזשאָרדזש: צוליב וואָס מיינסטו? אַ שפּיי צו טון אויף זיי! אַזוי זיך, כאָטש אַ קליין שפּיעלע. אַ שטיק שווערקייט וואָלט אַראָפּ פֿון האַרץ. (ער גיט אַ שפּיי דורך די קראַטן. קומט אָן שליסלער, נאָך אים ען פֿאַר־שלייערט.)

שליסלער: אַ חזיר־שטאַל איז אייך דאָ?

דזשאָרדזש: וואָס דען, בעסער?

שליסלער: אָט זענען זיי, די ניגגערס. צו אייך, קאָלירט פֿאָלק — אַ וויזיט. (צו ען) פֿינף מינוט. (אָפּ).

ביל: אַנטשולדיקט, ליידי, איר האָט געוויס אַ טעות.

ען: (גיט אַ וואָרף אַראָפּ פֿון זיך דעם שלייער. שטוינונג.)
באָיעס . . .

אוירווינג: זי? .

דזשאָרדזש: אַנטשולדיקט וואָס מיר האָבן זיך אַנטשולדיקט.

ען: באָיעס, איך בין געקומען מיט אייך ריידן. איך בעט אייך, הערט מיך אויס. (אַלע דרייען זיך אויס מיט דער פּלייצע.)

דזשאַן: שוין געקומען נאָך די ביינער פֿון געבראָטענע נעגער? מיר זיינען נאָך נישט טויט!

דזשאָרדזש: (גיט זיך דער ערשטער אַ דריי אויס) אַוועק פֿון דאַנען.

ען: (געבראָכן) קאָן זיין אַז איך בין עס ווערט. נאָר כ׳בעט אייך, הערט מיך אויס. איך וויל זיין אַן עדות, אַז ס׳איז ניט אמת. (אַלע דרייען זיך צוריק אויס מיט אַמאָל.)

דזשאַן: וואָס פּלוצלינג? דאָס געוויסן אפֿשר?

ען: כ׳ווייס ניט. נאָר זאָגט אייער אַדוואָקאַט ער זאָל שיקן נאָך מיר.

**ניין, כ׳וועל אליין קומען. כ׳וועל אַפּלייקענען. איך בין דען ניט קיין מענטש, קיין אַרבעטאַרערין?**

אוירוויינג: **און מסתמא ווי פּופּצן מיליאָן — אַרבעטסלאָז.**

דזשאַן: (שניידנדיק) **באַיעס, לייגט זיך צונויף אייערע מאָלצייטן פֿאַר אַן אַרבעטלאָזער פּראָסטיטוטקע.**

ען: **אַז לאָזט מיך אויסריידן.**

דזשאָרדזש: (אויפֿגערעגט) **שליסלער!**

שליסלער: (קומט אַן) **וואָס איז אייך דאָ? ניגגערס!**

דזשאָרדזש: **אַז איר נעמט זי ניט אַוועק פֿון דאַנען, ברעכן מיר די קראַטן אויס.**

שליסלער: (מיטן רעוואָלווער אין דער האַנט) **פּרוואווט נאָר.** (צו ען) **מיר טוט לייד, יונגע ליידי, נאָכאַמאָל דאַרף אָ ווייסע פֿרוי ניט קומען צו שוואַרצע ניגגערס. און די צייט איז שוין סיי־ווי אַריבער.** (פֿירט זי אַוועק).

דזשאָרדזש: (שרייט נאָך) **פֿאַר פֿינף דאָלאַר, העי, פֿאַר פֿינף דאָלאַר!** (פּויזע).

נאָרמאַן: **נישט געדאַרפֿט זי אַזוי באַהאַנדלען. אַז וויבאַלד זי וויל אַפּלייקענען. אפֿשר...**

דזשאַן: **אַ פּראָוואָקאַציע! אַ ניי שפּיצל.**

אוירוויינג: **און אַז זי זאָל דערציילן דעם אמת, וועט מען דען גלויבן? און אַז מ׳זאָל אַפֿילו פֿריילאָזן, וועט מען דען ניט לינטשן? בעסער שוין דאָ זיצן, איידער צעריסן ווערן פֿון די ווייסע. איך האָב אַמאָל געזען ווי מען האָט געכאַפּט אַ נעגער דערפֿאַר וואָס ער האָט געגנבעט אַ הון. איר הערט, אַ הון. אפֿשר האָט ברויט געפֿעלט. אפֿשר איז אַ קינד קראַנק געווען. ס׳קאָן ניט טרעפֿן? איז וויפֿיל ווערט אַ הון? לאָמיר זאָגן אַ דאָלאַר. האָט מען אים צוגעבונדן צום ווידל פֿון אַ פֿערד, אַ ווילדן מעקסיקאַנער פֿערד, און אַזוי האָט ער זיך נאָכגעשלעפּט אין פֿעלד אַריין. און געשלאָגן האָט מען... אַן אָפּגעשונדענער אָקס איז ער שוין געווען, ווען מען האָט אים צוגעבונדן צו אַ בוים און ווייסע ווייבער האָבן אויף אים געגאָסן מיט נאַפֿט. און ווען די פֿלאַמען האָבן שוין איבער אים געקנאַקט, האָבן די קו־קלוקס־קלען געהאַלטן ברענענדיקע צלמים און געזונגען אַרום אים דאָס שוואַרצע תליה־ליד. איר האָט עס אַמאָל געהערט, דאָס שוואַרצע ליד?**

(פֿון היטנער די קוליסן, רעטשיטאַטיוו אין כאָר, דראָענדיק).

**ניגגער, ניגגער, שוואַרצע הויט,**
**אויף דער תליה וואוינט דיין טויט!**
**נאָז צעפּלאַטשטע, ליפּן גראָבע,**
**אויף דיין קערפּער וואַרטן ראָבען.**
**פּויסטן בראָנז און מוסקלען קופּער,**
**וועט מען דיך אין פּייער שטופּן!**
**אַפּלען ברוינע, וויסלען שאַרפּע,**
**ניגגער, ניגגער, שוואַרצע הויט,**
**אויף דער תליה וואוינט דיין טויט!**

(די נעגער צוזיפּגעדרענגט אין גרויס פּחד.)
(שליסלער קומט אַן, פּירט קעיטי און שוירלי.)

ש ל י ס ל ע ר : **עס וועט גאָר היינט קיין סוף ניט נעמען, צו די ווי־זיטן. אָט זיינען זיי.** (אָפּ).

ט אָ מ י : (דערזעט דער ערשטער) **מאַ!**

ק ע י ט י : (גיט אַ פֿאַל צו די קראַטן) **קליין יינגל, מיינס!** (דורך די קראַטן רירט זי אים אָן און גלעט אים).

ד ז ש אָ ר ד ז ש : (קראַצט זיך אין קאָפּ פֿאַר קנאה) **. . . אַז מען האָט כאָטש אַ מאַמע, וואָס קומט אַמאָל, איז גוט. אָבער אַז מען איז אַ הונט אַן עלנדער . . .**

ק ע י ט י : (גערירט) **איך בין אַלעמענס מאַמע, קינדער, אייער אַלע־מענס מאַמע בין איך. איך פֿאַר איצט אַוועק אין דער וועלט אַריין, זיך מיען פֿאַר אייך, קינדער מיינע.**

ט אָ מ י : **איך וויל ניט דו זאָלסט אַוועקפֿאָרן, מאַ.**

ק ע י ט י : (מיט ליבשאַפֿט) **נאַריש יינגל, מיינס, מען מוז פֿאָרן.** (ווייזט אויף שוירלי) **די לידי הייסט, שיקט!**

ש ו י ר ל י : **איך בין ניט קיין דאַמע, מוטער באָסטער, — אַ פֿרוי, ווי איר.**

ד ז ש אָ ר ד ז ש : **אַ ווייסע . . .**

ק ע י ט י : שווייג, מיין זון, **אַן אַרבעטאָרעריך, ווי אונדזער איינס. ווען ניט זי, וואָלט נאָך קיין אַדוואָקאַט ניט געווען. זי האָט באַזאָרגט.**

ש ו י ר ל י : **ניט איך, די אינטערנאַציאָנאַלע אַרבעטערשאַפֿט, אַזעלכע ווי איר, קעמפֿן אויס אייער באַפֿרייאונג!**

ק ע י ט י : (מיט ביידע הענט אין די קראַטן, נעמט אַלעמען אַרום ווי אונטער מאַמע־פֿליגל) **איך גיי, איך גיי. זייט געזונט, עלנדע קינדער מיינע.**

איך גיי איצט אין דער וועלט אַריין זוכן הילף פֿאַר אייך. כ'וועל אויפֿהויבן מיין שוואַך קול און דערציילן וועגן אונדז, נעגער־פֿאָלק, ווי מיר זיינען פֿאַרעקלט און באַשפּיגן. אַז אונדזערע היימען שטייען אין פֿאַרוויסטונג און אונדזערע קינדער וואַלגערן זיך אין די בלאָטעס; אַז מיר זיצן ביי אויסגעמיטענע טישן און מיר פֿאָרן אין אָפּגעגרענעצטע וואַגאָנען, ווי די קרעציקע; אַז מיר שטייען אונטער באַריערעס, ווי הינט אין די שטייגן. (וויינט) אַז אונדזערע טעכטער ווערן געשענדט און אונדזערע זין גייען צו די תּליות... (וויינט הויך און ביטער.)

**שליסלער:** (רייסט זי אָפּ מיט גוואַלד) **צייט, זאָגט מען אייך!** (פֿירט זי אָפּ).

**דזשאָרדזש:** (מיט די פֿויסטן אין די קראַטן, ברילט אויס ווי אַ לייב) **הער אויס, ווי עס רעדט צו דיר אַ מאַמע!**

## בילד ב

(דערזעלבער סקווער ווי אין צווייטן אַקט. עס שפּאַצירן ען און גרעיס)

**גרעיס:** ... ביסט משוגע געוואָרן, ען טייערע, אָדער האָט זיך דיר עפּעס געחלומט? דו גייסט אָפּלייקענען? לאָזסט דורך אַזאַ געלעגנהייט? האָסט דען אַמאָל אין זינען געהאַט צו קריגן אַזויפֿיל געלט? און פֿאַרוואָס? פֿאַר שווייגן. בלויז פֿאַר שווייגן. אַזאַ שווערע אַרבעט איז דיר שווייגן?

**ען:** (ווי אין גערווין) איך בין ניט משוגע. נאָר אַז מען וועט זיי זעצן אויפֿן עלעקטריק־שטול, וועל איך עס ניט אויסהאַלטן.

**גרעיס:** (עסט פֿון אַ שאַכטל שאָקאָלאַד) עלעקטריק־שטול. זיי זיינען דאָך ניגגערס, זיי האָבן זיך ניט געטשעפּעט?

**ען:** (וויינענדיק) ניין.

**גרעיס:** (לייגט אַריין אַ שטיקל שאָקאָלאַד צו ען אין מויל) ניין? און דער זעלנער?..

**ען:** (נאָגט דעם שאָקאָלאַד און וויינט) אויך ניט. מיר האָבן זיך געריצט.

**גרעיס:** טו, ווי דו פֿאַרשטייסט, נאָר אַז דו וועסט חרטה האָבן, זאָלסטו צו מיר קיין טענות ניט האָבן. איך וואָרן דיך. מען דאַרף קלערן וועגן אַ תּכלית. ניט שטענדיק טרעפֿט אַזאַ זאַך. פֿאַר מיר איז בעסער. וועט דאָס גאַנצע געלט אַריינפֿאַלן צו מיר.

**ען:** (עסנדיק און וויינענדיק) איך דאַרף ניט... זיי וועלן שטאַרבן... גענוג אַז דער גוף איז אַזאַ, דאַרף מען נאָך די נשמה אויך פֿאַרתּכלעווען...

**גרעיס:** הם, נשמה, ווען דו גיסט אַפֿילו אַוועק פֿינף הונדערט דאָ־

**לאַר אויף צדקה, בלייבט נאָך אויך אַ שיינע סומע. איך רעד דיך ניט אָפּ. נאָר אַז דו גייסט אָפּלייקענען, וועל איך דיר אין געריכט שפּילן אין די אויגן. כ׳וועל זאָגן אַז די באַנדע ראַדיקאַלן האָבן דיך איבערגעקויפט.**

(גרעים גייט אַוועק. ען גייט צו צום הויז און וויל אַרויפלייגן דעם פינגער אויף אַן עלעקטרישן קנאָפּ פון אַ טיר, וואַקסן, פלוצלינג, אויס צווייי גענגסטערס.)

ג ע נ ג ס ט ע ר: **העלאָ, מיידל.** (זיי שטעלן זיך אַזוי אַוועק, אַז ען קאָן ניט אַנטלויפן).

ע ן: (דערשראָקן) **אָ!**

ג ע נ ג ס ט ע ר: **קאָם אַן, מיידל.** (נעמט זי אונטערן אָרעם).

ע ן: **וואוהין?**

ג ע נ ג ס ט ע ר: **פאַר אַ ראַיד! (אויף אַ שפּאַציר אין אַן אויטאָמאָביל).**

(מען שלעפּט זי אַוועק. ס׳הערט זיך בלויז אַ פאַרשטיקט אויסגעשריי).

## ב י ל ד ג

(אין אַ ווינקל ווערט רעפלעקטירט דער קאָפּ פון אַ רעפּאָרטער איבער אַ טעלעפאָן.)

ר ע פּ אָ ר ט ע ר: **העלאָ, רעדאַקציע „וועלט״! געריכט־רעפּאָרטער רעדט. העלאָ, דער קרייץ־פאַרהער פון די עדות איז פאַרענדיקט. עס רעדט שוין דער פּראָקוראָר. — — —**

## ב י ל ד ד

(פינצטער. אַ רגע אויפלויכט פון דער פרייהייט סטאַטוע, דעם פּראָקוראָרס פּנים ווערט רעפלעקטירט.)

ו ו ע ב: **. . . אָבער, מיינע געשוואוירענע, דאָ גייט נאָך אין אַ שטאַר־קערן אָנגריף. ניט בלויז אויף די געזעצן וואָס אונדזערע פאָטערס האָבן פאַרפאַסט, נאָר אין אַן אָנגריף אויף די יסודות פון אונדזער מאָראַל! אַן איבערפאַל אויף דער הייליקייט פון אונדזער פאַמיליען־לעבן. איר, מיינע געשוואוירענע, האָט פרויען, טעכטער, דער עיקר טעכטער — צוקינפטיקע מאַמעס פון אַמעריקאַנער קינדער. ווי אַזוי וועט איר האַלטן פריי די אויגן אייערע צו זיי, אויב איר וועט ניט פאַרטיידיקן זייער כבוד, און נאָכגעבן — פריילאָזן די אָנגעקלאָגטע?**

ה מ ו ן: **בראַוואָ, וועב, אַ טויט די ניגגערס!**

ו ו ע ב: **. . . איז מיר טאַקע ניט קיין וואונדער אויף דעם אויפגע־**

ברויזטן צאַרן, וואָס דאָס פֿאָלק ווייזט אַרויס בעמענדיק אָפּט די גערעכטי־קייט אין זייערע אייגענע הענט! דאָס פֿאָלק טוט דאָסזעלבע וואָס שמעון און לוי, אונדזערע הייליקע פּאָטערס, האָבן געטאָן אין שכם: אויסגעשאָכטן אַלע אויסוואורפֿן, נקמה גענומען פֿאַר דער שענדונג פֿון זייער שוועסטער דינה!

פֿון המון: בראַוואָ, שמעון! בראַוואָ לוי!

וועב: . . . און אויב די לינטש־געשיכטע איז אַזוי פֿאַרהייליקט אין דער ביבל, איז דאָך אַ סימן, אַז אַזאַ פֿאַרברעכן איז האַרב, מוזט איר, אַלזאָ, אין נאָמען פֿון דער אַמעריקאַנער פֿרוי — פֿעסטשטעלן: שולדיק!

## ביל ד ג

רעפּאָרטער: (ביים טעלעפֿאָן) העלאָ, „וועלט", מאָנטגאָמערי ביים טעלעפֿאָן. רעפּאָרט פֿון געריכט. איצט רעדט דער אַדוואָקאַט מאָריס בראון פֿון ניו־יאָרק.

(בראונס קאָפּ ווערט רעפֿלעקטירט.)

בראון: . . . דעם פּראָקוראָרס הויפּט־פֿונדאַמענט, אויף וואָס ער בויט זיין באַשולדיקונג, איז די דערקלערונג פֿון די, כלומרשט, געליטענע, ווייסע מיידלעך. דאַרף מען אַלזאָ קודם כל געדענקען, אַז אויפֿן פּראָצעס איז מיס ען ניטאָ. זי איז צוליב אומבאַקאַנטע, אָבער דאָך זייער פֿאַרשטענד־לעכע טעמים, ערגעץ־וואו פֿאַרשוואונדן. ווייל זי איז גרייט געווען אויפֿצו־טרעטן אַלס עדות פֿאַר דער פֿאַרטיידיקונג. אַזוי אַרום וואָלט דאָך דער גאַנצער זייל, אויף וואָס די באַשולדיקונג שטיצט זיך, אומגעפֿאַלן. אָבער פֿאַר דעם פּראָקוראָר איז דאָס קיין מאָטיוו ניט, און ער טרעט דאָ אַרויס אַלס ריטער פֿון דער פֿאַרגוואַלדיקטער פּראָסטיטוציע.

(אַ טומל.)

אַ קול: דאָ ווערט ניט באַהאַנדלט קיין פּראָסטיטוציע־פּראָבלעם!

בראון: עס האָט אָבער אַ שייכות! ווייל די פּראָסטיטוציע, אין גע־שטאַלט פֿון אַ ווייסער פֿרוי, טרעט דאָ אַרויס אַלס מאַרטירערין, און אין איר נאָמען פֿאָדערט דער פּראָקוראָר דאָס לעבן פֿון זיבן נעגער!

אַ קול: ניט לאָזן רעדן! מען ווייסט זיי נאָך פֿריי לאָזן, די טייוולאָנים! איז צו וואָס האָבן מיר שטריק?

בראון: דער פּראָקוראָר זאָגט: דאָ משפּט מען ניט קיין נעגער, נאָר פֿאַרברעכער. און דאָך איז יעדעס וואָרט פֿון דער באַשולדיקונג אַ פֿייל, געצילט אין האַרץ פֿון אַ גאַנצער ראַסע. אַ טונקל־הויטיק פֿאָלק, די נעגער, אַמעריקאַנער פֿון דורות!

אַ קול: פֿון די דזשאָנגלס!...

בראון: יאָ, פֿרייע מענטשן פֿון אַפֿריקע, און נישט קיין פֿאַרשיקטע פֿון די בריטישע תּפֿיסות.

אַ קול: אַ שאַנד אַזאַ פֿאַרטיידיקער!

בראון: האָט נישט איבערהעם לינקאָלן, דער גרויסער פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן, געקעמפֿט, מיט שווערד אין האַנט, פֿאַר דער באַפֿרייאונג פֿון שוואַרצע שקלאַפֿן? .. די דאָזיקע שקלאַפֿן האָבן מיט שווייס און בלוט געהאָלפֿן פֿאַרוואַנדלען אונדזער לאַנד אין אַזאַ גיגאַנטישער מדינה.

אַ קול: גיט זיי אַ מעדאַל! (עס הערט זיך געלעכטער).

נאָך אַ קול: מען וועט זיי באַפֿרייען.

נאָך אַ קול: איך האָב אַ ביקס!

בראון: און אויב דער באַשולדיקונג גייט אין דער אַנגעגריפֿענער מאָראַל, אין דעם ראַסן־געמיש צווישן ווייס און שוואַרץ, פֿאַרוואָס דאָס געזעץ איז באַזונדערס שטרענג און פֿאָדערט טויט־שטראָף; טאָ פֿאַרוואָס שטעלט מען ניט צום משפּט יענע ווייסע הערן, איבערגעזעטיקטע פֿון אַלערליי תּאוות, זוכן זיי נייע עמאָציעס אין די דרום־שטאַטן. קוקט זיך אַמאָל צו צו די היימלאָזע הפֿקר־קינדער אין די נעגער־געטאָס, צו דעם בלוט־געראַנגל אונטער זייער הויט, און איר וועט גלייך פֿאַרשטיין פֿון וואָס פֿאַר אַ קאָליר זייערע אומבאַקאַנטע פֿאָטערס זיינען . . .

אַ קול: אַ באַליידיקונג, אַ שאַנד אַזאַ פֿאַרטיידיקער!

בראון: און גיט נאָר אַ קוק וועמען מען האָט עס אַוועקגעזעצט אויף דער באַשולדיקונגס־באַנק: טאָמי באָסטער, אַ 14־יאָריקן בואָף, און ביל פּיטערבאָראָ, אַן איינגעטרוקנטן זקן. עס איז לייכט צו פּאָכען מיט תּליה־שטריק איבער נעגער. דער המון איז אונטערגעהעצט און דער הער פּראָקוראָר קומט נאָך מיט אַ ביבלישן משל, וועגן דער אויסשלאַכטונג פֿון דער גאַנצער שטאָט שכם. דער משל דאַרף עס דינען פֿאַר דער באַרעכטיקונג צו די לינטש־טראַגעדיעס אין די דרום־שטאַטן, וואָס ציען זיך ווי בלוטיקע שנורן דורך דער געשיכטע פֿון אונדזער לאַנד און שטעלן אונדז אַוועק אויף דער זעלבער מדרגה ווי די בירגער פֿון סדום...

(אַ טומל. מען לאָזט אים ווייטער ניט רעדן.)

## בילד ג

רעפּאָרטער: (ביים טעלעפֿאָן) העלאָ, העלאָ, רעדאַקציע „וועלט"! געריכט־רעפּאָרטער ביים טעלעפֿאָן. באַריכט: דער המון שטורמט איינעם

פֿון די פֿאַרטיידיקער. איצט רעדט אין הסכם מיט אַלע אָנגעקלאָגטע איינער פֿון זיי, דזשאַן מעקומעי, דאָס לעצטע וואָרט. — — —

(דזשאָנס פּנים ווערט רעפֿלעקטירט.)

דזשאַן: ... איך ווייס ניט, חברים מיינע פֿון דער באַשולדיקונגס־באַנק, צי איר וועט האָבן אַ טובה פֿון מיין רעדן. אפֿשר וואָלט שווייגן בעסער געווען. נאָר איך פֿאַרטיידיק ניט זיך און ניט אייך. פֿאַרטיידיקן קאָן מען נאָר, ווען יענער גלויבט אין דעם, וואָס ער באַשולדיקט. אָבער אַז עס איז אַ בלבול, איז שוין דער משפּט פֿאַראויס פֿאַרגעקומען. ניט פֿאַר געשוואוירענע, נאָר ערגעץ אַנדערש: אין די ביוראָס פֿון די טעקסטיל־פֿאַבריקאַנטן, אין די אָפֿיסעס פֿון די קוילן־באַראָנען, אין די סאַלאָנען פֿון די פּלאַנטאַציע־מאַגנאַטן, אין די שאַך־קאַמערן פֿון די באַנקירן. און נישט נאָר מיר זיינען פֿאַרמשפּט, נאָר מיליאָנען נעגער. ווער צום באַלדיקן טויט און ווער צו לאַנגזאַמען הונגער־פּיין. עס וואָלט זיך געוואָלט אַרויפֿלייגן אויף דער וואָגשאָל אונדזערע עוולות און זייערע מעשים, נאָר כ׳האָב ניט די פֿייאיקייט דערצו. פֿאַרפֿאַלן. איין זאַך אָבער פֿאַרשטיי איך, פֿאַרוואָס מען בראָט אונדז מאַסן־ווייז; ווייל מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז אויף יענער זייט באַריער, דאָרט, וואו מיר שוואַרצע טאָרן ניט אַריבערטרעטן, געפֿינען זיך ניט נאָר ווייסע באָסעס—אונדזערע שונאים, נאָר אויך ווייסע אַרבעטער — אונדזערע פֿריינט. דערפֿאַר איז דער האַס טאָפּלט צו אונדז. דערפֿאַר ברענט דער צאָרן אויף אונדזערע קעפּ. אפֿשר וועט אייך געלונגען אויפֿצוהאַלטן נאָך אויף לאַנגע דורות די וואַנט צווישן ווייסע און שוואַרצע, אָבער נישט צווישן אַרבעטער און אַרבעטער. דעריבער זאָג איך, און נישט צו אייך, נאָר צו זיי, צו די אַרבעטער אויף יענער זייט באַריער: אַזוי לאַנג איר וועט ניט ברעכן דעם אָפּצוים צווישן אונדז און אייך, צווישן ווייסע אַרבעטער און שוואַרצע, אַזוי לאַנג וועט מען ברענען אייערע באָסטאָנער און לינטשן אונדזערע — סקאָטסבאָראָער.

קולות: אַ טויט די ניגגערס! (טומל).

## בילד ו

(אין די זייטיקע לאָקאַלן פֿונם געריכט־הויז.
סמיטה, הערמאַלד, קעיטי, שוירלי, מיקי.)

מיקי: ווי קאָן מען דערוואַרטן גערעכטיקייט אין אַזאַ אַטמאָספֿער.

הערמאַלד: דער אַדוואָקאַט האָט שוין צוגעגרייט אַן אַפּעלאַציע, ווי עס זאָל זיך ניט מאַכן ...

קעיטי: (מיט ציטער) און טאָמער, גאָט באַהיט, טאָמער וועט מען ברענען?

מיקי: אַלץ איינס וועט מען ברענען.

שוירלי: דו אורטיילסט, מיקי, לויט שטימונגען. דו דאַרפֿסט האָבן צוטרוי צו אונדזער מיסיע.

מיקי: איך האַס מיסיאָנערן!

שוירלי: מיר, מיסיאָנערן?

מיקי: ניט קיין חילוק אין וועמענס נאָמען, פֿון גאָט צי פֿון אידעאַל. מיר, וואָס מיר זיינען און ווי אַזוי מיר זיינען, דער מענטש נעגער גייט אייך ניט אָן. איר האַסט אונדז ניט און איר פֿאַרליידט אונדז ניט. דאָס ערשטע פֿון יעדער דערגרייכונג נעמט איר פֿאַר זיך, כאָטש פֿון אונדז פֿאָדערט איר גלייכע קרבנות. איך געטרוי אייך ניט! איך זע ווי אייערע בליקן קערן זיך אָפּ פֿון אונדז מיט עקל פֿאַר אונדזער אויסזען. די באָסעס ווילן אונדז פֿאַר סטרייק־ברעכער מאַכן און איר האָט מורא מיר זאָלן סטרייק־ברעכער זיין, וואַרפֿן יענע אויף אונדז טויט . . . און . . .

שוירלי: (פֿאַלט אַריין אין די רייד) און מיר קאַמף!

### בילד ג

רעפּאָרטער: (ביים טעלעפֿאָן) העלאָ, „וועלט"? געריכט־רעפּאָר־טער רעדט. אַלע נעגער פֿאַרמשפּט צום טויט.

### בילד ז

(דאָס זעלבע צימער ווי אין בילד ו. די זעלבע פּערזאָנען. אַלע דערשלאָגן. קעיטי, געפֿירט פֿון בראַון און מיקי, אין טיר.)

קעיטי: (פּלאַצט אַרויס מיט אַ גרויס געוויין) . . . און ס'האָט ניט געהאָלפֿן. איך בין געפֿאָרן איבער שטעט און לענדער, מיין פֿיין צעזייט אויף זייערע פֿעלדער און די זיפֿצן צעשאָטן איבער די גאַסן פֿון דער וועלט. די וועלט האָט מיך געהערט און פֿאַרשטאַנען; גוטע אויגן האָבן אויף מיין צעוויינטיקט פּנים געקוקט און אָפֿענע אָרעמס האָבן זיך פֿריינטלעך גע־שטרעקט, צו מיר — אַ נעגער־פֿרוי; צו זייערע טישן האָבן זיי מיך פֿאַר־בעטן און אויף זייערע געלעגערס בין איך געשלאָפֿן. אויף פּראָסט לשון האָב איך זיי דערציילט, אַלץ וועגן אונדזער אומגליק. און די וועלט איז געשטאַנען מיט געבייַלטע פֿויסטן און מיט געצונדענעם צאָרן. וואו זיינען די פֿויסטן און וואו ברענט דער צאָרן? וואו זיינען אַהינגעקומען אַלע צו־זאָגן? און פֿאַרוואָס, פֿאַרוואָס האָבן זיך די ריכטער ניט געשראָקן?!

## ב י ל ד ח

(אויף אַן עק־גאַס אַ דעמאָנסטראַציע פֿון ווייסע, דאָ און דאָרט אויך עטלעכע נעגער. צווישן זיי אַלע די וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער האַנדלונג. קעיט, כליפּנדיק, געפֿירט פֿון מערי און מיקי.)

ש ו י ר ל י : (אויף אַ פּיעדעסטאַל) אין סאַן פֿראַנציסקאָ גייען אַרויס אין סטרייק די פּאָרט־אַרבעטער. פֿון נאָרד דאַקאָטאַ פֿאָרמירט זיך אַ מאַרש אויף וואַשינגטאָן. די שניידער פֿון ניו־יאָרק וואַרפֿן די אַרבעט. פּענסילווייניא מינען־גרעבער סאָלידאַריזירן זיך. די באַנען מוזן זיך נאָך שטעלן, די שטאָל־גיסערייען געלאָשן ווערן און דאַן — — —

## ב י ל ד ט

(פּאָליציי־אישער טורמע־וואָגן, טונקל, נידריק, קראַטן־פֿענצטער־לעך. באַוואַכט זיצן די פֿאַרמשפּטע.)

ט אָ ם : (אין געוויין) . . . איך וויל ניט שטאַרבן!

ד ז ש אָ ר ד ז ש : (מוטיק) און איך — יאָ, אינאײנעם מיט אײַך, צו־זאַמען! אַ קללה אויף זיי! מיך וועט מען אויסטיילן, לעבנסלענגלעכע תּפֿיסה, לעבנלאַנג — טויט.

פּ י ט ע ר : (פֿאַרביטערט) דיין מעדאַל, דזשאָרדזש, וועט דיר אַרויס־העלפֿן. די פֿינף סאָנדינגשעקלעך, וואָס דו האָסט שלאָפֿן געלייגט, וועלן דיר צום זכות קומען . . .

א ו י ר ו ו י נ ג : און דו ביסט ניט שעדלעך פֿאַר זיי, דזשאָרדזש. פֿאַר דיר וועט זיך דער גובערנאַטאָר אָננעמען, דיך אויסטיילן פֿון אונדז און נאָך אַ האַלב יאָר זיצן, וועט מען דיך פֿריי לאָזן. וועסט אָפּשלאָגן סטרייקער און אפֿשר — אויך זיין אַ פּראָוואָקאַטאָר.

ד ז ש אָ ר ד ז ש : (קאָן זיך קיין אָרט ניט געפֿינען, רייסט זיך ווי אַ הונט אויף דער קייט) . . . איך?!

ד ז ש אַ ן : (שלאָגט זיי אָפּ) ס׳וועט בעסער זיין אַזוי, דזשאָרדזש, אַז דו וועסט בלייבן לעבן. אויב דו וועסט נאָר פֿאַרשטיין דיין אויפֿגאַבע, וועסטו זיין דער אייביקער מאָנער פֿאַר אונדז, פֿאַר אונדזערע פֿאַרלאָשענע לעבנס.

פּ י ט ע ר : טרייסט אים, טרייסט. די ריכטער האָבן געוואוסט צו וואָס זיי רעקאָמענדירן רחמנות אויף אים, צום גובערנאַטאָר.

ב י ל : דאָס רעדט קנאה פֿון אײַך. איידער אַזאַ לעבן, ביסטו גערעכט, דזשאָרדזש, שטאַרב מיט אונדז. ביסט בראַוו געווען, אַ פֿרעמדער צווישן

אונדז און אַ רויער, נאָר אַ חבר אין נויט. פֿאַרשעם אונדז נישט, — אויב שטאַרבן, וועלן מיר אַלע גלייך!

נאָרמאַן: (מיט האָפֿנונג) מיר וועלן קיינס ניט שטאַרבן. די אַדוואָקאַטן אַרבעטן ווייטער; אַן אַפּעלאַציע גייט נאָך; נייע ריכטער, דער פּראָצעס אין אַן אַנדערן שטאַט. יענע מויד, די עז, וועט זיך אָפּזוכן און אַרויסטרעטן אַלס עדות, אַז דאָס אַלץ איז אַ ליגן.

ביל: האָף, האָף, נאָרמאַן. טאָמי וועט דיר גלויבן, פּיטער אויך, אפֿשר אויך אוירוויננ. איך האָב זיך שוין מיאש געווען. האָט איר געזען דעם שפּיל? אַ פּראָצעס, האַ? דעם אַדוואָקאַט אַפּילו נישט געלאָזט ריידן. און ווילאַנג האָבן זיך דאָס די ריכטער מישב געווען דעם אורטייל אַרויסצוטראָגן? צוויי און אַ האַלבע שעה. זיבן לעבנס אויף צוויי מיט אַ האַלבער שעה. ווער קאָן אויסרעכענען וויפֿיל מינוט מען האָט יעדעס לעבן געוואויגן? . .

נאָרמאַן: אָבער אַן אַפּעלאַציע . . . מיט נייע ריכטער. ניין, מיר וועלן ניט שטאַרבן, מיר׳ן נאָך זיין פֿריי! אַרבעטן. ווער אין פּולמאַן און ווער ביי וואַשן טעלער. מיר׳ן פֿאָרן קיין שיקאַגאָ, ניו־יאָרק. מיר וועלן נאָך לעבן, לעבן! . . .

(ער צעווײנט זיך פֿון דער אייגענער האָפֿנונג. דערווייל פֿאַרשטאַרקט זיך דער גערויש פֿון דרויסן. אַ טומל, אויסגעשרייען לטובת די געפֿאַנגענע, געזאַנג פֿון אַ מעכטיקער מאַסע. אַלע קלאַמערן זיך אָן די קראַטן, קוקן אַרויס.)

פּיטער: אַ דעמאָנסטראַציע. זעט, זיי דערנענטערן זיך צו אונדז, אָ, פּאָליציי טרייבט זיי אָפּ.

אוירוויננ: (כאַפּט אָן דזשאַנען ביי דער געקייטלטער האַנט) דזשאַן, דו גלויבסט, אַז . . . זיי וועלן זיך דערשרעקן?

פּיטער: דזשאַן, שווייגסט? האָסט תמיד געגלויבט אין זיי, געמוטיקט אונדז מיט הבטחות, שוויינ נישט איצטער. איז נאָרמאַן גערעכט? מיר וועלן . . .

דזשאַן: יאָ, איך גלויב, נאָר . . .

פּיטער: יאָ, זיי וועלן זיך דערשרעקן? נאָר וואָס?

דזשאַן: נאָר — נאָך אונדז.

נאָרמאַן: נאָך אונדז? . .

דזשאַן: און אַפּילו נאָך אונדז, איז עס אויך כדאי. מיר וועלן מיט אונדזערע לעבנס הייליקן דעם קאַמף. עס איז שוין אַפּילו באַלד כדאי צו שטאַרבן!

**דזשאָרדזש:** **... כדאי? .. אפשר, אָבער נישט ווי הינט אין הונט־שלעגערס שטייג! אויף דער פֿריי! ווער טוט מיר נאָך?!** (ברעכט די קראַטן).

**שעריף:** (קלאַפּט אַריין דורכן פּראַנט־פֿענצטערל) **וואָס איז אייך דאָרטן, אַ בונט? מען דאַרף זיין שטיל אַז מען וואַרט אויף באַגנאַדיגונג פֿון גאָווערנאָר.**

**דזשאָרדזש:** (צערייצט) **כאַ־כאַ־כאַ, באַגנאַדיגונג. טפֿו!** (גיט אַ שפּיי אין דער ריכטונג פֿון שעריפֿס פֿענצטערל.)

(אין דרויסן שטאַרקט זיך דאָס געזאַנג, ס׳קלינגט אָפּ ווי אַ דונערן. דזשאָרדזש, מיט לייבישער גבורה, רייסט די קראַטן. עס פֿאַלט אַ שאָס פֿון שעריפֿס פֿענצטערל, דזשאָרדזש בלייבט הענגען מיט איין האַנט אויף דער קראַטע. אַנדערע כאַפּן אים אונטער. ער שמייכלט.)

**דזשאָרדזש:** **עס איז כדאי זאָגסטו, האַ?** (לאַכט און לעשט זיך).

**טאָמי:** (קוקט אויף דזשאָרדזשן דערשראָקן) **אָנקל דזשאָן, אַז מען שטאַרבט, ווערט מען ווייס? ...** (לאַנגע פּויזע.)

(דזשאָרדזש לעשט זיך, גייט אויס, מיט אים צוזאַמען גייט אויס דאָס ליכט אויף דער בינע. פֿון דרויסן הערט זיך נאָך אַ לאַנגע ווייל דער אָפּקלאַנג פֿון פּראָטעסט־געזאַנג).

ביים מיסיסיפּי אינם דרום,
דאָרטן בלוטיקן די קברים.
דאָרט וועלן גליען פֿאָנען —
און מאָנען,
און מאָנען!

ביים מיסיסיפּי אינם דרום,
דאָרט שליסן אָרעמס זיך צו אָרעמס.
און פֿון צאָרן אויפֿגעברויזטן —
פֿלאַמען פֿויסטן,
פֿלאַמען פֿויסטן!

**פֿאָרהאַנג — סוף.**

## באַמערקונג פֿון דער רעדאַקציע:

„מיסיסיפּי" איז צום ערשטן מאָל אויפֿגעפֿירט געוואָרן דורכן „יונג־טעאַטער", רעזשי — מ. בראַנדט, אין וואַרשע, אָנהויב 1935. ס'איז גע־שפּילט געוואָרן הונדערטער מאָל, אין וואַרשע, לאָדזש, ווילנע, ביאַליסטאָק און אַנדערע שטעט. אַ גאַנצע ריי יונגע שוישפּילער האָבן זיך אויסגעצייכנט אין דער פּיעסע (זע ווייטער די רעצענזיע פֿון נתן בוקסבוים). די מוזיק צו דער אויפֿפֿירונג האָט געשאַפֿן דער באַוואוסטער מוזיקער הענעך קאָהן (היינט אין אַמעריקע). די פּיעסע איז געשפּילט געוואָרן דורך די יאָרן 1935—36—37.

אין 1937 איז „מיסיסיפּי" אויפֿגעפֿירט געוואָרן פֿונם „איפֿט" — יידיש פֿאָלקס טעאַטער — אין בוענאָס איירעס, אַרגענטינע. צו דער געלעגנהייט האָט דער „איפֿט" אַרויסגעגעבן אַ ספּעציעלע טעאַטער אויסגאַבע. די פֿאָר־שטעלונג איז געגאַנגען מיט גרויס דערפֿאָלג, עטלעכע צענדליק מאָל.

„מיסיסיפּי" איז דערשינען אין העברעאיש אונטערן נאָמען „האזיני תבל" איבערגעזעצט פֿון דר. ישראל רובין — בן יחזקאל. תל אביב, 1934.

„מיסיסיפּי" איז איבערזעצט געוואָרן אין פֿראַנצויזיש פֿון דעם באַ־וואוסטן שריפֿטשטעלער, מאַטיי רוסאָ.

„מיסיסיפּי" איז דער־שינען אין עספּעראַנטאָ, איבערגעזעצט פֿון יונ־גן, יידישן עספּעראַנטאָ שרייבער, יצחק־יוריסטאַ, ביי דער נאָענטסטער מיטאַרבעט פֿון חיים קערבער. איז אַרויסגע־געבן געוואָרן פֿון דער עספּעראַנטאָ גרופּע אין פּאַריז 1939. זאָל דאָ אויך דערמאָנט ווערן, אַז יצחק יוריסטאַ האָט אי־בערגעזעצט אַ סך פֿון אונדזער קלאַסישער און מאָדערנער יידישער לי־טעראַטור. (זע ווייטער פֿאַטאָ־מאָנטאַזש פֿון זיינע אַרבעטן). ער איז, דורך נאַציסטישע הענט, דעפּאָרטירט געוואָרן פֿון פּאַריז און איז אומגעקומען צוזאַ־מען מיט פֿערצן אַנדערע יידישע שרייבער. זיין פֿרוי און געטרייער מיטאַר־בעטער, ברכה יוריסטאַ, האָט זיך געראַטעוועט און געפֿינט זיך אין פּאַריז.



יצחק יוריסטאַ

SALOM ALEJĤEM
LA KANTO DE L'KANTOJ
(Junul-romano)
El la juda tradukis

Vorto kaj ago
Antikva eterne-nova fabelo
de H. Lejvik

En marĉulo.
De J. L. Perec.

Tri floroj
(El la serio: Ĥaosdo)
de Salom Alejĥem
El la juda: I. Jurysta

Laboristoj en Kinejo
Kun la torento.
Kelo k mansardo
Fablo de Jamil Ferit

En dudek minutoj
de J. Opatoŝu

Judaj spritaloj.

LA UNUA
STANDARDO DE L'INTERNACIONALO

Laboristoj en Kinejo

Balado pri milito
ICIK MANGER

VIVO-BATALO
OLGIN

LA DIA KATOJ
I. L. PEREC

Al la Junuloj
PETRO KROPOTKIN

MIZERO

LA UNUAMAJA HIMNO

VEKIĜU
Antonio AGRAZ

La Vengo
(Fabelo) A. RAJZEN

L. MALAH

Indiana Tero
J. OPATOŜU

La fratmortigaj kugloj
A. RAJZEN

Leteroj al mia Filo

Homoj kaj dioj.
De Ŝolom Aŝ

La Leono k la Elefanto
Fabelo de D. PINSKI

Sdo, ideoj kaj „Ismoj"
De J. L. Perec

La Trubaduro
De J. L. Perec

La gardistino de la sankta fajro en templo
Legendo de I. L. Perec

SENLABORULOJ
M. ZAK (Tel-avivo)

Lumo!
Legendo de D. Friŝman

MISISIPI
Teatraĵo en tri aktoj
El la juda lingvo tradukis
I. JURYSTA

VENU, AMATO!

Sep bonaj jaroj.

HITLER-NOKTO
de H. Lejvik

LA LOKAŬTO
G. CORNY

Kun la torento.

La Incendio
L. MALAH

La posto.
De Evi Kohn

Ne indas, ne
J. PAPIERNIKOV

A. RAJZEN:
MILITO

LABORSERĈADO
H. LEJVIK

Kion vi meritas?

La eta horo kun la ago kapo

LA UNUA
STANDARDO DE L'INTERNACIONALO

En izolejo
de J. Opatoŝu

Nia Kulpas
De D. Edelŝtat

La kantado.
De J. Bovŝover.

En pluva vespero
J. Opatoŝu

H. LEJVIK
ABSLARO kaj ELUIZO
(Dramecaj poemo en tri scenoj)
El juda lingvo tradukis: I. Jurysta

LA LABOREJO

Teatraĵo por infanoj
en du aktoj
De L. MALAH
El juda lingvo tradukis
I. Jurysta.

Vorto kaj ago
Antikva eterne-nova fabelo
de H. Lejvik

SALOM ALEJĤEM
LA UNUA AMROKANO
El la juda lingvo tradukis
I. Jurysta.

El la juda I. Jurysta

יצחק יוריסטאַס אָריגינעלע אַרבעטן און איבערזעצונגען פֿון יידישע שרייבער: י. ל. פּרץ, שלום עליכם, שלום אַש, א. רייזן, דוד פּינסקי, י. אפּאַטאָשו, מ. אָלגין, ה. לייוויק, דוד עדלשטאַט, באָוושאָווער, י. פּאַפּיער־ניקאָף, מ. זאַק, לייב מלאַך און אַנדערע.

## לייב מלאַך׳ס פּראָפֿעסיאָנעלע לעגיטימאַציעס

פֿון רעכטס אויף לינקס אויבן: 1. די מיטגליד־קאַרט פֿון „פּען” קלוב. 2. אינטערנאַציאָנאַלע געזעלשאַפֿט פֿון דראַמאַטורגן און קאָמפּאָזיטאָרן. (צווייטע ריי) 1. פֿעדעראַציע פֿון אינטעלעקטועלע אַרבעטער. 2. יידישער ליטעראַטן און זשורנאַליסטן פֿאַראיין, וואַרשע. (דריטע ריי) 1. פּען און פּענסיל קלאָב. 2. דראַמאַטורגן גילד.

## מ. ראַוויטש

# אַ ראָמאַן מיט אַ ברייטן און ווייטן פּאַרנעם

ל. מלאך — דן דאמינגאס קרייצוועג.
ווילנער פאַרלאַג פון ב. קלעצקין,
586 זייטן, ווילנע 1930.

קרוב צו צוויי יאָר איז דער ראָמאַן געלעגן אויף מיין טיש. אַ יאָר האָט געדויערט ביז איך האָב אים אויפגעשניטן — פאַרגעסט נישט: זעקס הונדערט זייטן. איין קליייניקייט! דאָס נעמען זיך צום לייענען האָט אויך געדאַרפט האָבן אַ שטיקל צייט צום ראָזמאַך — היינט דאָס איבערלייענען גופא...

אָבער קוים האָב איך מיך אין דעם ראָמאַן אַריינגעצויגן איז עס שוין געוועזן ווי מיט יענעם בחורל מיטן קאָזאַק: ער לאָזט מיך נישט אָפּ...

ל. מלאך איז אין דער יידישער ליטעראַטור, אין דער יידישער דראמע און אין יידישן ליד, שוין נישט קיין פנים חדשות. אויב איך האָב נישט קיין טעות האָט אים נאָמבערג, אין דער צייט פון דער ערשטער וועלט־מלחמה, „אַנטדעקט". געשריבן האָט ער דאַמאָלט באַלאַדן און דאָס נישט פון די סאַמע בעסטע. אַז מען פלעגט נאָמבערגן פאַרוואַרפן, פאַרוואָס ער פירט ניט דעם יונגן דור שרייבער אין פוילן, אַז ער פאַרנעמט זיך נישט מיט דעם נאָכוואוקס, פלעגט ער מיט צופרידנקייט אָנווייזן אויף ל. מלאך'ן. אָבער דאָס יידישע ליד האָט שוין דאַמאָלט געהאַט געמאַכט אַ ווייטן וועג פון מלאך'ס סקאַרבאָוון סטיל און מען פלעגט קרימען מיט דער נאָז. מיט אַן ערך אַ יאָר צען צוריק איז ל. מלאך אַוועק אין די ווייטע לענדער, צוערשט קיין אַרגענטינע, שפּעטער האָט ער זיך ערגעץ אַרומגעוואַלגערט אין בראַזיליע און איצט איז ער, דאַכט זיך, אין אַמעריקע.

יעדער שרייבער איז מיט זיין טאַלאַנט ווי איינער, וואָס איז איינגעשלאָסן אין אַ צעלע מיט אַ געהיימער טיר אין דער זון אַריין, אין ליכט אַריין. נישט אַלעמען געלינגט עס אָט די געהיימע טיר צו געפינען און דעם אמתן טאַלאַנט זיינעם צו באַפרייען. פלאָנטערט זיך נישט אין ראָמאַניסט אין די פיר בלינדע ווענט פון פּאָעזיע און בלייבט אַן אייביק געפאַנגענער; פלאָנטערט זיך נישט אין בפירושער פּאָעט אין די מויערן פון זיינע ראָמאַנען און ווען ער וואָלט געפינען דעם ריכטיקן וועג זיינעם, וואָלט מען אים ערשט אינגאַנצן דערזען. ל. מלאך איז, ווי עס ווייזט זיך

איצט אַרויס, אַ בפֿירושער ראָמאַניסט און מיר האָבן שטענדיק געטראַכט, אַז ער איז אין בעסטן פֿאַל אַ מיטלמעסיקער פּאָעט.

ער איז אָבער אַ גוטער ראָמאַניסט, אַ ראָמאַניסט מיט אַ ברייטן פֿאַר־נעם. צום ראָמאַן געהערט אַ סך גלייכגילטיקייט, זאָל זי זיין אַפֿילו אַ גע־מאַכטע. וואָרעם אַן אמתער ראָמאַן, ווי גאָט האָט געבאָטן, מוז קודם כל פֿאַרנעמען אַ סך געשריבענע זייטלעך. ווייַ וואָלט געוועזן צו יענעם ראָ־מאַניסט, וואָס וואָלט זיך אין זיין ראָמאַן גענומען היצן און ברענען. ביים סוף וואָלט שוין פֿון אים איבערגעבליבן אַ שטיק קויל. אָט דאָס פֿלאַקערן און ברענען, וואָס איז אַזוי גוט אין פּאָעזיע, וואָס איז נויטיק דעם דראַמאַ־טורג, כדי די שפּאַנונג אָנצוהאַלטן — איז שעדלעך פֿאַר דעם ראָמאַניסט. ער דאַרף זיין נאַרראַטיוו, דערציילעריש, און דער דערציילער דאַרף זיין רואיק, און קענען מיט זיין רו פֿאַרכאַפּן. נאָר אין זעלטענע מאָמענטן מעג ער זיך דערהויבן צו פּאַטאָס. ער מוז שטענדיק געדענקען, אַז ער גייט אַ ווייטן און אַן אויפֿשטייגענדן וועג, און ער מוז שפּאָרן זיינע כוחות. איר ווייסט דאָך: ווער עס גייט באַרג אַרויף, מוז גיין זייער לאַנגזאַם און רואיק, דער שווער־אַרבעטער מוז אַרבעטן געלאַסן — אַז ניט ווערט דער באַרג־אַרבעטער נישט דערשטייגן, דער טרעגער נישט דערטראָגן.

ל. מלאך'ס ראָמאַן דערציילט דעם „קרייצוועג" (ווי ער רופֿט אים נאַאיוו) פֿון דעם קליינשטעטלדיקן לאָבוז דאַניע, וואָס ווערט יונגערהייט מגלגול קיין בראַזיליע, פֿאַלט אַריין אין די קרייזן פֿון די „טמאים", בלייבט אָבער אַן עטישער מענטש און ווערט סוף כל סוף אַ רעוואָלוציאָנער אין דער בראַזיליאַנישער בירגער־רעוואָלוציע, און גייט צום סוף אונטער. דערציילט ווערט די געשיכטע אין זעקס ביכער, וואָס זייערע נעמען זענען, אויף יעדן פֿאַל, ניט אַזוי גוט ווי זייער אינהאַלט. 1) ווילדגראָז, 2) די קויפֿ־מאַנס, 3) פּאַלמען, 4) דער געלער שאָטן, 5) דער גאַסט אין שטעטל, 6) דער קרייץ־וועג.

איבערגעבן דעם אינהאַלט? אַ יושר וואָלט געוועזן און אַ רעצענזיע פֿאָדערט דאָס, אָבער ווי קאָן מען עס טאָן?

וועל איך טאַקע דעם בפֿירושן אינהאַלט נישט איבערגעבן, חוץ די עטלעכע רמזים, וואָס זאָגן אַזויפֿיל, וויפֿל „אַ מענטש האָט געלעבט, גע־ליטן און געשטאָרבן". אָבער וועגן דעם פּאָן פֿון דער זאַך, וועגן דעם קאָ־לאָריט אירן מעג איך דאָך זאָגן.

קודם כל: דאָס ערשטע מאָל גיט אונדז אַ יידישער שרייבער אַ בילד פֿון דער יידישער עמיגראַציע אין אַ ווייטערן לאַנד, ווי עס איז למשל, צפֿון

אַמעריקע. איבער גאָר די ווינקעלעך פֿון דער וועלט שלעפּן זיך אַרום יידישע עמיגראַנטן, ווערן רייך און ווערן אָרעם, אָבער אין דער יידישער ליטעראַטור זענען זיי נישט געווען, דער בראַזיליאַנישער ישוב — געוויס נישט. מלאך האָט אים געגעבן אַ תיקון, און שוין דערמיט אַליין איז דער ראָמאַן ווערטפֿול. אָפֿט חזרט מען איבער די פֿראַזע וועגן דער ברייט־וועלטישקייט פֿון דער יידישער ליטעראַטור, מיט מלאך׳ס ראָמאַן איז בפֿירוש צוגעקומען אַ גרויס שטיק פֿון דער דאָזיקער ברייט־וועלטישקייט. פּראַכטפֿול איז דאָרט געשילדערט אַ טיפּ פֿון אַ יידן, וואָס האָט געקאָרגט אַ שטיקל ברויט פֿאַר זיך און געזאַמלט אַ מיליאָנען־פֿאַרמעגן, און לסוף געשטאָרבן ווי אַ גאַסן־בעטלער אין אַ שפּיטאָל. און נישט גלאָט דערציילט ווערט עס דאָרט דאָס אַלץ, עס ווערט באַגרינגדעט, עס ווערן געגעבן אַלע הינטישע שטיק פֿון דער ברוטאַלער ספּעקולאַציע. די מעשה ווי אַזוי אָט דער מיליאָנער נעמט אַריבער זיין אַלטן שקראַב, זיין יידענע, קיין בראַזיליע; ווי אַזוי ער לאָזט זי פֿאָרן מיט דעם עמיגראַנטן־צוג פֿון דער שיף טיף אין לאַנד אריין, כדי צו פֿאַרשפּאָרן אַ פּאָר מילרייס; ווי אַזוי ער טיילט איר אויס די פּאָר גראָשן אויף חיונה, דאָס איז אַ פּראַכט־שטיק פֿון מענטשן־שילדערונג, וואָס קריצט זיך שאַרף אַריין אין זכרון. ל. מלאך מאָלט נישט צו פֿיל (וועגן דעם וועט נאָך אויסקומען אַ ביסל צו רעדן), ער וואַרפֿט אָן מאַטעריאַל, ער גיט קוואַנטום, וואָס פֿאַרוואַנדלט זיך צוליב דער שפֿע אין בפֿירושער ליטעראַרישער קוואַליטעט. מיר האָבן אַ סך טאַלאַנטן, אָבער ווייניק נאַרראַטאָרן — דערציילער — אין דער יידישער ליטעראַטור. אין דער וועלט־ליטעראַטור איז עס אין דעם פּרט פֿאַרקערט. עס איז נישט איבערגעטריבן צו זאָגן, אַז ל. מלאך׳ס ראָמאַן וואָלט אין דער איבערזעצונג פֿאַרשאַפֿט כבוד דער יידישער ליטעראַטור.

אָפֿן, נאַקעט און ברוטאַל ווערט געשילדערט די וועלט פֿון די יידישע פֿרויען־הענדלער אין בראַזיליע. אַלע זייערע אוממענטשלעכע הינטער־געגנג און נידערטרעכטיקייטן ווערן אָן שום שלייפֿן דערציילט. אַזוי איז עס, וואָס לאָזט זיך דאָ טאָן? אַ טיפּן־גאַלעריע שפּאַצירט פֿאַרביי, אַ גאַנ־צע וועלט פּראָמענירט פֿאַר די אויגן פֿון דעם פֿאַרגאַפֿטן לייענער. און אַלץ מיט אַזאַ געניטשאַפֿט, מיט אַזאַ אומהיימלעכער קענטשאַפֿט פֿון דער גאַנצער שאַנד פֿון דער מענטשהייט בכלל און פֿון אונזער פֿאָלק בפֿרט. די רעליגיעזע יום־כיפּור אָרגיע אויף דעם בית־עולם פֿון די „טמאים״ אין ריאָ איז אַזוי פֿאַרביק, אַז זי שטעלט זיך ווירדיק ביי דער זייט פֿון שלום אַש׳ס בעסטע שילדערונגען פֿון דעם מין. און ווייל שלום אַש איז

שוין דאָ דערמאָנט געוואָרן, זאָל אויך דערמאָנט ווערן די שילדערונג פֿון דער ערשטער קאַרניוואַל־נאַכט, וואָס שטייט אפֿשר אין דער בילדעריש־און אין דער שפֿע פֿון בילד־מאַטעריאַל.

אָט איז פֿאַראַנען דאָרט אַ פּאָרטרעט פֿון אַ שפּאַנישער דאָננאַ כואַנאַ, איינע פֿון די אומצאָליקע, אינטערנאַציאָנאַלע פּראָסטיטואירטע אין בראַזיליע, איז עס אַ געשטאַלט פֿון אַ הייליקער ממש. איר ליבע צום הויפּט־העלד פֿון ראָמאַן דן־דאָמינגאָ — איינע פֿון די שענסטע ליבעס וואָס זענען ווען עס איז באַשריבן געוואָרן אין דער יידישער ליטעראַטור. מלאך דערציילט דאָרט ווי אַזוי אָט די דאָננאַ כואַנאַ פּאָרט מיט דן־דאָמינגאָן פֿון בראַזיליע אין זיין פּויליש שטעטל. אַ שווערע אויפֿגאַבע פֿאַר אַ ראָמאַניסט צו געבן דאָס באַדריפֿטע, יידישע שטעטל אין שפּיגל פֿון שוואַרצן אויג פֿון דער שפּאַנישער מעטרעסע — אָבער ל. מלאך איז פֿון דער דאָזיקער שווערער אויפֿגאַבע אַרויס מיט גרויס שרייבערישן כבוד. בכלל איז דאָניעס צייטווייליקער צוריקקער אַהיים אין שטעטל איינער פֿון די שענסטע טיילן פֿון ראָמאַן.

מיט לויב מוז מען דערמאָנען, אַז דער ראָמאַן איז מיט פֿיל דיסקרעציע דורכגעפֿלאָכטן מיט שפּאַניש־בראַזיליאַנישע ווערטער, וואָרעם אין אַלגעמיין איז דער יידיש אַ זעלטן ריינער, אַ גלאַטער, אַזוי ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ בפֿירוש דערציילערישן ראָמאַן. דאָס ביסל שפּאַנישע ווערטער איז טאַקע אומפֿאַרמיידלעך און גיט צו קאָלאָריט צו דעם ווערק. צום סוף איז צוגעגעבן אַ ווערטער־בוך און דער לעזער אָריענטירט זיך אויסגעצייכנט.

עס איז אמת, און מען פֿילט עס בחוש, אַז ווי נאָר ל. מלאך קומט אין די קרייצוועגן פֿון זיין ראָמאַן אויף היימישן פּוילישן באָדן, פֿילט ער זיך באַלד ווי אַ פֿיש אין וואַסער. דווקא אין אונדזער היימישער קעלט טאָיעט ער אויף און אין דער טראָפּישער, בראַזיליאַנישער היץ ווערט ער אַביסל פֿאַרגליווערט אין דער שילדערונגס־קראַפֿט. פֿאַרגעסט אָבער נישט, וואָס פֿאַר אַ שווערע אויפֿגאַבע עס איז דאָ געשטאַנען פֿאַר אַ שרייבער, וואָס איז אָנגעזאַפּט מיט פּוילן און פּוילישער לאַנדשאַפֿט, אין וועמעס אויגן עס פֿלאַטערט כסדר די ווערבע און די בעריאָזע, צו וואַנדלען אויף פֿיל הונדערטער ראָמאַן־זייטן אין דעם דומפּיק־שווערן, הייסן פּאַלמען־שאָטן. און דאָך, און דאָך — לייענענדיק האָט איר שטענדיק דאָס געפֿיל פֿון טראָ־

פּישער היץ... מלאך לאָזט אייך אויף אַ רגע נישט פאַרגעסן, אַז איר געפינט זיך אין בראַזיליעס נאַטור. עס איז אמת, אַז ער העלפּט זיך אָפּט מעכאַניש און גיט דעם לעזער כסדר היץ־שילדערונגען, אָבער זיין ציל דערגרייכט ער און דאָס איז דער עיקר.

איך האָב מיר ביים לייענען געמאַכט אומצאָליקע באַמערקונגען אויף די ראַנדן פון די בלעטער, פּראָ — און קאָנטראַ־מלאכישע. לאָמיר בלעטערנ־דיק אייניקע פון זיי דערמאָנען:

זייט 39, אַן אויסגליטשונג: מלאך דערציילט דאָרט ווי אַזוי די גאַ־ליציאַנער האָבן אויסגענוצט די פאַרבייפאָרנדיקע פון רוסלאַנד קיין בראַ־זיליע עמיגראַנטן. דערציילט ער, אַז זיי פלעגן נעמען פאַר אַ גלאָז טיי אָן צוקער „צו רייניש פאַר אַ גלאָז". פאַר אַ נאַטוראַליסטישן שרייבער אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס.

זייט 69, דאָניע הערט די ביינאַכטיקע שריט פון זיין פאַרגעטערטער אַנדזשע, זיין בעל הבית'ס טאָכטער ווי „דאָס קליינע טייכל אין טאָל". פאַר דעם לאָבוז דאָניעס פּסיכאָלאָגיע — אַ ביסל צו פּאָעטיש.

זייט 85, „די דאָננאַ סאָפיא איז פּלוצלונג אַזוי מיאוס געוואָרן, צעלאָ־בערט און צעשוואומען, ווי אַ שטיקל ברויט אין אַ טעלער וואַסער". דער פאַרגלייך איז ניט שלעכט און אָריגינעל, אָבער ביי די האָר געצויגן. סיידן מען האָט דאָס שטיקל ברויט אין וואַסער ספּעציעל אַריינגעלייגט צו זען, צי מלאך'ס פאַרגלייך איז גוט, וואָרעם געוועגלעך טוט מען דאָס דאָך נישט.

זייט 113, „און איבערן גראָז פונם גאָרטן האָט מען נאָך געהערט דאָס ווייכע לויפן פון זיינע טריט, ווי דער שאָרך פון צעשראָקענע האָזן". זע אויבן!

זייט 114, „אַ רעגן הענגט אין דער לופטן אויסגעשפּרייט ווי אַ נאַס ריזיק ליילעך". אַ נאַס ליילעך, אויבן אויסגעשפּרייט — עפּעס קלעפּט זיך דאָס נישט, און דאָך איז דאָס בילד אָריגינעל און גוט.

זייט 257, ל. מלאך האָט אָפּגעהיט די ריינקייט פון יידיש אין זיין גאַנצן, ריזיקן ראָמאַן. קאָן מען אים מוחל זיין, וואָס זעלטן ווען גליטשט ער זיך אויס מיט אַ פרעמד וואָרט. דאָ האָט ער געשריבן „עקסידענט" אנשטאָט אומגליק, די קליינע אויסנאַמע באַשטעטיקט נאָר די רעגל פון דער שפּראַכריינקייט פון בוך.

זייט 283, ל. מלאך דערציילט דאָ פאַרוואָס מען רופט אין בראַזיליע אַלע פריימיידלעך „פּאָלאַקאָס". ער טוט עס מיט זייער אַ וויסנשאַפטלעכן טאָן. מען איז אים אַפילו דאַנקבאַר דערפאַר, אָבער אַזעלכע באַמערקונגען

געהערן נישט אין טעקסט פֿון אַ בעלעטריסטישער זאַך. דאָס קאָן מען אין בעסטן פֿאַל געבן אין נאָך־באַמערקונגעןביים סוף.

זייט 374, געדאַרפֿט וואָלט מען ציטירן די גאַנצע זייט, ווי אַזוי יידענעס קומען באַשטויבענע דעם גאַסט אין שטעטל — דאַניען, ווי אַזוי אַלע ווערן פֿלוצלונג זיינע קרובים, ווי אַזוי ער נעמט אויף אין זיין פּרימיטיוון געמיט דעם טויט פֿון זיין מוטער. פֿאַראַנען דאָרט ווייטער סאַרקאַסטישע פּראַכט־שטיקער, ווי אַזוי די אָרעמע יידן מיטן רב בראש ווילן נדבות פֿון דאַניען, כאָטש זיין גאַנץ „פֿאַרמעגן" געהערט צו דער שפּאַנישער פּראָסטיטואירטער כואַנאַ, מיטן אייביקן צלמל אויף דעם האַלדז.

זייט 404, מען שדכנט אַ פֿאַרזעסן מיידל צום „גביר" דאַניע און מען דערלאַנגט אים כיבוד אַ גלעזל טיי... דאָס גלעזל טיי מיטן צוקער און מיטן לעפֿעלע איז פּראַכטפֿול אָפּגעפּאָרטרעטלט... אַפֿילו מיט הומאָר, וואָס פֿון דעם שטאָף איז אין אַלגעמיין נישט צופֿיל דאָ אין בוך.

זייט 429, איבעראויס פֿאַרביקע בילדער פֿון דעם קאַרניוואַל אין ריאָ. חוץ אַלע מעלות פֿאַרמאָגט דאָס קאַפּיטל אַ גוט שטיק פֿון בראַזיליאַנישער עטימאָלאָגיע און גוטע גענויטשאַפֿט אין דאָרטיקער געאָגראַפֿיע. אָט די גרינטלעכקייט איז ביי יידישע שרייבער אַ זעלטנקייט.

זייט 440, עפּעס ווערט דאָ פֿאַרגליכן די זון צו אַ געלכל, דער הימל צו אַ ווייסל. אַ פֿאַרגלייך, וואָס שאַפֿט אַ שלעכטע שטימונג, טאַקע ווי אַ צעקוועטשט איי, און דאָס אויף דאָס דער 440טער זייט.

זייט 454, דאָ הויבט זיך אָן דער „קרייצוועג" און די בראַזיליאַנישע בירגער־רעוואָלוציע. זי ווערט געגעבן מיט אַ סך קענטיקיש פֿון שטאָף, אויף אָט די בלעטער פֿאַרגעסט מען פּשוט, אַז מען לייענט אַ יידישן ראָמאַן אין וועלכן מען איז צו אָפֿט געוואוינט צו שמאָלע האָריזאָנטלעך. דאָס אריינשטעלן דעם קליינשטעטלדיקן לאָבוז דאַניע אויף דעם פֿאָן פֿון אַ ווייטער מלוכה־איבערקערעניש, געשעט נישט סתם אַזוי, עס איז גוט באַגרינדעט, וואָס אונדזער דן דאמינגא וואַקסט פֿלוצלונג אויס צו אַ בראַזיליאַניש נאַציאָנאַלן העלד. די זאַך איז צו גוט צוגעגרייט, צו גוט אונטערגעמאָלט. פּראַכטפֿול ווערן דאָ געשילדערט די האַפֿנס און די ברעגעס, וואָס זייער בראַנדונג ציט זיך פֿון ווייטן ווי ווייסע שלאַנגען. די ווילדפֿרעמדע רעבעלן־שיפֿן, וואָס פֿלאָנטערן זיך אין אָט די האַפֿנס בלייבן אין זכרון. דאָ העלפֿט גאָרנישט, מעג עס זיין דער באַלאַדן־דיכטער, וואָס מיר האָבן ערשט מיט אַ גרינג געמיט אין וואַרשע געזעגנט — היינט איז עס אַ שרייבער מיט אַ ברייטן און דער עיקר מיט אַ ווייטן פֿאַרנעם.

**נאָך פּרטים? זיי זענען שוין איבעריק.**

**מיינס האָב איך אויסגעפירט. דעם אינהאַלט פון דעם ווייט־ און ברייט־פאַרמאָסטענעם ראָמאַן האָב איך אייך נישט דערציילט.**

**עס איז אַ ראָמאַן, וואָס עפנט באמת אַ ניי שטיק וועלט פאַר דעם לייענער, כדאי אים צו לייענען. איבעריקנס דאַרף מען אים נאָר אָנהויבן צו לייענען, פאַר דאָס ווייטערדיקע זאָרגט שוין ל. מלאַך אַליין, ערלעך, אין בראַזיליאַנישן שוויס פון זיין פּנים. און מיט אָט דעם האַלב־ביבלישן ציטאַט וויל איך פאַרענדיקן די רעצענזיע.**

## אהרן בעקערמאַן

# אַלטערלס יוגנט־יאָרן

ל. מלאַך — אַלטערלס יוגנט־יאָרן. פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער״, וואַרשע 1935.

**אַלטערלס כאַראַקטער־שטריך אַלס קינד איז זיין פּאַסיווע נאַטור. אַל־טערל שלינגט, אָן פּראָטעסט, אַראָפּ די אַלע פורעניות, וואָס שיטן זיך**



פון לינקס אויף רעכטס, אויבן: אהרן בעקערמאַן, שלמה האָכבערג, לייב מלאַך. (אונטן): ש. ל. שניידערמאַן, ברוך ווינאָגורא, חנה קאָוואַלסקי — מאָלערין.

**אויף אים, זינט זיינע ערשטע לעבנס־טעג, ווען ער בלייבט אָן אַ מוטער און מוז זיך וואַלגערן אין דער פרעמד. זיין לעבנס־וועג איז ווי דער לעבנס־וועג פון דינעזאָנס יאָסעלע, נאָר אָן יענעם רחמנות־טאָן און אי־בערטריבענעם סענטימענטאַליזם. ענלעך זענעןביידע קינדער אויך אין דער ספּעציפישקייט פון די אַרומיקע באַדינגונגען, וואָס וואַרצלען אין ייִדישן לעבן.**

**דער טראַגיזם ליגט אין דער שטעטלדיקערווירקלעכקייט, אין דער פּסיכאָלאָגיע פון דעם ייִדישן מאַסן־לעבן, אין דער קנאַפּער פאַרשטענדע־ניש פאַר דער קינדערישער נשמה, פאַרן קינדישן געמיט, וואָס ווערט מיט אַזאַ לייכטקייט איבערגעגעבן דעם הפקר־גורל.**

**די זאָרג איבערן גורל פונם יתום דערוועקט זיך ביי די שטעטלדיקע, ביי זיין משפחה און סתם פאַרזאָרגער, ווען זיי דערזעען מיטאַמאָל די „גע־פאַר" פאַר זיין נשמה, וואָס קען חס ושלום ליידן ביים רופא, דער איינצי־קער מענטש אין שטעטל, וועלכער האָט אַרויסגעוויזן מענטשלעכן אינטע־רעס צום עלענדן קינד. פון זיינע הענט ראַטעוועט מען גיך אַרויס דעם יתום און... עס הייבט זיך ווידער אָן אַלטערלס הפקר־וועג, פון אומ־ענדלעכער עקספּלואַטאַציע מצד זיינע פאַרזאָרגער. אַזעלכע איז אונדזער שטעטלדיקע ווירקלעכקייט אין איר רויער ברוטאַלער פאָרם. ניטאָ אין שטעטל די מינדסטע, געזעלשאַפטלעכע פאַרשטענדעניש פאַרן קינדישן.**

**באַטראַכט מען אַלטערלס איבערלעבונגען, וואָס וויקלען זיך ווי אַ פילם־לענטע איבערן גאַנצן ביכל, באַוואונדערט מען די לעבנס־קראַפט וואָס טרייבט אַזאַ אַלטערלען זיך צו קלאַמערן דוקא ביים נאַרמאַלן לעבנס־וועג, דוקא צו גיין קעגן שטראָם. מען ווערט דערשטוינט, ווי אַזוי ער ווערט ניט געטריבן אויפן וועג פון גרינגסטן ווידערשטאַנד, אויפן וועג פון פאַר־וואָרלאָזטקייט און געפאַלנקייט.**

---

אהרן בעקערמאַן, באַוואוסטער ייִדישער שרייבער און עסייאיסט, מחבר פון די ביאָגראַפישע ווערק: דאָסטאָיעווסקי, אַנאַטאָל פראַנס; ברוך גלאַזמאַן — מאָנאָגראַפיע, „דער גולם אַלס דערלייזער" — עסיי. ס'איז באַוואוסט אַז אין מאַנוסקריפּט זענען פאַרבליבן: „בלעטער צו דער גע־שיכטע פון פּאַריז", קריטישע עסייען וועגן דוד בערגעלסאָן, פ. בימקאָ און אַנדערע ייִדישע און ניט ייִדישע שרייבער.

אהרן בעקערמאַן איז דעפּאָרטירט געוואָרן, דורך נאַציסטע הענט, פון פּאַריז און איז אומגעקומען צוזאַמען מיט זיין פרוי און איינציקן זון, און צוזאַמען מיט פערצן אַנדערע ייִדישע שרייבער אין פראַנקרייך.

האָט מען נאָך אין זינען די אויטאָביאָגראַפֿישע אויטענטישקייט, שווימט ניט־ווילנדיק אויף אַ שטיק גאַרקי, מיט אַלע יענע באַדינגונגען און לע־בנס־אומשטענדן, וואָס האָבן גאַרקין דערפֿירט צו העכסטע מענטשלעכע הויכן. אויף אַזוי פֿיל איז מלאַך׳ס וועג געווען ענלעך.

וואונדער ? צופֿאַל ? ניין !

ס׳איז דער געזונטער קוואַל פֿון יידישן מאַסן־לעבן, פֿון דער גייסטי־קער ענערגיע, פֿון די קינסטלערישע פּאָטענצן, וואָס ווערן געבוירן אין די טיפֿענישן פֿון יידישן לעבן און רייסן זיך ווי אַ לאַווע דורך אַלע וועגן צו דער אויבערפֿלאַך. אַזוי ווערן געבוירן אונדזערע קינסטלערישע גע־שטאַלטן און פּערזענלעכקייטן.

איינער פֿון זיי איז געווען לייב מלאַך.

דאָס איז ניט די הכנעהדיקע פּאַסיוויטעט, וואָס קאַפּיטולירט צום גורל, לעזט זיך אויף אין די אומשטענדן און ווערט פּאַרווישט. אַלטערלס ניט שטעלן זיך קעגן דעם אַרומיקן בייז, איז דער אויסדרוק פֿון אַ צאַרטער, קינדישער נשמה, וואָס טראָגט אין זיך פֿאַרבאָרגן העכערע באַשטימונגען, גייסטיקע ווערטן און שעפֿערישע פּאָטענצן.

אַלטערל געניסט ניט קיין קינדישע קינדהייט. אַרום אים איז אַזוי פֿיל שלעכטס. עס קומט מער פֿון ניט־אינטערעס ווי פֿון שלעכטקייט. און ער אליין, אַלטערל, באַנעמט דאָס ניט אַלס שלעכטקייט. ער טראַכט אי־בערהויפּט ניט איבער זיין גורל. פֿאַר אַ יתום איז עס אַ נאַטירלעכע זאַך...

אַלטערל האָסט ניט זיינע אַרומיקע, ווייל ער ווייסט ניט, וואָס איז האָס און וואָס איז ליבע. אָבער טיף אין זיין קינדערישער נשמה לעבט דאָס געפֿיל פֿאַר מענטשלעכער צערטלעכקייט און דער דורשט פֿון איר צו געניסן.

אַלטערלס יוגנט איז אַוועק אָן דעם אַלעמען. די האַרטע לעבנס שול האָט זיך שווער געלייגט אויף מלאַך׳ס געמיט. די ווירקונג איז אָבער גע־ווען אַן אומדערוואַרטעטע : די ניט־אויסגעלעבטע חלומות און אימאַזשי־נאַציעס פֿון אַ פֿאַרפֿלאָסענער קינדהייט, האָבן אויפֿגעשטראַלט אין זיין נשמה, דורכגעריסן דעם שלייער פֿון גרויער ווירקלעכקייט און — באַ־קומען זייער ווידערגעבורט אין קינסטלערישן שאַפֿן, אין אַנטפּלעקטע קינסטלערישע פּאָטענצן, וואָס האָבן אַזוי לאַנג געדרימלט אין די נשמה־טיפֿענישן.

דער שווערער וועג פֿון דער קינדהייט האָט פֿריי געמאַכט דעם וועג פֿאַר אַ שעפֿערישער יוגנט, פֿאַר אַ פֿרוכטבאַרער צוקונפֿט.

מלאַך איז געוואָרן אַ דיכטער.

דער דיכטער פֿון זיינע אייגענע נויטן און פֿון די נויטן פֿונם יידישן קינד, יידישן אַרבעטער און פֿאָלקס־מענטש.

דער פֿאָלקס־זשעני האָט באַקומען אויסדרוק.

ערשט דאָ האָט מלאַך ז י ך געפֿונען. ערשט אין קינסטלערישן שאַפֿן, ווען יעדע געשטאַלט לעבט אויף, האָט די ניט אויסגעלעבטע קינד־הייט באַקומען איר תיקון.

מלאַך האָט זיך אַ סך געווידמעט דעם שאַפֿן פֿאַר קינדער. „אַלטערלס קינדער־יאָרן", אַ ווערק, וואָס איז שפּעטער, אין זיינע קינסטלעריש־רייפֿערע יאָרן געשאַפֿן געוואָרן — איז דאָך אייגנטלעך די פּרעליודיע צו זיין קינסטלערישן שאַפֿן; דער שליסל צו פֿאַרשטיין זיין ווערק, אַ ווערק, וואָס אָטעמט מיט אוממיטעלבאַרער פּשטות, מיט לעבעדיקע, אויפֿריכטיק גע־שילדערטע בילדער פֿון יידישן לעבן, פֿון שטעטל מיט זיינע טיפֿן און פֿאַרשוינען וואָס קומען אין באַריר מיטן קליינעם אַלטערל.

מלאַך ווייזט אַרויס געניג פֿאַרשטענדעניש פֿאַר זיין העלדס פּסיכיק. ער באַשווערט אים ניט מיט קיין „פֿילאָזאָפֿישע" פֿליטערלעך, ווי עס טרעפֿט ביי אַנדערע קינדער אין אונדזער ליטעראַטור. אַלטערל נעמט אַלץ אויף אוממיטלבאַר און דערפֿאַר גיט זיך די זעלבע אוממיטלבאַרקייט אי־בער אויפֿן לייענער. מען ווערט מיטגעריסן פֿון אַלטערלס גורל, מען דער־זעט אַ שטיק פֿון זיך אַליין, פֿון דער אייגענער קינדהייט. דאָס איז די מדרגה פֿון קונסט.

דערביי דערשיינט מלאַך אַלט אויסגעצייכנטער קענער פֿון אָפּגייענ־דיקן יידישן לעבנס־שטייגער, מיט אַלע ניואַנסן, וואָס וואָרצלען אין טראַ־דיציע, שטייגער, רעליגיעזע ווירקונגען, פֿון וועלכע דאָס יידישע קינד ווערט באַווירקט.

איז טאַקע מלאַך׳ס העלד אַ יידיש קינד, מיט אַלע ספּעציפֿישע איי־גענשאַפֿטן, פּסיכיק און באַגריפֿן. אַלע יענע אַטריבוטן, וואָס שאַפֿן אַ יידיש קינד אין דער אוניווערסאַלער גאַלעריע קינדער.

אויך לויט דער צייט איז „אַלטערלס יוגנט יאָרן" אַ דאַטע אין דער יידישער ליטעראַטור. דער הותם פֿון דער תקופֿה דערשיינט בולט, ווען אַלטערל קומט אין באַריר מיטן רופֿאס שטוב, מיט די טיפֿן וואָס פֿאַרקערן דאָרט. ביי אָט די יונגעלייט „מיט לאַנגע האָר", וועלכע ווילן מאַכן אַ „פֿריילאַנד" און „אָפּשאַפֿן דעם קייסער" הערט אַלטערל צום ערשטן מאָל זינגען וועגן „שוועסטער און ברידער פֿון אַרבעט און נויט". ס׳איז דער אָנהויב פֿון אונזער יאָרהונדערט.

דאָס יידישע שטעטל ליגט נאָך אין דרימל, אין אָפּגעשטאַנענקייט, ווי

אין פֿאַרגאַנגענעם יאָרהונדערט. אָבער טענער פֿון אַ נײַ אויפֿגייענדיק לעבן, פֿון אַ פֿריילינג־געזאַנג צווישן פֿאַרשקלאַפֿטע פֿעלקער, קלינגען אָפּ מיט אַ פֿאַרשטיקטן עכאָ אין יידישן שטעטל. מלאך דערהערט די טענער. ער כאַפּט זיי אויף און עפּעס ברויזט אין אים אַ ניגון, אַ פֿאַרבאָרגן, שיין, טיף געפֿיל, פֿאַר וועלכן ער האָט קיין נאָמען ניט. אָבער עס וועט אויפֿגיין, ווען די פֿרוכט וועט רייף ווערן, די פֿרוכט פֿון קינסטעלירשן שאַפֿן. אַ שאַפֿן — געבונדן מיט אַ נײַ יידיש לעבן.

מלאך איז אַוועק דעם וועג צוזאַמען מיט „שוועסטער און ברידער פֿון אַרבעט און נויט"...

---

## ש. ניגער וועגן ל. מלאך'ס „פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן"

.1

דאָס נײַסטע בוך וועגן פּאַלעסטינע איז געשריבן פֿון לייב מלאך, — אַ דערציילער און אַ דראַמאַטורג, וועלכער האָט אין דעם פֿאַל באַשלאָסן צו זײַן אַ רעפּאָרטער.

און דאָס איז דאָס נײַע אין דעם בוך.

מיר זענען נישט געוואוינט צו אַזעלכע באַשרײַבונגען פֿון ארץ־ישראל, וועלכע זאָלן גלײַך אויפֿן שער־בלאַט, בײַם סאַמע אָנהויב, אונדז אָפּקילן און זאָגן:

— ר ע פּ אָ ר ט אַ ז ש, מער זאָלט איר דאָ נישט זוכן.

אונדזערע געוויינלעכע ארץ ישראל־שרײַבער ווערן צעהיצט, ווען זיי רירן זיך צו צו אָט דער הייסער טעמע, און אויך די לעזער האָבן זיך ליב צו קאָכן — פֿאַר אָדער קעגן ארץ ישראל.

ל. מלאך קאָכט זיך נישט...

איז ער גלײַכגילטיק? ניין, ווען ער זאָל האָבן געקוקט אויף אַלץ פֿון דער זײַט, ווי אַ זײַטיקער, וואָס פֿאַר אַ ווערט וואָלט געהאַט זײַן באַריכט? נאָר אין אַ נייטראַלער לעבנסזאָנע קאָן מען זײַן נייטראַל. ארץ ישראל, אַזוי ווי ראַטנפֿאַרבאַנד, איז נישט „קיינעמס לאַנד". ס'איז אַ פּראָבלעם. ס'איז אַ לאַנד, וואו מען מוז האָבן אַ שטאַנדפּונקט, אויב מען וויל עפּעס זען — און עפּעס וויסן — עפּעס פּאָזיטיוועס אָדער נעגאַטיוועס. ל. מלאך האָט אַ שטאַנדפּונקט. אָבער די מאַניר פֿון זײַן שרײַבן איז — אַזוי ווי ער זאָל באמת זײַן נישט מער ווי אַ זײַטיקער צוקוקער. דער אונטערשייד צווישן אים און אַנדערע ארץ ישראל שילדערער איז — אין טאָן. ער איז

פּונקט אַזוי טענדענציעז, ווי אַלע אַנדערע, ער האָט זיין אייגענע טענדענץ „קליין־באַוואוסטזיין״ — אָבער ער מאַכט נישט קיין טומל מיט זיין פּראָפּאַגאַנדע, ער פירט זי דורך אין דער שטיל, ער גנבעט זיך אריין מיט איר...

ער גיט אייך איבער איינדרוקן אַזוי, אַז מען קאָן זיי אָננעמען פאַר פאַקטן. ער איז זאַכלעך אינם טאָן, מיינט מען, אַז ער איז אין תוך זאַכלעך. אָט קומט ער צום כותל־מערבי און — להיפּוך צו אַ סך אַנדערע יידן, וואָס זענען געקומען אַהין, — האָט ער, ווי ער זאָגט, „בלויז אַן אַנגענעם געפיל פון אַ טוריסט... עקזאָטיש... אַ קאָנסערווירט שטיק אַלטערטום, וואָס איז פאַרקערפּערט אין אַ לעבעדיקן קעגנשטאַנד״ (ז. 40) אָבער אָט הויבט ער אָן צו באַשרייבן, וואָס ער האָט געזען און געהערט, — און אייך ווערט קלאָר, אַז ס׳איז נישט סתם אַזוי „עקזאָטיק״, וואָס מאַכט אים נייגעריק. ס׳איז עפּעס אַזוינס, וואָס רירט אָן, כאָטש עס דאכט זיך, אַז עס רירט אים נישט. ס׳רירט אים אָן פון דער נעגאַטיווער זייט. ס׳מאַכט אים — בייז. ער מיט זיך עס נישט אַרויסצואווייזן. ער שרייבט נאָך אַלץ רואיק, מעשה טוריסט:

„דער שופר, וואָס האָט פריער אָנגעזאָגט די בשורה איבער ניי־ירושלים, אַז דער שבת קומט, האָט אַהער געטריבן פאַרשיידענע יידן. עס איז איצט אַן אינטערעסאַנטע אויסשטעלונג פון פאַרבן און טראַכטן, אַ געמיש פון אָריענט און גאַליציע. קופּער־קאָליר בעקעשעס צעבלענדן זיך אין אַפּשיין פון בלוילעכן ליכט און פאַרגיסן זיך באַלד מיט דעם חושך פון דער אַלץ שטאַרקער צופאַלנדיקער נאַכט. ווייסע יאַקעס און געשטריקטע גאַרטלען מיט זילבער־פעדים, שטריימלעך און פעסקעס פון תימנער, געקרייזלטע פאות אונטער פעסקעס און טלית־קטנס אונטער אַבאַיעס, אַ געראַנגל פון נוסחאות: יידן פון פוילן און קירה, מיט זייער היימישער שפּראַך און אשכנזישן נוסח, און ספרדישע, בוכאַרער, תימנער. אַן איבערגעשריי אין דאַווענען, אַן איבעריאָג אין די תפילות, אַ קאָנקורענץ אין געשריי״ (דאָרט).

און אָט דער לעצטער אויסדרוק זאָגט אייך אויס, אַז אין דעם שרייבערס אויערן איז עס געווען אַן אומאַנגענעמער, אַ גרילצנדיקער, נישט סתם אַזוי אַ פרעמדער, געשריי. איר פילט, אַז ל. מלאכס רואיקייט איז נישט קיין טוריסטישער אינדיפערענטיזם, נאָר די געלאַסנקייט פון איינעם וואָס ווייסט, אַז מען דאַרף נישט דווקא שרייען, ווען מען וויל אויסדריקן קעגן עפּעס אַ געפיל פון אומצופרידנקייט — ס׳איז געזונט, אַז מען גיט שטילערהייט אַ קרום מיט דער נאָז.

**.2**

**אָבער נישט אַלעמאָל קאָן זיך ל. מלאך איינהאַלטן. עס זענען דאָ מאָמענטן, ווען ער גייט אַרויס פֿון די כלים. דאָס זענען די מאָמענטן, ווען ער קומט אין באַרירונג מיטן לעבן פֿון די רייכע — און מיטן גלויבן פֿון די פֿרומע. דאַן ווערט זיין פּראָטעסט הילכיק און העפֿטיק: צפֿת — „אַ שטאָט אַ טאָרבע" (ז. 142). מער ווי די טאָרבע (די חלוקה)), זעט ער נישט אין דער שטאָט פֿון די גרויסע מקובלים. מער אינטערעסירט אים גאָרנישט.**

**דער יאָרצייט פֿון ר' שמעון בן יוחאי איז פֿאַר אים נישט מער, ווי „ווילדע עקזאָטיק", נישט מער ווי געצנדינסט" (ז. 69):**

„אַ ווילד שטיק עקזאָטיק, וואָס האַלט אַזוי אין פֿינצטערניש טויזנטער מענטשן און דעם אויפֿגעקלערטן ארץ־ישראל. אַ געדראַנג, אַ געיעג מיט פֿלעשלעך און גלעזער צו די ריזיקע הדלקה־דערן, כדי צו כאַפּן עטלעכע אָנגעטריפֿטע בוימל־טראָפּנס, וועלכע זענען פֿאַר זיי אַ סגולה און אַ רפֿואה צו אַלערליי קראַנקהייטן... און דער קאָכעדיקער בוימל טריפֿט זיינע טראָפּנס איבער די הענט און פֿינגער, בריט־אויס לעכער און לאָזט איבער אייביקע בראַנד־צייכנס... זעענדיק צווישן דער ווילדער מחנה אַ גרויסע, אַ גאָר גרויסע צאָל יונגע מענטשן, יונגע מאַמעס, וואָס קומען דאָ „היילן" זייערע קינדער, קאָן מען דערפֿון דרינגען, ווי ווייט עס גייט די אויפֿקלערונג אין לאַנד צווישן די אומוויסנדיקע מאַסן און ספּעציעל צווישן די „עכטע" מזרח־יידן. די פֿלאַקערנדיקע מנורות — זיי זענען דאָ ווי פֿאַקלען פֿון פֿינצטערניש!..." (ז. 76).

**„פֿינצטערניש" איז איין זאַך, קעגן וועלכער דער לינקער ל. מלאך פּראָטעסטירט — אַמאָל הויך אויפֿן קול און אַמאָל שטילערהייט; די צווייטע זאַך, וועלכע ער האַסט אין פּאַלעסטינע, איז די ראָמאַנטיק, די געהויבענע נאַציאָנאַלע ראָמאַנטיק. הינטער איר באַהאַלטן זיך, לויט ל. מלאכס מיינונג, די קלאַסנאינטערעסן פֿון די בועזים אָדער פּקידים.**

**אויפֿן שיף, נאָך איידער ער איז געקומען קיין ארץ־ישראל, האָט ער שוין געזען, ווי „די יוגנט זינגט אנשטאָט די „התקוה" אָן „אַרבעטערהימן". שוין אויפֿן שיף האָט ער געזען, ווי דער קאַפּיטאַליסט, וועלכער פֿאַרט אין צוגעזאָגטן לאַנד מאַכן זיינע אינוועסטיציעס אין הײַזער־בוי... קאָן זיך איצט נישט באַרואיקן, וואָס זיין צוקונפֿטיקער טאָג־לוינער דערלויבט זיך צו איגנאָרירן דעם סימבאָל פֿון „געמיינזאַמען" אידעאַל (ז. 6).**

**דער יידישער אַרבעטער אין חיפֿה איז אים מער געפֿעלן פֿאַר דעם אַרבעטער אין תל אביב און אין ירושלים, ווייל —**

„ער האָט נישט דערלאָזט דעם איבל פֿון די „שוואַרצע" אַרבעטער־בירזשעס זי אין תל־אביב. נישט תמיד איז ער גרייט אויף פשרות, אָפּצוטרעטן פֿון זיינע דערגרייכונגען צוליב נאַציאָנאַלע פֿאָדערונגען מצד זיינע פּירער, און ער נעמט אויף אַן אומדערשראָקענעם קאַמף קעגן די, וואָס ווילן ברעכן זיין אָרגאַניזאַציע, וואָס ווילן שפּאַלטן זיינע רייען!" (ז. 88).

**ער קריטיקירט די „הסתדרות", פֿאַרוואָס זי העלפֿט מאַכן אַזעלכע פּיי־ערונגען, וואָס „מער ווי אַ היפּשן פּדיון פֿאַר די קרעמער, פֿאַר די האָטעלן, רעסטאָראַנען און באַן געזעלשאַפֿט איז מען (מיט זיי) נישט אויסן"... „ארץ ישראל וואָלט געקאָנט — זאָגט ער — שאַפֿן אירע אָריגינעלע ימים־טובים" —**

„די דעמאָנסטראַציע פֿון אַרבעט און בוי. פּופּציק טויזנט מיטגלידער פֿון הסתדרות וואָלטן געקאָנט און געהאַט וואָס צו ווייזן און פֿאַרוואָס צו יום־טובן. האָלט מען נישט דערפֿון. אנשטאָט דעם, אנשטאָט צו שאַפֿן אַ „טאָג פֿון אַרבעט" (שוין נישט רעדנדיק פֿון ערשטן מאַי) גייט מען אַריין אין געמיינזאַמע קאָמיסיעס פֿאַר „נאַציאָנאַלע" יום־טובים, וואָס זענען נישט מער ווי אַ געשמאַקלאָזע איבערחזרונג פֿון ענלעכע יום־טובים ביי אַנדערע פֿעלקער און אַ בופֿיאַדע פֿון דער ביבל, וואָס קוקט אויס, ווי אַ פֿאַרשטעלונג פֿון אַ „היסטאָרישער" אָפּערעטע ביי קליינשטעטלדיקע אַקטיאָרן" (ז. 110).

**ער פֿאַרלירט זיין געמיטלעכקייט יעדעס מאָל, ווען ער שטויסט זיך אָן אויף אַ צו שאַרפֿן אונטערשייד צווישן די אינטערעסן און די לעבנס־באַדינגונגען פֿון די אַרבעטער, פֿון איין זייט, און די בעלי־הבתים, פֿון דער אַנדערער זייט.**

**3.**

**אים רעגט אויך אויף דער ענין העברעאיש־יידיש.**

**רעדנדיק וועגן די דייטשע יידן אויף וועלכע ער איז, אגב, שטאַרק אָנגעשטויסן, דערציילט ער:**

„אַ קאַמף איז אָנגעגאַנגען צווישן יידיש און העברעאיש. העברעאיש האָט זיך געשטאַרקט, אַרגומענטירט מיט דער לאָזונג פֿון נאַציאָנאַל אויסלעבן זיך אין דער שפּראַך פֿון די עלטערן. און ווי נאָר עס זענען געקומען די „דייטשן", האָט מען מבטל געמאַכט דעם הייליקן פּרינציפּ, און מען האָט אָנגעהויבן „שפּרעכן" דייטש, וואָס עס האָט געקלונגען, ווי עברי־טייטש, נאָר אָן דעם פֿאָלקסטימלעכן חן פֿון עברי־טייטש. אַלץ האָט זיך גענומען צופּאַסן, רעדן, לייענען און שרייבן דייטשמעריש. וואָרעם אַלע אָפּישן, מודעות, מעלדונגען און באַקאַנטמאַכונגען, וואָס ווערן איצט אויס־

געהאַנגען אין גאַס, האָבן שוין צוויי שפּראַכן: העברעאיש און... דייטש. (ז. 47).

**אַזוי איז עס אין יאַדזשיר. אַנדערש איז אין עמק״:**

„דאָ ווערט קיין יידיש וואָרט נישט געבראַכט אויף די ליפּן. אַלץ, וואָס דאָס יידישע לעבן האָט געשאַפן און אויפגעטאָן אין גאָר דער וועלט, איז אים פרעמד, דעם עמק־מענטש (ז. 138).

**איז דאָס ריכטיק? אויף דער פראַגע קאָנען ענטפערן נאָר די, וועלכע זענען געוועזן אין ארץ ישראל. די ציטאַטן האָב איך געבראַכט נישט צו באַשטעטיקן אָדער אָפּצופרעגן עפּעס אין דעם ענין יידיש־העברעאיש (דאָ איז נישט דער אָרט דערפאַר), נאָר צו אילוסטרירן דעם פאַרפאַסערס צו־גאַנג צו די פראַגן און פּראָבלעמען פונם ארץ ישראלדיקן לעבן. דאָס איז דער צוגאַנג פון איינעם, וואָס סיי אין דער פראַגע פון אַלטער און מאָ־דערנער יידישקייט, סײַ אין דער פראַגע פון נאַציאָנאַליזם און קלאַסנ־קאַמף, סײַ אין דער יידיש־העברעאישער פראַגע נעמט ער נישט אָן די שטעלונג פון די אַלגעמיינע ציוניסטן און אַפילו ניט די אָנגענומענע מיי־נונג פון די פירער פון דער הסתדרות העובדים.**

**4.**

**איז ער אַ קעגנער פון דער עצם אידייע פונם ארץ ישראל אויפבוי? ניין. ווען דאָס זאָל זיין אַזוי, וואָלט זיין בוך קיין שום אויפטו נישט געווען, אַחוץ דער רעפּאָרטאַזש טאָן וועלכער איז, ווי מיר האָבן געזען, נישט אויס־געהאַלטן. שרייבער קעגן ארץ ישראל זענען קיין נייעס נישט, אַזוי ווי עס זענען נישט קיין נייעס ביכער, וואָס זענען פול מיט ציוניסטישע אַקסטאַזן.**

**ל. מלאכס „רעפּאָרטאַשזן״ זענען אינטערעסאַנט דערמיט, וואָס זיי קומען נישט פון ציוניסטישן און נישט פון אַנטי־ציוניסטישן לאַגער. ל. מלאך וויל זען פאַלעסטינע געבויט פון יידן, כאָטש אַנדערש, ווי זי ווערט איצט געבויט. ל. מלאך קריטיקירט אַ סך זאַכן אין דעם איצטיקן ארץ־ישראל. ער קריטיקירט אַפילו דעם „עמק״, דאָך מוז ער צוגעבן, אַז**

„דער עמק־יזראעל האָט געקראָגן דעם פאַרקירצטן נאָמען „עמק״ מחמת ליבשאַפט און צערטלעכקייט. דער „עמק״ איז די מעקאַ פון אַר־בעטנדיקן ארץ־ישראל, די קרוין פון אויפטאָן, די גלאָריע פון מעשים״. (ז. 125).

**ער איז שטאַרק אומצופרידן מיט דעם פאַרלייקענען יידיש, פונדעסט־וועגן פירט דאָס אים נישט צו דער פאַרלייקענונג פון ארץ־ישראל:**

„פאַרוואָס איז״, — **פרעגט ער צום סוף פון זיינע רעפּאָרטאַזשן,** — „פאַרוואָס איז ארץ־ישראל נאָך אַלץ מינדערווערטיק אין די אויגן פון אַ

גרויסן טייל יידישע שרייבער, אַלס טעריטאָריעלע באַזע פֿאַרן יידישן פֿאָלק און זיי באַציען זיך דערצו מיט ביטול? ווען דער אָדער יענער קומט אַהער, באַגייסטערט זיך אַפֿילו מיט דעם אויפֿבוי — האַלט ער זיך נישט מער ווי אַ טוריסט און רעזערווירט. פֿאַרוואָס שיסן פֿון הינטער אַ פּאַרקאַן און נישט קומען אַהער זיך שטעלן צו דער אַרבעט פֿון בויען און דעריאָגן?" (ז. 270).

**דאָס איז אַ פֿראַגע, וואָס קומט פֿון אַ פֿריינט, נישט פֿון אַ קעגנער. און דערפֿאַר — טאַקע דערפֿאַר — זענען אויך אַלע אַנדערע פֿראַגן וועלכע ל. מלאך שטעלט אין זיינע „פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן", וויכטיק, און עס וואָלט געווען גוט צו הערן אויף זיי אַן ענטפֿער. בפֿרט נאָך, ווען זיי ווערן געשטעלט אין אַ זאַכלעכן, נישט פֿאַרביטערטן טאָן.**

---

## נתן בוקסבוים*)

# וועגן ל. מלאך'ס „מיסיסיפּי"

פּיעסע אין 3 אַקטן, אויפֿגעפֿירט אין „יוגנט טעאַטער", רעזשי מ. בראַנד.

**עס איז אַ פֿאָרשטעלונג, וואָס קריצט זיך טיף אַריין אין זכרון, און וועלכע לאָזט זיך נישט פֿאַרגעסן.**

**ל. מלאך האָט זיך שוין דעראָבערט אַן אַנגעזעענעם אָרט אין דער יידישער ליטעראַטור. די פּיעסע „מיסיסיפּי" איז אַ באַווייז, אַז מלאך איז נישט נאָר אַ גלענצענדער דערציילער אין זיינע ראָמאַנען, נאָר ער פֿאַרמאָגט אויך אַן אמתן און ערנסטן טאַלאַנט ביים אויספֿורעמען דעם דיכטעריש שטאָף אין סצעניש פֿאָרם. די פּיעסע איז לעבעדיק און שטורעמדיק. יעדע פֿיגור איז געצייכנט קרעפֿטיק און בולט. מיר ווערן מיטגעריסן מיטן גאַנג פֿון דער טראַגעדיע, לעבן טיף אַדורך יעדע געשעעניש אויף דער סצענע. טיפֿע, מענטשלעכע סאָלידאַריטעט דערוועקט אין אונדז דער ליידנס־וועג פֿון די שוואַרצע. די שענדלעכע ראַסן־העצע צווישן די „ווייסע" קעגן די נעגער, אַנטפּלעקט דורכן דיכטער מיט דער גאַנצער אומבארחמנותדיקייט, ביז די טיפֿסטע וואָרצלען אירע, רופֿט אַרויס ביי אונדז**

---

*) נתן בוקסבוים, באַוואוסטער יידישער זשורנאַליסט און כלל טוער, פֿירער פֿון די לינקע פועלי ציון אין פוילן — איינער פֿון אונדזערע קדושים.

דעם ווילן אַריינצומישן זיך אינם גאַנג פֿון די געשעענישן, כדי צו מאַכן אַ סוף צו די פֿינצטערע כוחות, וואָס ווילן צעטיילן די אַרבעטנדיקע מענטש־הייט אויף פֿיינטלעכע לאַגערן.

אַזוי ווירקן קאָן נאָר אַ פּיעסע, וואָס איז דורכגעדרונגען מיט קינסט־לערישן פּאַטאָס, וואָס איז צוגלייך אי אמתע קונסט, אי אַ שטיק אמתע, ביז די טיפֿסטע קעמערלעך דורכגעלויכטענע ווירקלעכקייט.

מלאך האָט דעם נעגער־פּראָבלעם אָנגעכאַפּט ביי די סאַמע וואָרצלען. ער האָט אונדז דורך די פֿאַקטן פֿון דער סצענע, דורך די מענטשן וואָס טרעטן אַרויס אויף דער סצענע, באַוועגן זיך דאָרט און האַנדלען, געוויזן, אַז דאָס נעגער־פּראָבלעם, די טראַגעדיע פֿון די שוואַרצע אין אַמעריקע, האָט אַ טיפֿן סאָציאַלן אונטערשלאַק. פֿאַר אונדזערע אויגן פֿלעכט זיך אַריין דער קאָנפֿליקט צווישן שוואַרצע און ווייסע אין יענעם גרויסן, מעכטיקן סאָציאַלן קאָנפֿליקט, וואָס דערשיטערט די מענטשהייט אויף ביידע האַלב־קוילן פֿון דער ערד און וואָס זיין נאָמען איז — קלאַסנקאַמף.

דער דאָזיקער מעכטיקער סאָציאַלער גראַנגל בילדעט דעם קוואַל פֿון דער „ווייסער" העצע און דער „שוואַרצער" מאַרטיראָלאָגיע. דער ווייסער אַמעריקאַנער פֿינאַנץ־ און פֿאַבריקס־קאַפּיטאַל טאָר נישט און קאָן נישט דערלאָזן, אַז דער שוואַרצער זאָל דעם ווייסן אַ ברודער ווערן, אַז די שוואַרצע און ווייסע לוין קנעכט זאָלן זיך צונויפֿשליסן אין אַ מעכטיקען ברודער־בונד קעגן דער קאַפּיטאַליסטישער עקספּלואַטאַציע. דער שוואַר־צער מוז בלייבן אַ פֿינצטערער, ווילנלאָזער, דורך דער „לינטש" יוסטיץ אָנגעשראָקענער שקלאַף אויף די פּלאַנטאַציעס, אין די גרובן און אין די פֿאַבריקן. דער ווייסער כלומרשט „פּריווילעגירטער" פּראָלעטאַריער מוז דורך דער ראַסן העצע אָפּגעטיילט ווערן, מיט אַ תהום, פֿון זיין שוואַרצן קלאַסן ברודער און איינגעשפּאַנט ווערן אינם רייטוואַגן פֿונם קאַפּיטאַל. אָט פֿאַרוואָס עס ווערן פֿאַבריצירט די ווילדע מעשיות וועגן פֿאַרגוואַלדיקן ווייס־הויטיקע פֿרויען דורך נעגער; אָט פֿאַרוואָס עס ווערן מאַסן פֿון ווייסן קליינבירגערטום, פֿון ווייסע אַרבעטער און אינטעליגענטן געהעצט צו לינטש־אַקטן קעגן די טונקל־הויטיקע „פֿאַרגוואַלטיקער"; אָט פֿאַרוואָס „ווייסע" פּראָסטיטוטקעס ווערן אין סקאָטסבאָראָ דערהויבן צו דער הויך פֿון . . . מאַרטירער; פֿאַרוואָס אַדוואָקאַטן ווערן איבערגעקויפֿט און פֿאַר־ראַטן שענדלעך די „שוואַרצע" קליענטן זייערע; פֿאַרוואָס עס מוז דורך די „ווייסע" ריכטער אַרויסגעטראָגן ווערן אַ טויט־אורטייל קעגן די „שוואַר־צע". אין דער אַטמאָספֿער, וואָס איז אָנגעפּילט, ביז פּלאַצן, מיט ווייסטער

ראַסן־משוגעת און קעגנזייטיקער פֿעלקער־שנאה, שניידט לייכטער דער קאַפּיטאַל זיינע פּראָפֿיטן.

דאָס איז דער אמת, וועלכן עס שרייט אַרויס צו אונדז יעדע סצענע פֿון ל. מלאך׳ס „מיסיסיפּי״ און וועלכן מיר לעבן אַדורך, דערשיטערטע און פֿאַרכאַפּטע ביז גאָר.

אין אַ ראַשן טעמפּאָ יאָגן פֿאָראויס די סצענעס. גלענצענד איז די סצענע אינם פֿראַכט־וואַגאָן, אין וועלכן עס שמוגלען זיך אַדורך נעגער, אויסגעהונגערטע און פֿאַרוואָרלאָזטע, כדי צו זוכן אַרבעט. קורצע, אָפּגעריסענע געשפּרעכן. פֿון זיי דערוויסן מיר זיך אָבער וועגן יאָרן אַרבעטסלאָזיקייט, פּיין און הונגער, וועגן שקלאַפֿן־יאָך פֿון די נעגער אין די קאַפּיטאַליסטישע אונטערנעמונגען. מיר לעבן זיך אַריין אין זייערע שטימונגען לגבי די ווייסע, מיר זעען דעם גיהנום פֿון די נעגער־קינדער, וועלכע וואַלגערן זיך, פֿון די סאַמע יונגע יאָרן אָן, פֿון איין עק לאַנד צום צווייטן, שוין אין געיעג נאָך אַרבעט, ברויט, נאָך... לוין־שקלאַפֿעריי. מיר לאַכן און טרויערן צוזאַמען מיט די נעגער צוליב דער בלינדער נאַאיווקייט פֿון יענעם נעגער, וואָס האָט זיך אין דינסט ביים ווייסן אימפּעריאַליזם דערדינט צו אַ מעדאַל און מיינט, אַז דאָס גלייכט אים אויס מיט זיינע אונטערדריקער און עקספּלואַטאָרן. טיפֿע, ברידערלעכע סימפּאַטיע רופֿן אַרויס די ווערטער פֿון דעם נעגער, דזשאַן, וועלכן זיין גורל האָט זעעוודיקער און באַוואוסטזיניקער געמאַכט.

עס קומט דאַן די סצענע פֿונם צונויפֿטרעף פֿון די שוואַרצע מיט די ווייסע. קלאָר און שאַרף ווערט באַלויכטן דער תהום פֿון האַס, וואָס טיילט פֿונאַנדער די מענטשן פֿון צוויי פֿאַרשיידענע הויט־פֿאַרבן. מיר לעבן דורך די ערשטע טריט פֿון דער סקאָטסבאָראָ טראַגעדיע.

דאַן קומען די סצענעס פֿונם געראַנגל פֿאַר באַפֿרייען די אומשולדיקע נעגערס, בילדער פֿון דער נעגער פּיין סיי אויף דער פֿריי, סיי אין דער תפֿיסה. פֿון איין זייט טיפֿער אומצוטרוי און אַפֿילו שנאה צו די „ווייסע״, פֿון וועלכע עס שטאַמען זייערע אונטערדריקער און מצד וועלכע עס דראָט די „לינטש־יוסטיץ״. פֿון דער אַנדערער זייט — דער אויפֿקום פֿונם פּראָלעטאַרישן קלאַסן־געפֿיל און פֿונם דראַנג צום בשותּפֿותדיקן קאַמף מיט די „ווייסע״. אָט הערן מיר, ווי עס זאָגט אַ נעגערישער סאָציאַליסט צו די ווייסע אַרבעטער, וועלכע ווילן צוזאַמען מיט די נעגער קעמפֿן קעגן דער סקאָטסבאָראָ שאַנד: „די ווייסע קאַפּיטאַליסטן ווילן אונדז פֿאַר סטרייקברעכער מאַכן און איר האָט מורא, אַז מיר זאָלן סטרייקברעכער ווערן. אָבער די שטראַלן פֿון קלאַסן־סאָלידאַריטעט לייכטן אַלץ טיפֿער

אַריין אין די הערצער פֿון די פּראָלעטאַריער פֿון בײדע ראַסן. און ווען דער שאָטן פֿון טויט־אורטייל פֿאַלט אויף די מאַרטירער־קעפּ פֿון די נע־גער, ווען דער פֿאַרצווייפֿלטער געיאָמער פֿון דער „שוואַרצער" מוטער רופֿט נאָך הילף, נאָך אַ שטראַל פֿון האָפֿנונג, דונערט די בשורה וועגן מאַסן־סטרייקס, וואָס זענען אויסגעבראָכן אין נאָמען פֿון סאָלידאַריטעט מיט די, וועלכע דער „לינטש"־אורטייל האָט צום טויט פֿאַרמשפּט.

און די צום טויט־פֿאַרמשפּטע? זיי ווייסן אַז זייער פּערזענלעכער גורל איז שוין פֿאַרשפּילט, דער לעצטער האָפֿנונג־שטראַל אויסגעלאָשן. אָבער ווען זיי גרייטן זיך שוין צו גיין צום טויט, דערפֿילן זיי אינסטינקטיוו, אַז זייער פּיין איז נישט אומזיסט געווען, עס שטרעקן זיך שוין טויזנטער הענט זיי צו העלפֿן. נישטאָ מער קיין קרעכץ, קיין געיאָמער. פֿעסט און האַרט גייען זיי אין די אָרעמס פֿון טויט און פֿון זייער מויל רייסט זיך אַרויס דאָס קאַמף ליד:

„ביים מיסיסיפּי, אינם דרום —
שליסן אָרעמס זיך צו אָרעמס.
און פֿון צאָרן אויפֿגעברויזטן —
פֿלאַמען פֿויסטן!"

---

דער רעזשיסאָר מ. בראַנדט האָט געגעבן דער פּיעסע גלענצענדע סצע־נישע ראַמען, וועלכע שטרייכן בולט אונטער די וויזנטליכע מאָמענטן פֿון דער פּיעסע. דאָס לייזן דעם בינע־פּראָבלעם דורך דער פֿיל־סצענישקייט, האָט פֿאַרגיכערט דעם טעמפּאָ פֿון דער אַקציע; האָט אַריינגעצויגן דעם צושויער אינם גאַנג פֿון די געשעענישן און לאָזט אונז נאָך פֿיל שטאַרקער פֿילן דעם אמת און די לעבעדיקייט פֿון דעם, וואָס געשעט אויף דער בינע. דער פּלאַסטיקער־קרייז ביים „יונג־טעאַטער" האָט זיין דעקאָראַציע־אויפֿ־גאַבע געלייזט אויסגעצייכנט. די מוזיקאַלישע באַאַרבעטונג פֿון הענעך קאָן איז טרעפֿליך און גיט צו אַ סך פֿאַרב און אייגנאַרטיקייט דער פּיעסע.

די יונגע אַרטיסטן פֿונם „יונג־טעאַטער" האָבן נאָכאַמאָל דערוויזן, וויפֿל עס קאָן אויפֿטאָן ערנסטע, פֿון געזעלשאַפֿטלעכן גייסט אַדורכגעדרונ־גענע, באַגייסטערטע באַציאונג צו דער קינסטלערישער שליחות פֿון טעאַ־טער אַרטיסט. וואָלאָווטשיק, גרין, ראובן, יולעק, הייבלום — אין דער ראָל פֿון סקאָטסבאָראָ־נעגער זענען געווען גלענצענד, זייער שפּיל האָט נישט זעלטן פֿאַרכאַפּט און דערשיטערט. י. מאַרקוס, אין דער ראָל פֿון אַ באַגייסטערטער קעמפֿערין פֿאַר דער אַרבעטער סאָלידאַריטעט אָן חילוק פֿון ראַסע, האָט געהאַט שטאַרקע, טיף־מענטשלעכע מאָמענטן. גאָר פֿיין איז

געוועזן פּיניע זיגעלבוים אַלס אַדוואָקאַט. גוט איז דער ראָל פֿון דער נעגער־מוטער, — פּאַקעל. אויסגעצייכנט, אַלס נעגער־זינגער, סטאַבער און לעווין. מען וואָלט געדאַרפֿט אויסרעכענען אויך אַלע אַנדערע, ווייל אַלע צוזאַמען האָבן דורך זייער שפּיל געהאָלפֿן צום דערפֿאָלג פֿון דער פּיעסע.

די פּרעסע־פּרעמיערע איז אויפֿגענומען געוואָרן מיט שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן. מיט באַגייסטערטע אָוואַציעס האָט מען אויפֿגענומען דעם דיכטער, דעם רעזשיסאָר, דעם מוזיקער און די אַרטיסטן.

עס איז אַ גלענצענדע פֿאָרשטעלונג. ל. מלאך האָט אין זיין פּיעסע דערגרייכט דעם שטאַפּל פֿון אמתן פּראָלעטאַרישן דיכטער. זיין פּיעסע האָט געפֿונען אַ טיפֿע מענטשלעכע און קינסטלערישע פֿאַרשטענדעניש ביים רעזשיסאָר, מוזיקער און ביי די יונגע אַרטיסטן. און פֿון דער געמיינזאַמער אַרבעט פֿון זיי אַלע נעמט זיך דער גרויסער דערפֿאָלג פֿון „מיסיסיפּי", די נייע דערגרייכונג פֿון „יונג־טעאַטער".

מיר האָבן אַ רעכט צו זיין שטאָלץ מיט דער נייער, רייפֿער לייסטונג פֿון אונזער ליבן חבר, ל. מלאך.

## אלחנן צייטלין*)

# דאָס בוך, וואָס איך האָב אקאָרשט איבערגעלייענט

ל. מלאַך: „די מויד פֿון לודמיר״.
דראַמאַטישע באַלאַדע אין 8 בילדער.

אַ יידישע הייליקע? אַ פֿרוי — אַ רבי? אַ צדיקית? אַ מיידל אין טלית און תּפֿילין, וואָס לערנט תּורה מיט בית־מדרש־בחורים, פּראַוועט טיש און נעמט פּדיונות? —

די געשטאַלט פֿון דער לודמירער „מויד״ האָט זיך דאָך ממש געבעטן פֿאַרקערפּערט צו ווערן אין דער ליטעראַטור, אין אַ קינסטלערישן ראָמאַן, אין אַ רעאַליסטישער אָדער סימבאָליסטישער דראַמע. און עס איז טאַקע אַ וואונדער, וואָס אַזוי לאַנג האָט אָט די וואונדערבאַרע טעמע נישט געפֿונען קיין ליטעראַריש־קינסטלערישן תּיקון ביי אונז.

ל. מלאַך האָט זיך פֿאַרמאָסטן אויף דער דאָזיקער טעמע, און אָנגעשריבן אַ „דראַמאַטישע באַלאַדע״—ווי ער רופֿט עס—אין אַכט בילדער.

ל. מלאַך׳ס „מויד פֿון לודמיר״ איז נאָך אין בוך־פֿאָרם נישט דערשינען. די פּיעסע געפֿינט זיך, אין מאַנוסקריפּט, אין די טעקעס פֿון אייניקע יידישע רעזשיסאָרן און ביי אייניקע יידישע שוישפּילער און שוישפּילערינס. איך האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו באַקענען מיט דער פּיעסע, און אין שייכות מיט ל. מלאַך׳ס איצטיקן קומען קיין פּוילן, איז כּדאַי וועגן דער „מויד פֿון לודמיר״ אַ ביסל צו שמועסן. מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט זייער אַן אינטערעסאַנטער דראַמאַטישער שאַפֿונג, אַ שאַפֿונג, וואָס איז עלול צו באַרייכערן דעם רעפּערטואַר פֿון יידישן טעאַטער.

איז די „מויד״ פֿון לודמיר טאַקע באמת געווען אַ הייליקע, אַ גרויסע נשמה, אויסגעטאָן פֿון גשמיות, פֿון דער וועלט און אַלץ וואָס האָט מיט עולם־הזה אַ שייכות? אָדער —

„דאָס האָט נאָר איר טאַטע, דער צדיק
איבער דעם פּאָדעם געציטערט,
ער זאָל נישט זיין דער לעצטער פֿון זיין גזע,

---

*) אלחנן צייטלין, באַוואוסטער יידישער שרייבער אין פּוילן, אַ זון פֿון אבא הלל צייטלין, אַ ברודער פֿון דעם באַקאַנטן שריפֿטשטעלער אהרן צייטלין. ער איז אומגעקומען על קדוש השם אין וואַרשעווער געטאָ.

און אַז גאָט האָט אים קיין זון נישט געגעבן,
האָט ער אין איר אָנגעהאַנגען די משא
פֿון צדקיות!
מיט אַ פֿאַנצער פֿון סודות און רמזים
האָט ער זי אַרומגענומען."

עס גייט אָן אַ טראַגיש־מוראדיק געראַנגל אין חנהן, דער לודמירער מויד. צוויי כחות קעמפֿן אין אירע געבליטן: טראַדיציע פֿון דורות, לויטערקייט פֿון אַסקעטיזם, גאָט־זוכעניש, וואָס הויבט־אויף איבער אַלץ און אַלעמען, איבער ערד און איבער דאָס ערדישע, און — יונג, קאָכעדיק בלוט, וואָס זינגט אין איר דאָס געזאַנג פֿון וועלט און פֿון לעבן, וואָס מאַנט שטענדיק, אומאויפֿהערלעך, און רופֿט צו זינד, וואָס איז אזוי שיין און צו ערדיש לעבן, וואָס איז אַזוי יונג און זוניק. אַלטע, פֿאַרגעלטע גמרא־בלעטער, טעג פֿון סיגופֿים און קערפּערלעכער פּיין, באַוואוסטזיין פֿון העכערער, געטלעכער שליחות אויף דער ערד, פֿון תיקון־נשמות און — די וואַרעמע, ליכטיקע אויגן פֿון זיסעלען דעם ישיבה־בחור, דעם שפּעטערדיקן טריסקער רב, בענקשאַפֿט נאָך שטאַרקע מענערישע אָרעמס, וואָס נעמען אַרום, האַלדזן, צערטלען.

לאַנג, לאַנג גיט זיך חנה נישט אונטער דעם קירה"ר, דעם בייזן גייסט, וואָס שלעפּט זי פֿאַר די האָר אַראָפּ, צו דער ערד, צו זינד, צו רויש פֿון שטורעמדיק בלוט. זי טרייבט אים פֿון זיך, אַנטלויפֿט פֿון אים, ראַנגלט זיך מיט אים, אָבער ער טויכט אַלעמאָל אַרויף פֿון די כוואַליעס אַפֿיר, שטעלט זיך איר פֿאַר די אויגן און ציט זי און ציט. און אַפֿילו זיסעלען, דעם האָרץ־באַגערטן, דעם טרוים פֿון אירע אומעטיקע, רביש־מיידלשע נעכט, פֿאַריאָגט זי לכתחילה פֿון זיך, כאָטש דאָס פֿייער פֿון ערדישער, פּשוטער אייפֿערזוכט צו אסנהן, זיסעלעס כשר, איידל ווייב, ברענט אין איר. זי ווערט זיך, די לודמירער „מויד", קעגן די געזונטע מענטשלעכע כחות, וואָס ליגן פֿאַרבאָרגן אין איר. זי פּרוּווט זיך צו באַפֿרייען פֿון זיי ווי פֿון שרעקיקע, אומהיימלעכע געשפּענסטער, אָבער וואָס־ווייטער, אַלץ מער פֿילט זי, אַז קירה"ר וועט זי, סוף־כל־סוף, באַזיגן, און אַז דעם נסיון פֿון זיסעלעס הייסע, ייִנגלשע ליפּן, וואָס וואַרטן אויף איר, וועט זי נישט ביישטיין.

און ווען די יסורים ווערן שוין נישט צום אַריבערטראָגן, ווען די ספֿקות דראָען שוין איינגאַנצן צו פֿאַרטיליקן די צעצווייטע, צעשפּאָלטענע נשמה, פֿאַרגייט זיך די „מויד" אין אַ תּפֿלה און פֿרעגט ביי גאָט:

„צו וואָס האָסטו די לויטערקייט פֿון מיין נשמה
געלאָזט פֿאַרשלינגען אין די פֿלאַמען פֿון מיין גוף?
אַליין מיט זיך זאָל איך איצט פֿירן אַ מלחמה,
אַליין מיט זיך, אַליין זיך נעמען אויף אַ פּרואוו?"

אָבער אויפֿגעברויזט בלוט מוז געשטילט ווערן. יונגע, נישט־אויס־געלעבטע מיידל־יאָרן ווילן אויסגעלעבט־ווערן. און ווען זיסל, דער טריסקער רב, דאַרף שרייבן צום צווייטן מאָל תנאים מיט בינהן, דער געשטאָר־בענער אסנהס שוועסטער, און מען לייענט: החתן רב זיסל הרב מטריסק והכלה — — — טוט זיך חנה, די לודמירער מויד, פּלוצלינג אַ רייס:

איך, איך, יידן, בין די כלה!
נישט קיין הייליקע און נישט קיין רביצין!
נישט קיין צדיקת און נישט קיין פּאַסטעך!
איך בין פֿלייש און בלוט,
פֿייער און גוף,
גיט מיר אָפּ מזל־טוב, איך בין אַ כלה־מויד!"

און זי טרייבט פֿון זיך די הילפֿלאָזע, וואָס קומען צו איר נאָך הילף, און איר אויער פֿאַרנעמט שוין נישט דאָס געשריי פֿון די גערודפֿטע שטעטל־יידן, וואָס ווערן באַשולדיקט, אַז זיי סמען־אָפּ די ברונעמער און ברענגען די פֿינצטערע חולאתן אויף דער וועלט. זי וויל זעטיקן איר נישט־געזע־טיקטקייט, זי וויל לעשן דעם דורשט פֿון יונגע יאָרן, וואָס זענען אַזוי אָלט פֿאַרלאָפֿן צווישן די אומעטיקע ווענט פֿון בית־המדרש. און עס איז נישט וויכטיק, סוף־כל־סוף, וואָס מנצח־זיין וויל דווקא קירה"ר, און וואָס זיסל, דער אויסגעבענקטער און נשמה־פֿאַרליבטער, מוז זיך מיט חנהן שיידן; וויכטיק איז, וואָס די „מויד" האָט זיך שוין איינגאַנצן, מיטביידע פֿיס, געשטעלט אויף דער זייט. דאָס געשריי פֿון בלוט האָט ענדלעך איבערגע־שריגן די טונקל־דערהויבענע חצות־קולות, וואָס האָבן נאָך געטליעט ווי לעצטע פֿונקען אין איר, און ווען דער שמש שרייבט דעם גט, רייסט זי פֿון זיך די קליידער אַראָפּ, הוילע גלידער אַנטפּלעקן זיך און אַ הייסער, יונגער קוש פּרעסט זיך אָפּ אויף די ליפּן פֿונם טריסקער רב.

„זע, מיין הויט — דאָס איז דער לבוש,
אַ צודעק פֿאַר דעם בלוט, וואָס פֿלייצט!
און זע, מיין לייב — אַ גיהנם געהייצט,
איין קוש, זיסל, איין קוש!"...

און די „מויד פֿון לודמיר" ווערט פֿאַרברענט אין איר אייגענעם פֿייער. זי בלייבט, ווי קירה'ר זאָגט, „דער שאָטן פֿון אירע אבות און דאָס אַש פֿון זיך אַליין".

---

מלאכס „מויד פֿון לודמיר" האָט, סיי פֿון סצענישן און סיי פֿון ליטע־ראַריש־קינסטלערישן שטאַנדפּונקט, אַ סך מעלות. דער דיאַלאָג איז פֿלי־סיק, לעבעדיק. די אַקציע אַנטוויקלט זיך בהדרגה מיט אַן אַלץ־שטייגנ־דיקן אינטערעס. פֿאַראַן מאַסן־סצענעס, קאָלאָריט־און זשאַנר־בילדער, פֿון וועלכע אַ באַגאַבטער רעזשיסאָר קען אויסבויען אַן אימפּאָנירנדיקן ספּעק־טאַקל. די ראָל פֿון דער „מויד" איז ווי אָנגעמאָסטן פֿאַר אַ רעפּרעזענ־טאַבלער טראַגיקערין מיט אַ מאָנומענטאַלער פֿיגור אויף דער בינע. די שפּראַך איז קערנדיק, פֿאָלקסטימלעך, ערטערווייז אויך אייגנאַרטיק. אין די רעמאַרקן געפֿינען מיר בילדער, וואָס זאָגן עדות אויף דער באַדייטנדי־קער דיכטערישער קראַפֿט פֿונם אויטאָר. למשל:

„און דער עולם טאַנצט און טאַנצט אין די זאָקן, און עס פֿאַלן די הוילע פֿיס אומהיימלעך אויפֿן דיל, ווי עס וואָלטן זיך געשאָטן לאָפּעטעס ערד אויף די קאַסטנס אין די קברים. אַ מזל־טוב און אַן אומהיימלעכער טאַנץ הויבט זיך אָן ווי עס וואָלטן געהאָפּקעט הינערשע פֿיסלעך" א. א. וו.

צלבהס „גאָט פֿון אברהם" און חנהס געבעט: „געביטער פֿון עולמות, האַר פֿון אַלע וועלטן", זענען גאַר־פֿיינע צושטייערן צו דער נישט־גע־קינסטלטער, עכט־יידישער דיכטונג.

---

## י. י. ראַפּאָפּאָרט

# לייב מלאַך — „פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן"

פאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער", וואַרשע, 1935.

פונקט מיט צוויי יאָר צוריק האָב איך באַקומען פון לייב מלאכן זיין בוך „פּאַלעסטינע־רעפּאָרטאַזשן". כ'האָב עס איבערגעלייענט מיט גרויס אינטערעס. איצט, קלייבנדיק זיך צו שרייבן וועגן דאָזיקן בוך צוויי יאָר נאָכן לייענען אים, האָב איך זיך נישט געוואָלט פאַרלאָזן אויף מיין דעמאָלטיקן איינדרוק און באַשלאָסן דורכצוקוקן דאָס בוך נאָך אַמאָל. אָבער אַ רעצענזעט דענקט און אַ בוך לענקט: דאָס בוך האָט זיך נישט געלאָזט איבערקוקן, נאָר געצוואונגען מיך עס איבערצולייענען פון טאָוול ביז טאָוול, אָדער ריכטיקער נאָך: דורכצומאַכן נאָכאַמאָל די רייזע. ווייל לייענענדיק די דאָזיקע רעפּאָרטאַזשן האָט מען גיכער אַ געפיל פון דורכמאַכן אַ רייזע, ווי פון לייענען אַ בוך. דאָס וואָרט פאַראַזיטעוועט דאָ נישט אויפן חשבון פון דער ווירקלעכקייט, ווי געוויינלעך ביי דאָזיקן זשאַנר, וואו מען באַנוצט אָפט אַ פּאָדעם ווירקלעכקייט, כדי אַרויפצוציען אויף אים אָן אַ שיעור מליצה־פּאַטשערקעס. אין מלאַך'ס רעפּאָרטאַזשן איז דאָס וואָרט, ווי אַ פשוטער, אייזערנער הויב־שטאַנג, מיט וועמענס הילף ער הויבט אַרויף אין בוך אַריין אַ ריזיק שטיק ווירקלעכקייט און אַליין בלייבט עס ווי אין דרויסן, מען שפירט עס קוים, עס פאַרנעמט נישט דעם פּלאַץ פון דעם עיקר. דאָס האָט זיך אָפּגערופן אויף דער סאַמע אויסערלעכקייט פון דער פאָרם, אויך דער עפּידערמיס (הויט) פון דער פאָרם — דער שפּראַך־געשליפנקייט. דער דאָזיקער קליינער הזק ווערט אָבער כפל־כפלים אויסגעגליכן דור דאָ גרויסן רוח: דורך דער נישט גאָר גלאַטער, דורך דער קאָסמעטיש נישט געפלעגטער שפּראַך־הויט שפּראָצט דאָס געזונטע בלוט פון פילפאַרביקן לעבן, זעט מען די שיינע מוסקול־שפּיל פון דער ווירקלעכקייט.

מלאַך'ס „פּאַלעסטינע־רעפּאָרטאַזשן" זענען אָרעם אין וואָרט־עלעמענט, דערפאַר אָבער שטיין־רייך אין לעבנס־עלעמענט. אַ מאַקסימום אינהאַלט ביי

---

באַמערקונג פון דער רעדאַקציע:

צוליב דעם וואָס ארץ ישראל האָט פאַר אונדז אַזאַ גרויסע באַדייטונג, גיבן מיר דאָ צוויי אָפּהאַנדלונגען וועגן די „פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן". זע ש. ניגער, זייט 325. אַ חוץ דעם איז דער אַרטיקל, לויט אונדזער באַשיידענער מיינונג, גאָר באַזונדערס אינטערעסאַנט.

אַ מינימום־וואָרטשאַפֿט, ביי דער רעפּאָרטאַזש־פֿאָרם, די געפֿאַר פֿון אי־בערגעלאָדנקייט, פֿון כאַאָס. דערווירקלעכקייט דראָט דאָ אַ געפֿאַר אויב נישט פֿאַרדעקט צו ווערן דורך ווערטער, איז באַגראָבן צו ווערן אונטער דער אייגענער צו גרויסער שפֿע. דער גאַנצער טאַלאַנט פֿון מלאך דעם רעפּאָרטאַזשיסט ווייזט זיך טאַקע ארויס אין דעם, וואָס ער מיידט אויס די דאָזיקע סכנה. מלאך באַמערקט זייער אַ סך און אלץ, וואָס ער באַמערקט, נעמט ער אויף אין זיינע רעפּאָרטאַזשן, אָבער מיט אַזאַ לעבעדיקן אימ־פּעט, אַז די פּילגעשטאַלטיקטע ווירקלעכקייט באַווייזט נישט איבערצוּלאָזן הינטער די ראַמען פֿון רעפּאָרטאַזש איר לעבעדיקע אָרגאַנישקייט. פּונקט ווי דער אימפּעט העלפֿט דורכצוּלויפֿן דורך אַ פֿייער נישט אָפּגעבריטער־הייט, אַזוי העלפֿט מלאכן דער אימפּעט אַריינצונעמען אין זיינע רעפּאָר־טאַזשן אַ ל ץ, וואָס ער זעט און עס זאָל נישט ווערן איבערגעלאָדענער רוי־מאַטעריאַל.

דער דאָזיקער לעבעדיקער אימפּעט, וועלכער טראָגט אונדז דורך דורכן בוך ווי דורכן ל ע ב ן, באַלעבט אויך דאָס סאַמע אומשיינבאַרע אין בוך — די נישט־פּריזירטע שפּראַך, די אַ ביסל פֿאַרנאַכלעסיקטע אוי־סערלעכע פֿאָרם. די שפּראַך פֿון מלאך'ס רעפּאָרטאַזשן איז נישט קיין קול־טיווירטער גאָרטן, אָבער דאָס הייסט נישט, אַז זי איז אַ וויסטע. אומעטום וואַקסן אויס, ווי פֿון זיך אַליין, שמעקעדיקע רויזן און פּשוטע, באַחנטע פֿעלד־בלומען; בילדלעכע, נאַטירלעכע פֿאַרגלייכן, שלאָגנדיקע פֿאָרמולי־רונגען, ווי פֿאָלקס־ווערטלעך. מלאַך האָט זיי נישט געזייעט מיט אַ כּיוון — עס האָט זיי אַרויסגעבראַכט די נאַטירלעכע קוועלנדיקע פּרוכטבאַרקייט פֿון מלאך'ס שווארצערדיקע רעפּאָרטאַזשן.

„צפֿת — אַ שטאָט אַ טאָרבע" — און דער גאַנצער צפֿת־רעפּאָרטאַזש ווערט אַריינגעקוועטשט — אָבער נישט ווי אין אַ סדום־בעטל, נאָר ווי אין אַ כּשוף־שפּיגעלע — אין דאָזיקן זאַץ: „די ווערטער, וואָס פֿאַלן פֿון זייערע ליפּן, גייען אום אויף שפּיץ־פֿינגער", זאָגט מלאך וועגן די אַרבעטער פֿון דער רוטענבערג־קאָנצעסיע. און מיר האָבן פֿאַר זיך ווידער אַ כּשוף־פֿאָר־מול, אַ נאַטירלעך־אַרויסגעקוועלטע, וואָס שפּיגלט אָפּ דעם גאַנצן רעפּאָר־טאַזש וועגן די אַרבעטס־באַדינגונגען ביי רוטענבערגן.

עס וואָלט מיך אָבער צו ווייט פֿאַרפֿירט, איך זאָל וועלן אויסקלייבן די דאָזיקע אַלע זאַצן און פֿאָרמולירונגען, וועלכע פֿאַרוואַנדלען די רעפּאָר־טאַזשן אין דיכטערישער (הגם פּשוטער און ערטערווייז נאַכלעסיקער) פּראָזע. אַזאַ גלאַנץ־קאַפּיטל ווי „מאַגנאַליא־סטריט אין נס־ציונה", אַ קאַ־

פּיטל — אַ פּאָעמע, פאַלט נישט אַראָפּ אין בוך, ווי אַ מעטעאָר פון ווייטע ספערן — דאָס איז אַ בליץ, וואָס רייסט זיך דורך אין איין טייל וואָלקן, וועלכער איז אינגאַנצן אָנגעלאָדן מיט עלעקטריציטעט.

---

די פּאַלעסטינע־רעפּאָרטאַזשן זענען אין אונדזער ליטעראַטור און פּרעסע אָפּטע געסט. בכלל שרייבט מען ביי אונדז זייער אַ סך רייזע־איינדרוקן. אָבער די גרויסע פּאַלעסטינע־ליטעראַטור (די רייזע־איינדרוקן און רעפּאָרטאַזשן) איז על־פּי־רוב זייער פּרימיטיוו געבויט: אויפן פּרינציפּ פון ווייס־שוואַרץ. אָדער מען איז אַנטציקט „אָגולנע" אָדער מען רייסט אַראָפּ „אָגולנע". מלאַך׳ס רעפּאָרטאַזשן זענען אויך אין דאָזיקן פּרט אַן אויסנאַם, פול מיט לעבן און — לעבנס־סתירות.

מלאַך שליסט זיין בוך רעפּאָרטאַזשן מיט אַ קאַפּיטל „אַ דיאַלאָג צווישן מיר און מיין שאָטן". — דאָס געהער שוין נישט צו די רעפּאָרטאַזשן גופא — דאָס איז אַ מין רעזומע, לויט מיין מיינונג, נישט קיין געלונגענע. דער דאָזיקער דיאַלאָג צווישן מלאכן און זיין שאָטן בלייבט ווייט־ווייט הינטערשטעליק לגבי דעם זעלבן דיאַלאָג, וואָס עס פירן צווייווירקלעכקייטן אין די רעפּאָרטאַזשן גופא. צוויי ווירקלעכקייטן — צו איינער זאָגט מלאַך יאָ און צו דער צווייטער—ניין. אָט דער דאָזיקער לעבעדיקער, אימפּעטיקער דיאַלאָג צווישן צוויי אוממיטלבאַרע ווירקלעכקייטן — נישט צווישן מלאכן און זיין אַבסטראַקטן שאָטן — בילדעט דעם גרעסטן ווערט פון בוך. מיר האָבן דאָ — נישט קיין ביליקע, קאַזיאָנע התפּעלות און נישט קיין ביליקן, בייזוויליקן חוזק — מיר האָבן פאַר זיך אַן ערנסט בוך, וואָס האָט אַ שאַרף אויג סיי פאַר דער שאָטן־זייט סיי פאַר דער זון־זייט.

אויב דער אבסטראַקטער אָפּשלוס האָט זיך מלאכן ניט איינגעגעבן — און ער איז גאָרנישט נויטיק, ווייל מיר הערן דעם דיאַלאָג אין משך פון אונדזער גאַנצער רייזע מיט מלאכן — איז אָבער דערפאַר מלאכן זייער און זייער געלונגען זיין אָווערטורע צו די רעפּאָרטאַזשן — דאָס קאַפּיטל „אויף דער שיף".

מלאַך באַזיצט די וויכטיקסטע אייגנשאַפט פאַר אַ זשורנאַליסט, פאַר אַ רעפּאָרטאַזשיסט: קאָנען דערזען אינם פּרט — דעם כלל, דעם סימבאָל. גלייך אויף דער שיף כאַפּט אויף זיין אויג די צוויי ליניעס, וועלכע ער וועט שוין נישט פאַרלירן אין משך פון גאַנצן בוך. און נישט דערפאַר, ווייל ער וועט זיי קינסטלעך דורכפירן, נאָר ווייל ער וועט זיי אומעטום אַרויספילן, דערזען, אַנטדעקן.

„איך זע פֿאַר זיך, דאָ אויף דער שיף, אַ וויטן אָפּשטראַל פֿון „דאַרטיקן“ לעבן. איך זע פֿאַר זיך דיפֿערענצירונגען אין אידייען און פֿאַרביסנקייט צווישן קלאַס און קלאַס. דאָ פֿאַרט אַ יוגנט, וואָס האָט אויף אירע אייגענע חורבות זיך געלערנט שטרעבן צו אַן איבערבוי, און עס פֿאַרט דער, וואָס האָט מער דאָ, אין די חרובע לענדער, נישט געקענט עקספּלואַטירן אי זיין אָנגעזאַמעלטע ענערגיע, אי זיינע אָפּגעשפּאָרטע אוצרות“.

אָט דאָס איז דער לייט־מאָטיוו פֿון בוך, אָבער נישט אַריינגעבראַכט דורכן מחבר פֿון דרויסן, נאָר דורך דער ווירקלעכקייט פֿון אינעווייניק.

אויף דער שיף שוין צייכענען אָן די רייזנדע אַלע גרויסע ליניעס פֿון דעם בוך־דיאַלאָג: אידעאַליזם פֿון די קבוצות און אויסגערעכנטקייט פֿון נאַציאָנאַלן קאַפּיטאַל, וואָס האַלט זיך ביים יידישן חודש דערפֿאַר, ווייל ער פֿאַרמאָגט 28 טעג אנשטאָט 30 און 31 און עס קומט נאָך צו אַן עיבור־חודש — אַ סגולה צו מער דירה־געלט; רעכט אויף אַרבעט און כבוש העבודה — דאָס אַראַבישע פּראָבלעם; דאָס נאַציאָנאַליסטיש־שאָוויניסטישע אין אַלע פֿאָרמען קעגן יידיש; דער קאַמף צווישן אייראָפּעאישער ציווילי־זאַציע מיט אַזיאַטישער אָפּגעשטאַנענקייט. האָט דען מלאך אַרויסגעבראַכט די דאָזיקע מאָטיוון אויף דער שיף, ווי אַ גייסטיקן באַגאַזש, ווייל די דאָזיקע פּראָבלעמען זענען אים פּובליציסטיש און פּאַרטייאיש באַקאַנט געווען פֿון פֿריער? ניין, ער האָט זיי אויפֿגענומען אויף אַ סימבאָליש־דיכטערישן שטייגער — הגם דערביי האָט געמוזט שפּילן אַ ראָל זיין באַוואוסטזיין, ווי ביי יעדער שאַפֿונג. אַ דיכטער, אַ שרייבער אָן אידייען, אָן אַ וועלט־בילד, אָן אַן איינשטעלונג זעט גאָרנישט, ווי אַ ניי־געבוירן קינד. מיטן זען איז ריכטיק ווי מיט קאַפּיטאַל: ווער עס קען אינוועסטירן — דער קאָן באַקומען ריוח; ווער עס קומט צו דער ווירקלעכקייט מיט גאָרנישט — באַקומט פֿון איר גאָרנישט.

איך וויל אילוסטרירן דעם דאָזיקן דיכטערישן פּראָצעס פֿון מלאך׳ס סימבאָלישן אויפֿנעמען די ווירקלעכקייט:

„אויף דעם מעטשעט־טורם באַווייזט זיך דער „מועדזין“ און זינגט אויס די... אָוונט־תפֿילה, אָנזאָגנדיק די מאַכמעדאַנער, אַז עס איז נישטאָ קיין אַנדער גאָט חוץ אַללאַ און מחמד איז זיין נביא. און — גלייכצייטיק הערט זיך אויך דער קלאַנג פֿון האַמער, — דער סיגנאַל פֿון דער פֿאַבריק־סירענע, וואָס זאָגט אָן — „נישטאָ קיין אַנדער געזאַנג ווי דאָס געזאַנג פֿון שטאָל, נישטאָ קיין אַנדער נס, — ווי בויען“.

„יפֿו און תל אביב — איין ים־ברעג. עס איז עטלעכע שפּאַן פֿון איין

שטאָט ביז דער אַנדערער. נאָר דער גאַנג איז הונדערטער און הונדער־
טער יאָרן״.

**דאָס שפּירט מלאך נאָך אויף דער שיף. דאָס איז די לעגיטימסטע פאָרם פון זען שאַרפער און פילן שאַרפער — די לעגיטימסטע פאָרם פון דער דיכטערישער אַסאָציאַציע.**

**דאָס, וואָס מלאך האָט געזען אויף דער שיף, וועט ער זען אין אומ־ צייליקע וואַריאַציעס אין די ווייטערדיקע רעפּאָרטאַזשן, אָבער תמיד אויפן זעלבן אופן, מיט דער הילף פון סימבאָליזירן דעם פּרט, מיט דער הילף פון דער אוממיטלבאַרער אַסאָסיאַציע.**

**אין ביישפּיל פאַר אַ סך** (לאָמיר זיך אָנשטעקן פון בוך און אויך סימבאָליזירן דעם פּרט): אויף דער שיף גיט אַ ווייע אויף מלאכן מיט „אי־ **דעאַליזם, וואָס איז באַלאַסטעט מיט אָן אַ שיעור גדלות און... אינדיווי־ דואַליסטישע נייגונגען״. און שוין. די אינטואיטיוו־שטאַרקע אַסאָסיאַציע ווערט פאַרלאָרן ווי אַן אויפברויזנדיקע כוואַליע אין ים. אָבער אומגעריכט, אין „עמק״** (אין דאָזיקן פּרעכטיקן קאַפּיטל), **קומט די דאָזיקע אַסאָסיאַציע ווידער אויף, אָבער אַ שטאַרקערע, אַ רייפערע, — ווייל די ווירקלעכקייט, וואָס געבוירט זי, איז שטאַרקער און פולער, ווי איר סימבאָלישער פּרט אויף דער שיף. און אָט די דאָזיקע געשטאַרקטע אַסאָסיאַציע גיט אײַן מלאכן פאָרמולירונגען פאַר זאַכן דינגע, גייסטיקע, וואָס וואָלטן געוועזן אַ כבוד פאַר יעדן גרויסן פּובליציסט און עסייאיסט. אָט ווי ער נעמט אויף און באַשרייבט דעם פּסיכאָלאָגישן מהות פון דער קבוצה: „דער יחיד** עקזיסטירט נישט, אָבער דער כלל אין ברייטן באַגריף — אויך נישט. דער יחיד איז דער קיבוץ. .אַ משפּחה: אַ גרעסערע צי אַ קלענערע, אָבער יע־ דער גליד פון דער קבוץ־משפּחה שטרעבט, אַז נאָר .ז י י ן .גוטס זאָל זיך פאַרגרעסערן, נאָר זיין עשירות זאָל זיך פאַרמערן. עס איז ענגער, ווי פּאַטריאָטישקייט, עס איז משפּחהשאַפט. עס איז עטלעכע מינוט גאַנג, פון איין קבוץ אין אַנדערן, נאָר עס איז אַ מהלך ווייט אין באַגריף״.

**מלאך האָט אין די רעפּאָרטאַזשן נישט בלויז געזען, נאָר אויך גע־ דענקט. ער האָט געהאַט די אינטואיטיווע פייאיקייט אַרויסצוהערן די טי־ פערע שפּראַך פון דער ווירקלעכקייט. און דאָס איז דאָס סאַמע ווערט־ פולסטע אין זיין בוך.**

## נחמן מייזיל

לייב מלאַך — „פֿון שפּאַניע ביז האָלאַנד" מערב־אייראָפּעאישע רעפּאָרטאַזשן, אַרויסגעגעבן דורכן ל. מלאַך־קאָמיטעט אין פּאַריז, פֿאַרלאַג „ליטעראַרישע בלעטער", 1937, 272 זייטן.

אין דער איצטיקער יידישער ליטעראַטור האָבן מיר עטלעכע כסדר־דיקע רײַזיינדע, וועלט־רײַזנדע, און צווישן זיי רוקן זיך אַרויס פּרץ הירשביין, מלך ראַוויטש, און דער פֿאַרשטאָרבענער לייב מלאַך. זייערע רייזע־איינדרוקן טיילן זיך אויס פֿון סתם איינדרוקן פֿון זשורנאַליסטן דערמיט, וואָס ביי זיי איז דערהויבן דער רעפּאָרטאַזש צו קינסטלערישן און דיכ־טערישן שאַפֿן. אין זייערע שילדערונגען האָבן מיר אַ שטיק וועלט, ווי זי שפּיגלט זיך אָפּ אין דער נשמה, אינם האַרץ, אין דעם געמיט פֿונם קינסט־לער.

די אַנגערופֿענע קינסטלער־רײַזנדע האָבן געשטעלט פֿאַר זיך דאָס רײַזן, דאָס אַרומוואַנדערן ווי אַ ציל פֿאַר זיך. זיי האָבן זיך אויסגעלעבט אין דעם רײַזן, דאָס רײַזן איז געוואָרן זייער אידייע־פֿיקס. עס איז זיי ענג געוואָרן דאָס לעבן אין זייער היים, אין זייער לאַנד, און זיי ווילן אַרומנעמען מרחקים, ווילן דערגענטערן וועלטן, ווילן דערמיט שטילן זייער אייגענעם אומרו. און נישט נאָר דאָס שרייבן איבער לענדער איז געוואָרן ביי זיי אַ קונסט, נאָר דאָס רײַזן גופֿא איז אָפּטמאָל אַליין אַ שטיק אויסלעבן זיך.

רעפּאָרטאַזשן בכלל זענען איצט אַריין אין דער מאָדע. נישט איין גרויסער שרייבער מיט אַ וועלט־נאָמען נעמט זיך איצט צו אָט דער, אין פֿלוג זשורנאַליסטישער, איילנדיקער מלאכה. אָבער עס איז פֿאַראַן אַ חילוק צווישן אַ רעפּאָרטאַזש־שרייבער פֿון די אומות־העולם און אַ יידישן רע־פּאָרטאַזש־שרייבער. יענער, נישט־יידישער קינסטלער, ווען ער פֿאָרט נאָר אַרויס פֿון זיינע לאַנד־גרענעצן, פֿאַלט ער אַריין אין אַ פֿרעמדער וועלט. גאָר אַנדערש איז מיט אַ יידישן שרייבער, וואָס האָט קיין אייגענע היים נישט, און דאָך איז די גאַנצע וועלט זיין היים. וואו מען פֿאַלט נישט אַריין אין דער ברייטער, ווייטער וועלט, טרעפֿט מען אַ יידישן קיבוץ, — אַן אַלטן — פֿון קדמונים, און אַ נייעם, וואָס איז אויפֿגעקומען במשך פֿון די לעצטע צוויי צענדליק יאָר. דאָס אַליין, רופֿט אַרויס ביים יידישן קינסט־לער־רײַזנדער פֿיל פּראָבלעמען, קאָליזיעס, פֿאַרגלייכן, אָנרעגונגען.

יעדע גרויסע שטאָט, יעדער גרויסער צענטער האָט זיך זיינע יידישע ווינקלען, וואָס אינטערעסירן באַזונדערס דעם יידישן באַאָבאַכטער. און

עס איז דאָך אַ באַקאַנטע זאַך, אַז דער ייד איז אָפּטמאָל דער באַראָמעטער, מיט וועלכן מען קען מעסטן די אַלגעמיינע טעמפּעראַטור אין אַ לאַנד. ווי עס קריסטאַליזירט זיך, אַזוי אידלט זיך. — לויט דעם, ווי מען באַציט זיך צום ביסעלע יידן אין לאַנד, קען מען גלייך דערגיין, ווי מען האַלט בכלל מיט דעמאָקראַטיע, מיט פרייהייט, מיט מענטשלעכע רעכט אין אָט דעם לאַנד.

אין דעם נאָר וואָס דערשינענעם באַנד „פון שפּאַניע ביז האָלאַנד", האָבן מיר שילדערונגען פון עלף לענדער, וואָס לייב מלאך האָט באַזוכט אין די יאָרן 1935—1936: שפּאַניע, פראַנקרייך, איטאַליע, בעלגיע, מאָנטע קאַרלאָ, לוקסנבורג, דייטשלאַנד, עסטרייך, טשעכאָסלאָוואַקיע, ענגלאַנד, האָלאַנד. עס זענען יאָרן ווייט נישט קיין רואיקע. — יעדעס לאַנד לעבט אַדורך אויף אַ באַזונדערן אופן דעם גערעַנגל פון ליכטיקע און פינצטערע כוחות. און אומעטום האָט ער אָנגעטראָפן אין גאַס, אין דער לופט, דעם העפטיקן שטרייט פון פאַשיזם און דעמאָקראַטיע, וואָס נעמט־אָן אין יעדער לאַנד אַ ספּעציעלן כאַראַקטער. און לייב מלאך באַמיט זיך אומעטום אַרויסצואַנטפּלעקן די סאָציאַלע טענדענצן, דעם קאַמף פון דעם פּראָגרעסיוון טייל פון דער געזעלשאַפט קעגן די אָפענע און באַהאַלטענע רעאַקציאָנערע כוחות, וואָס ווילן די וועלט אומקערן צוריק צום מיטלאַלטער.

אין דעם זין איז דאָ איינהייטלעכס אין די אַלע באַזונדערע, פאַרשיידענע באַשרייבונגען, וואָס מיר האָבן אין דעם נייעם בוך פון לייב מלאך. ער זעט מערב־אייראָפּע אין איר צאַפּלדיקן און פיבערדיקן צושטאַנד. מערב־אייראָפּע געפינט זיך אין פיל פאַלן ווי ערב דעם וועלט־קריג פון 1914. מען האָט אַזוי פיל געלערנט, און דאָך פאַרגעסט מען אַלץ. מען איז עלטער געוואָרן אויף צוואַנציק יאָר, — אָבער מען איז נאָך, אָפּטמאָל, אַזוי נאַאיוו און קינדיש. מען וויל מיט גוטע רייד אָפּווענדן גוואַלדיקע, מוראדיקע כוואַליעס, וואָס דראָען אַלץ צו פאַרשווענקען. און דאָס וויכטיקסטע איז, וואָס אומעטום — אין דער וואָך און אין אַ יום־טוב טאָג — זעט מען נאָך די שפּורן, די בלוט־צייכנס, די פאַרקריפּלונגען, וואָס די וועלט־מלחמה האָט מיט זיך געבראַכט.

מלאך איז קיינמאָל נישט קיין קאַלטער, אָביעקטיווער באָאָבאַכטער, וואָס קומט אין אַ שטאָט און לאָזט זיך פאַרוויגן, פאַרטומלען און פאַרפירן פון אויסערלעכער שיינקייט. ער קומט מיט זיינע סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס. ער טרעפט אומעטום זיינע פאַרבינדעטע און אויך זיינע קעגנער. ער האָט אַ חשבון מיט דער וועלט, מיט מענטשן און מיט דער סאָציאַלער אָרדנונג. און דאָס מאַכט זיינע רעפּאָרטאַזשן אינטערעסאַנט און באַלערנדיק. ער אָריענטירט זיך לייכט אין דער אַלגעמיינער לאַגע. ער

כאַפּט־אויף דעם אַלגעמיינעם געמיט־צושטאַנד און ער קאָן דורך זיינע לע־בעדיקע רעפּאָרטאַזשן אַרויסברענגען דעם עיקר, דעם תוך, מיט וועלכן עס לעבט דאָס פּאָלק, די פֿאָלקס־מאַסן אין יעדן לאַנד, אין יעדן צענטר.

און אַזוי ווי לייב מלאך שילדערט פֿאַר אונז שפּאַניע, פֿראַנקרייך, אי־טאַליע, בעלגיע, דייטשלאַנד, ענגלאַנד — גיט ער ממילא יעדעס לאַנד מיט זיין קאָלאָריט, מיט זיין שטייגער, מיט זיין סטיל. מלאך איז אַ מייסטער אויפֿצוכאַפּן אין עטלעכע שטריכן, אין עטלעכע פּעדער־צייכונגען דעם כאַ־ראַקטער פֿון אַ שטאָט. מיר זעען דאָ קינסטלערישע און מייסטערישע רייפֿקייט, צו וועלכע לייב מלאך האָט לעצטנס דערגרייכט. זיינע רעפּאָר־טאַזשן־בילדער זענען נישט סתם איינדרוקן פֿון אַ גאַסט אויף אַ ווייל, נאָר עס זענען שילדערונגען געשריבן דורך אַ רייפֿן קינסטלער מיט אַן אָפֿן אויג און א וואַך האַרץ. אין יעדן בילד, אין יעדער שילדערונג זעט מען דעם מענטש, וואָס שטייט הינטער זיי.

מיר מיינען אַלץ, אַז מיר ווייסן ווייניק וועגן די יידישע ישובים און קיבוצים ערגעץ מעבר לים — אָבער, ווען מיר לייענען די שילדערונגען וועגן די יידישע גאַסן, יידישע ווינקלען אין פּאַריז, אין לאָנדאָן, אין אַנט־ווערפּן, בערלין, אַמסטערדאַם, ראָטערדאַם, — זעען מיר, אַז מיר האָבן אויך אַ קנאַפּע ידיעה וועגן דעם לעבן, וועגן די יידן, וועגן די שבעה מדורי גיהנם פֿון אונדזערע ברידער אין די נאָענטע, שכנישע לענדער. און הגם די וועלט ווערט אַלץ נעענטער אַ דאַנק דער ראַדיאָ, אַ דאַנק די עראָפּלאַנען, אָבער סוף כל סוף איז זיך יעדער יידישער ישוב און קיבוץ אין די נאָענטע מערב־אייראָפּעאישע לענדער, ווי פֿאַרוואָרפֿן ערגעץ אויף אַ וויסטן אינדזל.

אין די אויסערלעך־גליקלעכע, גרויסע שטעט מיט זייער גאַנצער פֿרייד און עשירות, בילדן די יידישע אימיגראַנטן־מאַסן ווי אַ שוואַרצן פֿלעק. און עס איז אינטערעסאַנט אַז גראָד די אָרעמע, דערשלאָגענע, הונגעריקע מזרח־יידן, ברענגען אַריין אַ הײמערקײט, אַ פֿריידיקן גרוס אין די אַלטע, פֿאַרשימלטע, אָפּגעבליאַקעוועטע יידישע גאַסן פֿון די אַלט־באַזע־סענע און איינגעוואָרצלטע יידן, וואָס זענען אויסגעליידיקט פֿון וואָסער ס'איז אינהאַלט אין לעבן און דערווייטערט פֿון דעם לעבעדיקן, וואָס די יידישע נאַציע פֿאַרמאָגט. מלאך שטרייכט עס אונטער אין זיינע שילדע־רונגען.

„פֿון שפּאַניע ביז האָלאַנד" ברענגט אונדז אַ לעבעדיקן גרוס פֿון אַ שטיק מערב־אייראָפּע און פֿון אירע אַלטע און נייע יידישע געטאָס.

## ד״ר מוקדוני

„פון פוילן ביז טערקיי״, מזרח־אייראָפּעאישע רעפּאָרטאַזשן
פון ל. מלאַך, פאַרלאַג א. ב. צעראַטאַ, פּאַריז, 1939.

נאָך אַ בוך מיט לעבעדיקע, שאַרפע און קלוגע רעפּאָרטאַזשן פון דעם יונג פאַרשטאָרבענעם שריפטשטעלער ל. מלאַך.

אין דעם דאָזיקן בוך האָבן מיר רעפּאָרטאַזשן פון לענדער, וועלכע זענען אונדז באַקאַנט. דאָ האָבן מיר רעפּאָרטאַזשן, אַזוי צו זאָגן, פון אונדזערע היימען, וואָס זענען אַזוי באַקאַנט, אַזוי נאָענט און אַזוי ליב, און דאָך זענען זיי אויסערסט פּיקאַנט, אויסערסט שאַרף און טרעפלעך.

ל. מלאַך האָט געהאַט אַ וואונדערלעך אויג, אַ פרישׁ אויג, אַ צאַפּלדיק אויג. זיין אויג האָט אויסגעזוכט אין די בערג שטרוי פון לעבן דאָס קערנדל, דאָס יאָדערל. זיין אויג האָט אויסגעזוכט דאָס נייע, דאָס ביז אַהער פאַרבייגעגאַנגענע און דאָס ביז אַהער ניט באַמערקטע.

ער האָט געהאַט דעם וואונדערלעכן טאַלאַנט צו קומען אין אַ ווילד פרעמדער שטאָט און אין אַ שעה אַרום דערטאַפּן דאָס כאַראַקטעריסטישע פון דער שטאָט און די איינוואוינער.

אַפילו וועגן זאַכן וועלכע מען האָט שוין ביי אונדז זיך אָפּגעשריבן די פינגער, שרייבט ער פריש, ניי און פּיקאַנט.

און ער ווייסט דעם סוד פון צמצום.

ער קען אין אַ קורצן שטיקל רעפּאָרטאַזש אַריינלייגן אַ תהום מיט באַאָבאַכטונגען.

אָט איז ער אין פוילן.

ניטאָ קיין יידישער ישוב וועגן וועלכן עס איז אַזוי פיל געשריבן געוואָרן ווי וועגן דעם יידישן ישוב אין פוילן.

דאָס יידישע פוילן אַליין האָט געהאַט, דאָך דאָ־ניט־לאַנג, צענדליקער און צענדליקער וואָכנבלעטער, אַ טייל פון אונדזער ליטעראַטור איז יידיש־פויליש. יידישע שריפטשטעלער האָבן מער געשריבן וועגן זייער היימלאַנד פוילן, ווי וועלכער איז יידישער שריפטשטעלער פון אַן אַנדער לאַנד.

דער פוילישער ייד האָט ליב פוילן, דער פוילישער ייד איז צוגעבונדן צו פוילן, דער פוילישער ייד איז מער פויליש אַפילו ווי דער דייטשער ייד איז געווען דייטשיש. דער פוילישער ייד מיט דער לאַנגער קאַפּאָטע, מיט דעם קליינעם היטעלע, מיט די לאַנגע פאות און מיטן לאַנגן טלית־קטן

איז געווען דורך און דורך פּויליש כאָטש ער איז ניט געווען אויף אַ האָר אַסימילירט.

ווייסט יעדער יידישער לייענער מער וועגן פּוילישן יידישן ישוב, ווי וועגן וועלכן עס איז אַנדערן יידישן ישוב אין דער וועלט.

און דאַכט זיך, קיינער קען שוין אונדז קיין נייעס ניט דערציילן.

אָבער ל. מלאך שפּרייזט איבער פּוילן, איבער די שטעט און שטעט־לעך, וואָס זענען אַזוי היימיש און אַזוי באַקאַנט, און דערציילט כסדר עפּעס נייעס, עפּעס פרישס און עפּעס וואָס מיר האָבן ניט געהערט, ניט געלייענט און ניט געזען.

ער קען כאַפּן דעם אונטערשייד צווישן אַ לובלינער פּוילישן יידן, און אַ קראקאָווער. ביידע זענען פּוילישע יידן, אָבער דער לובלינער, דער וואַרשעווער ייד איז אַן אַנדערער, — דער קראקאווער פּוילישער ייד איז עפּעס אַנדערש פּויליש און עפּעס אַנדערש יידיש.

ער דאַרף נאָר דורכשפּרייזן אַ שטאָט און ער האָט שוין אַריינגעדרונגען אין אַלץ, ער קען שוין די מענטשן, די גאַסן און די גאַנצע אייגנטימלעכקייט פון דער שטאָט.

פון פּוילן פּאָרט ער קיין ליטע, קיין לאַטוויא, קיין עסטאָניא, קליינע מדינהלעך, מיט איין קוק נעמט ער זיי דורך און גיט אייך אַ מין טעלע־גראַפיש בילד פון זיי.

און זיין אינטעליגענץ העלפט אים צו אָריענטירן זיך שנעל אין די עקאָנאָמישע און אין די קולטורעלע פּראָבלעמען און פראַגן.

און אָט האָט איר פּאָרטרעטן פון שטעט, האַלב־פרעמדע, אָט האָט איר אַ פּאָרטרעט פון דאַנציג, דאָס בעסטע בילד פון דער דאָזיגער שטאָט, וואָס מיר איז אויסגעקומען צו לייענען. און אָט האָט איר אַ בילד פון דער שטאָט מעמעל, אַ שטאָט, וואָס איז אונדז אינגאַנצן פרעמד און אומבאַקאַנט.

און אָט גיט ער אַ שפּרייז איבער טשעכאָסלאָוואַקיע און דערציילט אונדז וועגן די יידישע פּויערים אין קאַרפּאַטן־רוסלאַנד.

און אָט איז ער אין רומעניע, האָט איר אַ בילד פון דער הויפּט־שטאָט, פון בוקאַרעשט, פון אַנדערע שטעט און געגנטן.

זיינע רעפּאָרטאַזשן פון בעסאַראַביע זענען אויסערסט שאַרף און אוי־סערסט לעבעדיק.

פון רומעניע גיט ער אַ שפּרייז קיין גריכנלאַנד, אין אַ גאָר פרעמדער וועלט, אַ וועלט אָן יידן, און אויך דאָ אָריענטירט ער זיך פלינק.

און צו דעם אַלעמען האָט ל. מלאך נאָך געהאַט אַ באַשטימטע שטע־לונג, סיי צו יידישע און סיי צו אַלגעמיינע פראַגן און פּראָבלעמען.

ער איז געווען אַ מענטש מיט אַ שאַרפער פרינציפּיעלער איינשטעלונג.

אָבער דאָס האָט אים ניט געמאַכט פאַר קיין פּאַרטייאישן האַר־שפּאַל־טער, פאַר קיין פּאַרטייאישן אדוק, פאַר קיין פּאַרטייאישן פרא־אדם און פאַר קיין פּאַרטייאישן חסידל, וואָס טוט און סמאקעוועט די פּאַרטייאישע תורה.

ער איז געווען צופיל קינסטלער, זיין פּאַרטייאישקייט האָט אים בלויז געהאָלפן צו זען און צו באַנעמען זאַכן טיפער און אָפּט רעוואָלוציאָנערער.

זיין פּאַרטייאישקייט האָט באַקעמפט אין אים די צעשוואומענקייט, די ניט־אויסגעהאַלטנקייט און די צעוואָרפנקייט פון אַ קינסטלער.

זי האָט, אַזוי צו זאָגן, אָרגאַניזירט זיין קינסטלערישקייט, זי ניט גע־לאָזט שרייבן נאָר צוליב שרייבן.

ער וויל כסדר עפּעס, ער מאָנט כסדר עפּעס ביי דער וועלט און ביי די מענטשן.

די פּאַרטייאישקייט האָט אויסגעוואָרצלט פון אים דעם תם, דעם שאינו יודע לשאול. ער האָט געהאַט אויך אָפענע אויגן אויף דער פּאָליטיק און אויף דעם פּאָליטישן געראַנגל אין דער וועלט.

און דאָס גיט צו וואָג און ערנסט זיינע רעפּאָרטאַזשן.

---

(אויסצוג פון אַ צווייטן אַרטיקל פונם זעלבן מחבר)

זיינע רעפּאָרטאַזשן פון ארץ ישראל, פון שפּאַניע, פון רוים און אַנ־דערע לענדער זענען באמת אינטערעסאַנט. ער איז מיט ברען צוגעפאַלן צו דעם זשאַנער (פון רעפּאָרטאַזש) אַזוי ווי ער וואָלט ענדלעך געפונען די פאָרם, וועלכע ער האָט לאַנג געזוכט.

ל. מלאך'ס שריפטשטעלערישע קאַריערע האָט זיך אָנגעהויבן אין אַר־גענטינע, אָבער אויסגעוואַקסן און ברייט באַקאַנט איז ער געוואָרן ווען ער האָט פאַרלאָזט אַרגענטינע און זיך געלאָזן וואַנדערן איבער דער וועלט.

ל. מלאך האָט אָנגעשריבן אַ ראָמאַן „דן דאָמינגאָס קרייצוועג", עטלעכע דראַמען, דערציילונגען, באַלאַדן, לידער און קינסטלערישע רעפּאָרטאַזשן.

מיט זיינער אַ דראַמע „איבערגוס", האָט ער אויפגעשטורמט דעם יידישן ישוב אין אַרגענטינע קעגן די תמאים. פון אַזאַ דראַמע מאָנט מען נישט קיין ליטעראַרישע פּערפעקציע, אַזעלכע דראַמען זענען קאַמף, און זייער דערפאָלג ליגט אויסשליסלעך אין דער געזעלשאַפטלעכער דערגריי־כונג. ער איז געווען אַ טאַלאַנטפולער שריפטשטעלער, זיין טאַלאַנט האָט זיך

ערשט געהאַלטן אין אַנטוויקלען. ער איז, אין די יאָרן וואָס ער איז געווען אין אייראָפּע און אַמעריקע, ליטעראַריש אויסגעוואַקסן. דער טויט האָט אים פאַרשניטן אין סאַמע בלי פון זיין לעבן.

## עטלעכע ביבליאָגראַפישע אָנמערקונגען

וועגן לייב מלאך איז אַ סך געשריבן געוואָרן. מיט איינצעלנע אויסנאַמען איז געשריבן געוואָרן אין כמעט אַלע יידישע צייטונגען און זשורנאַלן. עס זענען געשריבן געוואָרן קריטישע אָפּהאַנדלונגען, אַרטיקלען, רעצענזיעס, אינטערוויוען, באַריכטן, מודעות און... נעקראָלאָגן. די גאַנצע יידישע פּרעסע אין גאַר דער וועלט און די העברעאישע פּרעסע אין ארץ ישראל האָט זיך אָפּגערופן מיט באַדויערן אויף זיין אומגערעכטן, פּריצייטיקן טויט. דאָ ווערן דערמאָנט בלויז קריטישע אָפּהאַנדלונגען.

זלמן רייזן — לעקסיקאָן פון דער יידישער ליטעראַטור, באַנד צוויי.

זלמן זילבערצווייג — לעקסיקאָן פון יידישן טעאַטער, באַנד צוויי.

איזבאַן ש.—אַלטערלס יוגנט יאָרן, א"צ. וואַרשע, „נייוועלט", תל אביב.

א. אויערבאַך — דראַמע וועגן אַרגענטינער יידישן לעבן. מאָרגן זשורנאַל, נאָוועמבער 1927.

ברוינשטיין יחזקאל — לייב מלאך און זיין דן דאָמינגאָס קרייצוועג. (גרעסערע אָפּהאַנדלונג) אין זיין בוך „אימפּרעסיעס פון אַ לייענער".

באָטאשאַנסקי יעקב האָט געשריבן אַ גאַנצע ריי אַרטיקלען וועגן לייב מלאך און זיין שאַפן: וועגן דן דאָמינגאָ, „איבערגוס", אַלטערל, וועגן די רעפּאָרטאַזשן און וועגן אַנדערע קלענערע זאַכן. צוזאַמען באַקומט זיך אַ וויכטיקע אַרבעט.

בערטאָלדי לאצקי — לייב מלאך'ס ווערק, „ריגער פּרימאָרגן", ריגע.

גוטע גוטעס — דער דיכטער פון סאָציאַלן טראַגיזם, „פאָלקסבלאַט", וואַרשע, 1933.

זאראָמב ש. — דן דאָמינגאָס קרייצוועג, „ליט. בלעטער", וואַרשע.

זרבבל — לייב מלאך'ס פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן, א"צ. דעצ. 1935.

טענעבוים ש. — אייראָפּע ערב שטורם, „יידישער קוריער", שיקאַגאָ.

יוריס א. ש. — לייב מלאך'ס מיסיסיפּי (לענגערע אָפּהאַנדלונג).

לייבל דניאל — לייב מלאַך (אָפּהאַנדלונג), „בלעטער צום אָנדענקען פון לייב מלאך", אַרויסגעגעבן פונם יידישן ליטעראַטן און זשורנאַליסטן קלוב, ארץ ישראל.

מוקדוני ד"ר — לייב מלאך'ס „איבערגוס", „מאָרגן זשורנאַל", דעצ. 1927; 2) פון שפּאַניע ביז האָלאַנד, פעב. 1938; 3) מזרח אייראָפּעאישע רעפּאָרטאַזשן, יאַנואַר 1940, ניו יאָרק.

מייזל נחמן — ל. מלאך'ס דראַמע „מיסיסיפּי", ליט. בלעטער, אַפּריל

1935; 2) נייע אויפפירונג אין יונג טעאַטער, „היינט", אַפּריל 1935 3) פון שפּאַניע ביז האָלאַנד, „היינט" 1937.

ניגער ש. — דן דאָמינגאָס קרייצוועג, „דער טאָג" 1933; פּאַלעסטינע אָן התפּעלות, „דער טאָג" 1936; 3) אונדזער רייזע ליטעראַטור, „דער טאָג" ניו יאָרק.

סיגעל י. י. — עס געפינען זיך אין אַרכיוו צוויי אינטערעסאַנטע אַר־טיקלען פון י. י. סיגעל, געדרוקט אין „קענעדער אדלער", דאַטעס אומבאַ־קאַנט.

סימאָרדיין — ל. מלאך'ס 10 יאָר ליטעראַרישע טעטיקייט. דרום אַמע־ריקע.

פּאָמעראַנץ גרשון — ביים ירדן, „יידישער זשורנאַל", טאָראָנטאָ, 1936; 2) לייב מלאך (אַ גרעסערע אָפּהאַנדלונג) „די צוקונפט", סעפּט. 1937.

קאָרן רחל — דן דאָמינגאָס קרייצוועג, „אַרבעטער צייטונג", 1933, וואַרשע.

קאַליניוס ב. — דן דאַמינגאַס קרייצוועג, „מאָמענט", אויגוסט, וואַרשע.

קאָסאָוער מרדכי ד״ר — שטריכן צו אַ לענגערן סך הכל, „ניי וועלט", יולי 1937. (זע קאָסאָווערס ביבליאָגראַפישע אַרבעט אין „בלעטער צום אָנדענקען...")

קיטאַי מ. — ווייגעשריי פון דער שוואַרצער ראַסע. צייטונג אומבאַ־קאַנט; 2) לייב מלאך. אין זיין בוך „אונדזערע יידישע שרייבער".

קענער יעקב—לייב מלאך, אין זיין בוך „קווער שניט", ניו יאָרק 1946.

ראפּאפּארט שבתי — אַ דראַמע וואָס האָט אויפגעשטורעמט אַרגענטינע. „פּראָלעטאַרישער געדאַנק".

שאַרגאָל י. צ. — דער דיכטער פון פּראָטעסט, „בלעטער צום אָנדענ־קען..."

ראַבינאָוויטש ישראל — דער געלער שאָטן, „קענעדער אָדלער", נאָוו. 1930. עס געפינען זיך נאָך צוויי אַרטיקלען פון י. ראַבינאָוויטש. דאַטעס אומבאַקאַנט.

רעסלער בנימן — אַלטער קאַציזנעס „שטאַרקע און שוואַכע" און לייב מלאך'ס „דן דאָמינגאָ." צייטונג אומבאַקאַנט.

ראָאָשיצקי י. ה. — ל. מלאך'ס „איבערגוס", „יידישער זשורנאַל", טאָראָנטאָ, 1927; 2) רינגען אין דער קייט, „די פּרעסע", בוענאָס איירעס, יאַנואַר 1930.

דב שטוק — בין השיטין, „דבר", ארץ ישראל.

שערמאַן בצלאל — לייב מלאך דער באַלאַדן דיכטער, „פּראָלעטאַרי־שער געדאַנק."

שטערנבערג יעקב — דער געלער שאָטן, „טשערנאָוויצער בלעטער".

שניידערמאַן ש. ל. — פאַראַן עטלעכע אַרטיקלען פון ש. ל. שניידער־מאַן, וואָס צוזאַמען שאַפן זיי אַן אינטערעסאַנטע קריטישע — און אין דער זעלבער צייט — אינטימע אָפּהאַנדלונג וועגן לייב מלאך.

# אינהאַלט רשימה



# בילדער

## פֿון זעלבן מחבר:

אין פוילן, פּאָעמע, 1919.

אָפּפֿאַל, דראַמע, 1922.

אַמאָל אַמאָל, באַלאַדן, 1922.

איבערגוס, דראַמע, 1926

דן דאָמינגאָס קרייצוועג, ראָמאַן, 1930.

אַלטערלס יוגנט יאָרן, דערציילונג, 1935.

★ הזיני תבל (מיסיסיפּי), דרמה, 1934.

דער וואַרשטאַט, קינדער־פּיעסע, 1934.

פּאַלעסטינע רעפּאָרטאַזשן, 1935.

פֿון שפּאַניע ביז האָלאַנד, 1937.

מזרח אייראָפּעאישע רעפּאָרטאַזשן, 1939.

★ מיסיסיפּי (אין עספּעראַנטאָ), 1939.

לייב מלאַך, 1949.

## פֿאַרבליבענע כתב ידן:

1. די מויד פֿון לודמיר — דראַמאַטישע לעגענדע אין 3 אַקטן, 9 בילדער.
2. אסתרקע, די קעניגין פֿון פוילן — פֿאָלקסטימלעכע אָפּערעטע, אין 2 אַקטן, 5 בילדער.
3. לייבעלע טענצער — פֿאָלקסשפּיל אין 3 אַקטן, אויפֿגעפֿירט פֿון רודאָלף זאַסלאַווסקי, פּאַריז, 1927.
4. צייט־לידער.